# ה. געלבוים: די משפחה שטיינבערג

רָאמאַן אין פינף ביכער

בוך איינס: אשר שטיינבערג,

בוך צוויי: מילדרעד,

בוך דריי: בען,

בוך פיר: אַרטור,

בוך פינף: סיליע.

די לידער, וואָס סיליע און בערטע זינגען, זענען אַרויסגע-
נומען פון מאַני לייבס לידער, וואָס זענען שטענדיק גע-
לעגן אויף דער משפּחהס טיש און צו וועלכע
זיי האָבן זיך אַליין צוגעפּאַסט, אויף זייער
אייגענעם אופן, ניגונים. די ענגלישע
לידער זענען אַלטע אַמערי-
קאַנער פאָלקס-לידער.

ooooooooooo

oooooo

o

Printed in Poland.



H. Gelbaum: DI MISHPOCHE STEINBERG
Wydawnictwo Ch. Brzoza, Warszawa.
Druk. „Grafia”, Nowolipki 7

## קאַפּיטל איינס

אָנגעקומען קיין אַמעריקע איז אָשר שטיינבערג א דערשראָ־קענער און צעטומלטער, אָן א היטל און אָן א סענט אין קעשענע. ער איז אַלט געווען זיבעצן יאָר און אויסגעזען, ווי ער וואָלט נאָר וואָס געוואָרן בר־מצוה. ער איז געפאָרן צום פעטער ישראל, וועמען ער האָט קיינמאָל נישט געזען און בלויז געוווּסט, אַז דער פעטער איז א ייד מיט גרויסע נאָז־לעכער, מיט א בלאָנדער באָרד, א טשאָרטקאָווער חסיד, און אַז אַזוינעם דאַרף ער זוכן אין קעסל־גאַרדן.

צוערשט האָט ער געאַרבעט אין א שאַפּ. דערנאָך האָט ער זיך געקויפט פאַרן אָפּגעשפּאָרטן געלט א פּייפּער־ראַוט. דערנאָך זיך צוגעשלאָגן צו א קענדיסטאָר, און ווען ער האָט שוין געהאַט א ווייב מיט צוויי קינדער, האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אויף קאָ־לומבוס־עוועניו, אין א קליינער דירה, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט א סטיישענערי־סטאָר.

פון קראָם האָט א הינטערשטע טיר געפירט אין דריי קליינע צימערן. איין צימער, די קיך, איז שטענדיק געווען פאַרלייגט מיט סחורה און אויסגעזען, ווי א סקלאַד. אין צווייטן צימער האָט שטענדיק אַריינגעשלאָגן א געל, טאַנצנדיק ליכט פון א גרויסן, עלעקטרישן שילד — די סעווען בראָדערס. דורך א דריטן פענסטער האָט מען געזען א בלינדע וואַנט פון א הויכן, טורעמדיקן קלויס־טער. די שטוב איז שטענדיק פול געווען מיטן טעמפּן קלאַפּן פון

עלעווייטעד, און ווו זיין בליק איז נישט געפאַלן, האָט ער זיך אַליץ אָנגעשלאָגן אין דער זעלבער, טעמפּער, מאָנאָטאָנער גרויקייט.

מיט דער צייט איז דער שטח פון די דריי צימערן איינגע־שרומפּן און זיך אָפּגעהאַקט צווישן שילד און קלויסטער. מער האָט ער גאָר נישט געזען. אַלע זיבן טעג פון דער וואָך האָט ער זיך אַרומגעדרייט צווישן קראָם און שטוב, צלם און שילד, מיט אָפּגעשפּאָרט געלט אין באַנק, אָבער מיט אַ ציטערדיקער מורא אין האַרצן — אַז ער וועט דאָ, צווישן די פיר ווענט, פאַרפוילט ווערן.

אין כמורנע טעג איז די מורא נאָך שווערער געוואָרן. די שטוביקע טונקלקייט ווערט דעמאָלט צעגאָסן אין איין שטיק חושך. דאָס געלע ליכט פון שילד טאַנצט אַרום פון ווינקל צו ווינקל, צאַפּלט זיך, גייט אים נאָך יעדן שפּאַן און ער פילט, ווי עס הויבט זיך אים דער מוח. שטיינבערג כאַפּט דעמאָלט דעם הוט און ראָק, לאָזט אַליץ איבער אין קראָם און לויפט אַרויס אין גאַס — אַרונ־טער בראָדוויי, אַרונטער צום האָדסאָן צו.

אָבער דער טומל פון „על‟ האָט אים נאָכגעיאָגט. די האַלב פינסטערניש פון הויז האָט צוזאַמענגעצויגן זיינע אויגן. ער איז געל און מיד, ווי איינער וועמען עס פעלט לופט און אויפן ערשטן אויגנבליק קאָן ער נישט קוקן אין דער ליכטיקייט פון דער גאַס. ער חזרט בייז און כמורנע איבער איינע און די זעלבע ווערטער — איך וועל דאָ אַזוי פאַרפוילט ווערן.

אין איין טאָג אַזאַ, איז ער אַוועק צו אַ מעקלער, פאַרגעלייגט פאַרקויפן די קראָם און גאָר פלוצלונג, פאַר זיך אַליין אומדערוואַר־טעט, איז ער געבליבן שטיין אין מיטן גאַס אַ באַפרייטער.

פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אַ שפּרייט געטאָן ברייטע האָרי־זאָנטן. אין מוח האָבן אָנגעהויבן טאַנצן פליגלדיקע פּלענער. אין יענע יאָרן איז צווישן אַ סך יידן אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג פון ווערן פאַרמער און ער האָט זיך דאָס אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין. צווישן די דאַמאָלדיקע אימיגראַנטן זענען געווען אַ סך נאָכפאָל־גער פון די „עם עולמניקעס‟, וואָס זענען געקומען קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן און זיך באַזעצט אין פאַרמערישע קאָלאָניעס

און ער האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַרומדרייען. ער האָט זיך איינגעקויפט אַ סך ביכלעך. איז געלאָפן צו די „עם עולמניקעס" אין שטוב אַריין. ער האָט זיך מיטאַמאָל אין גאַנצן איבערגעביטן. די באַפּרייטקייט פון קראָם האָט אַרויסגעזונגען פון אַלע אבֿרים. דאָס ווײַב האָט געדונגען אַ נײַע דירה און מען האָט אָנגעהויבן עסן רעגלמעסיקע מאָלצײַטן. ער איז געוואָרן ליכטיקער. די בלאָנדע האָר, בלאָנדער. די נײַע דירה האָט געהאַט פיר פענסטער צום גאַס און פון פערטן שטאָק האָט מען געקאָנט זען אַ שטיק פון ריווער־סייד־דרײַוו און אַריבער דעם האָדסאָן, די ניו־דזשוירזער וועלדער.

— עס וועט אונז נאָך זײַן גוט, בערטע, — האָט ער אַלע־מאָל געשריבן צו דעם ווײַב, — וועסט זען, ווי גוט עס וועט אונז נאָך זײַן. און ווען עס איז אַריבער דער ערשטער יום־טובֿ פון פרײַ זײַן און ער האָט אַן אויסגערוטער שוין מער נישט געהאַט, וואָס צו טאָן, האָט ער זיך אָנגעהויבן אַרומדרייען מיט אַגענטן פון פאַרמס. ער איז אַרומגעפאָרן איבער די שטאַטן קאָנעקטיקוט און ניו־דזשוירזי. זיך געישובֿט מיט דער געזעלשאַפט, וואָס העלפט ייִדן זיך באַזעצן אויפן לאַנד. ביז עס איז אַוועק דער זומער און אַ האַל־בער ווינטער; און איינמאָל אין אַ מילדן פרימאָרגן, נאָכן גויאישן ניי־יאָר, האָט ער זיך אויפגעזעצט אויף אַ צוג, מיט אַ בריוו אין קעשענע צום דאָרטיקן אַגענט און איז אָפּגעפאָרן קיין האַקסבורג, אַ שטעטל אין די קעטסקיל בערג.

## קאַפּיטל צוויי

אַ גאַנצן טאָג איז שטיינבערג געזעסן בײַם פענסטער פון וואַגאָן און נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דער אַרומיקער שיינקייט. אַלע מאָל האָט זיך געביטן די פּאַנאָראַמע. קליינע, ריינע שטעטלעך, מיט ווײַס־געפאַרבטע הײַזער זענען געווען צעשטעלט אין סימעטרישע רייען, ווי עמעצער וואָלט מיט אַ ווירע אויסגעמאָסטן די גאַסן. די פעלדער זענען געווען נידעריק אָפּגעשניטן, מיט אַ ווינ־טערדיקן געל־גרינעם צודעק, מיט גלײַך אויסגעשטעלטע נאַקעטע

סעדער און איבער דעם אַלעמען האָט געשיינט אַ געלע, נידעריקע, אומעטיק־שטילע זון.

שטיינבערג האָט געקוקט אין פענסטער און געפילט, ווי אים גייען אויס די כּוחות. אַ ווייטע, שטילע בענקשאַפט האָט אין אים אויפגערודערט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים אין גאַנצן צענומען. ער האָט געהיט די נעמען פון יעדן באַזונדערן שטעטל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט טאָמער וועט ער עפּעס, חלילה, פאַרגעסן און כּסדר אָפּגעצייכנט: באָגאָטאַ, האַווערסטראָ, סטאָני־פּאָינט, מע־דאָבּרוק. ער איז געווען צעטראָגן, נישט געקאָנט עסן דאָס ברויט מיט פּוטער, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען אונטערוועגנס און געהאַלטן אין איין רויכערן סיגאַרעטלעך.

ווען דער צוג איז אַריבער די פּלאַכן פון ניו־דזשוירזי און זיך דערנענטערט צו קאָרנוואָל, האָט זיך מיט אַמאָל געביטן די גאַנצע אויסזיכט. עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן דער האָדסאָן. דער צוג איז געלאָפן פּאַזע ברעג. דער טייך איז געווען ברייט. דאָס וואַסער בלוי־שוואַרץ און ווינטערדיק בייז, האָט זיך געוויגט צווישן ביידע צוגעפרוירענע ברעגן. דער גאַנצער געגנט איז געווען פאַרדעקט מיט שניי און דורכן פענסטער האָט געגעבן אַ שלאָג אַריין אַ בלענדנדיקע ווייסקייט, ווי עס וואָלט זיך צו אים אַ רוק געטאָן אַ שטאַרק־שטראַליקע, נאָענט־ווייסע זון.

שטיינבערג האָט צעעפנט די אויגן, ברייט צעשפּרייט די נאָז־לעכער און דערפילט אַ ווייטן היימישן ריח, וואָס האָט אָנגעהויבן יאָגן זיין בלוט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן היימישע טעג, אָן יונג־יִנגלשע יאָרן. עס האָט אַ שלאָג געטאָן אין מוח יידיש־אוקראַיִנישע נעמען פון שטעט און דערפער און ער האָט זיי געפּרוּווט פאַר־גלייכן מיט אַמעריקאַנער: קאָרנוואָל — קאָראָבענקאַ, האַווער־סטראַ — הוסיאַטין... ניין, עס איז עפּעס נישט דאָס. — יאַרמע־ליניץ און פילשטין, סטאָני־פּאָינט און מעדאָו־ברוק. דער צוג איז פּלוצלונג אַריין אין בויך פון אַ באַרג.

אין וואַגאָן איז געוואָרן פינסטער און רויכיק. שטיינבערג האָט אָפּגעריסן די אויגן פון פענסטער און זיך אַרומגעקוקט אין דעם האַלבן חושך. דער וואַגאָן איז געווען האַלב־ליידיק. די עטלע־

בע מיטפּאַרער זענען געווען קריסטן. אַלע האָבן אומעטיק און שווער געשוויגן. אַ פּאָרטער מיט אַ קויש עפּל און אַפּעלסינען איז אַרומגעגאַנגען אין דער טונקלקייט און ווי גערעדט צו זיך אַליין: קאַליפאָרניע אַפּלס, קאַליפאָרניע אָרענדזשעס! שטיינבערג האָט געקויפט אַן עפּל און אים האָט זיך ווידער אַמאָל געדאַכט, אַז ער האָט איינגעביסן אַ היימישן אַרענאַט. יעדעס פּיצעלע האָט אים איצט דערמאָנט אין דער היים. און ווען דער צוג איז נאָכאַמאָל אַרויס אויף דער פריי און ווייטן, אויפן האָריזאָנט, האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצייכענען הויכע בערג, איינגעדעקט מיט קלאָרן ווייסן שניי, האָט זיך אים נאָר געדאַכט, אַז ער פאָרט אַריין צוריק קיין סאַטאַנאָוו.

אַז דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מידלטאַון, איז שוין געווען גוט קאַלט. ביים וואָקזאַל זענען געווען אויסגעשטעלט פּאַר־מער מיט שליטנס אין שווערע פּעלצן און פוטערנע היטלען. אַ ציטער איז אַריבער זיין לייב. זינט ער איז אין אַמעריקע האָט ער נאָך נישט געזען קיין שליטן און די לופט איז אַזוי פּראָסטיק דורכזיכ־טיק. ער איז געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט צו דער ערד. אין זיין מוח האָבן זיך אָנגעהויבן מישן בילדער פון דער היים, פון קליי־נעם שטעטל. מידלטאַון, האָט ער געטראַכט, איז שוין טאַקע באַלד גלייך, ווי סאַטאַנאָוו. דאָ איז נישט ווייט פון די קעטסקילס און דאָרטן פון די קאַרפּאַטן.

זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן, דאָס פּנים פלאַ־מען, און ווען ער איז אין צען מינוט אַרום צוריק אַריין אין וואַ־גאָן, האָט ער אַן אויפגעלייגטער צו זיך אַליין אַ שמייכל געטאָן:

— הייסט עס, אַז איך פאָר טאַקע צוריק אַהיים?

די גאַנצע צייט אַרויף צו די בערג איז ער שוין איצט געזעסן אַ פּייערלעך־צעשפּרודלטער. ביידע אויערן האָבן אים געברענט, ווי דורכגעשאָסן מיט זון. מיט אַ צעפלאַמט פּנים האָט ער געהיט יעדן בויג פון וועג. ער האָט אין געדאַנק אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו צום טאַטן, אַז עס וועט נאָך קומען דער טאָג, ווען די צעריסענע משפּחה וועט ווידער לעבן צוזאַמען, ווי אין די אַמאָליקע גוטע יאָרן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער געסאַפּעט. די רעדער האָבן הילכיק גע־

קריצט איבער די געפרווירענע רעלסן. פון סאַמיטוויל אָן איז דער צוג געקראָכן באַרג־אַרויף, זיג־זאַגיק, זיך געדרייט ווי אַ שלאַנג אַרום באַרג, ווי איבער אַ פּאַדקאָווע. פון אונטן איז געבליבן דער טאָל. דער טאָל איז געווען פול מיט צעריסענע וואסערן. אין איין פּלאַץ האָט זיך אָפּגעהאַקט אַ טיפער אָפּגרונט, אַן אָפן, ווייס מויל, גרייט איינצושלינגען דעם צוג מיטן לאָקאָמאָטיוו מיטן געדיכטן שוואַרצן רויך.

פונקט ווי אין דער היים, פונקט ווי די קאַלך־גריבער, — האָט אים אַ זעץ געטאָן אין מוח.

אַרום און אַרום האָבן די בערג, געוויקלט אין ווינטערדיק־כמורנע נעפּלען, בייז געשוויגן. עס איז פאַרגאַנגען די זון. אַלץ איז געוואָרן שווער, שטום, — דער וואַלד, די בערג, די צעוואָרפענע פאַרמערשע שטיבער. און ווען דער צוג איז אָנגעקומען אויפן שפּיץ באַרג און זיך אָפּגעשטעלט, איז שוין געווען פינסטער אין דרויסן.

---

ווען שטיינבערג איז אַ פאַרמאַטערטער און אַ הונגעריקער געבליבן שטיין אין דעם פרעמדן דרויסן, האָט אַ ברענענדיקער פראָסט גלייך דורכגענומען זיין לייב. ער האָט געטראָגן אַ לייכטן, גרויען מאַנטל און אַ פּאָר פּיצלעך קאַלאָשן, וואָס האָבן קוים פאַרדעקט די זוילן פון די שיך, און אין איין סעקונדע האָבן אָנגעהויבן פרירן זיינע אויערן. ער האָט אַ פּאָר מאָל דורכגעשפּאַנט די פּלאַטפאָרמע און נישט זעענדיק דעם אַגענט, צו וועמען ער איז געפאָרן, איז ער צוריק אַריין אין וואָקזאַל.

אָבער אינעווייניק אין וואָקזאַל איז געווען נאָך קעלטער ווי אין דרויסן. דאָס קליינע הילצערנע שטיבל, ווי אַן אויפגעשלאָגענער שייער, איז נישט געווען באַהייצט און בלויז באַלויכטן מיט אַן איינציקן קעראָסין־לאָמפּ, וואָס האָט געהאָנגען איבער דער קאַסע. שטיינבערג איז צוריק אַרויס אין דרויסן און דערפילט אַ מוראדיקן עלנט. דער צוג איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען. די פּאָר מענטשן, וואָס זענען צוזאַמען מיט אים אָנגעקומען, זענען זיך צעגאַנגען יעדער זיין וועג. מיט דער לענג פון די שינעס זענען אין דער פראָס־

טיקער לופט געהאנגען דריי רויטע פייערן, קיילעכדיק און בליציק, ווי פארפרוירענע זונען. דער באַן־באַאַמטער האָט פאַרשלאָסן די טיר פון וואָקזאַל און איבערגעלאָזט דעם פרעמד־שטאָטישן אויף גאָטס באַראָט.

שטיינבערגן איז באַפאַלן אַ פחד. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען אַראָפּ און אַרויף דער פּלאַטפאָרמע, פאַררייסן דעם קאָפּ און זיך דערזעען אַן אַליין־איינגעשלאָסענעם צווישן אומצאָליקע הויכע בערג. די בערג האָבן געבלאָזן מיט געפרוירענעם, שטעכיקן שניי. אין שרעק האָט ער אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון מאַנטל און זיך איינגעהויקערט, ווי ער זאָל וועלן אַריינשטופּן דעם קאָפּ און אויערן טיפער, אין איינענעם לייב אַריין.

אונטער די פיס האָט הילכיק געסקריפּעט דער שניי. אַרום און אַרום איז נישט געווען קיין לעבעדיקער מענטש. עס איז צוגעפאַלן די נאכט. פון די דריי רויטע קיילעכדיקע פייערן אַרונטער די רעלסן האָט איצט געשפּריצט אַ פּראָסטיקער גרין, ווי שפּריציק־קאַלטער שטאָל. דער פחד האָט זיך צעשפּרייט איבער אַלע אברים און ער האָט אין פאַרצווייפלונג, כמעט הויך אויפן קול, געזאָגט צו זיך אַליין — נאָך וואָס בין איך געקומען אַהער? וואָס זאָל איך טאָן אין דער ווילדערניש?

מיט אַמאָל האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צופּן פאַר די אויערן. די קעלט איז אַריין דורכן קאָלנער און אים דורכגענומען ביז די ביינער. שטיינבערג האָט אַרויסגענומען די הענט פון די קעשענעס און מיט זיי פאַרשטעלט די אויערן; אָבער באַלד האָבן אָנגעהויבן פרירן די שפּיץ פינגער און ערשט איצט האָט זיך צעשפּילט אַזאַ מוראדיקער ווינט, מיט אַזאַ פּראָסטיקער בייסעניש, אַז עס איז אים פאַרגאַנגען ביז אַרונטער צו די פּיאַטעס.

— ווען איך קאָן כאַפּן אַ צוג אַהיים, — האָט ער אין חרטה אויפן אַרויספּאָר, פּויעריש, אָנגעהויבן קלאַפּן אַ האַנט אין אַ האַנט און טאַנצן און שפּרינגען, — וואָס, צום טייוול, בין איך פאַרפאָרן אין אַזאַ וויסטעניש? איך וועל דאָך דאָ פאַרפרוירן ווערן!

נאָך פּלוצלונג האָט זיך פון דער צווייטער זייט רעלסן געגעבן אַ רייס אַריין אַ שליטן מיט צוויי פערד און עס האָט זיך

געגעבן אַ צעשיט איבערן פּוסטן דרויסן אַ דריבנער קלינגען פון גלעקלעך, ווי דאָס וואַרעמע מעקען פון אַ טשערעדע שעפעלעך. דער שליטן האָט זיך ראַפּטום אָפּגעשטעלט ביי דער טיר פון וואָקזאַל און עס איז פון דאָרטן אַרויסגעשפּרונגען אַן אָנגעפּעלצטער מיטל־יאָריקער מאַן. דער מאַן האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַ פוטערן היטל, אויף די הענט — וואַרעמע הענטשקעס. זיין פּנים איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ הויכן פוטערנעם קאָלנער, און ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן איז זיין קול אַרויסגעקומען ווייט און שטומפיק.

— שלום עליכם, — האָט ער געשטופּט אַ וואַרעמע האַנט צו שטיינבערגן, — דאָס זענט איר דאָך אַוודאי מיסטער סטיינבוירג, אשר סטיינבוירג, נישט?

— דערווייל בין איך נאָך אשר שטיינבערג, — האָט שטיינבערג געשמייכלט און אינגאַנצן געציטערט, — אָבער ווער ווייסט, וואָס פון מיר וואָלט געוואָרן אין אַ האַלבער שעה אַרום.

— מיין נאָמען איז הוירשהאָרן, — האָט יענער געענטפערט, — הוירשהאָרן דער אַגענט. איר מוזט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אייך געלאָזט וואַרטן. „יו סי", זומער האָבן מיר אַ טרעין ביי אונז אין דיקענסוויל, „יו נאָו". צוויי טריט פון הויז, „יו נאָו". איר ווייסט גאָרנישט ס'אַרא „פּלעזשור" עס איז, ווען מען האָט אַ „טרעין" ביים הויז. אָבער איצטער, אין ווינטער, מוזן מיר „מיטן" די טרעין אין האַקסבורג.

מיסטער הוירשהאָרן האָט די גאַנצע צייט פון רעדן געהאַלטן שטיינבערגס האַנט. שטיינבערגן איז דערפון געוואָרן אַביסל וואַרעמער און ער האָט זיך אָנגעהויבן איינקוקן אין דעם פרעמדנס אויסזען. אין דער פינסטער האָט ער געזען אַ ברוין־קופּערדיק פּנים, מיט אַ פּאָר גרויסע, דאָרפיש־בלויע אויגן, אַן אויסערגעוויינלעך ברייטע פּלייצע, גרויסע הענט, און שטיינבערגן האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז דער מענטש האָט גאָר אַ נאָענטע שייכות מיט דעם גאַנצן ווילדן געגנט, פּאַר וועלכן ער האָט אַזוי שטאַרק מורא געהאַט. ווען הוירשהאָרן האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן רעדן, מיט אַ שפּראַך, וואָס איז געווען האַלב יידיש און האַלב ענגליש, מיט

שארפע רישן, און מיט א ווידערקול, וואָס האָט אָפּגעקלונגען צווישן די אַרומיקע בערג, האָט שטיינבערג פאַרגעסן אָן דער קעלט און איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל.

— ס'איז אַן אמת און די „ריעל טרוטה'', מר. סטיינבוירג, אַז בלויז .אין ווינטער קומען אָן די „טרעינס'' קיין האַקסבורג, פון ערשטן אַפּריל ביז נאָכן סעזאָן „סטאָפּט'' די „טרעין'' אין דיקענסוויל. אָבער פאַרוואָס זענט איר אַזוי לייכט אָנגעטאָן? איר וועט דאָך פאַרפרוירן ווערן!

— איך האָב זיך נישט גערעכנט אויף אַזאַ קעלט, — האָט שטיינבערג שטיל געענטפערט, — אין שטאָט איז געווען אַ מילדער טאָג.

— אַ, אין שטאָט. ווען אין שטאָט איז וואַרעם, ברענט דאָ אַ פראָסט. דאָ איז די קעטסקילס, „יו נאָו'', „טו טאַוזענד פיט אַבאָוו סי לעוועל''. ווייסט איר כאָטש, אַז מיר האָבן דאָ היינט אַכט גראַד אונטער „זיראָ''.

שטיינבערג איז שוין געווען אינגאַנצן בלוי. פון בלויקייט האָט זיך געדאַכט, אַז זיין פּנים איז זייער אָפּגעצערט.

— לאָמיר אַריינגיין ערגעץ זיך אָנוואַרעמען, — האָט ער געזאָגט.

— איך וועל אייך באַלד אָנוואַרעמען, — האָט דער אַגענט לוסטיק־פרייליך געענטפערט, — איך האָב דאָ אַביסעלע משקה, וואָס וועט אַ טויטן אויפוועקן.

דער אַגענט האָט אַרויסגעשלעפּט פון שליטן אַ גרויסן פעלץ און אַ פוטערן היטל און עס אַרויפגעוואָרפן אויף שטיינבערגן. פון אַ פלעשל האָט ער אים געגעבן אַ צי טאָן שטאַרקן בראָנפן. שטיינבערג האָט דערפילט, אַז אַ ווייכע וואַרעמקייט נעמט אַרום זיין לייב. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין שליטן, וואָס איז געווען אויסגעבעט מיט שטרוי. הווירשהאָרן האָט איינגעדעקט זיינע פיס מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע און עס איז אים נאָך וואַרעמער געוואָרן. ער האָט פון פאַרגעניגן פאַרזשמורעט די אויגן, און ווען ער האָט דורכן אויפגעשטעלטן קאָלנער געהערט פייפן דעם ווינט, האָט ער איצט

געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין אַ וואַרעמער שטוב און ארויסגעקוקט דורך אַ פענסטער.

— ווי ווייט איז קיין דיקענסוויל? — האָט ער געפרעגט דורך אַ קליינער עפענונג פון קאָלנער.

— קיין דיקענסוויל, מיין טייערער ר׳ ייד, האָבן מיר אַ חשבון פון אוועלכע אכט מייל, — האָט הוירשהאָרן אַ צעוואַרעמטער פון טרונק בראָנפן כמעט אויסגעזונגען און גערעדט צו שטיינבערגן, ווי צו אַן עלטערן מענטשן.

— אכט מייל? — האָט זיך שטיינבערג דערשראָקן.

— נישט געשראָקן, ר׳ ייד. אין „נאָרטאַמס" זענען מיר אין דער היים. די סוסים, פארשטייט איר מיך, זענען פּאָטשטאָווע. אין דעם אַ רינט יחוסדיק בלוט. זומער איז עס דער פריילעכסטער געגנט אין די מאונטעינס. איר האָט אמאָל געהערט פון קאַמישאַ לעיק? מירן באַלד זיין אין קאַמישאַ. דאָרטן־אָ, זעט איר דאָס גרויסע הויז? דאָס איז די אָווערלוק. די „ביגעסט האָטעל אין די קעטסקילס". און דאָרטן איז די „לייק וויו". אַך, מיסטער סטיינבוירג, — האָט ער זיך אַליין מער צעוואַרעמט, — ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך די בעסטע סחורה. איך האָב זיך פיינט צו „בוסטן", ווי אַנדערע איידזשענטס טוען, אָבער שלעכטע סחורה זאָג איך, זאָלן זיך די גויים דערמיט האַלטן. ווען צו אונז קומט ארויס אַ ייד, „יו נאָו", איך מיין צו מיר און צו מיין „פּאַרטנערקע", „יו נאָו", איז עס פּונקט, ווי אַ ברודער וואָלט געקומען. „מאַי אָון בראָדער, יו נאָו". נישט מער, איך האָב נישט ליב רעדן אַ סך.

דער אַגענט האָט געהאַלטן אין איין רעדן. זיין מויל האָט זיך אויף איין מינוט נישט צוגעמאַכט. שטיינבערגן איז געוואָרן שווער אויפן האַרצן. אַלץ אַרום, דער פאַרוואָרפענער געגנט, די אַרומיקע פּוסטקייט, די אָן אַ שיעור רייד, האָבן אויף אים אָנגעוואָרפן אַ פּחד.

— וואָס פאַר אַ סחורה האָט איר פאַר מיר? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— אָ, וועגן אייך זאָרג איך מיך נישט, — האָט דער אַגענט

פֿראַסט און פּשוט געענטפֿערט. — וואָלט איך אַזוי געווען באַ־וואָרנט מיט פּרנסה, ווי איך בין באַוואָרנט מיט אייך. איר זוכט דאָך מן־הסתּם אַ קליין „פּאַרסעל״ מיט ווינציק געלט איינ־צאָלן ?

נאָך איידער שטיינבערג האָט צייט געהאַט צו ענטפֿערן, האָט דער אַגענט ווייטער אָנגעהויבן :

— וועגן אייך קימער איך זיך ווינציק, — דער עיקר דאַרף מען אייך צוערשט אָנוואַרעמען און געבן עפּעס עסן. איך ווייס פֿון „עקספּיריענס״, אַז אַ „קאַסטימער״ דאַרף מען צוערשט געבן גוט אָפּצועסן. דעמאָלסט, זאָג איך, ווערט ער גאָר אַן אַנדערער מענטש. איך האָב מיינע וועגן, ווי אַזוי ארומצוגיין אַרום אַ „קאַס־טימער״. אפשר ווילט איר נאָך אַביסל בראָנפֿן ? וואָס זוכט איר דען ? אַוודאַי אַ באָרדינג־הויז ?

— ניין, איך וויל קויפֿן אַ פֿאַרם, — האָט שטיינבערג גע־ענטפֿערט.

— אַ פֿאַרם ? — האָט מר. הוירשהאָרן אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אויף ס'ניי באַטראַכט שטיינבערגן און זייער לאַנגזאַם גע־זאָגט. — אַזוי, אַ פֿאַרמער. דאָס, זעט איר, איז שוין עפּעס אַנ־דערש. „סאַמטינג דיפֿערענט״.

— וואָס מיינט איר, עפּעס אַנדערש ? — האָט זיך שטיינ־בערג געחידושט, וואָס יענער באַטראַכט אים אַזוי.

— איך מיין, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדער מין סחורה. איך האָב געמיינט, אַז אַזאַ יונגערמאַן, ווי איר, וואָלט זיך גיכער גע־פּאַסט פֿאַר אַ באָרדינג־הויז.

— פֿאַרוואָס? עס זענען דען נישטאָ דאָ קיין יידישע פֿאַר־מערי ?

— זאָלט איר מיר געזונט זיין. פֿאַרמער זענען דאָ. נאָך וואָס פֿאַר אַ פֿאַרמער. אָבער אַזאַ יונגערמאַן, ווי איר, ווי איך זע, אַזאַ איידעלער. איך, פֿאַרשטייט איר מיך, מיסטער סטיינבערג, האָב זיך פּיינט צו „בוסטען״, אָבער וואָס אמת איז אמת: פֿאַרמעריי, דאַרפֿט איר וויסן, דאַרף מען „יכלען״, „יו נאָו״. וואָס קאָנט איר

טאָן מיט אייערע איידעלע פינגער? האָב איך אייך דען קיין שלום־עליכם נישט געגעבן? ווייסט איר דען עפּעס אין פּאַרמעריי?

— אין דער היים האָט מען געהאַנדלט, — האָט שטיינבערג שטיל געענטפערט. — מיין...

ער האָט זיך געוואָרגן מיטן וואָרט און נאָך שטילער געזאָגט:

— מיין שווער איז געווען אַ פּאָסעסאָר.

— אַזוי, געהאַנדלט, „אי סי", מן־הסתם מיט תבואה, — האָט דער אַגענט מיושבדיק געצויגן די ווערטער. — ווי לאַנג זענט איר שוין פון דער היים?

— צען יאָר.

— „אי סי", צען יאָר. אַ פאַרהייראַטער? וואָס טוט איר דאָ?

— דאָ האָב איך געהאַט אַ קראָם.

— און איצטער האָט איר שוין נישט די „סטאָר"? וואָס פאַר אַ סטאָר האָט איר געהאַט?

עס האָט זיך געדאַכט, אַז שטיינבערג איז געפאַלן אין זיינע אויגן. אַ פאַרם, האָט דער אַגענט געוווּסט, קויפן נישט יידן אַזוי שנעל, און ער האָט פּלוצלונג אָפּגעהאַקט דעם שמועס. די פערד זענען געלאָפן באַרג אַראָפּ. דער שליטן האָט געסקריפּעט איבער דעם געפרוירענעם וועג. די גלעקלעך האָבן געקלונגען. דער הימל איז געווען אַן אויסגעשטערנטער. דער שניי האָט געבלאַנקט און באַלויכטן דעם וועג, אַזוי אַז מען האָט געקאָנט זען אַ ווייטן שטח. ווו־נישט־ווו האָט מען געזען ליכט פון אַ פאַרמער־שטוב. ערגעץ ווייט האָבן געבילט הינט. שטיינבערג איז אַ שטילער געזעסן איינגעגנורעט אין ווארעמען פוטער. ער האָט געקוקט אויף די אַרומיקע ווייטע בערג, אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל, אויף די צוויי פערד, וועמענס זאַדיקעס האָבן זיך כסדר געהויבן אין אַ ריטמישן טראָט. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אַן אָטעם געטאָן זענען די קליינע הערעלעך פון פוטערנעם קאָלנער צוגעפרוירן און געוואָרן פראָסטיק ווייס. אין זיין האַרץ איז אויפגעגאַנגען אַ געמישט געפיל פון שרעק און דערוואַרטונג. — פאַרמעריי דאַרף מען קאָנען, —

זיינע פינגער זענען איידעלע. — עס איז אים געקומען אויפֿן זינען, אַז אַלע אַכט יאָר זינט ער איז אין אַמעריקע האָט ער נאָך נישט געזען אַזאַ הימל. יעדעס פּיצעלע האָט אים דערמאָנט אָן דער היים. ער האָט צום ערשטן מאָל פֿאַר אַ לאַנגער צייט דערזען פֿאַר די אויגן די שוועסטער, די ברידער, דעם טאַטן. אָט פּונקט, ווי ער האָט זיי איבערגעלאָזט דעם טאָג, וואָס ער איז אַוועק פֿון דער היים; אָבער וואָס וועט ער דאָ טאָן? „פֿאַרמערויי דאַרף מען קאָנען". ווו וועט ער נעמען כּחות צו אַרבעטן אין אַזאַ ווילדן געגנט? וואָס וועט זאָגן בערטאַ, ווען זי וועט אַהער אַרויסקומען?

שטיינבערג האָט זיך מיט אַמאָל דערפֿילט קליין און נידערגעשלאָגן. אַ מידע אויסגעשעפּטקייט פֿון אַ טאָג אַרומפֿאָרן האָט אַרומגענומען זיין לייב. ווען ער קאָן זיך איצט צוריק אַריינכאַפּן אין שטאָט אַריין, זיך אַריינלייגן אין אַ וואַרעמער בעט און שלאָפֿן, און שלאָפֿן.

דער אַגענט האָט אונטערגעשמיסן די פֿערד. דער שליטן האָט זיך מיט אַמאָל אַ שנעלן גליטש געטאָן. זיי זענען איצט געווען לעבן קאַמישאַ לעיק, און הווירשהאָרן האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף.

— שוין נישט ווייט פֿון הויז, מיסטער סטיינבערג, — האָט ער געזאָגט, — אַ מייל און אַ האַלב און מיר זענען אין דער היים. איר זעט יענע הויז? דאָס איז די קאַמישאַ אינן. אַ פּאַלאַץ. זומער שיפּט מען זיך דאָ און מענטשן, ווי אויף דער פֿינפֿטער עוועניו. „געד־אַפּ, קאַם־אָן, יו לעיזי באָגער", קאַם־אָן!

עס איז אויסגעקומען, אַז דער אַגענט האָט זיך דאָך געכאַפּט, אַז שטיינבערג איז אַ קאָסטימער און מען טאָר אים נישט לאָזן צופֿיל טראַכטן.

— מיר וועלן שוין עפּעס אויספּרעסן, — האָט ער געזאָגט. — מיר דוכט, אַז איך האָב פֿאַר אייך עפּעס גאָר אַ צאַצקע, אַ מציאה גדולה, אַ „ריעל באַרגעין". „קאַם־אָן, געד־אַפּ!"

און ווען שטיינבערג האָט צום סוף איינגעדרימלט אונטער

די פסדרדיקע רייד, האָט זיך הוירשהאָרן מיט אַמאָל צעשריגן הויך און פריילעך:

— „האו! בעק! סטאָפּ!" — און די פערד זענען געבליבן שטיין.

---

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן ראָג מעין סטריט און רעילראוד עווע. לעבן א הויז, פון וואגען עס האָט אַרויסגעשלאָגן א ברייטע, ווארעמע ליכטיקייט. ווען שטיינבערג איז אַריינגעקו־מען אין שטוב האָט שוין אויף זיי געוואַרט א געגרייטער טיש מיט הייסע גלעזער טיי.

די שטוב איז געווען א גרויסע, מיט א סך צימערן און האָט דערמאָנט אין א היימישער קרעטשמע. די בעל־הביתטע פון הויז, מיסעס גורמאַן, א מיטליאָריקע ברונעטע פרוי, מיט פענסנע אויף דער נאָז, מיט א קול פון א מאַנסביל, און מיט א טאַליע און גאַנג, וואָס איז געווען א סך יינגער פון אירע יאָרן, איז זיי גלייך ביי דער טיר אַנטקעגנגעקומען. זי האָט באַלד אָנגערופן שטיינ־בערגן ביים ערשטן און צווייטן נאָמען, אים געשטופּט אין האַנט אַריין א שלום־עליכם און אים געהאָלפן אויסטאָן דעם פוטער. א פלינקע און רירעווודיקע האָט זי אים צוגעפירט צום גליענדיקן אויוון, אָפּגעטריבן די צוויי הינט, וואָס האָבן דאָרטן געדרימלט און אים אָנגעהויבן לערנען, ווי אַזוי מען דאַרף ווארעמען הענט.

— לייגט זיי אַוועק אַזוי, — האָט זי אַוועקגעלייגט אירע אייגענע הענט מיט די דלאָניעס אַרויף. — איר דאַרפט ביי אונז ווערן היימיש. כל ישראל חברים. אַוועק ראַבערט, — האָט זי נאָכ־אַמאָל אָנגעשריגן אויפן הונט, וואָס איז א פוילער צוריקגעקומען צום אויוון, — דו פוילאַק, דו אַלטער תּרח. אַזוי וואָלט ער א גאַנצן טאָג נאָר געלעגן ביים אויוון און זיך געוואַרעמט.

שטיינבערג האָט זיך פאַרלוירן און נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. די שטוב איז געווען פול מיט מענטשן. יידן מיט בערד און אָן בערד האָבן אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז אַזא יונגער מענטש זאָל אַליין קו־מען קויפן א פאַרם. פרויען מיט קינדער, וואָס זענען שוין אַהער

ארויסגעקומען צום צווייטן מאָל, און דערפאַר זיך געפילט היימיש, ווי ביי זיך אין דער היים, זענען ארומגעלאָפן פון איין צימער אין צווייטן און געשריגן הויך אויפן קול. אייניקע האָבן געשפּילט אין קאָרטן. צוויי עלטערע יידן, מיט שוואַרצע יאַרמולקעס, אין שטעק־שיך, אין לויזע וואַטאָווע לייבלעך, האָבן געשפּילט אין דאַמקעס און מיט אַ קרעכץ, מיט אַ גמרא־ניגון, געמאַכט פאַרזיכ־טיקע, אויסגערעכנטע גאַנגען. איין ייד פון פילאַדעלפיע, אַ רייכער סוחר, וואָס האָט געזוכט צו קויפן אַ גרויסן האָטעל, איז שוין דאָ געזעסן זעקס וואָכן און האָט זיך איצט אַ לאָז געטאָן צו שטיינ־בערגן, מיט אַ גאָלדענער קייט איבער דער וועסט, מיט אַן אויס־געפּאַשעטן רויטן פּנים און אים גלייך פאַרשאָטן מיט פראַגן און עצות און מיט אַ היימישקייט, גלייך ווי ער וואָלט אים שוין גע־קענט פון אַ סך יאָרן.

— עס איז שוין טאַקע צייט, — האָט ער געשריגן, — אַז מיר יידן זאָלן אָנהויבן טראַכטן פון אַ תכלית, זיך צושלאָגן צו דער ערד, ווערן אויס לופט־מענטשן. ס'איז שוין צייט.

מיסעס גורמאַן האָט צוגעבראַכט אַ יונגן בחור, וואָס האָט געטראָגן אַ היימיש שוואַרץ העמדל, פאַרשפּיליעט אָן אַ זייט ביזן האַלז, ארומגענומען מיט אַ שנור אַרום טאַליע און אים פאָרגע־שטעלט פאַר שטיינבערגן.

— דאָס איז איינער פון אייערע, — האָט זי געזאָגט, — אַ „רעוואָלוציאָניסט". ער וויל אויך ווערן אַ פאַרמער.

דער בחור, יונג און דאַר, מיט צעוואָרפענע בלאָנדע האָר, ווי אַ שייגעץ, האָט אריינגעשטופּט שטיינבערגן אַ וואַרעמען שלום־עליכם און אויף אַ היימישן, רוסישן שטייגער, שטאַרק געדריקט זיין האַנט.

— דאָס איז אַ גרויסער קעמפער קעגן צאַר, — האָט מיסעס גורמאַן שטיל אריינגערוימט שטיינבערגן אין אויער אריין, — מ'זאָגט, אַז ער איז אַנטלאָפן פון סיביר. מ'זאָגט, אַז אין אַ פעסל קרויט איז ער אַנטלאָפן. ער איז איינער פון אייערע. אָבער קומט צום טיש. איר מוזט דאָך זיין הונגעריק.

שטיינבערגן איז געוואָרן זייער אומעטיק. ער האָט באַטראַכט

דעם גאַנצן עולם און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז ווידער אַמאָל אין אַן אכסניה, ווי אויפֿן וועג קיין אַמעריקע, בשעת ער האָט געוואַרט אויף אַ שיף.

אָבער מיסעס גורמאַן האָט אים נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן. זי האָט געצוווּנגען דעם בלאָנדן בחור נאָכאַמאָל זיך זעצן צום טיש און גענומען דערלאַנגען עסן. שטיינבערגס פּנים האָט אָנגעהויבן פֿלאַמען. די הייסע טיי, דאָס וואַרעמע געקעכץ און די היץ אין דעם צימער האָט אָנגעצונדן זיינע פֿאַרפֿרוירענע באַקן און אַנט־קעגן שיין פֿון לאָמפּ איז ער געוואָרן רויט ווי אַ שטיק פֿייער.

---

אויף מאָרגן איז שטיינבערג מיט פֿערד און שליטן אַרומ־געפֿאָרן זוכן אַ פֿאַרם. אין שליטן איז געזעסן מיסטער הווירשהאָרן, די בעל־הביתטע, מיסעס גורמאַן, און מען האָט אויך מיטגענומען פֿאַר אַ שמירה דעם יונגן בחור, דעם רעוואָלוציאָנער.

ערשט איצט האָט שטיינבערג דערזען די שיינקייט פֿון די קעטסקילס. פֿון ווייטן זענען די שפּיציקע בערג זיך צונויפֿגעקו־מען מיטן הימל. אַ קלאָרע ווייסקייט איז געווען אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן אַרום און דער געגנט איז געווען פֿול מיט אָנגע־שאָטענע בערגלעך, אַזוי אַז אַלע מאָל האָט זיך פֿאַר די אויגן עפּעס פֿאַרשטעלט און עפּעס אָפּגעדעקט. די פֿערד מיט פֿאַרריסענע קעפּ אויסגערוטע, זענען פֿריילעכע געלאָפֿן איבערן וועג. דער שליטן האָט זיך פֿון זיך אַליין געגליטשט און מען האָט געקאָנט זען, ווי ד'ער שפּאַן ווערט לויז איבער די פֿערדס קריזשעס און ווערט באַלד ווידער אָנגעצויגן. שטיינבערג איז געווען זאַט, אויסגערוט, וואַרעם איינגעדעקט, און יעדער פֿאַרם, וואָס מען האָט אים געוויזן, איז אים געפֿעלן געוואָרן. עס איז אים געפֿעלן דאָס, וואָס ער האָט געטאָפּטשעט, פּונקט ווי אין דער היים, איבערן טיפֿן שניי; וואָס אויף איין פֿאַרם איז ער געגאַנגען פֿון הויז אין שטאַל אַריין איבער אַ שמאָלער, אויסגעטראָטענער סטעזשקע, און וואָס די קי זענען רויטע, אַזוי ווי ער האָט געדענקט די קי ביי בערטעס טאַטן אין הויף. ער האָט, ווי אַ מבין, געקוקט די פֿערד אין מויל אַריין, גע־

רעדט פון אקערן און זייען, אלע מאל אריינגעצויגן אין די לונגען פראסטיקע, ריינע לופט, און ווען ער איז סוף טאג צוריקגעקומען אין אגענטס שטוב אריין, איז ער געווען אזוי צעטומלט, אז ער האט נישט געדענקט, ווו ס'איז אים געפעלן דאס הויז, ווו עס זענען געווען פיינע בהמות און וועלכע פארם עס ליגט נעענטער צום שטעטל.

אין אוונט איז געווען דער זעלביקער טומל. מען האט הויך אויפן קול זיך דערציילט, וואס מען האט דורכן טאג געזען. געדונגענע פורמאנעס האבן געווארט מיט ביכלעך אין די הענט, הוירשהארן זאל אריינשרייבן דעם טאג שכירות. מיסעס גורמאן האט זיך מיט יעדן פון די פורמאנעס געהאמפערט. זי האט נישט געקאנט לייענען, איז זי אלע מאל געלאפן מיט א צעעפנט ביכעלע צו הוירשהארנען און אנגעוויזן מיט א פינגער אויף א ציפער.

— דא, — האט זי געזאגט, — האט איר געמאכט א טעות. דער ערל האט בלויז צוגעפירט דעם פילאדעלפיער גביר צו וואלפס קארנער.

— און דעם יידן פון בראנזוויל האט ער נישט געפירט צו טעד בראונס פארם? — האט הוירשהארן צוריק געשריגן.

מיסעס גורמאן האט פארשעמט ארונטערגעלאזט די אויגן. אין איין מינוט איז זי שוין געווען לעבן די צוויי פרומע יידן מיט די יארמולקעס אויף די קעפ און זיי געהאלפן זוכן דאס קעסטעלע מיט די דאמקעס.

— איך האב היינט פאר אייך געזען א „פארסעל", — האט זי געזאגט, — איז עס נאר ווי פון הימל אראפגעשיקט געווארן. איך זאג אייך, ליבע יידן, מיר האבן א גרויסן גאט אין הימל.

שטיינבערג האט זיך ארומגעדרייט איבערן הויז, געשפאנט צווישן טומל, מענטשן, און זיין קאפ האט זיך שיער נישט איבערגעקערט. אין מוח האבן זיך געפלאנטערט אלערליי פארמס און אלערליי רייד. עס האבן אים געקלונגען אין די אויערן די רייד פון מר. הוירשהארן, פון מיסעס גורמאן און פון רייכן ייד.

— יידן דארפן זיך באזעצן אויפן לאנד, — האבן אין זיינע

אויערן אָפּגעקלונגען ווערטער, — מיר דאַרפן ווערן אוים לופּט־מענטשן.

— אייערע הענט, רב ייד, זענען נישט פאַר פאַרמערייַ, — האָט אָפּגעקלונגען מיסטער הוירשהאָרנס קול.

ערשט איצט, נאָך אַ טאָג אַרומפאָרן צוזאַמען מיטן בלאָנדן בחור, האָבן זיי זיך ביידע צערעדט. שטיינבערג האָט אים געפרעגט, ווי לאַנג ער זיצט שוין דאָ.

— שוין באַלד צוויי וואָכן, — האָט דער בחור געענטפערט.

— צוויי וואָכן ? — האָט זיך שטיינבערג אַזש דערשראָקן. — איר מיינט צו זאָגן, אַז איך וועל דאָ דאַרפן אַזוי לאַנג זיצן ?

— עס איז שווער צו באַשטימען. בפרט איצט, ווען דאָס לאַנד איז פאַרדעקט מיט שניי.

— אָבער דער אַגענט פון שטאָט האָט דאָך מיך צוגערעדט צו פאָרן איצט !

— איצט פאָרן די האָטעל־לייט, — האָט דער בחור געזאָגט, — אָבער איך רעכן, אַז דאָס הויז לעבן סעקעט לעיק איז פאַר אייך אַ פּאַסיקער פּלאַץ.

מיסעס גורמאַן, וועלכע האָט די גאַנצע צייט פון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, איז אונטערגעקומען מיט אַ קלוגן שמייכעלע.

— איצט רעדט מען נישט פון ביזנעס, — האָט זי געזאָגט, — מאָרגן האָבן מיר אויך אַ טאָג. וועלכן פאַרם האָט איר געזאָגט ?

— דער לעבן סעקעט־לעיק, — האָט געענטפערט דער בחור, — דער מיט די הונדערט אַקער לאַנד, מיט די פיר קי און צוויי פערד.

— וויפל בעט מען פאַר אַזא פאַרם ? — האָט געפרעגט שטיינבערג.

— דער גוי בעט פינף טויזנט, — איז אונטערגעקומען הוירשהאָרן, — אָבער מען קאָן אים קריגן פאַר פיר.

— וועלכן פאַרם מיינט מען עס, — האָט מיסעס גורמאַן

ווייטער געשריגן, — וואָס פאַר אַ רייד איז עס, פאַרוואָס ווייס איך נישט וואָס מיסטער שטיינבערג מיינט.

— דוליטעלס, ליאַ דוליטעלס פאַרם מיינט מען, — האָט הוירשהאָרן געענטפערט.

מיסעס גורמאַן האָט ביטרע אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן, אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן, אַראָפּגענומען און צוריק אָנגעטאָן די פּענסנע.

— הם, — האָט זי געזאָגט, — מיסטער שטיינבערג ווייסט וואָס גוט איז. אַזאַ יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ נחלה דאָס איז.

— וויפל מזומן דאַרף מען צו אַזאַ פאַרם?

ביידע, הוירשהאָרן און מיסעס גורמאַן, האָבן צוזאַמען אָנגעהויבן רעדן.

— טויזנט דאָלער, — האָט געשריגן הוירשהאָרן.

— מזומן איז נישט וויכטיק, — האָט מיסעס גורמאַן בייז אַ קוק געטאָן אויף איר שותף, — מען קאָן מיטן גוי דורכקומען. דער ערל וועט זיך לאָזן האַנדלען.

זי האָט זיך אין איין מינוט איבערגעביטן. אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן. זי האָט אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי מען קויפט אַ פאַרם, — איינצאָלן צאָלט מען ביי מיר איין וואָס ווינ־ציקער, — האָט זיך איר קול אַלץ געהעכערט, — מיט מזומן לאָז איך מיין קאָסטימער נישט קריכן. זאָלן זיך די פאַרמער האַלטן מיט די מאָרגעדזשעס. יאָ, מיינע ליבע יידן, דאָס איז מיין פּאָליסי. אַ סך מאָל מאַכט זיך אַפילו, אַז מיר קריגן נאָך אַ הלוואה אין אַ באַנק.

אין הויז איז געוואָרן שטיל. אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו אירע רייד. מיט איר מאַנסבילישן קול האָט זי דערציילט, ווי קלוג זי באַאַרבעט אַ פאַרמער. איינעם האָט זי אַזוי פאַרדרייט, אַז נאָך דעם, ווי ער האָט באַצאָלט מעקלעריי, איז אים גאָר נישט געבליבן. אַלע אין שטוב האָבן זיך צעלאַכט. דער רייכער ייד פון פילאַדעל־פיע האָט איר אַ קיצל געטאָן אונטער דער פאַכווע און פאַר אַלע־מען אין די אויגן האָט ער אויסגעשריגן, אַז מיט אַזאַ ווייבעלע גייט ער גלייך אַריין אין שותפות.

שטיינבערגן איז פון די אַלע רייד געוואָרן שווער אויפן האַרצן. ער האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען וויפל געלט ער וואָלט געקאָנט אַריינלייגן, — מיט טויזנט דאָלאַר, זאָגן זיי, וואָלט ער געקאָנט צוגיין. הונדערט אַקער איז אַ נישקשהדיקע פאַרם. פיר קי ברענגען עפּעס אַריין.

ער איז אַ דערשלאָגענער צוגעגאַנגען צום פענסטער. אין דרויסן איז געווען אויסגעשפּרייט אַ ווייסע נאַכט. פון יעדן אָטעם־צוג איז אויף די שויבן געוואָרן בלימעלעך, קרענצעלעך. די מענטשן אין שטוב זענען זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען. ביידע הינט האָבן זיך צוגערוקט נעענטער צום אויוון און דער עלטערער, ראָ־בערט, איז געשמאַק געשלאָפן. הוירשהאָרן האָט אָנגעהויבן אַרומ־גיין מיט אַ בינטל שליסעלעך און פאַרשלאָסן טירן. ווען ער איז אַרויס אונטערלייגן שטרוי פאַר די פערד און איז באַלד צוריק־געקומען, האָט ער געציטערט פון קעלט.

— ס׳נעמט אַ פראָסט, — האָט ער געזאָגט, און ער האָט אַריינגעפירט שטיינבערגן מיטן יונגן בחור שלאָפן אין איין צימער.

---

צוויי וואָכן זענען שטיינבערג, הוירשהאָרן און מיסעס גור־מאַן צוזאַמען אַרומגעפאָרן. מען האָט זיך איינגעלעבט איינער מיטן צווייטן. אונטער דער שווערער קאַלדרע האָבן זיי זיך צו־זאַמען געוואַרעמט די פיס. הוירשהאָרן האָט, טרייבנדיק די פערד, געזונגען חזנישע שטיקלעך. ער האָט אויסגעטרעלט אַ „תקע בשופר", אָפּגעזונגען אַ הויכן „עלינו לשבח", און מיט דבקות, מיט אַ פאַרקרימטן פּנים זיך געקלאַפּט אין האַרצן: אשמנו, בגדנו, גזלנו. מיסעס גורמאַן האָט מיט אַ טרויעריקן קול דערציילט, אַז זינט איר מאַן, זאָל זיך מיען, איז געשטאָרבן, מוז זי אַליין זאָרגן פאַר פּרנסה און אַז זי האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, ווי מען קוקט זי אָן, אַזוי אויסגעגעבן צוויי טעכטער.

דורך דער צייט האָט דער יונגער בחור געקויפט אַ פאַרם, וואָס איז געלעגן אויפן אַלטן ליבערטי־ראָוד, צווישן הערים און דיקענסוויל.

— איך בין אייך מקנא, — האָט אים געזאָגט שטיינבערג.
— איך וואָלט אייך ראַטן קויפן די פאַרם לעבן סעקעט לעיק.
— איך האָב מורא איינצושטעלן.
— איך האָב אויך געהאַט דאָס זעלבע געפיל, — האָט ד'ער בחור געענטפערט, — אָבער אַזוי שנעל, ווי איך האָב אונטערגע־שריבן דעם קאָנטראַקט, איז מיר די פאַרם ווי איינגעבאַקן אין האַרצן.

דער בחור איז שוין איצטער געווען אַזוי צעטראָגן, אַז מען האָט מיט אים מער נישט געקאָנט רעדן. גאַנצע טעג איז ער אַי־בערגעלעגן אויף דער פאַרם. אינדרויסן איז געוואָרן אַ זאַווערו־כע. אַ גאַנצע נאַכט האָט געשאָטן אַ שניי און עס האָט געבלאָזן אַזאַ ווינט, אַז מען האָט נישט געקאָנט אַרויסשטעקן אַ קאָפּ. אַלע זענען געבליבן פאַרהאַקטע אין הויז. אין שטוב האָט דער טומל געשפּאָלטן די סטעליע. עס האָט געשפּילט ד'ער גראַמאָפאָן. עס האָבן געשריגן קינדער, מענטשן האָבן נערוועזע געטראָטן איינער אויפן צווייטנס פּיס. צוויי ווייבער האָבן זיך דערשראָקן פאַרן מוראדיקן ווינטער און האָבן מיט סכנות־נפשות זיך געלאָזט מיט אַ פרעמדן שליטן קיין האַקסבורג, וואָס גיכער אַנטלויפן אין שטאָט אַריין. שטיינבערג האָט אָנגעטאָן הוירשהאָרנס הויכע געשנורע־וועטע שיך, מיטן שווערן פעלץ און איז אַרויס אין גאַס. דאָס שטעטל איז געווען אינגאַנצן פאַרשאָטן. אַלע וועגן און גאַסן ביזן גאַרטל מיט שניי. מען האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן מענטשן. אַ בלענדנדיקע ווייסקייט האָט געשניטן די אויגן. דער שטאַרקער פראָסט האָט אים אָפּגעהאַקט דעם אָטעם און ער האָט זיך געמוזט צוריק אומקערן.

— איך וועל שוין, ווייזט אויס, דאָ ווינטערן, — האָט ער, צוריקקומענדיק, ביטער געשמייכלט.

— ווינטערן, ווי ווינטערן, אָבער אַזוי שנעל אַרויספאָרן וועט מען נישט קאָנען, — האָבן עטלעכע שטימען מיטאַמאָל גע־ענטפערט.

ווען עס זענען אַריבער דריי מעת־לעת און מען האָט אַלץ

נישט געקאָנט אַרויס פאַר דער טיר, איז שטיינבערגן געוואָרן זייער שווער דאָס האַרץ. ער האָט נישט געקאָנט באַשטימען, וואָס צו טאָן. ער האָט געבענקט אַהיים, צוריק אין שמאָט אַריין. ער האָט געפּרוווט לייענען די פּאָר ביכלעך, וואָס ער האָט מיטגענומען, אָבער די רייד פון די עם־עולמניקעס האָבן אים איצט נאָך שטאַר־קער צעטומלט. ער האָט אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו צו בערטען, אָבער דעם בריוו באַלד צעריסן.

— ווייס איך וואָס, — האָט ער פאַרצווייפלט גערעדט צו זיך אַליין, — ווי קום איך צו אַזאַ אַרבעט?

ער האָט אַלץ צערייצטער געשפּאַנט איבער די גרויסע צי־מערן פון דעם גרויסן הויז. טומל, געפּילדער, הייזעריקע קולות פון גראַמאָפאָן האָבן אים נאָכגעשפּאַנט. ער האָט זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט ביי אַ פענסטער, ביי דער גלעזערנער טיר און אַרויס־געקוקט אין גאַס.

— ווייס איך וואָס. די עם־עולמניקעס אידעאַלן זענען טאַ־קע נישט מער ווי אידעאַלן. נישט אומזיסט איז זייער קאָלאָניע צעפאַלן געוואָרן. איך האָב זיך אַריינגענומען אַ משוגעת אין קאָפּ אַריין.

מיסעס גורמאַן האָט אים געהאַלטן אין איין אויפמונטערן. זי האָט אים געהאָדעוועט מיט פּעטע, געשמאַקע מאכלים. ווי אַ מאַמע האָט זי זיך געזאָרגט, צי האָט ער ריינע העמדער, צי וויל ער נישט עפּעס אויסוואַשן און אונטערגעשטעלט מענטשן, מען זאָל מיט אים רעדן און מען זאָל אים אַריינציען אין אַ קאָרטן־שפּיל.

— עס איז געבעך אַ רחמנות אויפן יונגנמאַן, — האָט זי געזאָגט צו די עלטערע מאַנסבילן, — אַזאַ יונגער מענטש. נעמט אים אַריין אין אַ „געים״.

נאָר ווען שטיינבערג האָט זיך צוגעזעצט נעמען אַ האַנט, האָט זיך מיט אַמאָל צעפּראַלט די טיר. דער מענטש, וואָס איז אָנגעקומען, האָט זיך קענטיק נישט געקימערט פאַרן דרויסנדיקן שטורעם. ער האָט לאַנגזאַם און מיושבדיק אָפּגעטרייסלט דאָס קור־צע פּעלצל, הילכיק אָפּגעקלאַפּט די אונטערגענייטע וואַליקעס און

צוזאַמען מיטן רויטן, פּייערדיקן פּנים, האָט ער אַריינגעבראַכט אַזאַ ווייסע, פּראַסטיקע קעלט, אַז עס האָט אַלעמען דורכגענומען.

— העי, העי, — האָבן עטלעכע קולות מיט אַמאָל אָנגע־הויבן שרייען, — פאַרמאַך די טיר!

— וואָס זענט איר אַזוי ציטעריק! — האָט יענער צוריקגע־שריגן, פּאַוואָליע פאַרמאַכט די טיר, אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל און איז געבליבן שטיין מיט אַ פּאָר שטייפע, שטעכיקע, פאַרפרוירענע וואָנצן.

— ווער, צום טייוול, האָט דיך אַהערגעבראַכט? — האָט הוירשהאָרן אַ פרייליכער אויסגעשטרעקט אַ האַנט, ווען ער האָט דערזען, אַז דאָס איז ליאָ דוליטל, — גאָרנישט מורא געהאַט צו פאָרן אין אַזאַ וועטער?

— וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? — האָט דער פאַרמער געקלאַפּט אַ האַנט אין אַ האַנט, ווי בשעת ער האָט האַלץ. — דער וועג איז נאָך בעסער. אַהיים פאָר איך איבער די פּלויטן און שפּאָר אַ האַלבן וועג.

— טאָ נעם אַראָפּ דאָס פּעלצל און וואַרעם זיך אָן.

— און נעם אַביסל בראָנפן, — איז ווי פון אונטער דר׳ערד אויסגעוואַקסן מיסעס גורמאַן, אַ ליכטיקע און צעשטראַלטע.

זי האָט נערוועז אַ ריס געטאָן שטיינבערגן פון די קאָרטן און אים אויף גיך אַריינגערוימט אין אויער — דעם ערל, ווייזט אויס, קוועטשט עפּעס. דער פיש צאַפּלט זיך איצט אין מיינע הענט. קומט אַהער, זאָגט אים העלאָו, — און צום פאַרמער, מיט אַ גע־ביטענער מינע, מיט גאָר אַן אַנדער קול:

— ווי לאַנג, מיסטער דוליטל, האָט אייך גענומען אַריבער־קומען אַהער?

— ווי אַלע מאָל, — האָט דער פאַרמער זיך געגרויסט, — מיינע פערד ווייסן נישט פון שלעכטן וועטער.

— טאָ קומט אַריין אַהער, מענטשן, — האָט זי גענומען אונטערן אָרעם דעם פאַרמער און שטיינבערגן און מיט אַ גאַנג פון אַ פּריצטע, גדלותדיק און שטיפעריש זיי אַריינגעפירט אין אַן

אָפּגעשלאָסענעם צימער, — לאָמיר זיך אַביסל אָנוואַרעמען, לאָ־
מיר זיך אַביסל דורכשמועסן.

אויפן טיש איז אויסגעוואַקסן אַ פלאַש בראָנפן, גרין־בלויע
זעלישעקלעך און יידישער לעקעך. עס איז אַוועק אַ סדרה פון
פורכרעדן זיך. גערעדט האָבן מיסעס גורמאַן און מיסטער הוירש־
האָרן. מיסטער דוליטל האָט געטרונקען בראָנפן. שטיינבערג האָט
געשוויגן. ביידע אַגענטן האָבן זיך זייער שטאַרק געדונגען. הוירש־
האָרן האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן גוי, און מיסעס גורמאַן פאַרן
ידן. עס איז געווען אַ סיכסוך פון דריי הונדערט דאָלאַר, וואָס
דוליטל איז שולדיק פאַר צינזן און ער האָט געוואָלט, אַז שטיינ־
בערג זאָל זיי איבערנעמען.

— פויער איינער, — האָט זי געגוואַלטעוועט, — אַז דו
וועסט נישט צאָלן די צינזן, וועט מען ביי דיר צונעמען די קי מיט
די פערד.

— אין אַמעריקע נעמט מען נישט צו קיין קי מיט פערד,—
האָט הוירשהאָרן צוריקגעשריגן, — מיר לעבן נאָך, גאָט צו דאַנ־
קען, אין אַ פריי לאַנד. ביי אונז איז נישטאָ קיין צאַר.

— נישטאָ קיין צאַר, — האָט זי זיך צעקאָכט און אָנגעה־
הויבן שרייען אויף יידיש, — דו ווייסט אַ סך, וואָס דו בעבעסט.
וועלעסט מיר אָפּ אַ „דיל״, הרגעסט אַוועק אַ „סעיל״.

— ווייל דו ציסט שוין צופיל איבער דעם בויגן, — האָט
הוירשהאָרן צוריקגעשריגן אויף יידיש, — אַן ערל טאָר מ׳זן נישט
אַזויפיל אָנשרעקן.

— און דו ווער נישט אַזוי צעקראָכן. איך קען נאָך, גאָט
צו דאַנקען, רעדן מיט מענטשן.

דער שמועס איז געוואָרן אַלץ היציקער. הויכע, איינגעשפּאַר־
טע קולות האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אָן דער סטעליע. מיסטער דוליטל
האָט געהאַלטן אין איין טרינקען בראָנפן. ער האָט צעשפּיליעט די
שעפּסענע וועסט, לויז געמאַכט די רויטע פאַטשיילע אַרום האַלז
און מיט אַ רויט־פאַרשוויצטן פּנים האָט ער געשריגן:

— איך וועל נישט אַוועקגעבן אַ באַלעבאַטישקייט פאַר לוי־
זיקע זיבן הונדערט דאָלאַר.

— קריגסט דאָך נאָך דריי אין צינזן, — האָט זיך מיסעס גורמאַן אָנגעצונדן, — פויער איינער! פאַרשטייסט דען, וואָס דו רעדסט?

— די דריי הונדערט וועט צונעמען די קאָונטי. איך וועל זיי נישט האָבן, — האָט זיך דוליטל געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

פונדעסטוועגן האָבן אַלע געזען, אַז דער מסחר ווערט אַלץ געשלאָסענער. אַלע מאָל האָט מען זיך אויסגעגליכן וועגן אַן אַנדער פּונקט. די טיר פון צימער איז געווען סודותדיק פאַרשלאָסן. הוירשהאָרן איז אויף די שפּיץ־פינגער אריין און ארוים מיטן בינטל שליסלען אין די הענט און אַלע מאָל געבראַכט נייע מוסטערן פון קאָנטראַקטן. שטיינבערג איז די גאַנצע צייט געזעסן און געשוויגן. אים האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז ער זיצט אויף אַ פרעמדער חתונה. אין מוח האָבן זיך געבאַמבלט ווייטע, אָפּגעריסענע געדאַנקען: אַ סטיישאָנערי סטאָר, די היים, רוסלאַנד, ווייסער שניי, עם־עולמניקעס. ער האָט פּלוצים אָנגעוווירן דאָס געדולד און עס איז אים מיאוס געוואָרן דאָס גאַנצע עסק.

— אַהער אָדער אַהין, — האָט ער פּלוצים כמורנע אַ זאָג געטאָן.

מיסעס גורמאַן האָט זיך אַ דערשראָקענע אַ הויב געטאָן פון אָרט און אָנגעהויבן מאַלן ווי אַ מיל, — פויער, דום־קאָפּ, דו האָסט דאָ אַ גאָלדענע געלעגנהייט. דו לאָזסט ארוים פון האַנט אַ גאָלדן שטייגעלע. אַזאַ מאַן ווי מיסטער שטיינבערג טרעפט מען איינמאָל אין הונדערט יאָר. זיין וואָרט איז אַזוי הייליק ווי אַ פּסוק אין דער ביבל. ער האָט אַ ווייב, איז זי אַ צירונג אין יעדן הויז. אונטער אירע הענט וועט די פאַרם זינגען. פויער, פאַרשטאָפּטער קאָפּ, נעם און שלים אַ געשעפט.

ליאָ דוליטל האָט זייער שטאַרק געשוויצט. ער האָט געטרונקען בראָנפן און געהאַלטן אין איין בלאָזן פון זיך, ווי ער וואָלט אָפּגעטריבן פליגן. הוירשהאָרן איז נאָך אַמאָל ארוים פון צימער און ווי פון אונטער דער ערד איז פּלוצים אויסגעוואַקסן מיסטער פּרעט, דער דיקענסווילער אַדוואָקאַט. דוליטל האָט זיך דערשראָקן פאַרן אָנגעזעענעם בעל־הבית אין שטעטל און זיך פאַר אים

אויסגעצויגן ווי אַ סאָלדאַט. אין צימער איז געוואָרן שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. איבערן טיש האָבן זיך געשאַרט בויגנס פּאַפּיר. מיסטער פּרעט, אַ באַיאָרנטער מאַן, מיט אַ שמאָל, לאַנג פּנים און מיט אַ וועגעלע אין סאַמע מיטן גרויען קאָפּ, האָט אויסגעטאָן איין פּאָר ברילן און אָנגעטאָן אַ צווייטע פּאָר. ער האָט לאַנג און מאָנאָטאָן געלייענט ירושהדיקע דאָקומענטן. ער האָט אָנגערופן נעמען פון אַ פראַנצויז, אַ סקאָטשמאַן און איז צוריקגעגאַנגען אַזוי ווייט ווי ביז צו די אינדיאַנער. שטיינבערג איז געזעסן ווי אין אַ הינערפּלעט. ער האָט געהערט אַ לאַנגע געשיכטע פון סאַליוואַן קאָונטי, ווי אַזוי סעקעט וועלי האָט זיך אויפגעבויט און ווי אין אַ חלום האָט ער אויפגעכאַפּט די פּאַרנייטע ווערטער-קעשענע מיט אַ פּאַק פּיזיטן און פונקט אַזוי אַ פאַרחלומטער צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע אַ געחתמעטן פּאַפּיר, ווו עס איז געווען פאַרשריבן פונקט נאָך פונקט, אַז די פאַרם, קי, פערד, הויז און שטאַל גייען איבער אין זיין רשות.

— זאָל זיין מיט גליק, — האָט מיסטער פּרעט געזאָגט.

— מיט גליק, — האָט געענטפערט מיסעס גורמאַן.

— האָבן מיר שוין אין דיקענסוויל נאָך אַ יידן, — האָט זיך געריבן די הענט מיסטער הווירשהאָרן.

## קאַפּיטל דריי

ווען אשר שטיינבערג איז צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין איז געווען אַ וואַרעמער טאָג. עס האָט געשיינט די זון. טירן פון קראָמען זענען געשטאַנען אָפענע און עס איז אים געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז ווייטער מיט הונדערט מייל זאָל זיין אַזאַ מוראַדיקער ווינטער.

ער האָט צעפּאַקט די דריי טוצן אייער, דאָס טעפּעלע פרישע פּוטער, וואָס מיסעס גורמאַן האָט אים מיטגעגעבן, און אָנגעהויבן דערציילן פאַר דער ווייב די וווּנדער פון די קעטסקילס.

— דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי קאַלט דאָרטן

איז, — האָט ער אָנגעהויבן רעדן שנעל, באַגייסטערט, — ס׳אַרא הויכע בערג איך האָב דאָרטן געזען.

זיין פּנים איז געווען ראָז־רויטלעך, די ברוסט אַביסל מער צעוואַקסן און בשעת ער האָט גערעדט האָט זיך געדוכט, אַז די רישן זענען אַביסל שאַרפער, ווי איידער ער איז אַפּגעפאָרן פון שטאָט.

בערטע האָט אָנגעקוואָלן פון מאַנס אויסזען. זי האָט מיט אַן אָפן מויל זיך צוגעהערט צו דעם, ווי שטיינבערג האָט אַזוי לעבע־דיק אָפּגעמאָלט די פאַרם, די בערג, מיסעס גורמאַן און דעם פאַר־מער, פון וועמען ער האָט געקויפט די פאַרם.

— איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז אום ווינטער ברענט מען זיך אָפּ פון דער זון, — האָט זי מיט אַלץ מער ליבע געקוקט אויפן מאַן, — דו האָסט דאָך צוגענומען אפשר צען פונט.

— אין סטיישענערי סטאָר וואָלט איך מיך אוודאי אויך אַזוי אָפּגעסמאַליעט, — האָט ער יינגלעריש־זיגעריש אַרויסגעשטופּט די ברוסט.

דאָס ווייב האָט מיט אַלץ מער צעשטראַלטע אויגן געקוקט אויף אים. עס איז שוין געווען לאַנג נאָך זייער חתונה, אָבער ביידע האָבן זיך ליב געהאַט, ווי דעם ערשטן טאָג נאָך דער חופּה. שטיינבערג האָט אַרויסגענומען די אונטערגעשריבענע פּאַפּירן, זיי אָוועקגעלייגט אויפן טיש און אַ באַגייסטערטער אָנגעהויבן דער־ציילן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט פאַר די דריי וואָכן, וואָס ער איז געזעסן אין דיקענסוויל.

— מיר האָט זיך נאָר געדוכט, אַז איך בין צוריק אין דער היים, — האָט ער געזאָגט, — געוויסע געגנטן האָבן מיך דער־מאָנט אין סאַטאַנאָוו.

בערטע האָט זיך אויפגעהויבן אינמיטן עסן, איז צוגעגאַנ־גען צום מאַן און אים אָנגעהויבן קושן.

— דו קוקסט אויס אַזוי גוט.

זי איז שוין געבליבן אַזוי זיצן אויף זיין שויס, זיך געשפּילט מיט זיינע ליכטיקע בלאָנדע האָר. נאָכמער צעשפּיליעט זיין צע־שפּיליעט העמד און אריינגעקראָכן מיט איין האַנט אין זיין בוזעם.

זי האָט, פּונקט ווי ער, זיך דערמאָנט אין דער היים, איז, פּונקט ווי ער, געוואָרן אָנגעשטעקט מיט פליגלדיקע פאַנטאַזיעס.

— ווי אַזוי אַ מענטש ווערט עס אַזוי פאַרבּרענט, — האָט זי זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן.

— איך שטעל מיר פאָר, ווי דו וועסט אויסזען נאָך אַ יאָר לעבּן אויף דער פאַרם, — האָט ער געזאָגט.

— און די קינדער.

— ווי צוויי פּעמפּיקעס וועלן זיי בּיי מיר ווערן.

בּיז שפּעט אין דער נאַכט זענען בּיידע געבּליבּן זיצן בּיים טיש און גאָרנישט אויפגעהערט רעדן, — ער וועט אַקערן און זייען, זי וועט מעלקן קי און האָדעווען הינער.

— פון היינט אָן דערציען מיר אונזערע קינדער, אַזוי ווי מיר ווילן, — האָט ער אַ צעפּלאַמטער אָנגעהויבּן שרייען, — מער ציטער איך נישט פאַרן גייסטיקן איינפלוס איבּער מיינע קינ־דער. מילדרעד וועט אויסוואַקסן אַזוי ווי איך וויל. אַרטור וועט זיין געראָטן אין טאַטן. אין אַ יאָר אַרום נעמען מיר אַריבּער אונ־זערע עלטערן.

— און מענדלען מיט פייגען, — האָט דאָס ווייבּ דערמאָנט אַ שוואָגער און שוועסטער, — מיר וועלן אַלע לעבּן, ווי איין גרוי־סע משפּחה.

— אַזוי ווי אין סאָטאַנאָוו.

בּיידע האָבּן געהאַט דאָס געפיל, אַז מיטן אַרויספאָרן אויפן פאַרם, קערן זיי זיך צוריק אַהיים. אַז זיי וועלן בּאַלד זיין דאָרטן, וווּהין עס האָט זיי געצויגן די גאַנצע צייט פון זייער זיין אין אַמע־ריקע, און ווי אַ ניי פאַרליבּט פּאָרל זענען בּיידע אַריין אין בּעט אַריין.

---

עס איז גיך אַוועק דער צווייטער האַלבּער ווינטער. פאַר פּסח איז די שטוב פלוצים פול געוואָרן מיט גרויסע פּעק. פאַרקלאַפּטע קאַסטנס זענען געווען צעשטעלט אַרום די ווענט. סקווערע שטי־

קער וואַנט, ווי עס האָבן געהאַנגען בילדער, זענען געבליבן שטיין, אַביסל ליכטיקער אָפּגעפאַרבט, ווי קעסטעלעך. דריי טעג איז מען געשלאָפן אויף אַראָפּגעצויגענע יאַסיקלעך און אַלע פרימאָרגן איז מען אויפגעשטאַנען מיט פעדערן אין קאָפּ. שטיינבערג האָט צוזאַ־מען מיט אַ גערודונגענעם מאַן געפּאַקט מעבל, געקלאַפּט ברעטער איבער פעסער און עס זענען ביי אים געוואָרן בלאָטערן אויף די הענט. איינמאָל האָט ער מיטן האַמער דערלאַנגט אין דער לינקער האַנט און דאָס ווייב האָט צווישן פּעק, טעפּ און פלעשלעך געזוכט אַביסל יאָד אָפּצוּוואַשן די וווּנד. דאָס איז געשען בשעת זי האָט גאָר איילנדיק געניית אויף אַ מאַשין און בשום־אופן נישט גע־קאָנט אַרונטערשיקן די קינדער אין גאַס. די קינדער זענען, ווי צוויי זלידניעס, געקראָכן אויפן קאָפּ, געשפּרונגען איבער קאַסטנס, געקלאַפּט טשוועקעס אין מעבל, פענסטער און טירן, ביז דער קליי־נער אַרטור, דאָס פּיצל קינד, האָט אַריינגעשאָסן אַ טשוואָק אין דער אייגענער האַנט אַריין.

דאָס קינד האָט אָנגעהויבן משונהדיק־ווילד קוויטשען. בער־טע האָט זיך צעוויינט. דאָס עלטערע מיידעלע, מילדרעד, איז פונקט דעמאָלט געבליבן שטעקן צווישן צוויי גרויסע פּעק און נישט גע־קאָנט אַרויסקריכן. עס האָט אַלע מאָל געקלונגען דאָס גלעקל ביי דער טיר. פרעמדע מענטשן זענען געקומען אָנקוקן די דירה. עס איז געווען אַ טומל, אַ געשריי, אַ יאַריד, ביז אין איין שיינעם פרי־מאָרגן, ווען מען האָט פּלוצים אַלץ אַרויסגעטראָגן פון הויז און די שטוב איז געבליבן שטיין נאַקעט, זייער ליכטיק, האָט בערטע זיך צעוויינט הויך אויפן קול.

אָבער שטיינבערג האָט שוין מער נישט געהערט דעם ווייבס וויינען. דורך אַ צעפּראַלטער טיר האָבן מגושמדיקע מענער אַרונ־טערגעטראָגן דאָס לעצטע שטיק מעבל. דורך נאַקעטע פענסטער האָט ער געהיט זיין באַלעבאַטישקייט. זיין פּנים איז געווען צע־פלאַמט, דער קאָפּ צעדרייט און ער האָט אַלץ מורא געהאַט מען זאָל נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג.

אין סאָבווי האָט מען נישט געקאָנט איינהאַלטן ביידע צע־ווילדעוועטע קינדער. מילדרעד האָט זיך געריסן צום פענסטער,

אַרטור האָט נישט געוואָלט זיצן בײַ דער מאַמען אויף דער שוים. אויפֿן קלײנעם שיפֿל, וואָס האָט זיי איבערגעפֿירט דעם האָדסאָן, איז שטײנבערג געשטאַנען אַ צעטראָגענער. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס מען רעדט צו אים. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן אַ פּאַק צײַטונגען. דער ווינט האָט געריסן בײדע פּאָלעס פֿון מאַנטל און זיי אָנגעבלאָזן, ווי פֿענכערס. ער האָט אַ כּך גערויכערט און ווען זיי זענען צום סוף געזעסן אין וואַגאָן, יעדער בײַ אַ פֿענסטער, קוקנדיק פֿאַר זיך אויף די פֿאַרבײַשוועבנדיקע פֿעלדער, וועלדער, טײַכן און שטיבער, האָט ער גאָר פּלוצים אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ווײַב און אומגעריכט אַרויסגעשאָסן אַ פֿראַגע:

— צי דענקסט זי נישט, בערטע, אַז איר וועט זײַן לײַכט אַרומצוגײן אַרום הינער?

---

אַזוי איז אין חודש אַפּריל, אין דעם יאָר 1900, די גאַנצע משפּחה — דער מאַן, ווײַב, צוויי קינדער — אָנגעקומען קיין דיקענסוויל. מיט אַ געדונגענער פֿור אָנגעלייגט מיט פּעק, זעק און קאַסטנס, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט צו דער פֿאַרם, וואָס איז געלעגן ניין מײַל פֿון שטעטל. בערטע איז געזעסן אײַנגעדרייט צווישן אַלע פּעק, זיך געטרײסלט, געשראָקן און זיך געחידושט אויף יעדער קלײניקײט. אשר שטײנבערג איז געזעסן צוזאַמען מיטן פֿאַרמער אויף דער הויכער קעלניע און באַטראַכט פֿון בײדע זײַטן וועג דאָס לאַנד, די הײַזער, שטאַלן, פֿי און הינער. די הויט איבער זײַן פּנים איז געוועזן גרין און געל. אין פֿאַרגלײַך מיטן געזונטן פֿאַרמער, האָט ער אויסגעזען אַזוי דאַר און דין, אַז עס האָט זיך געדוכט, אַ לײַדע ווינט קאָן אים אַוועקטראָגן. פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך געשטאַרקט, געררויכערט אײן סיגאַרעטל נאָכן צווייטן און געפּרוּווט שמועסן מיטן פֿאַרמער, ווי צוויי מענטשן פֿון זעלבן פֿאַך.

## קאפיטל פיר

אז אשר שטיינבערג איז צום סוף, נאָך צוויי שעה שלעפּן זיך מיט דער געדונגענער פור, צוגעקומען צום פארם, איז אים געוואָרן פינסטער אין די אויגן. ער האָט די פארם אינגאנצן נישט דער־קענט. דער הויף, די שטוב, דער סאָד, זענען געווען אַנדערש, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט זיי צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט. דעמאָלט, אין מיטן ווינטער, איז דאָ אַלץ געווען ליכטיק־ווייס. אַ שאַרף־שנייעדיק בלענדן פאַר די אויגן האָט אים אָנגעפילט מיט אַן אי־בערטריבענער פאָרשטעלונג פון גליקלעכע יאָרן, וועלכע ער וועט זיך דאָ איינשטעלן. איצט איז אַלץ מיט איינמאָל צערונען געוואָרן. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הויכער קעלניע אויף אַ בלאָטיקן הויף. דאָס פּאַראַיאָריקע איבערגעבליבענע גראָז איז פון שווערן ווינטער געווען אויסגעלייגט און געל פאַרוויאַנעט. דער שטיינער־דיקער פלויט — נידעריק, דאָס דעכל איבערן ברונעם — אַרונטער־געריסן, די אַרומיק־אויסגעלייגטע שטיינער — געל, קרוכלע, ווי אויסגעטריקנטע ביינער, און דאָס הויז ברודיק אָפּגעקראָכן.

עס האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן. אַ שניידיקער ווייטאָג האָט אַרומגענומען זיין ברוסט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מורא געהאַט קוקן אויף דער ווייב. דאָס אַרומיקע גרויע און רויע האָט אַ ווי געטאָן מיט פייכטער קעלט און ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין ברונעם, האָט ער געזען, אַז אויך דער קוואַל איז איינגעשלאָפן, עס האָבן זיך קוים געקוועלט טראָפּנס וואַסער, און כּדי אויסצומיידן דער ווייבס בליק, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן צוויי זעק אונטער די אָרעמס און איז מיט זיי אַריין אין שטוב אַריין.

אין שטוב איז אים געוואָרן נאָך פינסטערער פאַר די אויגן. דער לאַנגער, שמאָלער קאָרידאָר איז געווען חושך און קאַלט. פון קאָרידאָר האָט איין טיר געפירט אין אַ גרויסן, נידעריקן צימער מיט דריי קליינע פענסטערלעך, מיט אַלטמאָדיש מעבל, וואָס מי־סטער דוליטל האָט אַוודאי גערופן פּאַרלאָר. פון צוויי אַלטע שטולן האָבן אַרויסגעשטעקט אויפגעריסענע לעכער, מיט אָנגע־שטופּט שטרוי, ווי צוויי אָפענע מכּות. אַ צווייטע טיר האָט געפירט

אין עס־צימער, פון דאָרטן אין קיך אַריין און אין אַ טונקעלן קאַ־מער, ווו עס זענען געווען אָפּענע טרעפּ אין קעלער אַריין.

אַלץ איז געווען זייער נידעריק, די סטעליעס כּמעט ביי דער ערד. דאָס פּאַפּיר פון די ווענט אָפּגעקלעפּט. אַ פּאָר אויסגעזעצטע שויבן זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס און מיט זייער אַריינקומען האָט דאָס גאַנצע הויז אַ קרעכץ געטאָן, גלייך עס זאָלן זיך זעצן אַלע פיר ווענט.

אין הויז איז געווען מוראדיק קאַלט. מיסטער דוליטל האָט אין אָנהויב מערץ פאַרהאַקט די שטוב, און די קעלט איז געווען איינגעקאָוועט אין יעדן ווינקל. שטיינבערג האָט פאַרשטשעמעט די ציין. אין הוט און אין מאַנטל, ווי ער זאָל זיך ישובן: יאָ אויסטאָן, נישט אויסטאָן, איז ער אַ ציטערנדיקער געגאַנגען פון צימער צו צימער, נאָך אים דאָס ווייב, נאָך איר די קינדער און אַלע זענען אַלץ מער געוואָרן גרין און געל פון קעלט און שרעק.

פון יעדן ווינקל האָט אויף זיי געבלאָזן פייכטע טוכלעקייט. אַ ריח פון איבערגעפוילטע עפּל, פון זויערן קוואַס איז געשטאַנען אין דער לופטן. די קינדער האָבן מורא געהאַט צו מאַכן אַ טריט און זיך כּסדר אָנגעהאַלטן אָן דער מוטערס קלייד. בערטע איז גע־בליבן שטיין ביי אַ פענסטער אין קיך. אַנטקעגן פענסטער איז גע־שטאַנען אַ הויכער באַרג. דער באַרג האָט זיך געהויבן נאַקעט און גרוי און שרעקעוודיק פּונקט אַנטקעגן איר. עס האָט זי פּלוצלינג אָנגעהויבן שטיקן אין האַלז. עס האָט זיך אויף איר פּלוצלינג גע־געבן אַ לייג אַוועק דער עלנט פון דער גאַנצער וועלט און זי האָט אָנגעהויבן וויינען הויך אויפן קול.

— וווּהין האָסטו מיך אַרויסגעבראַכט?

שטיינבערג האָט אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער.

— עס איז בלויז דער ערשטער איינדרוק אַזאַ, — האָט ער זיך געשטאַרקט.

בערטע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט. אַ ווידערקול האָט מוראדיק צוריקגעיאָמערט פון יעדן פאַרלאָזטן ווינקל.

— צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן? די פּאַרמס ביי אונז אין דער היים זענען דאָך לייטישער. נאָך וואָס דאַרפסטו עס?

ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. עס האָט אים גע־
וואָרגן אין האַלז. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט און
זי אָנגעהויבן קושן.

— קאָנסט נאָך גאָר נישט ווייסן, — האָט ער מיט אַלע
כּוחות זיך אָנגעשטרענגט צו זיין רואיק.

ער האָט זי געלאָזט שטיין און גאָר פּלוצלינג געגעבן אַ פּראַל
אויף דאָס פענסטער.

— וואָס טוסטו? — האָט זי אָנגעהויבן יאָמערן. — עס
איז אַזוי אויך קאַלט.

— די דרויסנדיקע לופט איז וואַרעמער, — האָט ער אַנט־
שלאָסן, בייז, מיט אַ זיכערקייט אין טראָט, אָנגעהויבן אויפמאַכן
אַלע פענסטער.

ער האָט זיך געלאָזט לויפן אויפן צווייטן שטאָק. בערטע מיט
די קינדער זענען אים נאָכגעלאָפן. שטומערהייט האָט מען זיך
ווידער געדרייט פון צימער צו צימער און מיט יעדער ניי־געעפנ־
טער טיר האָט זיך ביי ביידע אָפּגעריסן דאָס האַרץ — איבעראַל זע־
נען געווען אָנגעלייגט שמאַטעס. די בעטן זענען געווען צעבראָ־
כענע, אַלטע און אָן שום קאָליר. די שאַפעס זענען געשטאַנען אָן
טירן. אַלע מאַטראַצן זענען געווען צעריסענע. שטיינבערג האָט ביז
בּלוט פאַרביסן די ליפּן. איבעראַל צעפראַלט די פענסטער. בערטע
האָט געציטערט פון קעלט. עס האָבן איר געקלאַפּט די ציין אין
מויל.

— פאַר אַ קלייניקייט קאָן מען קויפן מעבל, — האָט ער
מיט פאַרשטשעמטע ציין קאַרג אַרויסגעוואָרפן אַ פראַזע.

— איך האָב געמיינט, אַז אַמעריקאַנער פאַרמס זענען —

אָבער זי האָט נישט געקאָנט פאַרענדיקן דעם זאַץ. ס'האָט
איר פאַרדריקט אונטערן האַרצן און זי איז אַריינגעפאַלן אין זיינע
אָרעמס.

---

שטיינבערג האָט צום סוף אַרויסגעריסן די שמאַטעס פון
פענסטער, צעעפנט די טירן און אין שטוב האָט אַ בלאָז געטאָן
אַ פרישער ווינט. ער איז אַרויס אין פאָרהויז און אין אַ מינוט

אַרום האָט בּערטע געהערט ווי ער האַקט האָלץ. ווען ער איז אין אַ ווײַלע אַרום צוריקגעקומען, האָט ער פון אַ פאַרבּויגענער האַנט אַרונטערגעוואָרפן דין־צעהאַקטע שײַטלעך און זיך גענומען אונ־טערהייצן דעם אויוון. דער אויסגעפּרעסטער אַרבּל פון גרויען אַנצוג איז גלײַך צעקנייטשט געוואָרן, און ער האָט זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס עס זעצט צוריק דער רויך פון אויוון.

— האַסט מן־הסתּם נישט געעפנט דעם קוימען, — האָט בּערטע געזאָגט. — זע, ווי דו האַסט זיך אויסגעשמירט.

זי האָט בּיים זייט פון אויוון אַרויסגעשלעפּט אַ קליין הענטל און דער רויך האָט אָנגעהויבּן ציִען פון קיך.

— גיי, טו זיך איבּער, — האָט זי ווייטער געזאָגט — און ווען ער איז שפּעטער אַרויס אין דרויסן, האָט ער שוין, אָנשטאָט זיין גרויען ראָק, געטראָגן אַ בּלויען סוועטער. די ליכטיק־בּלאָנדע האָר האָבּן זיך געוויגט מיטן ווינט. ער האָט נאָכאַמאָל אַ קוק גע־טאָן אויפן הויף און עס האָט אים אַרומגענומען אַ מוראַדיקע פאַרצווייפלונג. אַלע געבּיידעס: דער שטאַל, שייער, דאָס הינער־הויז, אַלץ איז געווען אָפּגעקראָכן. פון די ווענט האָט זיך געשיילט די פאַרבּ. די ווינקלען פון די דעכער זענען געווען פאַרוואַקסן מיט מאָך. איין שווערע טיר פון שטאַל איז געהאַנגען אויף איין זאַ־ווייעסע און יעדע זאַך איז געווען נידעריק בּיי דער ערד.

זיין האַרץ האָט אין אים אָנגעהויבּן וויינען. דאָס פּנים האָט זיך אין ווייטאָג פאַרקרימט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער זיך געלאָזט בּאַרג־אַרונטער, צום שטאַל און שייער.

---

מיט יעדן טראָט, וואָס ער האָט געמאַכט, איז אים אַלץ קלאָ־רער געוואָרן ווי מיאוס מען האָט אים אָפּגענאַרט. אַלץ, וואָס די אַגענטן האָבּן אים ווינטער צוגעזאָגט, איז איצט געווען פּונקט פאַרקערט. די ערד אונטער די פיס איז געווען ווייך און לעבּן דעם הינער־הויז איז ער געבּליבּן שטעקן מיט די שטאָטיש־אָפּגע־פּוצטע שיך אין אַזאַ בּלאָטע, אַז ער איז קוים אַרויסגעקראָכן.

מער ווי אַ שעה איז ער אַזוי אַ דערשלאָגענער אַרומגעקראָכן

פון שטאָל אין שיער, פון שייער אין איינגעפאַלענעם געצייג־הויז. אַלץ האָט ער אַרומגעטאַפּט — דעם פאַרזשאַווערטן אַקער־אייזן, די שנייד־מאַשין, די רידעלס און בראָנע. פאַרענדיק זיך אַזוי מיט די אַלע מאַשינען האָט ער זיך אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן און עס איז אים געוואָרן אַביסל גרינגער אויפן האַרצן. דערצו איז נאָך דאָ אין טאָל געווען אַביסל וואַרימער, ווי אויבן אויפן באַרג, וווּ דאָס הויז איז געשטאַנען. אַ פּאָר בוימער לעבן שטאַל האָבן שוין גע־האַט אויף די צווייַגן האַרטע, שטייפע קעפּעלעך, מיט פּיצלעך קוים־באַמערקטע גרינע מיילעכלעך, פון וואַנען עס האָבן אַרויס־געשפּראָצט בלאַס־גרינע צונויפגעוויקלטע צעפּעלעך, בלעטעלעך. איין בוים האָט אויפן סאַמע שפּיץ שוין כמעט געגרינט. עס איז פאַרבײַגעשפּרונגען אַ זשאַבע און איבערן קאָפּ האָט זיך פּלוצלינג דורכגעריסן אַ פויגל. שטיינבערגן האָט אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ מיט אַ ווייטער האָפענונג. ער האָט אַרויפגעקוקט אויפן באַרג און פון דאַנען איז דאָס הויז געווען אַ סך גרעסער, ווי אים האָט זיך צום ערשטן געדאַכט. ער האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט די צוויי ביימער און עס איז אויף איין סעקונדע צערונען געוואָרן די נאַר־וואָסיקע דערשלאָגנקייט. ער האָט פּלוצלינג דערזען דאָס גרי־נען פון נייעם לעבן, דאָס בלינדע יוירן זיך פון געבורט, פון ווערן, פון וואַקסן. אַ ליכטיקע פרייד האָט זיך מיט אַמאָל צעשפּרייט איבער זיין פּנים און ער האָט ווי אַ באַגייסטערט יינגל אָנגעהויבן לויפן באַרג־אַרויף און אַ פאַרסאָפּעטער אַרויסגעשאָסן:

— בערטע, בערטע, אין טאָל וואַקסן שוין די ביימער.

דאָס ווייב האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט משוגע גע־וואָרן.

— גיב נאָר אַ קוק אויף דיינע שיך, — האָט זי געזאָגט, — וווּ ביסטו געווען?

— אָ, יאָ, — האָט ער זיך גלייך פאַרלוירן און עס איז פאַר־שוווּנדן די פרייד פון פּנים — דו זאָלסט זיין פאַרזיכטיק וווּ דו גייסט, עס זענען דאָ דאָ זומפּן.

— זומפּן? — האָט דאָס ווייב אַ צעשראָקענע איבערגע־פרעגט, און טרערן זענען נאָך אַמאָל געקומען אין אירע אויגן.

— ניין, איך מיין, אַנחויב פרילינג איז אומעטום ווייך די ערד. ווייסט עס דען נישט?

אָבער אין זיין מוח האָבן שוין איצט געקלאַפּט פינסטערע געדאַנקען — אפשר זענען טאַקע דאָ זומפּן? פון וואַנען ווייסט ער, אַז נישט? ביים קויפן די פאַרם איז עס דאָך אים אפילו אויפן זינען נישט געקומען!

— איך וועל באַלד צוריק קומען, — איז ער אַ צעטומלטער נאָכאַמאָל אַרויס אין דרויסן, — דו, בערטע, קאָנסט דערווייל צו־גרייטן עסן.

ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרויסגעלאָזט צום שטאַל. איצט איז די סטעזשקע שוין געווען אַביסל היימישער. דעם ברונעם האָט ער שוין געזען פיר מאָל און ער האָט שוין אויסגעטראַכט אַ וועג, ווי אַזוי צו פאַרריכטן דאָס דעכל. די גרויע רויקייט האָט שוין מער נישט געריסן די אויגן. ער איז געגאַנגען זוכן זומפּן. ווי אַ בלינ־דער האָט ער מיט די פיס געטאַפּט דעם באָדן. אַלעמאָל שטאַרק אָנגעטראָטן אָן ערטער, וווּ די ווייכע ערד האָט זיך נאָכגעגעבן. אָבער דער באָדן אונטער אים איז געלעגן שטום און האַרט. ער האָט געזען איבער זיך אַ נייעם הימל, ווייטע בערג, שטילע וועל־דער, אָבער דעם סוד פון דער ערד האָט ער נישט געקאָנט דערגיין.

---

שטיינבערג האָט שוין מער נישט געקאָנט רוען. ווען ער איז צוריק געקומען אין שטוב אַריין, איז ער באַלד צוריק אַרויסגע־לאָפן. ער האָט נאָך היינט געוואָלט אָפּנעמען ביים שכן די קי און פערד און זיי אַליין האָדעווען. נאָך אין שטאָטישע קליידער, אין לייכטע שיך, אָבער ער האָט דעם גאַנצן סוף טאָג אַרומגעטאָפּ־טשעט אין ווילדן פאַרם און זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער פרעמדער שרעק, פון דעם שטומען פחד, וואָס האָט אויף אים גע־לויערט פון יעדן פאַרוואַקסענעם שטעגל.

ער איז אַוועק אַלץ ווייטער פון הויז. יעדע מינוט האָט ער זיך דערשראָקן פאַר עפּעס אַ נייער דערשיינונג. איינמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט אָנגעטרעטן אויף אַ שלאַנג. ערטערווייז

איז דאָס גראָז, פון פאַראיאָרן נישט געשניטן, געווען העכער פון די קני און די גרוי־פאַרוואַקסענע בערשטעלעך האָבן זיך איינגעד קלעפּט אין זיינע הויזן, מיט נאָדלדיקער שטעכיקייט. אַלע קוסטן זענען געווען ווילד־שטעכיקע. שפּאַנענדיק האָט ער זיך צעשטאָכן די הענט און צעדראַפּעט דאָס פּנים. איינמאָל האָט ער זיך פאַרד טשעפּעט אָן אַן אונטערגעהאַקטן בוים, האָט ווי אַ שיכּור געגעבן אַ צוויג ביידע הענט אין דער לופטן און אינמיטן דער וויסטע האָט אָפּגעקלונגען, אפשר צום ערשטן מאָל, אַ ווידערקול פון אַ יידיש־שרעקנדיקן:

— אוי!

פונדעסטוועגן איז ער אַ פאַרשיכּורטער אַלץ ווייטער אַוועק פון הויז. ווי פון אימיצן געיאָגט, איז ער אימפּעטיק געלאָפן פון איין שטיק פעלד אין צווייטן. זיין קאָפּ איז געווען אַביסל געבויגן. דאָס מאָגערע פּנים אָפּגעצערט און פאַרוואַקסן. דער רעכטער אַקסל אַביסל העכער פון לינקן און ווען ער וואָלט געווען האָבן אַ באָרד מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס שפּאַנט אַזוי אַרום זיין טאַטע, דער קרעמער, רב יעקב יוסף, איבער אוקראַינער פעלדער.

מיט אַמאָל האָט ער זיך דערזען אונטער אַ הויכן באַרג, לעבן אַ געדיכטן וואַלד, לעבן אַ ברייטער ריטשקע, איבער וועלכער עס איז געווען איבערגעלייגט אַ קלאָדקע. דאָס וואַסער האָט זייער הויך געקלאַפּט און ס'איז אים מיט אַמאָל געוואָרן טונקל פאַר די אויגן.

פון וואַלד האָבן זיך געטראָגן משונהדיקע קולות פון ווילדע פייגל. עס האָבן זיך געשאָקלט אַלעביימער. די ערד איז געווען ווייך און זיינע פיס זענען איינגעזונקען ביז די קנעכלעך. ביים סאַמע טייכל איז געשטאַנען אַן איינגעפאַלענע חורבה. פיר איינגעפאַלענע ווענט, דער דאַך אַראָפּגעריסן, זענען געווען איינגעזונקען אין דער ערד. איידער ער האָט זיך נאָך צייט געהאַט אַרומצוקוקן, האָט אַ קליין פעט חיהלע, די גרויס ווי אַ קאַץ, געגעבן אַ שפּרונג אַרויס פון דער אָפענער טיר, פאַרביי זיינע פיס און איז אַריין אין די קוסטעס. אין דער צווייטער סעקונדע איז אַרויסגעלאָפן אַ צווייט

חיהלע, אַ דריטס, פערטס, פינפטס — אין איין מינוט און צווישן גראָז איז געוואָרן אַ גרויסע באַוועגונג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאָקלען אַלע געוויקסן, ווי עס וואָלט פלוצלינג אָנגעקומען אַ שטורעם. עס האָבן זיך געטרייסלט נידעריקעביימלעך, געקנאַקט פאַרדאַרטע בלעטער. פייל פון בויגן האָבן זיך אָנגעהויבן יאָגן אַלערליי קליינע באַשעפענישן. עס האָבן זיך געשלענגלט שלאַנגען. אַלעמאָל האָט זיך צעבלעזלט די ריטשקע, ווי אימיצער וואָלט אַהין געוואָרפן שטיינער. באַלד האָט די אומרואיקייט זיך צעטראָגן איבער אַלע שפיצן ביימער. ווילדע פייגל, גרוים ווי הינער, האָבן מוראַדיק געשריגן. עס האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן וואַלד אַ סוויסטשען, פייפן, גאָרגלדיק קרייען און אַ זעגעניש, ווי געזעגט מיט אַ שטומפיקער זעג. איין שוואַרצער פויגל, גרויס ווי אַ פלעדערמויז, מיט אַ שפיציק־אָפענעם שנאָבל, האָט מיט שרעק, מיט אַ מוראַדיק קול זיך געגעבן אַ לאָז מיטן קאָפ, מיטן אָפענעם מויל אין אַ בוים, זיך צעבלוטיקט און אַראָפגעפאַלן אויף דער ערד.

שטיינבערג איז געבליבן שטיין אַ געליימטער. ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. איבערן קאָפ און אונטער די פיס, האָבן זיך געיאָגט אַלערליי ווילדע באַשעפענישן. עס האָט זיך גערעכט, אַז די ווילדקייט איז אַרויס אין מלחמה מיטן פרעמדן, מיטן מענטש, וואָס האָט געוואַגט זיך אַריינצורייסן אין זייער מלוכה. אַ פאָר מינוט איז דער מענטש געשטאַנען אַ פאַרלוירענער, אַ ציטערנדיקער, נישט געוווסט מיט וואָס זיך צוריק צו שלאָגן. די באַשעפענישן האָבן זיך נאָך ווילדער צעיאָגט. מיטאַמאָל זענען אין דער איינגעפאַלענער חורבה אַריינגעפלויגן זעקס חיהלעך און זענען באַלד צוריק אַרויס מיט פיצעלעך באַשעפענישן אין זייערע מיילער, ווי זיי וואָלטן געטראָגן מייז. שטיינבערגן האָט אָנגעהויבן קלאַפן אַ צאָן אָן אַ צאָן. ער איז שנעל צוריק אַריבער די איבערגעלייגטע ברעטער איבערן טייכל און איז אַרויף אויפן באַרג.

עס האָט זיך שוין געזעצט די זון. אויפן באַרג האָט אַ שטאַרקער ווינט געבלאָזן אין זיין פנים אַריין. ער איז געווען געל, די האָר צעשויבערט, די שיך פול מיט בלאָטע, און הענט און פיס האָבן אים געציטערט. פון ווייטן האָט זיך געהויבן באַרג

אויף בארג איינגעהילט אין בלוי־פיאָלעטן נעפּל. ווען ער איז אַריינ־געפאַלן אין שטוב אַריין, האָט ער נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט און ער האָט אויסגעמיטן דער ווייבס בליקן.

— עס ווייזט זיך דאָ נישקשהדיקע אַרבעט — האָט בערטע דערשלאָגן, כמורנע געזאָגט. — דיין אויוון מעגסטו אַרויסוואַרפן.

שטיינבערג האָט גאָרנישט געענטפערט. ער איז געבליבן שטיין ביי אַ פענסטער און געביסן די ליפּן. בערטאַ האָט געגרייט צום טיש. זי האָט מיט אַ האַנטוך בלויז פאַרדעקט אַ ברעג־טיש און אַרויסגעלייגט פון פאַפּירענעם קויש דאָס איבערגעבליבענע עסן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון שטאָט — האַרטע אייער און ווייכע טאָמייטאָס.

— ווען מען קאָן כאָטש ערגעץ קריגן אַביסל מילך, — האָט זי געזאָגט.

— מאָרגן וועל איך האָבן מילך, — האָט ער געענטפערט.

אָבער די שאַרפע לופט האָט פאַרשאַרפט זייער אַפּעטיט. די קינדער זענען געווען הונגעריק און דאָס האַלב־געבאַקענע ברויט איז זיך צעגאַנגען אין מויל, ווי לעקעך און זיי האָבן זיך באַלעקט מיט די ווייכע טאָמייטאָס.

## קאַפּיטל פינף

אַז שטיינבערג מיט דער ווייב האָבן אין אָוונט, ביי ברענענ־דיקע ליכט צעפּאַקט די זאַכן און זיך געזאָרגט, ווו וועט מען אַלע צעהענגען און צעלייגן, האָט אימיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

דאָס קלאַפּן איז געווען ראַשיק און איינגעשפּאַרט, ווי פון איינעם, וואָס וויל דורכאויס אַריינקומען. אַלע זענען געוואָרן צע־שראָקן. מילדרעד איז אַ ציטערנדיקע צוגעלאָפן צו שטיינבערגן, אַר־טור האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער מאַמעס פאַרטוך. שטיינבערג איז פאַר אַ סעקונדע געבליבן שטיין אַ צעטומלטער; און ווען דאָס ווייב האָט אין שרעק נאָכאַמאָל אויסגערופן — ווער קאָן דאָס זיין,

האָט ער זיך געלאָזט אויפריגלען די טיר, וואָס ער האָט פריער פאַרריגלט, און האָט פאַר זיך דערזען אַן אַלטן מאַן.

דער אַלטער איז געווען מגושמדיק ברייט און זייער הויך. מיט זיין ריזיקן קערפּער האָט ער פאַרשטעלט די גאַנצע טיר. ער איז געווען איינגעוויקלט אין אַ גרויער קאָלדרע, מיט וואָס מען דעקט צו פערד. זיין פּנים איז געווען פייערדיק רויט. די האָר האַלב־גרויע, האַלב־רויטע, זענען געווען שטעכיק אויפגעשטעלט, ווי די האָר ביי אַ יאָזשיק. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ ליידיקן עמער און מיט אַ הויך־קלינגענדיק, בערגיק קול, האָט ער היימיש גוטמוטיק געזאָגט:

— מיין נאָמען איז פרענק נאַרים, „פּאָפּ'' נאַרים. כ'האָב געהערט, אַ נייער שכן איז צוגעקומען.

שטיינבערג האָט אין פאַרלוירנקייט זיך אָנגעהויבן נויגן.

— קומט אריין, — האָט ער געזאָגט. — ס'איז מיר זייער אָנגענעם. ווער האָט אייך אַזוי גיך דערציילט פון מיין אָנקומען?

— מיין ברודערל, — איז דער אַלטער אריבער די שוועל.— דזשאָרדזש פּרייזער, דער וואָס האָט אייך אַהערגעבראַכט, האָט עס דערציילט פּעלטענען. מר. פּעלטען האָט דערציילט דעם ברודער. כ'האָב געמיינט, אפשר וועל איך דאָ קריגן אַביסל קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

אַריינקומענדיק אין הויז, האָט דער אַלטער באַטראַכט דאָס צעשראָקענע פּאָרפאָלק, די קינדער, די צעעפנטע קאַסטנס און קאָ־מאָדן. זיין ריזיק־ברייטער קערפּער האָט אויסגעפילט דעם גאַנצן טונקעלן חלל, וואָס איז געבליבן צווישן די ווענט און די אָנגע־וואָרפענע פּעק. ער האָט שיער נישט אָנגערירט די סטעליע און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אין צימער איז געוואָרן זייער ענג. דער שטאַליקער ריח, וואָס האָט פון אים געשלאָגן, האָט זיך צעלייגט איבערן גאַנצן הויז.

— מיר זענען ערשט אַרויסגעקומען — האָט זיך שטיינבערג פאַרענטפערט.

— איך ווייס. מיסטער פּעלטען האָט אייך געזען אָנקומען. אויב דו דאַרפסט אַן אַרויסהעלפער, וווין איך דאָ נישט ווייט.

— דערווייל דאַרף איך נאָך קיינעם נישט, מיסטער נאַרים — האָט זיך שטיינבערג ביסלעכווייז באַרואיקט. — ווי ווייט וווינט איר?

— איבערן וועג. אַ מייל גאַנג.

— זענט איר מיין נאָענטסטער שכן?

דער אַלטער האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט. מיט אַ נאַקעט אָפּן מויל, מיט איבערגעפּוילטע יאַסלעס, האָט ער אָנגעהויבן גענעצן. די שווערע קאָלדרע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיינע ברייטע אַקסלען. שטיינבערג האָט פאַרמאַכט די טיר. בערטאַ און די קינדער האָבן זיך פון אים אָפּגערוקט. אין אירע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט שרעק. זי האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, וואָס ער רעדט. אין טונקל באַלויכטענעם צימער האָבן געטאַנצט שאָטנס, און די שאָטנס האָבן זי אַלעמאָל נאָך מער איבערגעשראָקן.

— יאָ, — האָט פּאַפּ נאַרים אָנגעהויבן רעדן מיט אַ צעצווייגענער געמיטלעכקייט, ווי איינער, וואָס האָט אַ סך צייט, וואָס האָט ליב אַ סך צו רעדן, וואָס וואָלט אפילו גערעדט, ווען קיינער הערט אים נישט, פּונקט ווי ער רעדט צו זיך אַליין אויף זיין פאַרם, וווּ קיינער אַ חוץ אים איז נישטאָ. — יאָ, איך בין דיין נאָענטסטער שכן. אָבער גלייך לעבן מיר וווינט מיין ברודער על, מיין ברודער פּיט און דזשעימס. אַרונטער, לעבן טייך, וווינט מיסטער פעלטען און מיין שוועסטער פּיבי. מיין שוועסטער פּיבי איז אַביסל אַ צעדרייטע. מענטשן זאָגן, אַ משוגענע. אָבער איר דאַרפט פאַר איר נישט מורא האָבן.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, צוגעצויגן בערטאַן און זי אָנגעהויבן גלעטן אויפן קאָפּ.

— דאָס איז דיין שוועסטער, אַזאַ שיינע?

— דאָס איז מיין ווייב — האָט זי שטיינבערג אָפּגערוקט פון אים.

— ביי מיין שוועסטער פּיבי וואַקסן זייער שיינע רויזן — האָט ער אַליץ נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון בערטען. — ווען אברהם איז געקומען צווישן פרעמדע האָט ער געזאָגט, אַז זיין

ווייב איז אים א שוועסטער, דו זאָגסט פּונקט פּארקערט. כּא, כּא, כּא. מענסט, טאָכטער, גיין רייסן בּלומען צו מיין שוועסטער. אַז דו וועסט זי נישט טשעפּען, וועט זי דיך נישט אָנרירן. גלייך לעבּן איר וווינט מיסטער לוצאראָ, — אַן איטאַליענער מיט אַ שווערן נאָמען, — אַנדזשעלאָ לוצאראָ.

בּערטאַ האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון אַלטן. דער אַלטער האָט נישט אויפגע־הערט רעדן.

— מיסטער לוצאראָ איז זייער אַ פיינער מאַן. אַ „סעווען דעי אַדוועַנטיסט" איז ער. איך בּין אויך אַ „סעווען דעי אַדוועַנ־טיסט".

— אַ סובּאָטניק? — האָט שטיינבּערג געפרעגט.

— יעס, אַ שובּאָטניקע, פּונקט, ווי איר, ייִדן, היטן מיר אָפּ שבּת. מיסטער לוצאראָ גאָלט אַפילו נישט די בּאָרד. ער איז אַפילו אַ וועגעטאַריער. ער וועט נישט טשעפּען אַ פליג אויף דער וואַנט. יעדעם לעבּעדיקע בּאַשעפעניש, זאָגט ער, טאָר מען נישט אָנרירן. מען זאָגט, אַז איר ייִדן זענט אויך אַזוי. אין אונזער געגנט זעט מען נישט קיין ייִדן, אָבער איך קען איין ייִד, וואָס וווינט לעבּן דיקינסוויל. איך האָבּ אַמאָל בּיי אים געאַרבּעט און פון דאַמאָלט אָן שטעל איך מיך אָפּ לעבּן זיין הויז יעדעם מאָל, ווען איך גיי אין שטעטל. יאָ, וועסט האָבּן פיינע שכנים, מיסטער ייִד. ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיין נאָמען איז שטיינבּערג — האָט שטיינבּערג געענט־פערט. — אשר שטיינבּערג.

פּאַפּ נאָריס האָט אויסגעשטרעקט אַ שווערע, שטעכיקע האַנט, שאָרסטקע ווי אַ ריבּאייזן, זי דערלאַנגט שטיינבּערגן און געבּראָכן די צונג נאָכצוזאָגן דעם פרעמדן ייִדישן נאָמען.

— אשר — אַזוי ווי אין דער בּיבּל. דו מוזט זיין איינער פון די שבטים. ווי אַזוי רופט מען דיין שוועסטער?

— דאָס איז מיין ווייבּ. מען רופט זי בּערטאַ שטיינבּערג.

— סטיינבּוירג, — האָט זיך דער אַלטער אָנגעשטרענגט נאָכצוזאָגן, — עס קלינגט, ווי דייטש, ש־ט־י־י־ן־בּוירג, — איך וועל

זיך דערמאָנען אין אַ שטיין און אין אַ באַרג, כע, כע, כע. אַ שטיין און אַ באַרג, — דו מוזט זיין אַ שטאַרקער מאַן. עס קלינגט ווי דייטש. אין אונזער משפחה רעדט קיינער נישט קיין דייטש, אָבער מען זאָגט, אַז מיין עלטער־באָבע איז געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג. ס'איז מיר ביים אָנפאַנג אויך געווען שווער זיך צוצוגעוווינען צו מר. לוצאַראָס נאָמען. דאַנקען גאָט, אונזער ערד ווערט געבענטשט מיט אַלערליי פעלקער — דייטשן, איטאַליענער, פראַנצויזן און איצט אויך מיט אַ יידן. פאַרוואָס דען נישט? גאָט האָט באַשאַפן די וועלט פאַר אַלערליי מענטשן — ייד און קריסט. גאָט שפּייזט אַ וואָרעם אונטערן שטיין, ווי ער שפּייזט אַ חיה אין וואַלד. כאָטש לוצאַראָ איז אַן איטאַליענער, איז ער פונדעסטוועגן דער ערלעכסטער מאַן, וואָס איך האָב באַגעגנט. ער איז אַ גערטנער. ער גיט זיך אָפּ מיט גרינסן. זומער און ווינטער, שטענדיק טרעפסטו ביי אים פרישע אוגערקעס און טאָמעיטאָס. ביי אונז איז איצט געוואָרן אַ גאַנצע סעקטע „סעווען דעי אַדווענטיסט". מיר האָבן שוין אַן אייגענע קירכע. אונזער פּריסטער האָט אַ שטימע ווי אַ לייב. ווען גאָט האָט אויסגעקליבן יעזוסן אַלס העלפער צו באַשאַפן די וועלט, האָט ער אים אָנגעזאָגט, אַז שבת איז דער הייליקסטער טאָג פון דער וואָך. עס שטייט געשריבן, אַז דער מענטש און זיין פערד זאָלן אַרבעטן זעקס טעג אין דער וואָך און דעם זיבעטן טאָג זאָל מען רוען. איך אַליין טו אויך אַזוי: איך אַרבעט נישט אום שבת. אמת, איך גאָל די באָרד, אָבער ס'איז ביי מיר אַזאַ געוווינהייט. אַ מענטש קאָן דאָך נישט פון דער הוילער הויט זיך פּלוצלינג אינגאַנצן איבערבייטן. ווען אַ מענטש זאָל זיך פון דער הוילער הויט אינגאַנצן איבערבייטן, וואָלט עס געווען אַ זינד קעגן גאָט. פּונקט, ווי אַ קינד ווערט געבוירן אין גרויסע ווייען, אַזוי דאַרפן געבוירן ווערן דעם מענטשנס אידעען, אַז נישט, זאָג איך, איז עס ליגן. אַ מענטש, וואָס נעמט אָן אַלע טאָג אַ נייעם גלויבן, איז געגליכן צו אַ הונט, וואָס בינדט זיך אַלעמאָל צו צו אַ נייעם באַלעבאָס. איך גלויב אין אַן איינציקן גאָט. גאָט וויל איך זאָל זיין דאָס, וואָס ער האָט מיך באַשאַפן.

שטיינבערג איז געשטאַנען קעגן אַלטן מיט אַן אָפֿן מויל. בערטע האָט פֿון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן. נישט פֿאַר־שטייענדיק, וואָס ער רעדט, האָבן זיך אין איר מוח געמאָלן אַלער־ליי גרויליקע בילדער. אין שטוב איז געוואָרן זייער קאַלט. די האַלב־צעעפֿנטע פּעק מיט אַרויסגעשטעקטע שטיקער וועש, שיך, טעפּ און קליידער האָבן זיך געשוואַרצט אין טונקעלן חושך. עס האָט זי געוואָרגן אין האַלז, טרערן זענען געשטאַנען אין אירע אויגן. ווי אַ שטומע, ווי אַ טויבע, האָט זי זיך אָנגעשטרענגט כאַפּן אַ וואָרט, און נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס ער רעדט אַזוי לאַנג. פּאַפּ נאָרים אין געלאַטעטע קליידער, קורצע הויזן און אַרבל, האָט נאָך אַזוי לאַנג גערעדט פֿון גאָט, פֿון זיינע מעשים און וווּנ־דער, אַז ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט אויפֿ־הערן. אין מיטן שמועס האָט ער אַרויסגענומען אַ פּושקעלע טאַ־באַק, אָנגעשטופּט ביידע נאָזלעכער און זיך אַפֿילו קיין קרים נישט געטאָן.

— וואָס רעדט ער אַזוי פֿיל? — האָט זי צום סוף געפֿרעגט.

— ער ווייזט אוים צו זיין אַ פֿיינער מענטש — האָט שטיינ־בערג געענטפֿערט אין יידיש.

— אַלערליי שפּראַכן האָט גאָט באַשאַפֿן, — האָט דער אַל־טער גלייך אונטערגעכאַפּט. — וואָס האָט זי געזאָגט?

— איר זענט מיין ווייב זייער געפֿעלן געוואָרן, — האָט שטיינבערג אַ שמייכל געטאָן.

— עס איז נישט אמת, — האָט דער אַלטער אויך גע־שמייכלט, — מען קאָן זען, איר זענט ביידע געלעגן אונטער איין האַרץ.

פּאַפּ נאָרים האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון שטול מיטן זעלבן קרעכץ, ווי ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— יאַ, — האָט ער פֿאַרענדיקט, — דו האָסט גוטע שכנים, מיין זון. דו האָסט אַ גוטע פֿאַרם. ווען אומעטום איז געווען אַ שלעכט יאָר, האָט ליאַ דוליטל געהאַט גענוג היי און קאַרטאָפֿל. מיר האָבן נישט קיין יידן אין געגנט, אָבער איך האָב שטענדיק

געזאָגט, אַז אַ ייד וואָלט אַהער אַריינגעבראַכט מזל. ווי עס שטייט אין פּסוק געשריבן. מיר געפעלן זייער שטאַרק די יידן.

נאָך איידער שטיינבערג האָט געהאַט צייט עפּעס צו ענטפערן, האָט שוין דער אַלטער געהאַלטן דאָס הענטל פון טיר, זיך צוריק איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און איז אַוועקגעגאַנגען.

— אַ גוטע נאַכט, נייער שכן.

— אַ גוטע נאַכט, פּאַפּ, — האָט שטיינבערג געענטפערט, — קום אַריין אָפטער.

— כ'וועל קומען. עס נעמט אַ פּרעסטל. זע, דיין יונג ווייבל זאָל נישט פרירן.

ווען דער אַלטער איז שוין געווען אין דרויסן, האָט בערטאַ אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הויכן יאָמערן. אַלע טרערן, וואָס זי האָט איינגעהאַלטן בשעת דער אַלטער האָט גערעדט, האָבן איצט אַ פלייץ געטאָן און אַראָפּגערונען איבער אירע באַקן.

— וואָס וועלן מיר דאָ טאָן? וווּהין האָסטו מיך אַרויסגעבראַכט?

די קינדער האָבן אויך אָנגעהויבן וויינען. די קעלט האָט זיי אַלעמען דורכגענומען. זיי האָבן געציטערט צו מאַכן אַ טראָט, זיך געטוליעט אין דער מוטער. בערטע האָט זיך נאָך העכער צעוויינט.

— איך קאָן שוין זען נאָך די שכנים נאָך, וואָס פאַר אַן אָרט דאָס איז.

שטיינבערג האָט געפילט, ווי עס ברעכט זיך אים איבער דאָס האַרץ. ער האָט געכאַפּט קושן די קינדער, דאָס ווייב.

— מען קאָן נאָך גאָרנישט וויסן, — האָט ער נישט געוווּסט, מיט וואָס זי טרייסטן, — מיר האָבן נאָך גאָרנישט געזען.

מיט אַ ליכט אין האַנט איז מען אַרויף אויפן ערשטן שטאָק. שטיינבערג האָט אַליין אויסגעבעט די בעטן, אַלעמען באַלייגט, איינגעדעקט, און איז אַליין געבליבן זיצן ביים פענסטער, ווי אַ שומר.

---

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען שוין געהאַט דאָס גע־פיל, אַז מען איז נישט אַליין אויף דער וועלט. יעדער באַזונדער,

האָט געטראַכט פון פּאַפּ נאַריסן. דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז אויפ־געשטאַנען מיט באַגינען. ביידע קינדער זענען פון בלויען פּאַרטאָג אָן געשטאַנען ביים פענסטער און אַלע מאָל אויסגעשריגן נייע וווּנדער — פון אַ פייגעלע, וואָס איז פאַרבייגעפלויגן, אַ חיהלע, וואָס איז דורכגעלאָפן און פון דעם, וואָס ערגעץ ווייט האָט געהאַווקעט אַ הונט.

דער פרימאָרגן איז געווען אַ לויטערער. אַלץ ארום האָט גע־שמעקט מיט פרישער קעלט, ווי פריש קוואַל־וואַסער. יעדע זאַך האָט פרימאָרגנדיק געזונגען: דיביימער, פייגל, אַ בלעכן פערד האָט זיך געדרייט אויפן דאַך פון שטאַל און דער הויף האָט זיך געטריקנט פון זון און ווינט.

בערטאַ איז אַרויסגעקומען אין דרויסן אין אַ ניי, העל־בלוי, ציצן קלייד, און דאָס פויליש־פאַררויסן נעזל האָט זיך באַלד צע־שפּרייט, ווי זי וואָלט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם שאַרפן, קאַלטן ריח, וואָס האָט זי אַרומגעכאַפּט. זי האָט אויף שנעל איבערגעגעבן שטיינבערגן אַ שקאָרמיץ קאַרטאָפל־שאָלעכץ און נישט האָבנדיק נאָך פאַרענדיקט די פראַזע, איז זי צוריק אַריין אין שטוב.

— גיי אַרונטער צו פּאַפּ נאַריסן, — האָט זי אַרויסגעשריגן דורך דער אָפענער טיר, — אפשר וועסטו ביי אים קאָנען לייען אַביסל קעראָסין.

— און טאָמער וועט מען דאָ ברענגען די פערד און קי? — האָט ער צוריקגעשריגן.

— וועל איך בעטן אויסוואַרטן.

ביידע קינדער האָבן אָנגעהויבן שרייען, אַז זיי ווילן אויך גיין צו פּאַפּ נאַריסן.

דאָס עלטערע קינד, מילדרעדן, האָט שטיינבערג געמוזט מיט־נעמען, אַרטורן האָט די מאַמע איינגענומען. שטיינבערג האָט גע־טראָגן די נייע אָוועראַלס. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ גרויז העמד, שווערע פאַרמשיך, און ער האָט אויסגעקוקט מאָדנע פרעמד אין דער ווייבס אויגן. זי האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס איז טאַקע דערזעלבער אשר, וואָס פלעגט אַרומגיין אַ פארחלומטער און צעטראָגענער אין דער

סטיישאָנערי־סטאָר. זיין ליכטיק פּנים האָט געשיינט אין ליכטיקן דרויסן. די בלאָנדע האָר האָבן זיך געוויגט אין ווינט, און אין דעם ברייטן העמד, האָט ער אויסגעזען אַ סך ברייטער, ווי ער איז אין אמתן געווען.

— זאָלסט זיך לאַנג נישט זוימען, — האָט דאָס ווייב נאָכגע־שריגן.

מיטן קינד פאַר דער האַנט, איז ער אַרויס פון הויף, און איז גלייך אַרויף אויף אַ צעריסענעם, שמאָלן וועג, וואָס איז נאָך די ווינטערדיקע שנייען און רעגנס געווען פול מיט גריבער. אַ טויטע שטילקייט האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן געגנט. וואָס ווייטער ער איז אָפּגעגאַנגען פון הויז, אַלץ פוסטער און וויסטער איז אַלץ געוואָרן. איבערן קאָפּ זענען אַרומגעפלויגן שוואַרצע ראָבן און מוראַדיק געקראַקעט. מען האָט אין ערגעץ נישט געזען קיין הויז. איבערן וועג איז נישט געווען קיין סימן פון אַ ראָד. דאָס קינד האָט פלוצלינג אָנגעהויבן ברעכן פּיסקעס. — איך האָב מורא, — האָט זי געזאָגט, — ס'איז שווער צו גיין דאָ.

— דאַרפסט נישט מורא האָבן. האַלט זיך אָן אין מיר.

— עס דרייט מיר אויס די פיס — האָט זיך דאָס קינד ווייטער געקלאָגט — עס איז ווייט צו פאָפּ נאָרים.

שטיינבערג האָט זי שטייפער אָנגענומען פאַר דער האַנט און אָנגעהויבן שפּרייזן מיט שנעלערע טריט. וואָס נידעריקער פון באַרג זיי זענען אַרונטער אַלץ ווילד־פאַרוואַקסענער איז דער וועג געוואָרן. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָ איז נאָך קיינמאָל נישט דורכגעפאָרן קיין פור. פונקט ווי נעכטן אין וואַלד, אַזוי זענען אויך דאָ אַלע מאָל אַרויסגעלאָפן פון די זייטן וועג קליינע חיהלעך, — נישט אַנדערש, נאָר דאָ איז אַ וויסטע, — איז שטיינ־בערגן געקומען אַ געדאַנק אויפן זינען — אַפּנים, אַז דאָ זעט מען נישט קיין לעבעדיקן מענטשן.

— איך וויל אַהיים — האָט דאָס קינד זיך פלוצלינג אָפּגע־שטעלט און אָנגעהויבן וויינען — איך וויל די מאַמען.

שטיינבערג האָט זי גענומען איינשטילן מיט אַלערליי גוטע רייד. פלוצלינג האָבן ביידע דערזען פון ווייטן, אונטערן באַרג,

צוויי קליינע פארם־שטיבלעך. דאָס קינד האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט ביידע הענט, — פּאַ, אַ הויז!

— פּאַפּ נאָריסעם פארם — האָט שטיינבערג געענטפערט — זעסט שוין, אַז מען דאַרף נישט מורא האָבן!

— כ'האָב מורא געהאַט פאַר די חיהלעך — האָט זיך דאָס קינד פאַרענטפערט.

ביידע זענען מיטאַמאָל פרייליכער געוואָרן. זיי האָבן זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט פון באַרג און זענען געבליבן שטיין לעבן אַן איינגעפאַלענער כאַלופּע, וווּהין זיי האָבן מורא געהאַט אַריינצוגיין.

— פּאַפּ נאָרים — האָט שטיינבערג גערופן. קיינער האָט נישט געענטפערט.

— פּאַפּ! — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט.

— קום צוריק אַהיים, — האָט דאָס קינד אָנגעהויבן ציטערן.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דער אַלטער אַרויסגעשאַרט פון אַ זייטיקער טיר און איז אומדערוואַרט געבליבן שטיין פאַר זיי. ער האָט נישט געטראָגן קיין אויבערהעמד. פון די אָוועראָלס האָבן אַרויסגעשטעקט אַ פּאָר נאַקעטע, באַוואַקסענע הענט. די פיס אָן שיך, זענען געווען געוויקלט אין שמאַטעס. אויף דער נאָז האָט ער געטראָגן אַ פּאָר בלעכענע שפּאַקולן. עס האָט אין די ברילן געפעלט דאָס רעכטע גלעזל, און פון לאָך האָט אַרויסגעקוקט אַ רירעוודיק, לעבעדיק אויג.

— איך האָב געלייענט די ביבל, — האָט ער, ווי אַ תּם, אָנגעהויבן, — און פּלוצלינג הער איך אַ קול רופן. איך האָב געמיינט, גאָטס קול האָט אַראָפּגענידערט.

שטיינבערג איז געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער.

— בין געקומען אויסבייטן דאָס־אַ פאַר אַביסל נאַפט, — האָט ער געזאָגט.

דער אַלטער, ווי אַ נישט־דאַאיקער, האָט נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו אים.

— צוועלף טעג האָט גענומען די רייזע, — האָט ער שטיל געמורמלט אַ פּסוק, — ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אַ קוואַל, וווּ

זיי האָבן באַנעצט זייער גומען און געוואַשן זייערע פּיס, האָט גענור־
מען צוועלף טעג.

— בין געקומען דיך בעטן לייען אַביסל קעראָסין, — האָט
שטיינבערג ווייטער געזאָגט, — מיין ווייב האָט דיר געשיקט אַביסל
קאַרטאָפל־שאָלעכץ.

דער אַלטער האָט ווייטער נישט געענטפערט. עס איז אויס־
געקומען, ווי ער וואָלט געהאַלטן אין מיטן תּפילה טאָן און טאָר
נישט מפסיק זיין. ער איז געשטאַנען ווי אַן אויסגעמאָלטער —
אין שמאַטעס, אָן שיך, די שפּאַקולן איבער אַ דיקער, פלײשיקער
נאָז און מיט צוויי נאַקעטע הענט, האָט ער אויסגעזען, ווי עפּעס
אַן אויסטערלישע פיגור.

שטיינבערג און דאָס קינד האָבן מיט שרעק געקוקט אויף
אים. דער הויף איז געווען ווילד פאַרוואַקסן און זייער אָפּגעלאָזן.
אומעטום האָט געוואַקסן גרינער מאָך און ווייכע שוואָמען. אַ צו־
געבונדן קעלבל, אַ דאַרס, אַן אויסגעמאָרעטס, האָט איבערגעקערט
אַ קעסטעלע צעהאַקטע קוקורוזע און דער אַלטער האָט זיך אַפילו
קיין ריר זיך נישט געטאָן.

— פאַרוואָס האַלטסטו דאָס קעלבל צוגעבונדן? — האָט שטיינ־
בערג געפרעגט.

דער אַלטער האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שעלטן מיט באַנומענע
קולות און זיך געלאָזט צום קעלבל.

— עס זיצט אין איר אַ נישט־גוטער, — האָט ער געזאָגט.

ווען שטיינבערג האָט צום סוף אוועקגעגעבן דאָס ביסל קאַר־
טאָפל־שאָלעכץ, גענומען אַ באַנקעלע נאַפט און איז אַרויס פון
הויף, איז אים געוואָרן זייער שווער דאָס האַרץ. די אַרומיקע ווילד־
קייט, דעם אַלטנס פּוילקייט, האָט אַ דריק געטאָן ביז צו טרערן.
דער וועג אַהיים, אַרויף־באַרג, איז געווען נאָך שווערער. די נייע
שיך האָבן געקוועטשט אין די פינגער. די בענדלעך פון די אָווער־
אָלס האָבן געדריקט די אַקסלען. אַלערליי פאַרצווייפלטע געדאַנקען
האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין מוח — ווי אַזוי וועט ער זיך דאָ
אין דעם ווילדן געגנט איינשטעלן? ווו וועט ער נעמען כּוחות פאַר
דעם אַלעמען? פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט אַזוי מיאוס אָפּנאַרן?

— דעם עם־עולמניקס דרשות האָבן שיין געקלונגען אויף אָרטשאַרד־סטריט, — האָט ער שטיל דערשלאָגן געזאָגט צו זיך אַליין — דיווירקלעכקייט איז גאָר עפּעס אַנדערש.

דאָס קינד איז געוואָרן מיד און ער האָט זי גענומען אויף די הענט. אין איין האַנט אַ באַנקעלע נאַפט, אויף דער צווייטער דאָס קינד, און זיין פּלייצע איז געבויגן פון אַ שווערע משא, און אין מוח פּלאָנטערן זיך פאַרצווייפלטע, אָפּגעריסענע געדאַנקען — ווי אַזוי וועט ער זיך דאָ, אין דעם ווילדן געגנט איינשטעלן?

אָבער העכער אויפן באַרג האָט געשיינט העלער די זון. דער וועג איז געוואָרן אַביסל טרוקענער, און גאָר פּלוצלינג רייסט זיך דאָס קינד אַרויס פון די הענט און הויבט אָן לויפן פאָרויס. זי לויפט, ווי אַ קליין הינטל, זיג־זאַג, שטעלט זיך אָפּ, לויפט ווידער און הויבט אָן רייסן בלומען. קיין בלומען זענען נאָך נישטאָ, אָבער דאָס קינד נעמט אָן יעדן מין גראָז פאַר אַ בלום און וויל וויסן דעם נאָמען.

— דאָס איז נישט קיין בלום, מיין קינד, — ענטפערט שטיינבערג, — עס איז בלויז אַ בלעטל.

— אָבער, ווי אַזוי רופט מען עס?

שטיינבערג טראַכט אויס עפּעס אַ נאָמען, און דאָס קינד שרייט פּלוצלינג אַרויס אַ נייע פראַגע.

— ווי אַזוי שיינט די זון?

נאָך איידער ער האָט צייט צו ענטפערן, פרעגט דאָס קינד:

— וואָס איז העכער פון הימל? איז איבער דעם הימל נאָך דאָ אַ הימל?

שטיינבערג פאַרגעסט מיטאַמאָל אָן אַלטן פּאַפּ נאָרים, און אָן שווערן וועג, אָן ווילדן געגנט. אין זיין האַרץ גייט אויף אַ פריידן, וואָס לעבן אים גייט זיין קינד. עס גיט אים אַ שלאָג אין מוח אַ באַרימערישער, גרויסהאַלטערישער געדאַנק, אַז אין דער פאַרהאַוועטער שטאָט וואָלט ער אַוודאי אויך געקאָנט אַרומגיין אין מיטן וואָך מיטן קינד ביים האַנט... און ער ווערט אַליין אויך קינדיש באַגייסטערט.

— מען זאָגט, אַז דער געגנט איז צווייִ טויזנט פוס הויך, — ר'עדט ער צו מילדרעדן ווי צו זיינס אַ גלייכן.

— ווען איך וועל זיין אַ גרויסע, וועל איך שטענדיק נאָר פּלאַנצן בלומען — ענטפערט דאָס קינד.

שטיינבערג האָט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער, און דער־זען, אַז איר שטאָטיש, בלייך פּנים איז שוין אַביסל צוגעסמאַליעט פון דער זון. דער עיקר איז רויט געוואָרן איר שפּיץ נעזל. ער האָט זי געכאַפּט אויף די הענט און אָנגעהויבן קושן.

— מיין טייערע, מיין ליבע, ווילסט ווערן אַ פּאַרמערקע?

— איך האָב ליב פּאַפּאַ נאָריסן, — האָט דאָס מיידעלע גע־ענטפערט.

העכער אויפן וועג האָט ער מיט אַמאָל דערזען זיין הויז. דאָס הויז איז געשטאַנען אויפן סאַמע שפּיץ באַרג, און פון דאַנען האָט עס אויסגעזען זייער רחבותדיק צעשפּרייט איבער אַ שטח לאַנד. אין פאַרגלייך מיט פּאַפּאַ נאָריסעם שטיבל האָט דאָס הויז אויסגעזען אַ פּאַלאַץ. די וועראַנדע האָט זיך געצויגן איבער דעם גאַנצן פראָנט. הויכע, אַלטע ביימער זענען געווען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען און פון דאַנען געמאַכט אויסזען דעם צוגאַנג, ווי צו אַ היי־מיש־פּריצישן הויף.

— דו זעסט יענע הויז? — האָט ער פּלוצלינג געפרעגט.

— וועמענס איז עס?

— געפעלט דיר די שטוב?

— יאָ, אַזאַ שיינע. ווער וווינט דאָרטן?

— דאָרט, מיין קינד, וווינט דער פּריץ פון דאָרף. דאַרפסט זיין פיין און שטיל, ווייל אויף שלעכטע מיידעלעך רייצט דער פּריץ אָן זיינע הינט.

דאָס קינד האָט זיך דערשראָקן, זיך צוגערוקט נענטער צום טאַטן.

— אָבער איך בין אַ גוט מיידעלע, בין איך נישט, פּאַ?

— דו ביסט גוט, טאָכטער, דיך וועלן די הינט נישט טשעפּען.

ווען זיי האָבן זיך פֿאַרנומען אין הויף אַריין, האָט מילדרעד מורא געהאַט אַריינצוגיין.

— נאָך וואָס גייסטו אַהער? — האָט זי צעשראָקן געפֿרעגט.

— איך דאַרף זען די פֿריצטע, — האָט שטיינבערג גע־שמייכלט.

— קענסט זי דען?

מיטאַמאָל איז פֿון הויז אַרויסגעקומען בערטאַ. מילדרעד איז געוואָרן צעטומלט. אַ רויט'ן פֿאַרב האָט אַ זעץ געטאָן אין איר פּנים. זי האָט זיך אַ פֿאַרשעמטע אַ לאָז געטאָן צו דער מאַמען און אָנגעהויבן שרייען אויפֿן טאַטן.

— ביסט אַ שלעכטער. איך האָב דיך נישט ליב.

שטיינבערג האָט געכאַפּט דאָס קינד אויף די הענט, זי גע־קושט און געלאַכט. מילדרעד האָט זיך געריסן פֿון זיינע הענט.

— וואָס איז געשען? — האָט די מוטער געפֿרעגט. — האָסט געבראַכט נאַפּט?

— איך האָב נישט ליב דעם טאַטן,—האָט זיך דאָס קינד אַלץ געריסן. — איך האָב ליב פּאַפּ גאָריסן.

— אַי לייק טו, — האָט געזאָגט אַרמור.

די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן מיט די בלעטלעך־בלומען. זיי האָבן זיך צעטיילט גלייך אויף גלייך מיט יעדן בלעטע־לע. בערטע האָט גענומען צושטעלן אַ מילכיקן מיטאָג, פֿון קאַר־טאָפֿל, וואָס זי האָט געפֿונען אין קעלער און אייער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פֿון שטאָט. שטיינבערג איז אַרונטער אין שטאַל און ווען ער איז שפּעט'ער צוריקגעקומען, שוין מיט אַ קום־קוימיקן ריח פֿון מיסט און מענור, האָט מען געגעסן אין קיך, אויף אַ האַרטן, נישט־געהובלטן טיש, דעם ערשטן מאָלצייט.

## קאַפּיטל זעקס

דעם צווייטן, דריטן, פֿערטן טאָג — די גאַנצע וואָך און די קומענדיקע וואָכן, איז שוין שטיינבערג אויפֿגעשטאַנען מיטן באַ־גינען. אין דרויסן איז נאָך געווען פֿינסטער ווען ער פֿלעגט אַרונ־

טערלויפן אין שטאל אריין, און ער האט נישט געוווּסט צו וואס זיך פריער צו כאפן.

די צוויי פערד און פיר קי, וואס מען האט געבראכט צו פירן פון א ווייטן שכן, ווו זיי האבן זיך געהאדעוועט פון מערץ אן, זענען געווען מוראדיק אויסגעמארעט און מיט ארויסגעשטארצטע שפיציקע ביינער. מען האט געקאנט ציילן אונטער דער פעל זייערע ריפן, און ווען די קי זענען לאנגזאם, אן כוחות, ארומגעגאנגען איבערן נאקעטן פאשע־לאנד, האט מען געזען, ווי די ביינשלעסער ארבעטן אראפ און ארויף, ווי די שלעסער איבער די רעדער פון א זייער לאנגזאם־מאנעווירנדיקן לאקאמאטיוו. די קיס פעל זענען געווען פארקאלטנט, פול אנגעזעצט מיט בערעלעך און מיט פארדארט־צעקייעטע קלייען. אין שטאל האבן זיי כסדר געארבעט מיט די ווידלען, געטאפעט מיט די פיס, געדרייט די קעפ, און שטיינבערג האט נישט געוווּסט, וואס צו טאן מיט זיי. דערנאך האט מען באדארפט ארויספירן דאס מיסט פון שטאל, וואס האט זיך דארטן אנגעקליבן פון א גאנצן ווינטער און אויסרייניקן דאס הינער־הויז.

דער טשיקען־קופ איז געווען אינגאנצן איינגעזונקען אין דער ערד. דאס וואסער פון בארג, ווו אלץ האט אנגעהויבן נאכלאזן, האט אהער כסדר אריינגעשטראמט און אלע אינדערפרי האט ער אויפסניי געפונען פארטרונקען דעם דיל, שטיקער ווענט און א טייל פון די סיעדעלקעס.

דערצו איז ער געווען פארנומען מיט אן ארבעט, וואס איז אין אמתן גאר קיין ארבעט נישט געווען, אבער וואס האט ביי אים צוגענומען אן א שיעור צייט,—דאס איז געווען זיין גרויסע אנטציקונג פון דער ארומיקער, ווילד־פרייער לאנדשאפט, פון וועלכער ער פלעגט זיך שעהן לאנג נישט קאנען אפרייסן. שעהן לאנג האט ער געקאנט שטיין און קוקן אויף די ארומיקע הויכע בערג און נישט מיד ווערן צו היטן מיט אנגעשטרענגטע אויגן, ווי עס בייטן זיך אלע מאל די קאלירן אויפן הימל. ווען ער האט דערהערט עפעס א נייע מין שרייען פון א פויגל, צי א נייע קול פון עפעס א חיהלע, פלעגט ער בלייבן שטיין א פארגאפטער, מיט אן אפן מויל און

אויערן און אַ פאַרטראָגענער קוקן אין דער ווייטער ווייט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ וויכטיקע אַרבעט.

איינמאָל אין אַזאַ פרימאָרגן, האָט ער אין שטאַל, בגנבה פון בערטען, אויף אַן אומגעהובלט ברעט, אָנגעשריבן אַ לאַנגן, באַגייסטערטן בריוו צום באַקאַנטן עם־עול־יניק, ווו ער האָט אין פלאַמענדיקע ווערטער אויסגעדריקט זיין אַנטציקונג און זיין ברכה, וואָס יענער האָט אים געהאָלפן אַהער אַרויסקומען. אַ צווייט מאָל האָט ער מיט געוואַלדן און געשרייען אַרויסגערופן דאָס ווייב, זי זאָל זען, ווי דער הימל אין מזרח־זייט ווערט ביסלעכווייז פון רויט — בלוי, און פונקט ווי אַ קליין יינגל האָט ער אַ סך מאָל איבערגעלאָזט די אַרבעט אין מיטן טאָג און זיך ווידער אַמאָל אַרויסגעלאָזט איבער די פעלדער זוכן נישט־געשטויגענע חלומות.

דער אָן־סופיקער רוים, דאָס זינגען פון פייגל, אַ ריר פון אַ בלאַט און די אַלע מאָל אַלץ מער צעעפנטע קעפלעך איבער די שווין צעבליטעביימער, האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער איז פאַר שעהן געבליבן שטיין אין פעלד און ערשט פאַרנאַכט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט אַזוי פיל אַרבעט צו טאָן.

עס זענען אויף אים דערפאַר געפאַלן זייער שווער די ערשטע וואָכן פון אַרבעט. ער איז יעדן אָוונט געווען זייער מיד. זיין פנים איז געוואָרן אָפּגעצערט, פאַרברענט פון זון און ווינט און די הענט פול מיט בלאָטערן. בערטע האָט יעדעס מאָל אָנגעגרייט אַ שיסל הייס וואַסער צו פאַרען די הענט און געווירצטע מאכלים צו קיצלען זיין גומען, אָבער שטיינבערג איז יעדן אָוונט אַוועקגעפאַלן ווי אַ געבונדענער סנאָפּ — אין שיך און אין קליידער. דאָס ווייב איז אַליין געבליבן זיצן ביים טיש. טרערן האָבן זי געוואָרגן. עלנט האָט זיך געשפּאַרט פון אַלע ווינקלען, ביז זי פלעגט אַליין אַוועקפאַלן לעבן אים און איינשלאָפן.

---

פונדעסטוועגן איז ער מיט יעדן טאָג אויפגעשטאַנען אַלץ פריער. ער פלעגט זיך שטיל אַרויסגנבענען פון בעט, ווען אין צימער איז נאָך געווען פינסטער און כדי נישט אויפצוּוועקן דאָס ווייב און קינדער, האָט ער אָנגעטאָן די שיך אונטן אין קיך.

אין קיך איז געווען פינסטער און קאַלט. גרויסע ראַצן, דין און לאַנג, זענען צעשראָקענע אַרומגעלאָפן פאַרביי די פיס און צע־טומלטע נישט געקאָנט געפינען די לעכער פון דיל. שטיינבערג האָט געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט מיט טעפּ און ווען ער האָט צום סוף פאַרטריבן די שרצים, האָט ער זיך גענומען אָנהאַקן האָלץ און אָנטראָגן וואַסער.

זיין קאָפּ איז אַלע פרימאָרגן פול געוואָרן מיט נייע זאָרגן. ער האָט נישט געוווּסט, צי מעלקט ער ריכטיק די קי און צי האָ־דעוועט ער ווי עס באַדאַרף צו זיין די פערד. ער האָט מורא גע־האַט פאַר די בהמות און געציטערט ווען ער האָט אויסגעמישט די מילך פון איין אויסגעמאָלקענער קו מיט דער צווייטער.

איין קו האָט באַדאַרפט אַריינקומען סוף חודש מאַי. די קו איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אין אַ שטעלעכל, זיך נישט געמאָלקן, און אין גרויסן, ווי אַ פּענכער, אָנגעבלאָזענעם בויך, וואָס האָט דערגרייכט ביז צו די קנעכלעך, האָט מען געזען זיך צאַפּלען אַ לע־בעדיק קעלבל.

די קו איז געווען מרה־שחורהדיק, האָט כּסדר מעלה־גרהט, אָן בּוחות פון זיך געטריבן די פליגן און געקוקט שטיינבערגן אין די הענט אַריין, מיט אַ פּאָר גרויסע, אומעטיקע אויגן, ווי זי זאָל זיך בעטן, מען זאָל זי נישט אָנרירן.

שטיינבערג האָט געפילט, ווי אים ווערט פון רחמנות צעריסן דאָס האַרץ. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט איר. פּונקט ווי אויף דער שטומער חיה, אַזוי איז אויף אים געלעגן צעגאָסן מרה־שחורה. ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן קיין נעכט און אין דער שטיל אַלץ געגעדט צו דער ווייב — אַז ער ווייסט נישט, וואָס צו טאָן, ווען די קו וועט גיין צו קינד.

מיטן אָנהויב מאַי האָט זיך ערשט צעפלאַקערט די אמתע אַרבעט. מען האָט באַדאַרפט צעאַקערן אַ שטיק לאַנד פאַר אַ גאָרטן; לאַנד פאַר קאַרטאָפל און רעטשקע; אַרויסהויבן פון בלאָטע דאָס הינער־הויז, און אַוועקפירן איין קו צום בוהאַי, כּדי זי זאָל אַריינקומען אין ווינטער, פאַרן הויזיקן מילכיקס.

דאָס אַקערן איז אים אָנגעקומען אַ סך שווערער, ווי ער האָט

זיך פֿאַרגעשטעלט. עס זענען נישט אַרויסגעקומען גלייך די אַקער־שניטן. אין איין פּלאַץ איז דער אַקער־אייזן אַריין טיף אין דער ערד, אַזוי אַז די פֿערד האָבן זיך נישט געקאָנט רירן פֿון אָרט, און אין אַ צווייטן אָרט האָט דער אַקער בלויז אָפּגעקראַצט פֿון אויבן אַ שטיקל ערד. איינמאָל איז אים דער אַקער־אייזן אַרויס פֿון די הענט און ער האָט שיִער נישט איבערגעהאַקט די פֿערדס הינטערשטע פֿיס.

אין דרויסן האָט שוין געוואַרעמט אַ הייסע זון. פֿון זיין פּנים האָט גערונען שווייס. די הענט זענען אים געוואָרן געשוואָלן. ביידע מאָגערע פֿערד האָבן שווער געאָטעמט, געפּראַכניעט מיט די אָנגע־בלאָזענע בייכער, און מיט אויסגעדרייטע קעפּ, מיט רחמנותדיקע אויגן, אים געקוקט אין די הענט אַריין, ווי זיי וואָלטן זיך בעטן, מען זאָל זיי אָפּלאָזן פֿון דער שווערער אַרבעט.

שטיינבערג האָט אָפּגעשטעלט די פֿערד, איז אַ פֿאַרצווייפֿל־טער אַריבער אויפֿן שטיק פֿעלד, וואָס על נאָרים, פּאַפּ נאָריסעס יינגערער ברודער, האָט פֿאַר אים צעאַקערט, אַ דערשלאָגענער פֿאַר־גליכן זיינע אַקער־שניטן מיט יענעמס, און געזען, אַז דער שרונט, וואָס יענער האָט געמאַכט, איז גלייך ווי אַ ווירע, און די שרונטן, וואָס ער אַליין מאַכט זענען זיג־זאַגיק, ווי דער גאַנג פֿון אַ קינד, וואָס הויבט ערשט אָן גיין. ער האָט פֿון פֿאַרדרוס אַ שמיץ געטאָן די בייטש אין דער ערד, מיט אַ זידל־וואָרט דערצו — אַ זידל־וואָרט, וואָס ער האָט ביז איצט קיינמאָל נישט גענוצט.

פֿונדעסטוועגן האָט ער מיט עקשנות ווייטער געאַרבעט. ווי נאָר ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם אַקער־אייזן פֿון איין צעקרימטן שרונט, האָט ער אָן איינגעשפּאַרטער אָנגעהויבן אַקערן אַ צווייטן. ער האָט געהאַלטן אין איין טרינקען וואַסער און דאָס וואַסער דורך דער הויט צוריק אַרויסגעשוויצט, ווי ער וואָלט געווען אַ זו־דיקער קעסל. אין אָוונט האָט ער נישט געהאַט קיין כּוח זיך צו־רירן צום עסן, אָבער אויף מאָרגן איז ער ווידער אַוועק מיט ביידע פֿערד צום שטיק פֿעלד. ער האָט זיך אויסגערעכנט אַ חשבון — אויב ער וועט דורך דער וואָך צעאַקערן דעם אַקער לאַנד, וועט

אים דורכן שבתדיקן טאָג על נאָרים צעבראָנעוועט און פאַרזייען, און ער וועט פאַרזעצן קוקורוזע.

אָבער לעבן שטאַל האָט מיט אים געטראָפן אַ צרה, פון וועלכער ער האָט אַפילו נישט געחלומט. ווען ער איז אריין מיט ביידע פערד אין אַ שטיק ווילד, פאַרוואַקסן לאַנד, מיט גראָז הויך ביז אריבער די קני, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין אַ ווילדן געוויקס, וואָס איז געווען זייער גיפטיק. צוערשט האָבן אים בלויז געביסן די הענט, צו מיטאָג איז שוין דאָס פּנים געווען פול מיט קליינע, רויט־ווייסע בלאָטערן, און ביידע הענט זענען געוואָרן געשוואָלן. מיט יעדער שעה זענען די הענט דיקער געוואָרן. די פינגער, ווי אָנ־געבלאָזענע קליינע זעקעלעך, האָבן זיך געריבן איינער אָן אַנדערן. די בייסעניש האָט אים אָנגעהויבן שלאָגן צום הארצן, זיך פאַר־שפּרייט צום לייב, צו די פיס, און ער האָט ממש געפילט, ווי אונ־טער דער הויט קריכן אַרום ווערים און מלויען אים ביז צום האלשן.

— גיי צו מיר נישט צו! — האָט ער אָנגעהויבן שרייען אויף בערטען, גלייך ער וואָלט געווען אַ קרעציקער. — דו וועסט זיך נאָך אָנשטעקן.

דאָס ווייב איז געבליבן שטיין אַ צעטומלט־פאַרלוירענע און פאַר אַ מינוט נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט אים. אָבער אין דער צווייטער סעקונדע האָט זי זיך צו אים אַ לאָז געטאָן מיט אַ געוויין און קולות.

— דו וועסט מיך דאָ משוגע מאַכן; פאַרוואָס נעמסטו זיך צו אַן אַרבעט, וואָס דו קאָנסט נישט טאָן?

איר געוויין איז געווען ווי פון אַ פאַרווונדעטער חיה. שטי־קער הארץ האָט זי פון זיך אַרויסגעריסן.

— צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן? ווי אַזוי קאָן מען דאָ קריגן אַ דאָקטאָר?

---

דאָס פאַרגיפטן ביידע הענט מיט פּאָיזען איווי איז נישט געווען געפערלעך. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז אין אַ וואָך אַרום

וועט ער קאָנען אַרבעטן און שטיינבערג האָט דערוויל אויסגענוצט די פרייע צייט אַרונטערצופאָרן קיין דיקינסוויל.

ער האָט צום ערשטן מאָל איינגעשפּאַנט דאָס שטילע פערד, ראָבערט, אין דעם צוויי־זיציקן וועגעלע. די באָגי איז געווען אַ לייכטע, מיט הויכע רעדער, און ווען בערטע האָט אים דעם ערשטן מאָל דערזען זיצן אויף דער הויכער קעלניע, מיט די לייצעס אין האַנט, האָט זיך איר געדאַכט, אַז ער איז זייער הויך.

— זע, אָשר, און גיב אויף זיך אַכטונג, — האָט זי אים נאָכגעשריגן.

— מען קאָן טאַקע מיינען, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל קיין פערד נישט געטריבן, — איז אים נישט אָנגעשטאַנען איר באַמערקונג.

אָבער אַריינפאָרנדיק אין שטעטל איז ער געוואָרן זייער נער־וועז. אויפן פאַרם און נאָענט פון הויז האָט ער שוין געקאָנט טרייבן אַ פערד, אָבער דאָ איז דער וועג געווען זייער ברייט און די גאַס פול מיט וועגענער. אַלע מאָל האָט זיך פון ערגעץ אַריינ־געשניטן אַ נייע פור. בחורים און מיידלעך זענען אַרומגעפלויגן אויף וועליסאָפּעדן און אים האָט זיך אַלע מאָל אויסגעדאַכט, אַז ער פאָרט אין עמעצן אַריין. אין איין פּלאַץ האָט ער נישט געקאָנט שנעל גענוג אויסמיידן אַ גיך־אָנקומענדיקן וואָגן און ביידע האָבן זיך פאַרטשעפּעט מיט די רעדער.

עס האָט אים אַ זעץ געטאָן אין מויל אַריין אַ קאַלטער שרעק. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שנעל קלאַפּן. ער האָט קוים געקאָנט אַרויסרעדן:

— אַי בעג יור פּאַרדאָן.

— פּאַרדאָן מאַי אַי, — האָט יענער בייז געענטפערט, — אַז מען קאָן נישט טרייבן קיין פערד, זיצט מען אין דער היים.

ער האָט קוים מיט צרות פאַרקירעוועט צו קוריצקים גראָסערי סטאָר און ביי אַן אייזערנעם סלופּ צוגעבונדן דאָס פערד.

— ס'איז געווען זיין שולד, — איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער גראָסערי־מאַן, אַ ייד מיט אַ גרויסן פּליך,

מיט א געל פנים, ארויסגעשפארטע שטשאָקעס, ווי ביי א שווינדזיכ־טיקן און אָנגעהויבן שילדערן:

— איך קען אים גוט, דעם כלב. אזא אַנטיסעמיט האָט נאָך די וועלט נישט געזען.

שטיינבערג איז גערירט געוואָרן פון דעם גראָסערימאַנס גוטע רייד.

— דערזעט מען דאָ א יידן, וואָלט מען אים אויפגעגעסן, — האָט מיסטער קוריצקי זיך אַליין מער צעקאָכט, — אָבער עס וועט זיי נעמען די כאָלערע. אזוי פיל מכות זעצט זיך אים, וויפל יידן עס זענען דאָ צוגעקומען. היינטיקן ווינטער אַליין זענען אהער ארויסגעקומען אכט יידישע משפחות. מיר האָבן זיי אין דער ערד.

ער האָט זיך פארהוסט מיט א טרוקענעם, פייפנדיקן הוסט. ער האָט א וויש געטאָן די נאסע, שטעכעדיקע וואָנצן און זיך ערשט געשמאַק גענומען אריינטענהן:

— דו ביזט מיר א ניי פנים; איך האָב דיך נאָך פריער נישט געזען. ווען ביזטו אהער ארויסגעקומען?

— צוריק מיט זיבן וואָכן, — האָט שטיינבערג שטיל גע־ענטפערט.

— א נאָוואָבראַנעץ, — האָט ער אים נאָכאמאָל באַ־טראַכט. — ווו האלסטו דיין פלאַץ? מן־הסתם א באָרדינג־הויז. ביי מיר קויפן איין די גרעסטע לייט. איך סופלאַי גאַנץ קאַמישע און מעיפעלוווד. וואָלפס קאַרנער וועט נישט אריינשמעקן אין אַן אנדער גראָסערי, ווען מען צאָלט זיי צו. האָסט עפעס א גרויס הויז? ווי אזוי רופט מען דיין טאַטן?

— איך האָב נישט קיין טאַטן, — האָט שטיינבערג גע־זאָגט, — איך האָב נישט קיין באָרדינג־הויז. איך האָב געקויפט ליאָ דוליטעלס פארם.

דער גראָסערי־מאַן האָט אים פלוצלונג אָנגעקוקט מיט א פּאָר אויגן, אז עס איז אים אזש אומהיימלעך געוואָרן. ער האָט אים אָפּ־געמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס.

— דאָס ביזטו דער חברה־מאַן, וועמען מיסעס גורמאַן האָט

פאַרפּאַקט אין סעקעט וועלי? — האָט ער צעעפנט אַ פּאָר גרויע אויגן. — דאָס ביזטו דער יאָלד?

שטיינבערגן האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ.

— וואָס מיינט איר? — איז ער בלייך געוואָרן.

— וואָס איך מיין, דאַרפסטו, מיין פריינט, שוין מער נישט וויסן, זאָל זיך דער אויבערשטער אויף דיר מרחם זיין.

— פאַרוואָס? וואָס איז דען?

— פאַרוואָס זאָל איך דיר איצט מאַכן שווער דאָס האַרץ? ווען דו קומסט פריער אַריין צו מיר, האָב איך געהאַט אַ פּאַרסעל, איינס אין דער וועלט. אַ מייל און האַלב פון אַ רעילראָוד סטעי־שאָן. האָסט שוין אַמאָל געהערט אַ ייד זאָל אַ יידן אַריינפּאַקן 12 מייל פון אַ סטיישאָן?

— איך בין בלויז 9 מייל פון דיקינסוויל, — האָט שטיינ־בערג זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן.

— ס'איז פונקט אַזוי ניין מייל, ווי איך בין אַ רב, — האָט דער ייד זיך צעקאָכט, — דו דאַרפסט מיר נישט דערציילן, ווו סעקעט לעיק איז. איך בין דער ערשטער ייד אין דיקינסוויל.

ווען דער גראָסערי־מאַן האָט פּלוצלונג דערזען פון וויטן אָנקומען הוירשהאָרנען, איז ער פונקט אַזוי שנעל פאַרשווּונדן, ווי שנעל ער איז פריער אונטערגעקומען. שטיינבערג האָט דעם אַגענט כמעט נישט דערקענט. ער האָט אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש, ווי בשעת ער האָט אים געזען אין ווינטער. אין אַ זומערדיק לייכטן אַנצוג, אָן אַ היטל, מיט אַ גלאַט ראַזירט פּנים, האָט ער אויסגע־זען אַ סך יינגער. זיין פּנים איז געווען רויט, געזונט, די בלויע אויגן האָבן בחוריש פרייליך געגלאַנצט. ער האָט אָנגעכאַפּט שטיינבערגן מיטביידע הענט און מיט זיין געזונט, בערגיק־קלינ־גענדיק קול, האָט ער אויסגעזונגען אַ ברייטן שלום־עליכם.

— איך האָב אייך גאָר נישט דערקענט, איר קוקט אויס, ווי אַ רעגעלער פאַרמער.

שטיינבערגן האָט אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ.

— אין אַ שיינער צרה האָט איר מיר אַריינגעשלעפּט.

— וואָס מיינט איר?

— גייט און גיט אַ קוק, — איז שטיינבערג אַלץ אויפגע־רעגטער געוואָרן, — אין אַ חורבה האָט איר מיך באַזעצט. צוועלף מייל פון אַ ישוב. איר זענט אַ מערדער.

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז ס'איז צוועלף מייל? איר ווילט זיך אפשר וועטן, אַז עס איז נישט מער, ווי אַכט און ניין צענטל מייל?

— טאָ גייט אַריין און פרעגט אָט דעם יידן, — האָט שטיינ־בערג אָנגעוויזן אויף דער גראָסערי.

— אָט דעם יידן? — האָט זיך הוירשהאָרנס פּנים געביטן. — איר מיינט דעם מאַשעניק, דעם זשוליק, דעם פערד־גנבֿ? ער וועט דאָך אייך אויסטאָן דאָס העמד. ווער רעדט דאָ מיט אים? ווער שטייט אין זיינע פיר איילן?

הוירשהאָרן האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער סטאָר מיט גע־ביילטע פויסטן. שטיינבערג האָט אים מיט אַלע כּוחות צוריקגע־האַלטן.

— איך וויל נישט אָנמאַכן אַ בייז לעבן צווישן צוויי שכנים, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל נישט איר זאָלט זיך צוליב מיר קריגן. דאָס, וואָס איך אַליין זע איצט, איז גענוג אייך אָנצורופן מערדער.

— איך אַ מערדער! איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט אָנ־גערירט אַ פליג אויף דער וואַנט. אונזערע יידעלעך זענען דאָ ער־גער פון די גוים. נישט אומזיסט האָט מען זיי דאָ אַזוי פיינט. אָט דער־אָ דאָ איז אַ פּשוטער קעשענע־גנבֿ. איך האָב אייך באַהאַנדלט ווי מיין אייגענעם ברודער, לאַיק מאַין אוען בראָדער. אויב איר ווילט, גיב איך אייך היינט אַ קאָסטימער. איך גיב אייך פינף הונ־דערט פּראָפיט. דאָס, וואָס דער פאַרם ליגט ניין מייל פון אַ סטעי־שאָן, זאָלט איר זיך גאָר נישט זאָרגן. די אירי רעילראָוד גייט ציען אַ טרעק פון פאָרט דזשווירוויס ביז דיקענסוויל. לעבן אייער הויז וועט זיין אַ רעילראָוד סטעישאָן. פון סעקעט לעיק ביז מעיפּעלוווּד גייט מען בויען אַ האַיוועי. וואָס קאָמפּלעינט איר, וואָס? איר זיצט לעבן אַ גרויסן טייך. ווייסט איר כאָטש וויפל עס האָט די ווערט אַזאַ פאַרם לעבן קאַמישאַ לעיק?

ער האָט געמילדערט זיין טאָן. די גוטמוטיקייט האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף זיין פּנים.

— איר האָט אַ גאָלדענע מציאה, מיסטער שטיינבערג, — איין מאָל אין הונדערט יאָר טרעפט אַזאַ גליק. גלויבט מיר, אַז מיין וואָרט איז הייליק. מיסעס גורמאַן הערט נישט אויף צו רעדן פון אייך. מיר האָבן זיך געקליבן צו פאָרן צו אייך. און וועגן דעם־אָ רעדט נישט. ער איז מיין גרעסטער שונא. און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל איך נעם אַריין אַלע מיינע פריינט אין סאַלאָמאָנס סטאָר. איך וואָרן אייך, האָט מיט אים נישט צו טאָן. ער איז אַ קאָנסאָמפּשאָניק, אַ גנב, אַ ליגנער.

הוירשהאָרן האָט נאָך לאַנג גערעדט. מיט גוטע רייד, מיט זיין ערלעכן פּנים, האָט ער ביסלעכווייז איינגענומען שטיינבערגן. זיי האָבן אָנגעהויבן שפּאַנען איבער דער לאַנגער גאַס און הוירשהאָרן האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר מיסטער סאַלאָמאָנען, פאַר דעם בוטשער, אַפּטייקער און קענדי סטאָר קיפּער.

שטיינבערג האָט זיך ביסלעכווייז באַרויִקט. דאָ אין שטעטל איז שוין געלעגן אויסגעשפּרייט דער פרילינג. אַלע בוימער זענען געווען גרין צעוואַקסן, די מענטשן זומערדיק אָנגעטאָן. אַלע הייזער זענען געווען ניי געפאַרבט, מיט טיפע וועראַנדעס, מיט בלומען־בייטן, און די קראָמען האָבן גאָרנישט אויסגעזען ווי קראָמען. אין דער לופטן האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון תּבֿואה און בהמות. עס האָט געשמעקט מיט סמאָלע און געטריקנטע קאָרע; אַ ריח פון קוזניע און אַ האָלץ־סקלאַד. שוויים פון מענטשן און פערד און פון אַ פּראַצע מיט וועלכער עס זענען פול אַלע הייזער און פעלדער.

שטיינבערג איז פאַרשיכּורט געוואָרן. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון די אַלע באַזונדערע ריחות, אָבער ער האָט געפילט, אַז אַרום אים איז צעשפּרייט אַ יום־טובֿ, אַ ניי לעבן, אַ פאַנאַנדערגעבליטער פרילינג, וואָס צערייסט זיין האַרץ און פילט אים אָן מיט אַ געפיל פון אַ פאַרשיכּורטן, פיינלעכן גליק.

— איך האָב דאָ אַ צעטעלע, וואָס מיין ווייב האָט מיר מיטגעגעבן איינקויפן, — האָט ער אַ סענטימענטאַל־געררירטער געזאָגט, — איך וועל אייך זאָגן גוד־באַי.

— גוד־באַי, גוד־באַי, — האָט הוירשהאָרן אויסגעשטרעקט אַ האַנט, — און הערט זיך נישט צו, וואָס שונאים רעדן.

ער האָט אים אַריינגעשטופּט אַ קעסטעלע טשעקאָלאַדן.

— גיט עס איבער אייער פרוי נישט באַקאַנטערהייט.

שטיינבערג איז רויט געוואָרן.

— אַ דאַנק, — האָט ער געזאָגט.

און ווען שטיינבערג איז פאַרנאַכט צוריק אַהיימגעפאָרן, איז זיין האַרץ געווען אַביסל גרינגער. דאָס וועגעלע איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט פּראָוויאַנט פאַר די פערד, קי, הינער און הויזגע־זינט. ער איז געזעסן אויף דער הויכער קעלניע, געטשמאָטשקעט מיט די ליפּן, געצויגן די לייצעס און אונטערגעטריבן ראָבערטן, גלייך ער וואָלט שוין פון זייער לאַנג אים געקענט.

---

סוף מאַי איז אין די בערג געוואָרן גוט וואַרעם. שטיינבערגס הענט זענען געווען פאַרהיילט און ער האָט זיך מיט נאָך מער חשק גענומען פאַר דער אַרבעט. די קו האָט געבוירן אַ קעלבל, וואָס איז געווען גענאָטן פונקט אין דער מאַמען — מיט אַ שוואַרצן פלעק צווישןביידע אויגן, אַ פּלאַטשיקן שטערן און מיט קלאָרע, דורכזיכטיקע, ראָזלעכע אויערן.

מען האָט דעם קעלבל אַ נאָמען געגעבן „בעסי" און אין שטוב איז געוואָרן אַביסל פריילעכער. בערטע האָט געהאָדעוועט די קו מיט וואַרעם געוויקטן קלייען. שטיינבערג האָט ליב געהאַט קוקן, ווי דאָס קעלבל זויגט פון דער קוס פולן אייטער, און על נאָרים, פּאַפּ נאָריסעס יינגערער ברודער, האָט פאַרזעצט דאָס צע־אַקערטע לאַנד מיט קאַרטאָפל, רעטשקע און קוקורוזע.

שטיינבערג האָט כּסדר געאַרבעט. ווי אַ געניטער סטאָליאַר, האָט ער שוין איצט גאַנץ פלינק געאַרבעט מיט זעג און האַמער. ער האָט אין שטאָל אָפּגעצוימט אַ באַזונדער שטעלכל פאַרן קעלבל, צוליבן נייעם גאַסט געהאַלטן די שטאָל אַזוי ריין, ווי אַ שטוב און זיך בלויז געוווּנדערט, פאַרוואָס די קו גיבן אַזוי ווייניק מילך.

— מיט די קי האָט מיך מיסטער דוליטעל אָפּגענאַרט, — האָט ער זיך איינמאָל געקלאָגט פאַר על נאָרים.

— וואָס מיינסטו? — האָט נאָרים אַ וויש געטאָן די בייז־שטעכיקע, בלאָנדע וואָנצן. — וויפל מילך קריגסטו פון די קי?

— פון דריי קי קריג איך פופצן קוואָרט מילך אַ טאָג.

— וו־אָ־ס, — האָט על נאָרים אַרויסגעשאָסן אַ געלעכ־טער, — פופצן קוואָרט אַ טאָג! איין קו דאַרף געבן אַזוי פיל. לאָ־מיר נאָר זען, וואָס דו טוסטו!

שטיינבערג האָט אין מיטן טאָג זיך אָוועקגעזעצט אויפן קליי־נעם בענקעלע, גענומען אַ שעפעלע צווישן די פיס און אָנגעהויבן מעלקן אַ קו.

על נאָרים האָט אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער, וואָס האָט פאַר־קלונגען דעם גאַנצן שטאָל.

— דאָס הייסט ביי דיר מעלקן אַ קו? דו וועסט דאָך דעם אייטער אויסטריקענען, די ציצקעס אָפּרייסן. ווו האָסטו זיך גע־לערנט מעלקן?

— וואָס דען דאַרף מען טאָן? — האָט זיך שטיינבערג פאַר־שעמט.

— וואָס מען דאַרף טאָן? מען דאַרף מעלקן, נישט רייסן שטיקער פון אַ בהמה. דאָ איז נישט יוראָפּ. דאָס איז די צרה מיט אַלע פרעמדע ביי אונז אין לאַנד. איר, פרעמדע, ווילט אומעטום אַריינברענגען אייערע אידעען. היגע קי זענען נישט יוראָפּשע. אַ ציצקע דריקט מען, נישט מען ציט.

על נאָרים איז געווען פונקט דער היפוך פון זיין עלטערן ברודער, פאַפּ. ער האָט פיינט געהאַט אַלע פרעמדע. ער האָט גע־האַסט די סובאַטניקעס. פול מיט חוזק אין קול, מיט גרינגשעצונג, האָט ער פרעך אָפּגעשטויסן שטיינבערגן, געכאַפּט דאָס שעפעלע צווישן די פיס און אונטער זיינע הענט האָט די מילך אָנגעהויבן פליסן אין בלעכערנעם עמער מיט געזאַנג און כסדרדיקן ריטם, ווי איבערן דאַך וואָלט פלוצלינג אָנגעהויבן קלאַפּן אַ דריבנער רעגן.

— דאָ מעלקט מען אַט אַזוי, — האָט ער געשריגן. — ווי דו מעלקסט וועסטו איינס-צוויי פאַרקריפּלען דיינע בהמות.

אין יענעם פאַרנאַכט האָט על נאָרים אָנגעמאָלקן מער ווי פינף און צוואַנציק קוואָרט מילך.

שטיינבערג האָט זיך אים געשעמט צו קוקן אין די אויגן. ער איז ביי זיך זייער געפאַלן געוואָרן און בגנבה, בערטע זאָל נישט וויסן, האָט ער יענעם פאַרנאַכט אַריינגעטראָגן די מילך אין קיך.

די נייע מעטאָדע פון מעלקן איז אויף אים געפאַלן מוראדיק שווער. עס האָבן אים אינגאַנצן אָפּגעחלשט די הענט. אויפן דריטן טאָג זענען אים געשוואָלן געוואָרן די פינגער. די אַרבעט האָט ביי אים גענומען אפשר פינף מאָל אַזוי פיל צייט און ער פלעגט אַריינ־קומען אין הויז אַריין שפּעט אין אָוונט.

— עס איז שוין פונקט ווי אין דיין סטעישאָנערי־סטאָר, — האָט אים בערטע ברוגז באַגעגנט, — ביסט דאָ פאַרהאַוועט מער ווי אין שטאָט.

די רייד האָבן אים געשטאָכן, ווי מיט שפּילקעס. ער האָט מיט ווייטאָג פאַרשטעלט די געשוואָלענע פינגער און זיך געמאַכט נישט הערנדיק.

— אַ שיין לעבן האָסטו זיך איינגעשטעלט, — האָט זי וויי־טער געזאָגט, — אַ מענטש אַרבעט פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. וואָס וועסטו האָבן דערפון?

עס איז נאָר געווען, ווי זי וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען. ער האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ און איבערגעביטן דעם שמועס.

— וויפל אייער האָסטו היינט צונויפגעקליבן?

— איך האָב אַרויפגעזעצט די ראָבע קוואָטשקע אויף אייער, — האָט זי ברוגזלעך געענטפערט.

— די קוואָטשקע אויף אייער! — האָט ער זי אָנגעקוקט. — ווו?

— אויפן בוידעם, אונטער אַ זיפּ.

ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט, זי אָנגעהויבן שלעפּן אויפן בוידעם.

— קום, ווייז מיר, וויפל אייער האָסטו אונטערגעלייגט?

אַרונטערקומענדיק פון בוידעם איז ער געווען אַביסל פריי־לעכער. ער האָט זי מיטאַמאָל געכאַפּט קושן.

— האָסטו כאָטש באַמערקט, בערטע, וויפל מילך די קי גיבן איצט?

— דאָס איז מן הסתם צוליב דעם וואָס די פּאַשע ווערט העכער, — איז זי נישט נתפּעל געוואָרן.

— יאָ, צוליב דער פּאַשע, — האָט ער שטיל געזאָגט.

## קאַפּיטל זיבן

אָנהויב־זומער איז שוין געווען צעלייגט איבער אַלע בערג, טאָלן, פעלדער און לעבן אַלע הייזער. עס זענען אָנגעקומען הייסע טעג. דער גאָרטן איז אויפגעגאַנגען אין אַלערליי גרינסן. די ציבע־לעס, איינציק־אָפּגעטיילטע, דין־שטייפע, האָבן זיך געריסן צו דער זון. פּאַסאָליעס אין אַ בלייכן גרין האָבן זיך געוויקלט אַרום שטע־קעלעך. רעטעכלעך זענען געלעגן צעשפּרייט נידעריק ביי דער ערד און אויף די צעשויבערטע קעפּ פון קאַרטאָפל־גרין האָבן זיך באַ־וויזן פּאָטייטאָ באָגס, ווי משה רבינוס קיעלעך.

אַליץ האָט זיך אָנגעהויבן רייסן צום הימל. אין סאָד האָבן געבליט אַלע בוימער. נישט ווייט פון הויז האָט געזעצט אַ פאַר־שיכּורנדער ריח פון בעז, פוןווילדע רויזן און צעוואַקסן גרין גראָז.

אויפן הויף איז געשטאַנען אַ גרויסער יאַריד. בערטע האָט זומערדיק צעהיצט, מיט אָפּגעדעקטע הענט און צוגעברענטן פּנים הילכיק געקלאַפּט מיט לידיקע קאַנען און געטריבן די הינער, וואָס האָבן זיך געראָיעט אין גאָרטן. די קאַץ האָט זיך געדראַפּעט אויף אַ בוים, ווו ס'איז געווען אַ נעסט פון פויגעלעך און אַלע מאָל צו־ריק אַראָפּגעפאַלן. פון פעלד איז אָנגעקומען שטיינבערג מיט צוויי לידיקע שעפּעלעך אין די הענט און גלייך אָנגעפילט דעם הויף מיט שווערע, כמורנע קולות.

— אַליץ וועט פאַרברענט ווערן, — האָט ער בייז געבור־

משעט, — דאָס קרויט שרפעט. אויב עס וועט ביינאַכט נישט רע־
גענען, איז אַלץ אויס.

ער האָט אָנגעהויבן שיסן שטיינדלעך אין גאָרטן אריין —
היש א קיש — מען קאָן אויף איין מינוט נישט אָפּטרעטן פון
הויז. די הינער וועלן אַלץ צעפּרעסן. קאָנסט נישט, בערטע, זען און
אכטונג געבן!

שטיינבערג האָט שוין איצט אויסגעזען אַן אמתער פּארמער.
זיין פּנים איז געווען פארברענט פון זון און געגלאַנצט, ווי קופּער.
די פּלייצעס זענען געוואָרן א סך ברייטער און דאָס קול הילכיקער.
די ליכטיק־בלאָנדע האָר זענען געווען אָנגעזעצט פול מיט שטויב
און שטרויעלעך, גלייך ער וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקראָכן פון
אַ סטויג היי.

— געפּטרט א גאנצן טאָג, — האָט ער ביי זיך אָנגעכמור־
רעט, — וואָס פאר א ווערט האָבן די פּאָר עמער וואסער? ס׳וועט
העלפן, ווי א טויטן באַנקעס.

ער איז אַרונטער אין שטאַל און צוריקגעקומען, ווען אין
דרויסן איז שוין געווען פינסטער. דער הויף איז געוואָרן איינגע־
הילט אין א קיל־וואַרעמען שלייער. פון אומעטום האָבן געזעצט
ריחות פון צעפּארעטער טראָגעדיקייט, פון יוירן זיך, פון געבורט.

שטיינבערג איז אריין אין שטוב, אראָפּגעצויגן פון זיך די
אָווראָלס, די שווערע שיך, אויסגעווייקט העמד און אָנגעפילט די
נידעריקע קיך מיט א ריח פון שטאַל און מיסט און זיסער מילך.

— איך ווייס גאָרנישט, וואָס צו טאָן, — האָט ער נאָכ־
אַמאָל פארצווייפלט געברומט, — דאָס קרויט ווערט פארברענט.
אַלע קעפּלעך זענען אַראָפּגעפאַלן, ווי געחלשטע און קוקן אויס
געל, ווי שמאַטעס.

— אַז איך האָב שוין מורא מיט דיר צו רעדן, — האָט
בערטע געענטפערט, — איך האָב זיך ביי דיר געבעטן: פארזעץ
נישט קיין קרויט. דאָס איז אַן ארבעט פאַר א גוי.

— פארוואָס? — האָט ער אויסגעשריגן. — וואָס איז קרויט
ערגער פון קאַרטאָפל? וואָס בין איך ערגער פון על נאָרים? אָשר

שטיינבערג איז דיר אַרויסגעפֿאָרן פֿון סאַטאַנאָוו מיט זיידענע הענטשקעס?

ער האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן. ער איז געזעסן שווער און מיד ביים טיש און מען האָט געקאָנט זען, ווי אים שפּאַלט זיך דער קאָפּ.

— איך וויל נאָכאַמאָל צוגיין עם באַגיסן, — האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעשטעלט פֿון טיש, — אפשר וועט זיך דאָס קרויט איבער נאַכט דאָך צונעמען.

— איך האָב דיך געוואָרנט זאָלסט צורופֿן על נאָריסן, — האָט זי ווייטער געזאָגט.

— אָבער איך מוז זיך דאָך, איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל, אויפֿהערן פֿאַרלאָזן אויף פֿרעמדע הענט, — האָט ער כּמעט געשריגן, — איך האָב פֿאַרזעצט דאָס קרויט, פּונקט ווי מען האָט מיר געהייסן. איך האָב געגראָבן טיף די לעכער, יעדן שטאָם האָב איך איינגעוויקלט אין צייטונגס־פּאַפּיר, כּדי ווערים זאָלן עס נישט צעפֿרעסן. וואָס וואָלט דען על נאָרים געטאָן? עס איז די היץ, וואָס הרגעט אַלץ אַוועק. ווען עס רעגנט, וואָלט אַלץ גוט געווען.

ער האָט געכאַפּט די ליידיקע עמער און זיך געלאָזט אַרויס פֿון הויז.

— איך וועל אויך גיין, — האָט דאָס ווייב געזאָגט, — איך וועל דיר העלפֿן.

מאַן און ווייב זענען ביידע אַרויס אין פֿעלד. זיי האָבן ביידע געטראָגן עמערס מיט וואַסער. אין דרויסן איז שוין געווען שטאָק פֿינסטער. בערטע איז נישט געווען צוגעוווינט צו דער אויס־געטראָטענער סטעזשקע, האָט זי מיט די פֿיס, ווי אַ בלינדע, געטאַפּט דעם וועג. אַלע מאָל האָט זי זיך אין עפּעס פֿאַרטשעפּעט. יעדעס מאָל האָט זיך אין דער שטילער נאַכט עפּעס באַוועגט. ווייטער אין פֿעלד איז די צעאַקערטע ערד געווען נאָך שווארצער און ווייכער. ביידע האָבן שטום געשוויגן, און ווען זיי זענען צוגעקומען צום קרויט, האָבן זיך ביידע צעטיילט: ער — באַגיסנדיק איין זייט בייט, און זי — די צווייטע.

דער בייט איז געווען אַ לאַנגער, יעדער באַזונדער האָט גע־

קאָנט חערן, ווי דאָס אויסגעגאָסענע וואסער בולבעט זיך אין דער טרוקענער ערד, ווי די ערד קאָרטשעט זיך, קנאקט אַלע מאָל אויף מיט שטילע עקספּלאָזיעס און שלינגט דאָס וואסער מיט זשעדנע־קייט, ווי אַ קראַנקער, וואָס ליגט אין גרויסער היץ.

פאַר אַ לאַנגער צייט זענען ביידע געגאַנגען טראָט ביי טראָט, פון איין קעפּל קרויט צום צווייטן. די עמערס זענען געוואָרן אַלץ גרינגער. די שיך האָבן זיך געקלעפּט צו דער ערד און מען האָט ממש געקאָנט אָנטאַפּן די פינסטערניש.

נאָר פּלוצלונג האָט בערטע געגעבן אַ קוויטש, וואָס האָט, ווי אַ בליץ, דורכגעשניטן די לופט. שטיינבערג איז געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטער. פאַר אַ מאָמענט האָט ער אַ געליימטער זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט און בערטע האָט מיט אַ מוראדיקער שרעק זיך צו אים אַ לאָז געטאָן.

— וואָס איז געשען? — איז ער איר אַנטקעגן געלאָפן.

ער האָט נישט געקאָנט זען איר פּנים, אָבער ער האָט גע־פילט, ווי זי ציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

— וואָס האָט געטראָפן? — האָט ער זי אַרומגעכאַפּט.

— איך ווייס נישט, — איז זי אַ האַלב פאַרחלשטע אַריינ־געפאַלן אין זיינע הענט, — עפּעס איז דורך מיינע הענט דורכ־געלאָפן.

— וואָס?

— איך ווייס נישט. אַ חיה. עפּעס אַזוי גרויס, ווי אַ קאַץ.

— וואָס קאָן דיר איינפאַלן, — האָט ער זיך געפּרוּווט מאַכן האַרץ, — ווי קומען אהער קעץ?

זי האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס און זיך אָן אים אָנגעשפּאַרט. שטיינבערג האָט געפילט, ווי זי לאָזט זיך אַרונטער און ער האָט אַ פּלוכע געטאָן אויף איר פּנים צוויי פולע זשמעניעס וואסער.

— דו ביזט פונקט ווי אַ קליין קינד, — האָט ער זי געפּרוּווט טרייסטן.

— איך וועל דאָ לעבן דיר משוגע ווערן, — האָט זי אָנגע־הויבן וויינען.

שטיינבערג האָט איבערגעקערט אַן עמער מיטן דנאָ אַרויף און זי אַוועקגעזעצט. ער האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט. בערטע איז געווען ווייס, ווי אַ מת. פון אירע אויגן האָבן געגאָסן טרערן. זי האָט שווער געאָטעמט.

— צוליב וואָס האָסטו מיך אַהער אַרויסגעבראַכט, — האָט זי שטיל געיאָמערט, — פאַרוואָס ווילסטו צעברעכן מיין לעבן?

עס האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם און אָפּגעהאַקט אירע רייד.

שטיינבערג איז געשטאַנען שטיל און דערשלאָגן.

— דו האָסט זיך דאָך אַליין אָנגעשלאָגן גיין מיט מיר, — האָט ער ווי אַ קליין פאַרשולדיקט ייִנגל זיך פאַרענטפערט.

— ווייל איך ווייס שוין אַליין נישט מער, וואָס איך טו.

פון הינטערן וואַלד איז אַרויסגעקומען די לבנה. די פינסטערניש איז גיך צעשוווּמען געוואָרן. אַלץ איז באַלד באַגאָסן געוואָרן מיט לבנה־שיין. איצט האָט מען געקאָנט זען, ווי איר פּנים איז ווייס, ווי קאַלך, אַז אירע הענט ציטערן זייער שטאַרק.

— וועסט נאָך זען, ווי אַלץ וועט זיין, ווי מיר האָבן ביידע געחלומט, — האָט ער גערירט, מיט אַ פאַרלייגטן האַלז, קוים גערעדט, — זאָל נאָר אַריבער דער ערשטער זומער, זאָל מיר נאָר גאָט העלפן.

אַהיימגייענדיק, האָט ער זי כמעט געטראָגן אויף די הענט. ער האָט איר געהאָלפן זיך אויסטאָן און זי אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. בערטע איז געווען שוואַך, ווי אַ קינד. שטיינבערג האָט זי געצערטלט מיט איידעלע אומאַרמונגען, מיט שטילע טרייסטווערטער און זי איז צום סוף איינגעשלאָפן אויף זיין ברוסט.

— אפשר איז בערטע גערעכט, — האָט ער אַ גאַנצע נאַכט נישט צוגעמאַכט אַן אויג, — אפשר האָב איך נישט געטאָרט זי אַרויסנעמען אין אַזאַ וויסטע. וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך אַרויפצוצווינגען אויף אַ צווייטן מענטשן מיין ווילן?

---

אָבער אַזוי שנעל, ווי עס האָט אָנגעהויבן בלויען אין די פענסטער, איז ער ווי אַן אונטערגעשאָסענער אַרויס פון בעט, אָנ־

געשעפּט אין ברונעם צוויי שעפּעלעך וואַסער און איז ווידער אוועק צום פעלד מיטן קרויט.

אין דרויסן איז געווען קיל. אַ געדיכטער נעפּל האָט אַלץ איינגעהילט. די וואָלקנס, טוי און נעפּל זענען געלעגן ביי דער ערד. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן הימל צו מזרח־זייט און ס'איז אַפילו נישט געווען קיין סימן פון טאָג. לעבן וואַלד איז געווען נאָך פינס־טערער און ער האָט באַשטימט, אַז עס וועט אויף רעגן.

— עס וועט זיכער היינט רעגענען, — האָט ער אַן אויפגע־מונטערטער אָנגעהויבן רעדן צו זיך אַליין און פאַרשנעלערט דעם גאַנג. די פולע שעפּעלעך וואַסער האָבן זיך אין וועג ביסלעכווייז אויסגעגאָסן. די משא איז געוואָרן אַלץ גרינגער, און פונקט אַזוי איז גרינגער געוואָרן זיין האַרץ — בערטע איז נישט גערעכט: ער קאָן זיין אַ פאַרמער פונקט אַזוי גוט, ווי על נאַרים איז.

לעבן קרויט־פעלד האָט ער באַמערקט, אַז די קעפּלעך זענען געוואָרן אַביסעלע שטייפער און טונקל גרין.

עס וועט זיכער היינט רעגענען, — איז ער אַלץ אויפגע־לעבטער געוואָרן, — דאָס קרויט נעמט זיך צו. אין סטעישאָנערי סטאָר וואָלט איך געווען פאַרפוילט געוואָרן. איך וועל נאָך באַ־ווייזן בערטען, אַז די צוויי שטיקער לאַנד, וואָס על נאַרים האָט נישט באַוויזן צו צעאַקערן, וועל איך אַליין צעאַקערן.

זיין פאַנטאַזיע האָט זיך אין אים מוראדיק צעשפּילט. ער האָט באַשלאָסן האַלטן בסוד דאָס אַקערן און דערנאָך אַרויסנעמען בערטען אין פעלד — נאַ, זע, אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ שלימע־זאַלניק, ווי דו מיינסט.

ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען צוריק אַהיים און אַלץ גערעדט צו זיך — אַ פאַרמער טאָר זיך נישט פאַרלאָזן אויף אַ צווייטנס הענט. אויף אַ פאַרם דאַרף מען אַלץ טאָן אַליין. אַלץ אַליין.

נאָר פּלוצלונג האָט אָנגעהויבן ווערן ליכטיק אין דרויסן און אין מזרח־זייט האָט זיך אָנגעצונדן דער הימל, ווי אַ צעגליט שטיק פייער. אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל צעליכטיקט, — דער וואַלד, בוי־מער, שטוב און שייער. דער נעפּל האָט זיך צעשוווּמען, זיך גע־הויבן פון דער ערד צו די בערג צו, און פאַר די אויגן האָט זיך

מיטאמאָל אַנטפּלעקט אַ ווונדערלעכע, פון אַ נאַכט־אויסגעשלאָפענע און אויסגערוטע וועלט. אומעטום האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרימאָרגנ־דיקער יאַריד. עס האָבן אָנגעהויבן זינגען פויגל. שפּיצן בוימער האָבן געטריפט מיט גאָלדענע טראָפּנס. פליגן און זשוקעס האָבן אָנגעהויבן זשומען. עס האָט זיך דערהערט אַ מעקען פון קי, אַ קרייען פון הענער. ערגעץ ווייט האָבן געהאָוועקעט הינט: — האַואָו, האַואָו, טשיפּ, טשיפּ, און קוקורוקו, פון אַלע זייטן.

שטיינבערג איז געבליבן שטיין אין גאַנצן אַ צענומענער. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט נאָר וואָס געבעטן אויף רעגן, און ווי אַ שיכּור האָט ער זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. אַזאַ פרימאָרגן האָט ער נאָך אין לעבן נישט געזען. אים האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז ער זעט ווי עס ווערט באַשאַפן די וועלט, און אַ מוראדיק צע־טראָגענער האָט ער נאָך פאַרן פרישטיק איינגעשפּאַנטביידע פערד אין אַקער־אייזן און איז אַרויסגעפאָרן צום שטיק פעלד, וואָס איז געבליבן נישט פאַראַקערט.

דאָס שטיק פעלד, וואָס על נאָרים האָט איבערגעלאָזט נישט צעאַקערט, איז געלעגן אויף אַ משופּעדיקן באַרג. שטיינבערג האָט שוין געוווּסט, ווי אַזוי אומצוגיין מיט אַן אַקער־אייזן. אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אַ באַרג דאַרף מען אַקערן אין דער ברייט און נישט גיין מיטן אַקער באַרג־אַראָפּ און אַרויף.

צוערשט, באַרג אַראָפּ, איז דאָס אַקערן געווען גרינג. איי־דער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז ער פאַרטיק געוואָרן מיט איין אַקער־שניט. דער שרונט איז געווען גלייך, ווי אַ ווירע און אויס־געזען, ווי אַ שוואַרץ געפלאָכטענער צאָפּ. זיין האַרץ האָט אָנגעע־הויבן קלאַפּן פון פרייד. ער האָט געלאָזט פאַר אַ ווײַלע אָפּרוען די פערד, איז געבליבן שטיין מיט ביידע הענטלעך אין די הענט, די לייצעס פאַרבונדן אַרום פּלייצע, און דערפילט, ווי אין אים גייט אויף אַ געזאַנג.

— וועסט זען, בערטע, וואָס איך וועל אויפטאָן, — האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן אַ פראַזע פון מויל. — דער עם־עולמניק איז געווען גערעכט. יידן דאַרפן ווייזן דער וועלט, אַז זיי זענען נישט מער קיין לופט־מענטשן.

ער האָט פון באַגייסטערונג נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דער גאָלדענער זון, פון הויכן, שיינעם באַרג און פון דעם, וואָס די איבערגעקערטע פלאַכטעס שוואַרצע ערד שלינגען מיט פּי־צינקע, קוים־אויפגעמאַכטע מײַלעכלעך, די שטראַלן פון דער זון. ער האָט ממש געזען אַ לעבעדיק צאַפּלען זיך אין יעדן קרישקעלע ערד.

נאָר אָט האָט ער זיך פאַרקירעוועט באַרג אַרויף און נאָך די ערשטע פּאָר טריט האָבן זיך די פערד אָפּגעשטעלט. שטיינבערג האָט אָנגעהויבן ציען די לייצעס, טשמאָקען מיט די ליפּן — געט אָפּ, קאָם־אָן! אָבער די פערד האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. ער האָט אַ פּאָך געטאָן אין דער לופטן מיט דער בייטש, אַליין אונטערגעשפּאַרט דעם אַקער, אָבער נאָך אַ פּאָר שפּאַן האָבן זיך די פערד ווידעראַמאָל אָפּגעשטעלט.

שטיינבערג איז געוואָרן דערשלאָגן און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. מיט אַלע כּוחות האָט ער אַ צי געטאָן די לייצעס און אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש איבער די פערדס הינטערשטע פיס. די פערד האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט מיט אַלע פיר פיס אין דער ערד. דער שפּאַן האָט געקנאַקט איבער די נאַסע לייבער און מיט אַ מוראדיקער גבורה האָבן זיי אַרויסגעריסן דעם אַקער פון זיינע הענט און אָנגעהויבן לויפן באַרג־אַרויף.

די הענטלעך פון אַקער האָבן געקלאַפּט איבער זייערע הינטערשטע פיס, און ביידע פערד האָבן זיך ווילד צעיאָגט. פון זייערע נאָזלעכער האָט געזעצט הייסער אָטעם. פון די ליפּן האָט זיך געשפּאַרט ווייסער שוים. שטיינבערג, מיט די לייצעס אַרום פּלייצע, האָט זיך מיטגעשלעפּט ביז עס איז אים צום סוף געלונגען אַרײַנהאַקן דעם שפּיץ־אַקער אין דער ערד אַריין און די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

ער איז געבליבן ·שטיין אין מיטן באַרג אין גאַנצן אַ פאַרצווייפלטער. הענט און פיס האָבן אים געציטערט. די פערד האָבן שווער געפּראַכניעט, געבלאָזן מיט די בייכער, און ער האָט, אַליין נישט ווייסנדיק צוליב וואָס, גענומען איבערבייטן דעם שפּאַן. דאָס רעכטע פערד האָט ער איבערגעשטעלט אויף דער לינקער זייט, און

דאָס לינקע — אויף דער רעכטער זייט. אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. די פערד האָבן זיך יעדע ווײַלע אָפּגעשטעלט. אַלע מאָל אויסגעדרייט די קעפּ און אים געקוקט אין די הענט אַריין. שטיינ־בערגן האָט מיטאַמאָל אַרומגענומען אַ גרויס רחמנות אויף זיך און אויף די פערד. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די פערד זענען מאָגער גע־וואָרן.

— איך וועל דאָ צוזאַמען מיט די פערד אָוועקפאַלן, — האָט ער זיך, אין גאַנצן אַן אויסגעשעפּטער, צוגעזעצט אויף דער ערד און געלאָזט די פערד פּאַשען דאָס אַרומיקע גראָז, — ווי אַ פּגר וועל איך דאָ אויסגיין.

אָבער פונדעסטוועגן האָט ער זיך ווידעראַמאָל גענומען צו דער אַרבעט. איינגעשפּאַרטערהייט, ווי עמעצן צו להכעיס טאָן, האָט ער ווידער אָנגעטאָן די לייצעס, און טראָט בײַ טראָט, ווי איינער, וואָס שטעקט אין אַ טיפן זומפּ און מוז זיין לעבן ראַטעווען, איז ער בײַם־לעכווייז אַרויף ביז צום שפּיץ באַרג. דערנאָך באַרג אַראָפּ. די פערד זענען געוואָרן אויסגעווייקט. ער אַליין האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס נאַסע העמד און איז געבליבן שטיין אַ נאַקעטער קעגן זון, ביז וואַנען עס איז אַריבער דער טאָג און עס האָט זיך אָנגעהויבן זעצן די זון.

ווען שטיינבערג האָט צום סוף אויסגעשפּאַנט די פערד, זיי מיט ליבע אָנגעשאָטן האָבער און היי און פאַרמאַכט דעם שטאַל, האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז זיין קערפּער איז זייער שווער און ער קאָן זיך נישט רירן פון אָרט.

צוערשט האָט ער זיך צעשמייכלט. מיט אַ מין אינערלעכן גרויסהאַלטן זיך און מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן: נו, בערטע, ווי געפעלט דיר עפּעס מיין טאָג אַרבעט? און מיט אַזאַ מבטל זיין זיך און זי, האָט ער זיך געלאָזט גיין אין שטוב אַריין. נאָר מיט אַמאָל האָט זיך דער שמייכל ביטער פאַרקרימט און ער האָט פּלוצ־לונג דערפילט, אַז די פיס זענען ווי פּאַראַליזירט, און אַז די אָפענע וווּנדן אויף די הענט און צווישן די פינגער בריען אַזוי שטאַרק, גלייך ער וואָלט געטראָגן אין די הענט גליענדיקע קוילן.

ער איז געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אין וואַנט פון שטאַל. עס

איז אים געוואָרן זייער אומעטיק. אַרום האַרץ האָט זיך צעלייגט א נאָגנדיקער טרויער און אים האָט זיך געוואָלט פאַר עמעצן פּיעס־טשען. מיט אָנשטרענגונג איז ער פאַרגאַנגען צום לויפנדן קוואַל, וואָס איז געווען גישט ווייט פון שייער. פון קוואַל האָט דורך א רער אַריינגעפּלאָסן קאַלט וואַסער אין א גרויסן פאַס. פון פאַס האָט אַרויס־געגלאַנצט אין בלויען פאַרנאַכט גרינער מאָך. ער האָט אַריינגע־שטופּט ביידע הענט אין פאַס וואַסער און אויף א מינוט איז אים גרינגער געוואָרן.

אָבער אין דער צווייטער מינוט איז אים געוואָרן זייער קאַלט. דאָס קאַלטע וואַסער האָט אָנגעהויבן שטעכן — צוערשט אין די שפּיץ פינגער, דערנאָך אין די עלנבויגנס, דערנאָך אין דער פּלייצע און ברוסט, און ס'האָט אים פּלוצלינג אָנגעהויבן האַקן אין קאָפּ. ער האָט שנעל אַרויסגעכאַפּט די הענט פון וואַסער, אָבער דאָס שטע־כעניש איז שוין איצט געקראָכן דריבנע און ווייטאָגדיק, ווי ווערים, אַרויף צו די אויגן, אויערן. ס'האָט זיך אים אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ, און ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן גראָז.

די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען. א שטילער פאַרנאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבערן הויף. אויבן, אויף די בערג, איז נאָך געווען ליכטיק, אָבער דאָ, אין טאָל, האָט שוין אָנגעהויבן ווערן פינסטערלעך. צווישן גראָז זענען אַרומגעקראָכן אַלערליי נאַכטיקע אינסעקטן. שטיינבערג האָט פאַרמאַכט די אויגן און געפילט, ווי אים גייט אויס דאָס חיות. יעדער אבר האָט ביסלעכווייז אָפּגעחלשט. ער האָט געפילט, אַז ער ליגט אויף א האַרטער ערד, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער וויגט זיך איבער אַן אָפענעם ים; אַלץ אַרום דרייט זיך; אַלץ שווימט — א בוים, א שטוב, א האַנט, און באַלד ווערט גאָר נישט.

ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער געהערט דאָס ווייב וויינען. דער דאָקטאָר האָט זי געטרייסט און געהייסן לייגן דעם חולה קאַלטע קאָמפּרעסן, און אויפן פערטן טאָג איז ביי זיין בעט געזעסן דער אַלטער פּאַפּ נאָרים.

— באַרגיק לאַנד אַקערט מען פון א זייט, — האָט דער אַל־

טער געקייט דעם צונג בשעתן רעדן, — נישט באַרג אַרויף און אַראָפּ.

— מיר איז גאָר נישט איינגעפאַלן אַזאַ פּשוטע זאַך, — האָט שטיינבערג שוואַך געענטפערט.

— דו האָסט נאָך מזל, וואָס די פערד זענען נישט אַוועקגע־פאַלן. דאַרפסט לויבן גאָט. האָסט אַ פּאָר גוטע פערד. האָסט אַ גאַנצן טאָג געאַקערט?

— אַ גאַנצן טאָג.

— בענטש דעם אויבערשטן, מיין טייערער שכן. ס'איז מיט דיר געשען אַ נס.

אויף מאָרגן איז אויך געקומען דער ברודער, על נאָרים.

— אַפילו מיט פיר פּאָר פערד וואָלסטו נישט געקאָנט אויפ־רייסן דעם באַרג, — האָט ער געזאָגט.

שטיינבערג האָט געשמייכלט:

— האָסט פאַרענדיקט אַקערן?

— פאַרענדיקט. מאָרגן באַראָנעווע איך. וואָס ווילסטו דאָרטן פאַרזייען?

— איך מיין עס אַזוי לאָזן ביז איך וועל אַרונטער פון בעט.

— וועסט עס שוין גאָר נישט לאָזן, — איז אַרויסגעשפּרונגען בערטע, — מער טוסטו ביי מיר נישט אַזאַ אַרבעט. זאָל עס איבער־נעמען על נאָרים. זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל. מעגסט עס אין גאַנצן איבערלאָזן.

— וואָס הערסטו זיך צו, וואָס אַ פרוי רעדט, — האָט שטיינ־בערג געשמייכלט, — אין אַ פּאָר טעג שטעלן מיר זיך אַרבעטן.

דאָס ווייב האָט אָנגעהויבן וויינען און איז אַרויס פון צימער.

## קאַפּיטל אַכט

איבער אַלע שווערקייטן, צווייפלענישן — יאָ בלייבן אויפן פאַרם, נישט בלייבן אויפן פאַרם, איז אָנגעקומען זומער, מיט אַ היץ, שפע, לאַנגע טעג און קורצע, ליכטיקע אָוונטן. מען האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן רייסן פון גאָרטן לעבן הויז פרישע ציבעלעס, רעטעכלעך,

טאָמעיטאָס און לעטוס. די קי און בײדע פערד האָבן אָנגעפּאַשעט אין טיפן גראָז פּולע, פּעטע בײַכער. עס האָט זיך געריסן מיט שנעלן יואַקסן דאָס קעלבל. עס זענען געוואַקסן בײדע קינדער, און אָנשטאָט קריגן זיך מיט שטײנבערגן פאַרוואָס ער האָט זי אַרויסגעבראַכט אויף אַ פאַרם, איז בערטע געוואָרן אַלץ פאַרנומענער, שטילער און זיך צעבליט, ווי אַ פול־צײטיקער, שײנער בוים. אַלע פּרוכט־בוימער זענען געשטאַנען מיט פלאַך־אָפּגעדעקטע בלעטער, גע־שאָסן אויף אַרויף אַלץ צײטיקערע פּרוכטן און זיך געריסן צו דער זון מיט גרין־גאָלדענער רײפקײט.

שטײנבערג איז אַרומגעלאָפן אַ פאַרשמײעטער און צע־שפּרודלטער. ער האָט זיך בשום־אופן נישט געקאָנט גלויבן, אַז ער האָט דאָס אַלץ אַלײן אויפגעטאָן. ער האָט זיך נישט געקאָנט צערײסן פון אַרבעט. זײַן פּנים איז שוין געווען אין גאַנצן פאַר־ברענט פון דער זון. די הענט גרויס און פאַרהאַרטעוועט. אין גאַנצן געגנט האָט מען שוין געקענט די ײדישע משפּחה און אַלע קריסטן האָבן זײ זײער ליב געהאַט.

פּאַפּ נאָרים פלעגט קומען יעדן שבת מיט אים שמועסן און ער האָט אָנגעהויבן מיטברענגען די סובאָטניקעס — מיסטער דזשאָרדזש פעלטען און דעם איטאַליענער אַנזשעלאָ לוצאַראָ.

די שמועסן האָט מען געפירט אין שאָטן פון אַ בוים. אַלע פיר מענער פלעגן זיך אַוועקלאָזן אין היציקע וויכּוחים. אַנזשע־לאָ לוצאַראָ, מיט אַ שײן־צעקעמטער, בלאָנדער באָרד, געטאָקטער נאָז און יעזוס־פּנים, האָט שטענדיק אָנגעהויבן מיט אַ פּסוק פון דער ביבל. דזשאָרדזש פעלטען, מיט אַ שוואַרצער באָרד און אױ־סערגעוויינלעך גרויסע הענט, האָט געמישט בלעטלעך פון נײעם טעסטאַמענט און אַלע צוזאַמען האָבן זײ גאָר אַנדערש נישט געקאָנט פאַרשטײן, אַז שטײנבערג, זײענדיק אַ ײד, איז ער שוין במילא אײנער פון זײערע.

— אָבער פאַרוואָס ביזטו אַ געגאָלטער? — האָט פּאַפּ נאָרים שטענדיק געפרעגט. — פאַרוואָס אַרבעטסטו אום שבת?

שטײנבערג האָט זײ געגעבן צו פאַרשטײן אין וואָס עס באַשטײט זײַן ײדישקײט. ער האָט גערעדט פון ײדישער מאָראַל

און עטיק. ווי אַן אַמתער פּאַרמער האָט ער שוין געוויכערט אַ ליולקע און געטרונקען צוזאַמען מיט די שכנים פון איין שע־פּעלע וואַסער.

— אַ ייד איז נישט בלויז דער, וואָס גאָלט נישט די באָרד און רויכערט נישט אום שבת, — האָט ער געזאָגט, — עס איז נישט בלויז די רעליגיע, וואָס באַרעכטיקט דעם קיום פון אַ פאָלק. אַ ייד קאָן זיין אַ גוטער ייד, נישט זייענדיק פרום.

— אָבער עס שטייט דאָך געשריבן אין דער ביבל, — האָט פּאַפּ נאָרים אָנגעהויבן שרייען, — אַז זעקס טעג זאָלסטו און דיין פערד אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען.

ביז שפּעט אין אָוונט פלעגט מען אַזוי שמועסן און די שכנים האָבן צעטראָגן זיין נאָמען איבערן גאַנצן געגנט. די קריסטן האָבן זייער ליב געהאַט די נאַשערייען, מיט וועלכע בער־טע האָט זיי מכבד געווען און זיי זענען אַלע געקומען העלפן אין שניט־צייט. מען האָט אים געהאָלפן אַרויסהויבן אַ געזעצטע וואַנט פון אייז־הויז. מען האָט אים געלערנט, ווי אַזוי אונטער־שיטן די קאַרטאָפל־בייטן, און אַנזשעלאָ לוצאַראָ האָט געבראַכט אַ מתנה צוועלף קאַטשענע אייער, אויף וועלכע שטיינבערג האָט אָוועקגעזעצט צוויי הינער.

די גאַנצע משפּחה איז געוואָרן געקרעפּטיקט און שטאַרק. די פרישע לופט האָט געשאַרפט זייער אַפּעטיט און הערטע איז גע־וואָרן נישט צו דערקענען. איר פּנים געזונט צעברענט פון דער זון. די גרוי־גרינע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי שפּיגעלעך. דאָס פּויליש־פּאַריסענע נעזל שאַרף־וואַכיק, און מיט אירע דריבנע, פלינקע טריט, האָט זי אַ גאַנצן טאָג אַרומגעטאָפּטשעט און גע־לאָזט זיך הערן איבערן גאַנצן הויז מיט די הילכיקע קלעפּ פון אירע הויכע אָפּצאַסן.

עס איז שנעל אַריבער דער זומער. עס איז אָנגעקומען אַ גאָלדענער הערבסט. ווידער זענען געשטאַנען שווער פּאַרהאָ־רעוועטע טעג. מען האָט באַדאַרפט אַרונטערנעמען פון פעלד די קאַרטאָפל און דאָס קרויט. אַרומלייגן מיט שטרוי דאָס הינער־הויז. שטיינבערג און מילדרעד האָבן אָוועקגעפירט צום בוהיי נאָך

צוויי קי. מען האָט אָנגעהויבן אָפּלייגן אין קעלער פּולע זעק מיט מערן, בוראַקעס און עפּל, און מאַן און ווייב האָבן כסדר גע־רעכנט, צי איז מען באַוואָרנט פאַרן ווינטער.

— איך וואָלט געוואָלט קויפן אַ בליץ־לאָמפּ, — זאָגט ער איינמאָל אין אַן אָוונט, — עס שטעלן זיך לאַנגע אָוונטן.

— זע בעסער און באַוואָרן זיך צוערשט מיט קוילן, — ענטפערט זי.

— מיר האָבן גענוג האָלץ, — שרייט ער צוריק. — וואָס וואָלסטו שוין געזאָגט, ווען איך דערצייל דיר, אַז איך האָב אויס־געשריבן אַ נייעם אַקער־אײַזן?

— אַ נייעם אַקער־אײַזן? — בלייבט זי שטיין פאַרוווּנדערט.

— יאָ. אַזאַ מיט אַ פּלאַץ צום זיצן. איך וועל מער נישט דאַרפן אַרבעטן אַזוי שווער.

— איצט אַקערט מען דאָך מער נישט.

— איך האָב אים באַשטעלט פאַרן קומענדיקן פרילינג.

זי האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט משוגע געוואָרן.

— איצט באַוואָרנסטו זיך שוין פאַר איבער אַ יאָר, — האָט זי געזאָגט, — ביזט אַזוי זיכער, אַז וועסט דאָ זיצן אַזוי לאַנג?

שטיינבערגן האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ. ער איז אַזש בלייך געוואָרן.

— מירן זיצן, — האָט ער כמורנע געענטפערט, — מיר האָבן נישט וווּהין צוריק צו גיין. מיר זענען נישטקשהדיק צו־געגרייט פאַרן ווינטער. איך וועל קאָנען פאַרקויפן די מילך און אַביסל אייער.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך אַ רוק געטאָן דער ווינטער. סוף נאָ־וועמבער איז אַראָפּגעפאַלן אַ טיפער שניי און דאָס גאַנצע הויז־געזינט איז געבליבן פאַרשטעקט אויפן פאַרם. אין דעצעמבער האָבן געברענט אַזוינע פרעסט, אַז יעדער טראָפּן וואַסער האָט גע־פרוירן אונטער די הענט. מען האָט געמוזט טראָגן פון הויז אָנ־געוואַרעמט וואַסער, כּדי אָנצוטרינקען די פי און הינער, און פאַר ניי־יאָר זענען ביידע קינדער געבליבן ליגן מיט מאַזלען.

אין שטוב איז געוואָרן אַ מוראדיקע יללה. מען האָט נישט געקאָנט אַרויסבּרענגען אַ דאָקטאָר און בּערטע האָט טאָג און נאַכט געוויינט. אויפן דריטן טאָג האָט אַנזשעלאָ לוצאַראָ גע־בּראַכט אַ רופא פון ביווערקיל, אַן אַלטער פאַרמער, וואָס האָט געהיילט מיט קרייטעכצער און אַלערליי באַבּסקע רפואות. בּערטע האָט אים מורא געהאַט צוצולאָזן צו די קינדער און געמאַכט מוראדיקע געוואַלדן.

— דו וועסט אונז דאָ אַלעמען אויסהרגענען, — האָט זי געשריגן, — דו בּיסט אַ מערדער. איך וועל זיך אַ טויט מאַכן.

זי האָט מיט ווילדקייט אַרויסגעטריבּן דעם פאַרמער. פון פאַרצווייפלונג געבּראָכן די הענט.

— איך וועל זיך אַ טויט מאַכן.

שטיינבּערג האָט גאָר נישט געענטפערט. שטומערהייט האָט ער געפּאַליעט האַלז אין בּיידע אויוונס און אַרויפגעטריבּן די היץ בּיז דער סטעליע, אַזוי ווי אין אַ בּאָד. ער איז אויף איין מינוט נישט אָפּגעטראָטן פון די קינדערס בּעטן. יעדער רויטער פלעק אויף זייערע לייבּער האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק פון זיין נשמה, און אין דער טונקלקייט, בּיי פינסטער פאַרהאַנגענע פענס־טער, האָט ער געהאַלטן אין איין טרייסטן דאָס ווייבּ.

ווען די קינדער זענען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געזונט גע־וואָרן, האָט מען זיי שוין אַ גאַנצן ווינטער נישט אַרויסגעלאָזט פון הויז. מילדרעד איז נישט געגאַנגען אין סקול. די קינדער האָבּן איבּערגעקערט די שטוב. אויסגעמאָרעטע, געלע, געוויקלטע אין סוועטערס און אין וואַטאָווע לייבּלעך, האָבּן זיי פאַרבּיטערט דאָס לעבּן און שטיינבּערג האָט מיטן עלטסטן קינד אַליין גע־פּרוווט לערנען.

— זי וועט גאָר נישט אָנווערן, ווען זי וועט אין סיזען נישט גיין אין סקול, — האָט ער שטיל געזאָגט.

— אַ סך וואָלט זי געלערנט, ווען זי גייט אפילו יאָ אין סקול, — האָט דאָס ווייבּ געענטפערט.

איינמאָל אין אַן אָוונט, אַרום טיש בּיים לאָמפּ, האָט זיך בּערטע אָנגעהויבּן דערמאָנען אין פריינט און בּאַקאַנטע.

— שוין באַלד אַ יאָר, אַז איך האָב קיין לעבעדיקן מענטשן נישט געזען, — האָט זי געזאָגט, — מיך וווּנדערט, וואָס איך הער גאָר נישט פון סיליען.

— דו ווילסט זאָגן, אַז מיר וווינען שוין דאָ צוועלף חדשים? — האָט ער געשפּאַסט און געפּרוווט צעשטרייען דאָס ווייב.

— ווי פיין דו קאָנסט זיך חנדלען, — האָט זי אים אַ שטאָך געטאָן.

— אויף מיין וואָרט, איך מיין עס ערנסט. מיר דאַכט, איך בין ערשט נעכטן אַרויסגעקומען.

— און מיר דאַכט, אַז מיר זיצן שוין דאָ אַ לעבן לאַנג. פאַרוואָס ענטפערט מיר נישט סיליע? איך האָב איר שוין דריי בריוו געשריבן.

ער האָט זי פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט און אָנגעהויבן קושן.

— אַט וועסטו זען, נאַרעלע, אַז מיר וועלן באַלד אַלץ פאַרגעסן. עס איז בלויז שווער דאָס ערשטע יאָר. באַלד קומט אָן אַ נייער פרילינג. עס וועט אויפגיין אַ נייע זון. אָשר שטיינבערג וועט נאָך אַמאָל זיין אַ באַוווּסטער פאַרמער. מאַדאַם שטיינבערג אַ פריצטע.

— אַ פריצטע, — האָט זי אים לייכט אָפּגעשטויסן.

שטיינבערג האָט זי נאָך שטאַרקער אַרומגענומען. מיט אַן אַ שיעור ליבע האָט ער זי געדריקט צום האַרצן. ביידע קינדער זענען צוגעלאָפן צום טאַטן און אים אָפּגעריסן פון דער מאַמע. בערטע איז רויט געוואָרן.

— דער טאַטע איז משוגע געוואָרן, — האָט זי געזאָגט.

---

צום באַשטימטן טאָג איז אָנגעקומען דער נייער אַקער־אייזן. דער אַקער איז געווען אַ רויט־אָפּגעפאַרבטער, מיט אַ הויכן זיץ־פּלאַץ און מיט צוויי אייזערנע שטעלעכלעך, ווו צו האַלטן די פיס. שטיינבערג האָט זיך דאָרטן גלייך אַוועקגעזעצט און דערנאָך האָט ער אַהין געמוזט אַרויפזעצן ביידע קינדער.

— דו מעגסט זיך אויך אהין ארויפזעצן, — האָט ער גע־חוזקט פון דער ווייב.

דער הויף איז פול געוואָרן מיט געלעכטער און פרייד. יע־דער האָט באטראכט יעדעס שרייפעלע און געפרווט טרעפן, נאָך וואָס מען דארף עס. שטיינבערג איז געשטאנען מיט א בויגן פאַ־פיר אין האנט, ווי ס'איז געווען אויסגעמאָלט דער אקער, מיט פאסיקלעך געצויגן צו יעדן טייל, און דערקלערט, ווי אזוי דער טייל הייסט. אויף מאָרגן האָט ער זיך בגנבה ארייגעכאפט אין שייער, ווו דער אקער איז געשטאנען, איינגעשפאנט ביידע פערד, איז ארויפגעקראָכן אויפן הויכן זיץ, מיט גדלות באטראכט ביידע אויסגערוטע פערד און א טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן, גלייך ער וואָלט זיך טאקע געקליבן ארויספאָרן אקערן.

— איצט פארשטיי איך, אז עס לוינט צוצונעמען אן אר־בעטער, — האָט ער פול מיט פרייד אין קול געזאָגט צו זיך אליין, — מיט צוויי אקער־אייזנס און מיט א גוטן פאָליאק צו דער ארבעט, קאָן מען א סך לאנד באארבעטן. איצט איז עס א פּלאן.

אָבער עס האָט אים נאָך אלץ גענומען מער, ווי צוויי חדשים, עמעצן ארויסנעמען. ער האָט זיך אלע טאָג געישובט מיט דער ווייב. ער איז ארומגעגאנגען זיך ראטן מיט די שכנים. פאַפ־נאָרים האָט אים רעקאָמענדירט א שכנישן פארמער, אָבער די יידן אין דיקינסוויל האָבן אים געראטן צוצונעמען א פאָליאק. דאָס ישובן האָט זיך פארצויגן ביז אָנהויב אפּריל, און דעמאָלט האָט ער דורך אן אַגענט זיך אויסגעשריבן א פאָליאק, אן הויי־מישן פארמער, וועמענס נאָמען ס'איז געווען — אלעקס.

## קאפּיטל ניין

מיטן אָנקומען פון צווייטן פרילינג איז שטיינבערג, צוזאמען מיט דער ווייב ארונטערגעפאָרן קיין דיקינסוויל, אריינטראָגן אין באנק די דריי הונדערט דאָלאר, וואָס ער האָט באדארפט לויטן קאָנטראקט איינצאָלן.

ער איז, נישט אײלנדיק, אַרויסגעפֿאָרן פֿון הויף. בײדע זענען געװען יום־טובדיק אויסגעפּוצט. בערטע האָט צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן אַ היטעלע און דאָס זײַדענע קלייד. שטײנבערג האָט געטראָגן שטאָטישע קליידער. אין דער באָגי איז געװען אײַנגע־שפּאַנט דאָס גוטע פֿערד, קיידי, און די שקאַפּע מיט די דינע פֿיס האָט, פּונקט װי דער באַלעבאָס, זיך געפֿילט פֿריילעך אויפֿ־געלייגט און פֿון גרויס שמחה, וואָס מען האָט זי אַרויסגענומען פֿון שטאָל, האָט זי כּסדר געשמעקט דעם וועג און געפֿאָרסקעט מיט די נאָז־לעכער.

ווען זיי זענען פֿאַרבײַגעפֿאָרן אַנזשעלאַ לוצאַראָס הויז, האָט ער זיי הילכיק פֿריילעך באַגריסט.

— העי, העי, — האָט ער אויסגערופֿן, — צי האָבן זיך עס נישט באַוויזן קיין פּריצים אין אונזער געגנט!

— מולטי־מיליאָנערן, — האָט שטײנבערג צוריקגעשריגן.

אַביסל ווייטער אויפֿן וועג האָבן זיי באַגעגנט דזשאָרדזש פֿעלטענען.

— וווּהין שפּאַנט עס אַ שכן? — האָט שטײנבערג פֿריילעך אויסגערופֿן.

— קיין דיקינסוויל. בײדע פֿערד זענען פֿאַרנומען.

— קריך אַרויף.

פֿעלטען איז געבליבן זיצן הינטן אויפֿן וועגל, מיט די פֿיס אַרונטער צו דער ערד.

— ס'אַ שווערער וועג דאָ, — האָט שטײנבערג געזאָגט, — עס טרייסלט אַרויס די נשמה.

— מען רעדט, אַז די קאַונטי גייט פֿלאַסטערן דעם וועג, — האָט געענטפֿערט פֿעלטען.

— מיסטער הווירשהאָרן האָט אויך אַזוי געזאָגט.

— יאָ, אַזוי רעדט מען.

פֿאַרנדיק לאַנגזאַם איבערן צעריסענעם וועג האָבן בײדע מענער געהאַלטן אין איין שמועסן. מיסטער פֿעלטען האָט אָנגע־וויזן אויף פֿאַרשידענע פֿאַרמס און דערציילט אַלערליי מעשיות. ער האָט אָנגעוויזן אויף אַן אַלטער כאַלופּע און דערציילט, אַז

דאָרטן האָט זיך צוריק מיט פערציק יאָר אויפגעהאַנגען אַ שיקסע, ווייל עס איז אין איר אריין אַ דיבוק. אויף אַ צווייטן פּאַרם, האָט ער געטײטלט מיט אַ פינגער — דריי טעג און דריי נעכט האָט דאָ געברענט אַ סטויג היי — נישט־גוטע פלעגן דאָ אַלעמאָל אונ־טערלייגן נייעם פייער. מען האָט דאָס פייער גאָר נישט געקאָנט אויסלעשן. לעבן דער דאָרפס־שול, האָט ער דערציילט, זענען צו־ריק מיט פופצן יאָר, אין 1888, אין חודש מערץ פאַרפרוירן גע־וואָרן 10 קינדער. אַזאַ שניי־שטורם געדענקט נישט קיינער פון אונזערע איינוווינער. אַ בייזע נאַטור־קראַפט האָט זיך דעמאָלט פאַנאַנדערגעשפּילט. די היינטיקע ווינטערס זענען אַ שפּילעכל קעגן דעם, וואָס דאָ פלעגט זיך אָפּטאָן.

— נאָך ערגער פון היינטיקן ווינטער? — האָט בערטע אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— יעס מעם, — האָט ער מיט דרך־ארץ אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ דערהערנדיק אַ פרוים קול.

— און מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן פאַרפרוירן ווערן, — האָט איר שטיינבערג ארויסגעהאָלפן, — אַ גאַנצן ווינטער האָבן ביידע קינדער געקרענקט.

אין דיקינסוויל האָט שטיינבערג צוגעבונדן דאָס פערד לעבן סאַלאַמאָנס סטאָר און איז צוזאַמען מיט בערטען אריין אין באַנק.

זי האָט זיך זייער געשעמט פאַרן באַנקיר. איר פנים האָט כסדר געפלאַמט.

— איר קוקט גאָרנישט אויס ווי אונזערע אַ פאַרמערקע, — האָט דער פּרעזידענט פון באַנק איר געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

— איך בין געקומען אָפּצאָלן אַ העלפט פון מיין חוב, — האָט שטיינבערג געזאָגט, — די גאַנצע דריי הונדערט דאָלאַר האָב איך נאָך נישט.

ביידע מענער האָבן לאַנג געשמועסט. בערטע איז מיט דרך־ארץ געזעסן אויף אַ שטול.

— אַז דו וועסט ווייטער זיין פּינקטלעך מיט דיינע צאָלונ־

נען, קאָנען מיר דיר אַ סך העלפן, — האָט צום סוף זיי צוגע־
פירט צום טיר דער פרעזידענט פון באַנק.

— איך וועל פרווון, מיסטער אייוועגס, — האָט שטיינבערג געענטפערט.

— קום אַריין, ווען דו וועסט עפּעס דאַרפן.

— אַ דאַנק, מיסטער אייוועגס.

— ער ווייזט אויס צו זיין אַ פיינער מאַן, — האָט שפּעטער בערטע געזאָגט.

— מיר זענען אים ביידע געפעלן געוואָרן, — האָט שטיינ־
בערג געענטפערט,—עס קאָן נאָך זיין, ער זאָל מיר געבן אַ הלוואה.

ווען שטיינבערג איז שפּעטער צוריק אַרויסגעקומען אויפן הויף, האָט ער מיט אַמאָל דערפילט, אַז ערשט איצט איז ער דאָ געוואָרן דער אמתער באַלעבאָס. דאָס געלט, וואָס ער האָט איינ־
געצאָלט, האָט אים באַפרייט פון אַ טשאַטעל מאַרטגעידזש און ערשט איצט קאָן ער צעפירן די הענט. די שטראַליקע פרייד האָט זיך צעשפּרייט איבער זיין פּנים. ער האָט מיט גדלות איבערגע־
געבן דאָס פערד צום פּאָליאַק און גאָר מיט אַן אַנדער מין קול האָט ער אָנגעהויבן שרייען אויף די הינער אין גאָרטן: — אַקיש, עטאַ.

ווי מיט עפּעס אָנגעלאָדן איז ער אַריין אין שטאַל. מיט גאָר אַן אַנדער מין ליבע האָט ער איצט געגלעט די קי. דאָס פּאַראַ־
יאָריק קעלבל איז שוין באַלד אַזוי גרויס, ווי די מאַמע. די שקאַפּע טראָגט אַ לאָשיקל אונטערן האַרצן. צוויי קי דאַרפן אַריינ־
קומען אין מיטן זומער. זיין שווערער שפּאַן האָט הילכיק געסקריי־
פּעט איבערן לויזן דיל, און ווען ער קוקט אַרויס אויפן הויף, באַ־
מערקט ער צום ערשטן מאָל, אַז די פאַרם איז אויסגעלייגט, ווי אַ שלאָסמעס: אַרום און אַרום מיט הויכע, שטיינערדיקע פּלויטן.

— ווי האָבן עס אַמאָליקע מענטשן געהאַט געדולד אָנטראָגן אַזוי פיל שטיינער? — רעדט ער פּלוצלינג צו זיך אַליין.

ווי פאַרשיכּורט פון שטאַרקן וויין, איז אים מיט אַמאָל איינגעפאַלן איבערבייטן דעם נאָמען פון פאַרם. אָנשטאָט ,,דהי

האוז און דזשאַי'', זאָל די פאַרם הייסן — ,,שטיינבערגס פאַרם''.

— אָבער ,,שטיינבערגס פאַרם'' איז צו חוצפּהדיק, — ענט־פערט ער זיך אַליין, — נאָך אַלעמען איז די פאַרם נאָך אַלץ נישט אין גאַנצן מיינע. איך בין נאָך שולדיק אויף איר געלט. צוווייטנס, זאָגט פּאַפּ נאָריס, אַז דער נאָמען איז מזלדיק.

ער איז אַזוי לאַנג געשטאַנען און באַטראַכט דעם הויף. אויף איין סעקונדע איז אים געקומען אַ געדאַנק פון חוזק, ווענן פּאַפּ נאָריסעס אַבערגלויבן, אָבער אין דער צווייטער סעקונדע האָט ער אָנגעהויבן צווייפלען אין זיין אייגענער אפּיקורסות.

— פון שטאָט ביז אַ פאַרם איז אַ מהלך, — האָט ער גע־זאָגט צו זיך אַליין, — דאָ קאָן מען גאָר נישט זיין אַזוי קלוג. ווען אַ מענטש זעט, ווי עס גייט אַלע טאָג אויף אַ זון, ווי עס פּרוב־פערן זיך אַלערליי אינסעקטן, ווי עס האָדעוועט זיך אַ וואָרעם אונ־טער אַ שטיין, ווערט מען שוין אוים תקיף. איז עס דען נישט מזל, וואָס איינער איז מצליח און דער צווייטער נישט?

דערצו איז נאָך מיטן נאָמען ,,האַוז און דזשאַי'' געווען פאַר־בונדן אַ גאַנצע געשיכטע.

דער פאַרם איז געלעגן צווישן דיקינסוויל און פאָרט דזשוויר ווים, אין אַ געגנט, וואָס מען האָט גערופן סעקעט וועלי. דער דאָ־זיקער געגנט איז פול געווען מיט סימנים פון אַמאָליקן יחוס. צוועלף מייל רעכטס, ביים שייד־וועג, האָבן זיך אוועקגעצויגן ווענן אין דריי באַזונדערע שטאָטן. פון איין הויכן באַרג, צוואַנציק מייל פון הויז, האָט מען אין אַ שיינעם טאָג געקאָנט זען פּענסילווייניא, ניו־דזשוירזי און קאָנעקטיקוט. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז דאָ, צווישן די בערג, איז געשלאָפן ריפּ־וועןן־ווינקעל. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז די נעמען פון טייכן און בערג שטאַמען אָפּ נאָך פון די צייטן, ווען דאָ האָבן געוווינט אינדיאַנער.

שטיינבערגס פאַרם איז געווען איינגעוויקלט אין דעם דאָ־זיקן יחוס. גאָר לאַנג — מיט הונדערטער יאָרן צוריק, ווען דאָס לאַנד איז נאָך געווען ליידיק און פּוסט, האָט עס דער ערשטער פון די דוליטעלס אָפּגעקויפט פון אַ פראַנצויז, דופּאָנט — אַ מאַן אַן

אוואנטוריסט, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט, ווהין ער איז פאַרשוווּנדן. ווען די יורשים זענען שפּעטער געקומען פאָדערן זייער ירושה, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס לאַנד איז גאָר נישט געווען זיינס. ער האָט דאָס לאַנד אַוועקגערויבט מיט פויסט און ביקס פון אַ סקאָטלענדער, וואָס האָט עס צוגענומען ביי אַן אינדיאַנער שבט. דער טראַקט האָט זיך דעמאָלט געצויגן פון סעקעט לעיק ביז אַרונטער צום שייד־וועג, און איז געווען געבענטשט מיט אַ סך וואַסער, מיט אַלערליי יאַגדעס, געדיכטע וועלדער און מיט גרויסע און קליינע חיות. מען האָט דערפאַר דעם גאַנצן געגנט גע־רופן מיטן אינדיאַנער־נאָמען, וואָס אין יידיש וואָלט עס געמיינט — „לאַנד פון גאָט, פון דיר געבענטשט, זיי געלויבט".

אָבער ווען די ערשטע דוליטעלס זענען אויסגעשטאָרבן און אַן אייניקל, קאַלווין, האָט געירשנט דאָס לאַנד, האָט ער, אַ מענטש מיט פען אין האַנט, פאַרקירצט דעם נאָמען — „דאָס לאַנד, וואָס איז געבענטשט". דערנאָך האָט קאַלווין צעטיילט דאָס לאַנד אויף עטלעכע פאַרמס. אַרום סעקעט לעיק האָט זיך אויסגעבויט אַ ישוב און ליאָ דוליטעל האָט איבערגעביטן דעם נאָמען פון זיין פאַרם אויף אַ פּראָסטן ענגליש — „די האַוז אָוו דזשאָי".

די דאָזיקע געשיכטע איז געווען באַשריבן אויף צוויי בויגן פּאַפּיר און צוגעטשעפּעט צום קאָנטראַקט, וואָס שטיינבערג האָט געקריגן. לייענענדיק דעם דאָקומענט, פלעגט ער ווערן מאָדנע אויפ־גערעגט. — אָט איז געקומען אַ ייד פון סאַטאַנאָוו און האָט עסקים מיט אינדיאַנער.—אים פלעגט זיך דעמאָלט דאַכטן, אַז אויך ער האָט עפּעס אַ חלק אין אויפבויען דאָס נייע לאַנד. און ווען ער איז איצט געשטאַנען אַ צעשפּרודלטער לעבן שטאַל און אַרויפגעקוקט צום הויז האָט ער ווידערהאָלט צו זיך אַליין — צופיל חוצפּה וואָלט עס געווען ביימן דעם נאָמען. אַ שטיק געשיכטע וואָלט איך צע־ריסן.

אָבער די נייע געפילן, מיט וועלכע ער איז איצט צוריקגע־קומען פון דיקינסוויל האָבן אים מער נישט געלאָזט רוען. אויב ער קאָן נישט איבערבייטן דעם נאָמען פון פאַרם, וועט ער איבער־בייטן דאָס אויסזען פון הויז. איצט, מיט נאָך אַן אַרבעטער, קאָן

ער יעדעם פּיצעלע אויסרייסן מיטן וואָרצל און אַלץ אויפסניי איי־בערבויען. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. ביים אָוונט־עסן איז ער געזעסן אַ מאָדנער צעטראָגענער. אין זיין מוח האָבן זיך גע־טראָגן פויגלדיקע פּלענער, און ווען ער האָט זיך שפּעטער געלייגט מיט דער ווייב אין בעט אַריין, האָט ער פּלוצלונג אַרויסגעשאָסן — איך וועל איבערבויען דאָס הויז, בערטע, און דעם שטאָל אויכעט. איך וועל גאָר אַנדערש דערציען איצט מיינע קינדער.

דאָס ווייב האָט אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט משוגע גע־וואָרן.

— דו דאַרפסט אויף מיר נישט קוקן אַזוי. איך בין איצט אַן אַנדערער.

זיי זענען געשלאָפן אין אַ ניי־געפּאַרבט צימער. דאָס צימער האָט געהאַט צוויי פענסטער — צו מזרח און דרום. דורך די אָפע־נע פענסטער האָט אַריינגעשלאָגן פרישע, קאַלטע לופט און זיין לייב איז געווען קיל, שטייף און פול מיט באַגער. אויפן קישן האָבן זיך אויסגעמישט ביידנס האָר. אירע לאַנגע, שאַטין־ברוינע האָר זענען צעוואָרפן איבער זיין בלאָנדן קאָפּ. דורך די פענסטער שטראָמט אַריין אַ פולער צימער מיט לבנה־שיין. מיט דער האַנט קאָן מען אָנטאַפּן דעם דרויסן, דעם הימל, גאָטס וועלט. און ער גיט זי אַ נעם אַריין מיט אַזאַ גבורה אין די הענט אַריין — אומ־זיסט און אומנישט האָב איך געפּטרט מיינע יאָרן, זאָגט ער.

דאָס ווייב פילט זיין שטאַרקן קערפּער לעבן זיך. עס גייט איבער אַ כוואַליע היץ פון אים צו איר און זי קאָן זיך נישט אַנט־קעגנשטעלן.

— עס איז אָבער צו שפּעט נאָכאַמאָל אָנצוהויבן, — זאָגט זי נאָך אַ לאַנגער ווײַלע שווייגן.

— עס איז קיינמאָל נישט שפּעט, — רעדט ער מיט אַ קלאָרן קול.

— ווען איך טראַכט, טאָמער וועט חלילה אַ קינד נאָכאַמאָל קראַנק ווערן, שפּאַלט זיך מיר דער מוח.

— פאַרוואָס זאָל אַ קינד קראַנק ווערן? — איז ער שוין ווידער פול מיט ענערגיע און שרייט כמעט הויך אויף אַ קול. —

דאָ איז אַזאַ רייִנע לופט, מיט אַזוי פיל זון. קראַנקע שיקט מען דאָך אַהער זיך היילן.

— און אַז די קינדער וועלן אונטערוואַקסן? מיינסט, מילד־דרעד וועט דאָ זיצן?

— פאַרוואָס זאָל זי נישט זיצן? מיר האָבן דאָ אַ סקול. די דיקינסאָוויל־ער מיטל־שול איז פּונקט אַזוי גוט, ווי די ניו־יאָרקער.

— פאָלג מיך אַ גאַנג דיקינסאָוויל. שיקן אַ קינד ניין מייל אין אַ שול.

שטיינבערג קאָן שוין מער נישט הערן אירע רייד. ער קערט זיך אַ ברוגזער אום מיטן פּנים צו דער וואַנט און רעדט אַריין אין דעם אָפענעם פענסטער — איך וועל דאָ דערציִען מיינע קינ־דער, אַזוי ווי איך וויל.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז פון דעם אָפענעם דרויסן האָט עמעצער צוריק געענטפערט: — איך וועל דאָ דערציִען מיין קינד אַזוי ווי איך וויל.

---

מען האָט דעם צווייטן פרילינג זיך געיאָגט מיט דאָפּלטן אימ־פּעט. פון זון־אויפגאַנג ביז די זון איז פאַרגאַנגען האָבן ביידע, שטיינבערג און דער געדונגענער אַרבעטער, אַלעקס, געאַרבעט אין פעלד. מען האָט צוגעבויט אַ ניי שטעלעכל פאַר די מאַשינען. אַ נייעם געשטעל פאַר קעלבלעך און דאָס פאַראַיאָריק איינגעפאַלן הינער־הויז האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטיינערדיקן פונ־דאַמענט.

דער צווייטער זומער איז געווען אַן אמת מזלדיקער. עס זע־נען צוגעקומען צוויי נייע קעלבלעך. איבערן הויף זענען אַרומגע־לאָפן קאַרגע פּופּציק הינער און צוועלף קאַטשקעס, וואָס אַ הון האָט אויסגעבריט. איבער שטיקער לאַנד, וווּ מען האָט אונטער־געאַקערט יאָרן לאַנגן ווילד־גראָז, איז דאָס היי אויפגעגאַנגען אַזוי הויך, אַז מען האָט זיך געזאָרגט, ווי אַזוי עס צו שניידן. אַלץ האָט זיך געריסן צו דער זון מיט שנעלן וואַקסן. עס איז אויסגע־קומען פּונקט, ווי דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך דערפרייט מיט די

מענטשלעכע הענט, וואָס האָבן זיך צו זיי צוגערירט און מיט פרייד באַצאָלט כפל־כפלים פאַר יעדער מינדסטער טרחה.

שטיינבערגן האָט שוין איצט געלאַנגווייליקט די רייד פון די סובאָטניקעס. ווען די פאַרמער פלעגן זיך צעלייגן מיט דער ביבל, האָט ער זיך צערעדט פון פאַרמעריי. ער האָט געוואָלט וויסן דעם חילוק צווישן ווינטער־קאָרן און קאָרן, וואָס מען פאַרזייט אין פרילינג, צווישן פריע און שפעט־פאַרזעצטע קאַרטאָפל, צווישן איין סאָרט פערטילאַיזער און אַ צווייטן און צי לוינט זיך אָפּגעבן אין די בערג מיט פי־צוכט.

אַנזשעלאָ לוצאַראָ איז איצט געוואָרן זיין בעסטער שכן. דער איטאַליענער איז אַרויסגעקומען פון אַ משפחה דורותדיקע פאַר־מער, אין אַ געגנט אין איטאַליע, וואָס האָט געשמט מיט אירע גערטנער און סעדער. לוצאַראָ האָט געקענט יעדעס גרעזל און יע־דעם ברעקעלע ערד. דאָ, אין די בערג, ווו דער סעזאָן האַלט אָן נישט מער, ווי דריי־פיר חדשים, האָט ער באַוויזן האָבן פרישע גאָרטנוואַרג כמעט אַ גאַנץ יאָר. זיינע גרין־הייזער האָט מען באַ־וווּנדערט אין גאַנצן געגנט, און שטיינבערג פלעגט אים שטענדיק פאַרוואַרפן מיט פראַגן.

— ערשט איצט זע איך, אַז מען דאַרף זיך נישט שרעקן פאַר פאַרלאָזט לאַנד, — האָט ער געזאָגט.

— עס איז נאָך אַמאָל בעסער, — האָט געענטפערט לו־צאַראָ, — דאָס ווילדע גראָז, וואָס מען אַקערט אַרונטער פוילט איבער, מאַכט פעט די ערד און שיקט אַרויס צוויי מאָל אַזוי פיל זאַנגען.

— מען זאָגט דאָך אָבער, אַז לאַנד ווערט זויער פון לאַנג פוסטעווען, — האָט זיך שטיינבערג איינגעשטעלט איבערשפּאַרן.

— שיט מען דעמאָלט אויס קאַלך איבערן לאַנד.

— ווי אַזוי ווייסט מען, ווען לאַנד איז זויער?

— מען פאַרזוכט עס. מען נעמט אַביסל אין מויל אַריין.

איינמאָל איז שטיינבערג און לוצאַראָ דורכגעגאַנגען דעם וואַלד און שטיינבערג האָט זיך דעמאָלט אויסגעלערנט די נעמען פון אַלערליי מינים בוימער.

— מיט דער קאָרע פון אַ בערעזע, — האָט לוצאַרא דער־ציילט, — באַנוצן זיך די פּראָסטערע פּארמער, אין געוויסע געגנטן אין פראַנקרייך, צו באַפּוצן זייערע הייזער. אַ הויז, איינגעוויקלט אין קאָרע פון אַ בערעזע, קוקט פון ווייטן אויס, ווי באַצויגן מיט אַלט זילבער און אָנגעשאָטן מיט שווארצע דימענטן. ווער קאָן אין אַ לבנה־נאַכט דורכגיין אַזאַ דאָרף און נישט לויבן גאָטס ווונדער? די סאָסנע, זאָגט מען, טראָגט אין זיך כּישוף. אין אונזער געגנט זאָגן מענטשן, אַז ווען מען מישט אויס צעהאַקטע בלעטער פון אַזאַ בוים מיט האָבער און מען גיט עס עסן אַ פערד, ווערט אַ גרוי פערד שוואַרץ.

שטיינבערג האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול.

— דאַרפסט נישט לאַכן, שכן, — איז לוצאַרא ערנסט גע־וואָרן, — יעדער בוים האָט אַ נשמה, וואָס לעבט און שטאַרבט צוזאַמען מיט אים.

יענעם אָוונט, זיצנדיק ביים טיש, האָט ער געהאַט פאַר דער ווייב און קינדער נייע מעשיות צו דערציילן. ער האָט די מעשיות צונעפּוצט מיט זיין אייגענער פאַנטאַזיע, אַזוי אַז ער האָט אָנגע־וואָרפן אַ שרעק אויפן הויזגעזינט.

— אַ סאָסנע־בוים, — האָט ער געזאָגט, — גיט אַ בלאָז מיט אירע בלעטער אין אַ ווינטערדיקן טאָג אויף אַ שוואַרץ פערד און עס ווערט גרוי. די נאָדלען פון אַ נאָדל־בוים זענען אין דער אמתן אריינגעשטעלטע ליכטלעך, וואָס צינדן זיך אָן נאָך אַלע אויסגעהאַקטע ביימער, און די קאָרע פון אַ בערעזע איז באַשאַפן געוואָרן צוליב דעם, כּדי זי זאָל אין פינסטערע נעכט באַלויכטן דעם וועג פאַר די גילגולים, וואָס וואַנדערן אַרום אין וואַלד, זוכנ־דיק זייערע נשמות.

בערטע האָט געלאַכט און צו דער זעלבער צייט געזעסן מיט אַן אָפן מויל. מילדרעד האָט אַרויסגעשפּאַרט אַ פּאָר אויגן.

— און וואָס ווערט פון אַן עפּל־בוים? — האָט דאָס קינד געפרעגט.

— איך מיין עס זייער ערנסט, בערטע, — האָט ער אָנגע־

צוויגן און ערנסטע מינע. — עס איז א פאקט. בוימער טראָגן אין זיך פּישוף.

— ביזט משוגע, — האָט זי אָנגעהויבן הויך לאַכן, — וועסט מיר באַלד איינרעדן אַ קינד אין בויך. וועסט נאָך איבער־שרעקן די קינדער.

— איך האָב עס אַליין געזען, —איז ער נאָך ערנסטער גע־וואָרן, — האָסטו נישט געזען אַמאָל, ווי דער ווינט פאַרטראָגט אַ ביסל זריעה און עס הויבט אָן שפּראָצן אַ פלאַנץ? פאַראיאָרן האָב איך אַליין אַריינגעשטעקט אַן אָפּגעבראָכענעם צווייג אין דער ערד, אַלס סימן, אַז ביז דאָרטן האָב איך פאַרזייט רעטשקע, האָסטו באַדאַרפט זען, ווי דער צווייג האָט זיך צוגענומען און וואַקסט איצט.

— איז וואָס האָט עס צו טאָן מיט דיין פּישוף? — האָט זי ווייטער געלאַכט.

— נאַרעלע, גולם, — האָט ער זי פלוצלונג אַריינגעכאַפּט אין די הענט, — דו ווייסט גאָר נישט, ווי גוט מיר איז איצט. מיר האָבן די וואָך אויפגעריסן צען אַקער לאַנד ביים סאָמע וואַלד, דאָרטן, וווּ ס'איז פאַראיאָרן געווען אַ נעסט פון ווילדע פייגל און משונהדיקע חיהלעך. איך באַזיג די ווילדעניש. דער מאַן פון אַ סטעישאָנערי סטאָר צערייסט לאַנד, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו אינדיאַנער. איז עס נישט פּישוף?

## קאַפּיטל צען

לאַנגזאַם, מיט געמאָסטענע טריט, אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ חודש נאָך אַ חודש, איז אַוועק נאָך אַ זומער, אַ צווייטער ווינ־טער, און אויפן דריטן יאָר האָט די קאַונטי גענומען בויען אַ נייעם וועג, וואָס וועט זיך ציען פון סעקעט לעיק ביזן דיקינסווילער פּאָסט אָפיס און פון דאָרטן, דורך רעילראָוד־עוועניו, אַרונטער צום וואָקזאַל.

דער גאַנצער געגנט האָט, ווי דורך אַ פּישוף, אויפגעלעבט.

מען האָט אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן נישט געשטויגענע מעשׂיות. אייניקע האָבן בסוד־סודות דערציילט, אַז די אירי גייט ציען אַן אייזנבאַן פֿון פּאָרט דזשווירוווים ביז דיקינסוויל. אַנדערע האָבן גע־שמועסט, אַז מען וועט דאָרט לאָזן לויפֿן אַ טראַמוואַי. מיסעס גורמאַן און הווירשהאָרן, די דיקינסווילער אַגענטן, האָבן זיך פּלוצ־לונג באַוויזן אין דער געגנט און אין דער שטיל איינגעקויפֿט, ביים סאַמע ברעג טייך, צוויי הונדערט אַקער לאַנד. אַ ייד פֿון קאַמישע איז אין אַ שיינעם פּרימאָרגן פֿאַרפֿאָרן צו אַנזשעלאַ לוצאַראָ, און מיסעס פֿעלטען האָט דערנאָך דערציילט, אַז דעם יידנס פּנים האָט זייער געפֿלאַמט, בשעת ער האָט פֿאַרלאָזן דעם הויף. אַ צווייטער ייד, פֿון סענטערוויל, האָט אונטערגעשיקט אַן אַגענט צו פּאַפּ נאָ־ריסעס משוגענער שוועסטער, אָבער די משוגענע האָט זיך אַליין צוגעבונדן צו אַ פּיסל פֿון בעט און געהאַווקעט ווי אַ הונט.

מען האָט פּלוצלינג אַרויפֿגעלייגט אויף דער באַפֿעלקערונג נייע צינזן. אינזשיניערן האָבן אָנגעהויבן מעסטן פֿעלדער, זענען גע־קראָכן מיט הויכע גומענע שטיוול אין פּרעמדע וועלדער, און אין שבתים און ימים־טובים האָבן זיי געהאַלטן אין איין שיסן האָזן און טכוירן.

דער גאַנצער געגנט איז איבערנאַכט באַפֿאַלן געוואָרן פֿון כּל־המינים מענטשן, וואָס האָבן זיך פּאַרדעכטיק אַרומגעדרייט איבער אַלע וועגן. עס האָט אָנגעהויבן פֿעלן — ביי איינעם אַ הון, ביי אַ צווייטן אַ זאַק קאַרטאָפֿל, און מענטשן האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן פֿאַרשליסן טויערן. צום אַלטן פּאַפּ נאָרים איז פֿאַר־פֿאָרן איבער נאַכט דער רייכער ייד פֿון פּווירנדעיל, וואָס האָט אַ חוץ דעם האָטעל ביים סוואַן לעיק, אויך געהאַט אַ פֿאַבריק אין פֿילאַדעלפֿיע. אָבער פּאַפּ נאָרים האָט אויף מאָרגן בלויז כיטרע־קלוג דערציילט שטיינבערגן, אַז דער ייד איז אַזוי פֿרום, ווי יעזוס קריסטוס — ער האָט זיך איינגעוויקלט אין אַ טלית און זיך גע־שאָקלט צוויי שעה אויפֿן זייגער, — האָט ער געזאָגט.

שטיינבערגן איז פֿון די אַלע רייד געוואָרן שווער אויפֿן האַרצן. אַזוי ווי מען בויט איצט דעם וועג, וועט ער מוזן דורכ־פֿאָרן פֿעלטענס פֿאַרם, צו וועלכער ער קאָן בלויז צוקומען מיט

א פעלד־וועג. דער דאָזיקער וועג איז פול מיט גריבער. ער וועט צעברעכן די וועגענער. עס וועט זיין צוויי מאָל ווייטער קיין דיקינס־וויל. ער האָט געבורטשעט און געהאַט טענות צו דער ווייב.

— ווען איך קום אהער ארויס צוריק מיט צען יאָר, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט מען אפשר געוועון לייגן דעם וועג דאָ ארום; וואָלט מען אוועקגעשטעלט א בריק לעבן הויז.

— שטראָם גראָם מאַך מיר א לעטניק, — ענטפערט דאָס ווייב, — וואָס האָט בוידעם צו טאָן מיט לאָקש?

דאָ אויפן פאָרם האָט זיך בערטע דערמאָנט אַלע סאַטאַנאָ־ווער ווערטלעך און זי שיסט זיי אַריין אין סאַמע האַרצן.

— בריקן וועט מען דיר בויען, — זאָגט זי, — די וועלט וועט דיר בויען בריקן. דיקינסוויל האָט גאָר נישט וואָס צו טאָן, נאָר טראַכטן פון שטיינבערגס פאָרם.

— ווען די שכנים וואָלטן זיין מענטשן, וואָלט מען גע־בויט, — ענטפערט ער, — ווען מען שטעלט זיך אַנטקעגן.

ער ווערט מיט אַמאָל צעשפּרודלט און הויבט אָן אײַנטענהן מיט דער ווייב.

— דו ווייסט נישט וויפל געלט מען וואָלט געקאָנט שפּאָרן. דאָרטן דאַרף מען רייסן בערג, שפּאַלטן סקאַלעס; דאָ ארום שפּאָרט מען איין צוויי מייל. מען דאַרף צונויפרופן די מענטשן און מיט זיי איבעררעדן.

ווי ער שטייט אַזוי און רעדט מיט דער ווייב, קומט אָן פון וועג, דורכן וואַלד, מיסטער פעלטען. דער סובאָטניק איז אויך גע־ווען דער בריף־טרעגער פון סעקעט וועלי. ער איז געפאָרן מיט דער באָגי, וואָס ער האָט אָנהויב זומער אָפּגעפּאַרבט. דאָס וועגע־לע איז געוועזן ליכטיק־געל, די הויכע רעדער רויט, דאָס פערד יונג און רירעוודיק. פעלטען האָט פון ווייטן געשאָקלט מיט דער יידי־שער באָרד, געפּאָכעט מיט דער בייטש, ווי אָנזאָגנדיק א בשורה.

— כ׳האָב פאַר דיר א בריוו, מיסעס סטיינבערג, — האָט ער פון ווייטן געשריגן, — ווייז אים נישט דעם מאַן. עס איז פון דיין סוויטהאַרט. — און צו שטיינבערגן: — עס איז א געפאַר דעם וועג דורכצופאָרן.

— פאַרוואָס? — פרעגט שטיינבערג.

— ביזט אַ פאַרמער, צי דו שלאָפסט? — שרייט צוריק פעלטמען מיט אַ קול, וואָס איז פול מיט גליק. — ווייסטו נישט, אַז מען בויט אַ וועג! לעבן באַרדענס מילך־סטאַנציע שטייען צוויי וועג־ברעכער. ס׳איז אַ געפאַר דעם וועג דורכצופאָרן. אונזערע שקאַפעס זענען נישט געווינט צו מאַשין־טומל.

— ווי אַזוי וועט לויפן דער וועג? — פרעגט שטיינבערג. פעלטמענס אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן.

— דורך מיין לאַנד, מיסטער מען, באַי גאָלי. שוין צוויי פאַרשלאָגן געהאַט. מיסעס גורמאַן איז שוין ביי מיר געווען צוויי מאָל.

שטיינבערגן האָט געגומען קלאַפּן אין האַרצן. ער האָט נישט געקאָנט קוקן אויפן שכן. דער פרומער סובאַטניק, שטענדיק מיט דער ביבל אונטערן אָרעם, האָט איצט געברענט מיט אַ רויט פּנים ווי פייער.

— קיינע ביזנעס, זאָג איך איר. אויב עס איז גוט פאַר עמעצן, איז עס נאָך בעסער פאַר מיר. מיין טאַטע, זאָג איך איר, און מיין זיידע האָבן אויך נישט פאַרקויפט זייער לאַנד.

— זע, אשר, — שרייט פלוצלינג אוים מיט פרייד בערמע, — סיליע קומט דאָך אַהער.

— וועלכע סיליע? — קוקט ער זי אָן, ווי אַ תּם.

— זע נאָר, ווי צעטראָגן ער איז, — ווערט זי אויפגע־רעגט, — קיין זאַך אינטערעסירט אים מער נישט. האָסט שוין פאַרגעסן סיליען? סיליע בערמאַן.

פון יוצא־וועגן קוקט ער אויפן קאָנווערט. זעט גאָר נישט און קערט זיך צוריק אום צו פעלטמענען.

— וויפל באַט מען דיר אָן פאַרן פאַרם?

— זי קומט מיט דער גאַנצער משפּחה, — שרייט דאָס ווייב און טאַנצט אַזש פאַר פרייד, — זי קומט מיט בערמאַנען און ביי־דע קינדער. כ׳האָב גאָר נישט געוווסט, אַז זי האָט שוין צוויי קינדער.

— עס וועט זיין אַ געפֿאַר צו פֿאָרן אין שטעטל, — זאָגט פֿעלטען, — אונזערע פֿערד זענען נישט צוגעוווינט צו טומל.

— וועט מען דאָ אויך בויען? — פֿרעגט ווייטער שטיינבערג. — דאָ אַרום וואָלט דאָך געווען שפּאָרעוודיקער. ווען מען בויט כאָטש איבער די בריק.

— מען וועט בויען, בויען, — ענטפֿערט פֿעלטען, — האָב נאָר געדולד. וועסט נאָך ווערן אַ גביר דאָ.

מיסטער פֿעלטען האָט אַ צי געטאָן די לייצעס, אַ סמאַטשקע געטאָן מיט די ליפּן און אַ געשריי געטאָן:

— גוד־באַי.

אין אַ וואָך אַרום האָט שטיינבערג געהערט, ווי אויף יענער זייט וואַלד, לעבן טייך, הודזשען מאַשינען. ווען ער איז אַהין צוגעקומען, האָט ער געזען צוויי וועג־ברעכער, ווי קליינע שטיבלעך אויף רעדער, פֿאַרנעמען דעם גאַנצן וועג און זעצן רויך ביז אַרויף צו די וואָלקנס. אַ ביסל ווייטער איז געשטאַנען אַ מאַשין, מיט אַ גרויסן אייזערנעם בויך, וואָס האָט זיך כּסדר געדרייט, צעמאָלן שטיינער, זאַמד און געשפּיגן פֿון אַזאַ גרויס מויל, וואָס וואָלט געקאָנט פֿאַרפּלייצן אַ געגנט. איין מאַשין, מיט אייזערנע ציין אין מויל, האָט ווי אַ קריכנדיקע, ריזיקע חיה, אויסגעריסן ביימער צוזאַמען מיט וואָרצלען. ביים ברעג וועג איז געלעגן אַן איבערגעקערטער וואָגן. דער דישעל איז געווען אויסגעריסן, די רעדער צעבראָכן, און מען האָט געזאָגט, אַז מ'האָט דעם פּאַרמער צוגענומען אין אַ שפּיטאָל.

דער טומל האָט זיך דאָ געהויבן ביז צום הימל. קולות האָבן געשפּאָלטן די לופֿט, מען האָט געבראָכן סקאַלעס, צעריסן בערג און געשאָסן מיט דינאַמיט. פֿון מידעלטאַון און פֿאָרט דזשווירוויס האָט מען געבראַכט אַזעלכע טענקס, אַ נייעם מין מאַשין, וואָס קאָן קריכן אויף גלייכע ווענט. גרויסשטאָטישע מאַשיניסטן, אינזשיניערן, אָנגעטאָן אין ברוינער קאָרדעראָי, מיט הויך־געשנורעוועטע שיך, האָבן כּסדר געפּייפֿט מיט גרילצנדע פּייפֿלעך און מיט סימנים פֿון הענט און פֿינגער, פֿון ווייטן געקירעוועט, מיטן גאַנצן פּאַראַד, איבער

נאַכט, און מען האָט פאַרטריבן אַלע פייגל, עס זענען אַנטרונען געוואָרן אַלע חיהלעך און דער וועג האָט אויסגעזען, ווי אַ שלאַכטפעלד.

שטיינבערג האָט דאָס אַלץ באַטראַכט. זיין האַרץ האָט אים געקלאַפּט מיט פרייד, וואָס מען בויט ענדלעך אַ וועג, אים זיך געבראָכן אין ווייטאָג, פאַרוואָס מען בויט נישט דעם וועג לעבן זיין הויז. ביי פעלטענען אויפן הויף זענען געשטאַנען צוויי שפּיגלדיקע אויטאָמאָבילן. די אינזשיניערן האָבן ביי אים אָפּגעדונגען אַ האַלבע שטוב און דאָס הויז האָט איצט אויסגעזען, ווי אַן אָפענע קרעטשמע, ווו אַ שפּע צעפּראַלט אַלע טירן.

אין אַ חודש אַרום איז שוין דער גאַנצער געגנט געלעגן הפקרדיק אָפן. מענטשן האָבן זיך צעלייגט אויף פרעמד לאַנד. פרעמדע פּנימער זענען געקראָכן איבער אַלעמענס וועלדער. איינמאָל אין אַ זונטאָג האָט שטיינבערג געזען צוויי פרעמדע ביי זיך אויפן לאַנד, מיט ביקסן אין די הענט, און באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ שרויט־ביקס, מיט וועלכער מען שיסט פייגל. איבער פעלטענס פעלד און שטיינבערגס וואַלד האָט מען צעשטעלט טעלעגראַף־סלופּעס, און מענטשן האָבן געזאָגט, אַז מען גייט דאָ צוטשעפּען עלעקטרישע דראָטן, וואָס מען וועט ציען אַזש פון פאָרט דזשווירוויס. עס האָט ווידעראַמאָל געטראָפן אַן אומגליק מיט אַ פאַרמער פון לעבן דיקינסוויל. עס זענען דערהרגעט געוואָרן הינט. מען האָט אויסגעהאַקט אַלטע הונדערט־יאָריקע ביימער. די תבואה, וואָס מענטשן האָבן אָנהויב פרילינג געזייט ביים ברעג וועג, איז געבליבן פאַרשטויבט, איבערגעקערט, צעטרעטן, און די פאַרמער פון גאַנצן געגנט האָבן מיט שרעק געשמועסט, אַז אַלע פערד זענען געוואָרן ווילד.

— אָבער דערפאַר וועלן זיך אונזערע פערד אויסמענטשלען, — האָט זיך געוויצלט על נאַריסעס זון, אַלעקסאַנדער, דער, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסשטאָטיש ווייב, האָט געאַרבעט ביים וועג, פאַרדינט אַ סך געלט און דערפאַר געהאַלטן מיט די אינזשיניערן. — מיין אייגענע שקאַפּע האָט זיך שוין צוגעוווינט.

דאָס איז געווען ביי שטיינבערגן אויפן הויף, נאָך אַ טאָג אַרבעט, ווו אַ קופּקעלע מענטשן האָבן געשמועסט פון שווערן זו־

מער, וואָס שטייט פאַר. אַלעמענס פּנימער זענען געווען פאַרזאָרגט. אויף אַלעמען איז געלעגן אַ מרה־שחורה. בלויז דער יונגער אַלעקסאַנדער האָט זיך געוויצלט:

— מיין שקאַפּע איז שוין צו אַלץ צוגעוווינט, — האָט ער געזאָגט.

— דיין באַבעצי קאָנסטו אַנטקעגנפירן דעם טייוול און זי וועט נישט נתפעל ווערן, — האָט געענטפערט דער אַלטער פּאַפּנאָריס, — דיין פערד האָט געשמעקט פולווער אין בירגער־קריג.

— האָסטו פונדעסטוועגן באַדאַרפט זען, ווי זי האָט זיך געבריקעט אין ערשטן טאָג.

— מסתמא האָסטו איר אונטערגעלייגט אַ הייסע קאַרטאָפל אונטערן וויידל, — האָט אַריינגעוואָרפן פעלטען.

אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן אין געלעכטער.

— אָן שפּאַס, מענטשן, — האָט זיך אַלעקסאַנדער נישט פאַרלוירן, — איר דאַרפט אַלע איינבערעכן אייערע פערד, ווי איך האָב געטאָן.

— ווי אַזוי? — איז אַרויסגעשפּרונגען שטיינבערג.

— גאָר פּשוט, — האָט מיט גדלות געענטפערט אַלעקסאַנדער, — זי האָט מורא, און איך דווקא מיטן קאָפּ אין דער מאַשין. זי בריקעט, און איך מיט דער בייטש. אַ טאָג און צוויי און איצט איז זי מיר אַ קאָטינקע.

— איז גוט, אַז דו אַרבעטסט דאָרטן שטענדיק, — האָט שטיינבערג געזאָגט, — אָבער ווי, ווען עמעצער פאָרט בלויז דורך?

— איז טאַקע צרות, — האָט אַלעקסאַנדער אָנגעהויבן לאַכן,
— איר האָט באַדאַרפט זען, מענטשן, ווי אַנדזשעלאָ לוצאַראָ איז דורכגעפאָרן. הייליקער קריסטוס! כ'האָב מיך געהאַלטן ביי די זייטן. מיר זעען, ער קומט און די פערד, נאָך פון ווייטן, שטעלן זיך דובאָם. שטעלן מיר אָפּ די מאַשין און איך גיי אים אַנטקעגן גרייט צו העלפן. ניין, — זאָגט ער, דער פאַרדאַמטער סובאָטניק,
— איך קאָן אַליין מייסטרעווען מיינע פערד. אָלראַיט, — זאָג איך,
— דאָ ביסטו באַלעבאָס; עס זענען דיינע, גאָט פאַרדאַמטע פערד; און ער לאַכט און נעמט די בייטש אין האַנט. איז ווי ער קומט צו

דער מאשין — בוץ, בוץ, די פערד מיט די הינטערשטע פיס אין וואָגן אריין — בוץ, בוץ, און דער גאַנצער פראָנט ווערט צעבראָכן.

איך האָב געמיינט, כ׳וועל פּלאַצן פון געלעכטער.

אַלע האָבן זיך געקאַטשעט אין געלעכטער.

— שטיינבערגס פּאַליאַק איז אויך אזא חכם, — האָט אַלעקסאַנדער ווייטער גערעדט, — אָבער דער גאָט פאַרדאַמטער פרעמדער קען האַלטן א פּאָר פערד אין די הענט.

— יאָ, ער קען, — האָבן אַלע מספּים געווען, — פאַר אים דאַרף מען נישט מורא האָבן.

דער עולם איז זיך צעגאַנגען. שטיינבערגן איז געוואָרן זייער שווער דאָס האַרץ. דאָס, וואָס אַלעקס איז א חכם, ווי אַלעקסאַנדער זאָגט, געפעלט אים לחלוטין נישט. דער פּאַליאַק פירט מילדרעדן אין שול אַריין. אַלע טאָג פירט ער אוועק די מילך. ער האָט מורא דערפון צו רעדן מיט דער ווייב.

אָבער בערטע האָט אַליין אַרויסגעפירט אויפן שמועס.

— דו ווייסט, אשר, — זאָגט זי איינמאָל, — כ׳האָב מורא צו שיקן דאָס קינד אין שול. עס גייען אַרום אַזוי פיל קלאַנגען וועגן אומגליקן.

— וויס איך וואָס, — פרוּווט ער פאַרשרייען זי און זיך,

— עס איז אינגאַנצן געבליבן צוויי וואָכן ביז סוף זמן.

— מיר איז אַזוי שווער דאָס האַרץ, — ענטפערט זי.

— אַז מען איז פּאַרזיכטיק, איז נישטאָ קיין געפאַר, — זאָגט ער ווייטער מיט אַן אָנגעשטרענגט געהעכערט קול. — ראָבערט איז א שטיל פערד. קיידין לאָז איך אים נישט אַרויסנעמען.

---

אין א וואָך אַרום איז אַלעקס אַרונטערגעפאָרן קיין דיקינס־וויל שמידן די פערד. דער פּאַליאַק האָט איינגעשפּאַנט ראָבערטן און קיידין אין נייעם פּאָרסיטער. דער וואָגן איז געווען א ליכטיק־ברוינער, מיט געלע רעדער און פון אַרום און אַרום דאַך האָבן אַרונטערגעהאַנגען ברוינע פרענזעלעך. דער שפּאַן איז געווען אַן אמת פריצישער. שטיינבערג האָט אים אָפּגעקויפט אויף יענער זייט

קאַמישע, אויף אַן אויספּאַרקויף, בּיי איינער אַ מיסעס האַרווי, בּיי וועמען דער מאַן איז פּלוצלינג געשטאָרבּן. דאָס גאַנצע הויז־געזינט האָט זיך געשפּיגלט אין דעם שפּאַן, און ווען דער פּאָליאַק האָט אים איצט אַרויסגענומען פון שטאַל, האָבּן בּיי שטיינבּערגן געציטערט די הענט.

— איר דאַרפט זיך נישט שרעקן, פּאַני שטיינבּערג, — האָט דער פּאָליאַק געזאָגט, — איך האָבּ געפּאַשעט פערד אין אַ פּריצים הויף, ווען איך בּין אַלט געווען פינף יאָר.

— פונדעסטוועגן וואָלסטו געווען בּאַדאַרפט אַרויסנעמען די בּאָגי.

— איך האָבּ גענומען דעם וואָגן, ווייל איך דאַרף צופּעסטיקן ד'עם דישעל, — האָט אַלעקס ווייטער געזאָגט. — איר קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזן. צו צען יאָר בּין איך געווען אַ בּאַלעגאָלע, פינף יאָר האָבּ איך געדינט אין מיליטער.

דורך דיקינסוויל האָט אַלעקס דורכגעשמיסן, אַז מען איז פון אַלע קראָמען געלאָפן קוקן אויפן בּייז־ווונדער. די הויכע רעדער האָבּן הילכיק געקלאַפּט איבּערן געפּלאַסטערטן וועג. די פרענזעלעך אַרום דאַך האָבּן זיך געטראָגן מיטן ווינט. ער האָט אויסגעקנאַקט מיט דער בּייטש אַזעלכע קונציקע שאָסן. און די פערד, ווי מושטירטע, האָבּן פאַרריסן די קעפּ. בּיים שמיד האָבּן אַלע בּאַטראַכט דעם וואָגן. מען האָט געטאַפּט די ווייך־אויסגעבּעטע זיץ־פּלעצער. אַלעקס האָט געבּלאָזן דעם בּלאָז־זאַק, און בּשעת דער שמיד האָט געשמידט איין פערד, האָט אַלעקס געטונקען די צעגליטע פּאָדקאָוועס פאַרן צווייטן פערד.

די גאַנצע קוזשניע איז פול געווען מיט צעשווומענער פּאַרע, מיט גראָבּע רייד, מיט געלעכטער, און אַלעקס האָט זיך נישט געאיילט אַהיימצופאָרן. ער האָט פּסדר געררויכערט סיגאַרעטלעך און זיך בּאַרימט, ווי קונציק ער האָט אויסגעמיטן די וועג־בּרעכער.

— אין איין פּלאַץ האָבּ איך זיי געצווונגען שמעקן מיט די נעז די מאַשינען, — האָט ער זיך גערימט. — אָט דאָס איז דער וועג פון איינבּרעכן פערד.

— איך מוז צוגעבּן, אַז דו בּיזט אַ גוטער טרייבּער, — האָט

אים דער שמיד געחנפעט, — ערשט היינט האָט מען מיר געבראַכט א צעשמעטערטן וואָגן.

— ביי מיר ווערט נישט צעשמעטערט קיין וואָגן, — האָט אַלעקס וווּיל־יונגעריש א שאָס געטאָן דאָס סיגאַרעטל מיט צוויי פינ־גער גלייך אין פייער אריין, — איך קאָן דורכקריכן דעם אויער פון א נאָדל.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן זעצן די זון, איז שטיינבערג אומרואיק געוואָרן. ער איז געשטאַנען ביים פּלויט פון הויף און זיך אויסגעקוקט די אויגן.

— האָסט אים נישט באַדאַרפט לאָזן נעמען דעם וואָגן, — האָט בערטע געזאָגט, — ווען אַפילו אַליין גייט אָפּ גלאַט, איז אויך נישט קיין שכל צו שלעפּן אזא וואָגן איבער א צעריסענעם וועג.

— ער האָט זיך געמוזט אָנשיכּורן, — האָט שטיינבערג גע־פּרוּווט טרייסטן זיך און זי.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך געגעבן א דריי אריין אין הויף אַלעקס. דער וואָגן איז געווען איינגעטונקען אין בלאָטע, א שטיק דאַך אָפּגעריסן און דער דישעל צעבראָכן.

אַלעקס, מיט א פּנים פון א מת, האָט קוים געקאָנט אויסקי־רעווען דעם וואָגן. מיט א צעבראָכענעם דישעל האָט ער נישט גע־קאָנט קאָנטראָלירן די פערד.

— וואָס איז געשען? — האָט זיך שטיינבערג צו אים א לאָז געטאָן מיט א בלייך פּנים און מיט א קול, וואָס איז אַזש הייזעריק געוואָרן פון אויפרעגונג. — וואָס האָט געטראָפן?

— איך וויים נישט, פּאַני שטיינבערג, — האָט דער פּאָליאַק געציטערט, — אויפן ערן־וואָרט, איך וויים נישט.

— וואָס מיינסטו, דו ווייסט נישט, — האָט שטיינבערג גע־שריגן, נישט מיט זיין קול. — איך האָב דיר געזאָגט, זאָלסט נישט נעמען דעם וואָגן!

דאָס ווייב האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אזא אויפגע־רעגטן. זיין קול האָט זיך אינגאַנצן געביטן.

— זאָג מיר, וואָס האָט געטראָפן, — האָט ער געשריגן, — פאַרוואָס האָסטו זיך אזוי לאַנג געזאַמט?

אַלעקס איז נישט אַראָפּ פון וואָגן און מיט אַ פאַרקרימטן, רחמנותדיק פּנים אָנגעהויבן דערציילן, וואָס ס'האָט מיט אים גע־טראָפן.

— ס'איז אַזוי געווען, פּאַני, — האָט ער שטיל געזאָגט, — איך בין די גאַנצע צייט געווען פאָרזיכטיק. אהין און צוריק. אַלץ איז געווען אָלראַיט. די פערד געשמידט. דאָס גאַנצע שטעטל קוקט אויפן פּריצישן שפּאַן, און איך לויף דורך מיט אַ קנאַק. ווען איך בין אַריבערגעפאָרן אַלע מאַשינען און זיך פאַרקירעוועט, דאָ לעבן פאַרם, אין וואַלד, האָב איך, דעם אמת געזאָגט, פּאַני שטיינבערג, די פערד אַביסל אונטערגעשמיסן. דאָ, טראַכט איך, איז דאָך קיין געפאַר נישטאָ, וועל איך אַביסל אונטערטרייבן. עס נעמט דאָך אַזוי לאַנג דאָס דורכקריכן איצט. ביים שמיד האָב איך געדאַרפט וואַרטן. די קי איז שוין צייט צו מעלקן. טאָ פאַרוואָס נישט אונטעריאָגן? ערשט דאָ נאָענט, שוין לעבן הויז, איך גיב אַ קוק, ווידער אַ מאַ־שין, און פון קוימען זעצט אַ רויך. איך האָב זיך, דעם אמת גע־זאָגט, אַביסל פאַרלוירן, ווייל די פערד, זע איך, שטעלן זיך דובאָם.

— לעבן הויז אַ מאַשין? — האָט שטיינבערג פאַרוווּנדערט געפרעגט.

— יאָ, פּאַני, לעבן הויז. מיט אַלע כּוחות נעם איך די לייצעס אין האַנט. איך ווייס, אַז אויף אַלעקסעס הענט קאָן מען זיך פאַרלאָזן. איך האָב זיך, דעם אמת געזאָגט, גרויס געהאַלטן פאַרן מאַשיניסט, וואָס איך בין אַזוי פלינק דורכגעפאָרן. איך קוק צוריק און ער פאָכעט צו מיר מיט דער האַנט, קוועלט אָן פון מיין גוט שטיקל אַרבעט. איך פאָכע צוריק מיט דער האַנט. און דאָ וואָלט איך געשוווירן, אַז ער האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: נאָך איידער איך בין געגנוג ווייט אָפּגעפאָרן, ערשט די מאַשין: זששש, זששש, הויבט אָן קאָכן, הודזשען און לאָזט אַרויס אַ פייף, אַז איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, זענען די פערד אַרויס פון מיינע הענט און איבערגעקערט דעם וואָגן. האָט איר דען, פּאַני שטיינבערג, נישט געהערט דעם פייף?

שטיינבערג איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַן אָפן מויל. זיין פּנים איז ביסלעכווייז אָפּגעגאַנגען.

— מיר דוכט זיך, כ'האָב יאָ געהערט אַ פייף, — זאָגט ער צו דער ווייב.

— צי וועט מען כאָטש קאָנען פאַרריכטן דעם וואָגן? — פרעגט בערטע.

— דעם דאַך וועל איך באַלד אַליין פאַרריכטן, — ענטפערט אַלעקס הכנעהדיק און צעשראָקן, — און אַ דישעל קויף איך פאַר מיין אייגן געלט, פאַני שטיינבערג.

— נו, פיר אַריין דעם וואָגן און שטעל זיך מעלקן, — זאָגט שטיינבערג.

— יעס, סער.

— גיב אַ קוק צי איך האָב אָנגעשאָטן האָבער פאַר די פערד.

— יעס, סער.

— מען דאַרף גיין אַ קוק טאָן, וואָס ס'טוט זיך דאָרטן, — זאָגט שטיינבערג צו דער ווייב.

ביידע זענען אַרויס פון הויף. מילדרעד איז אויך געגאַנגען. דעם קליינעם אַרטור האָט די מאַמע געפירט פאַר אַ האַנט. אונטערן באַרג, ביי דער ריטשקע, האָט מען געזען אַ גרויסע מאַשין. פון קוי־מען האָט געזעצט אַ רויך. די מאַשין האָט מיט אַ גרויס אייזערן מויל צעריסן דעם וועג און אַ שטיק פעלד.

— אָט האָסטו דיר אַ מעשה, — האָט בערטע געזאָגט, — מען וועט נישט קאָנען אַרויספאָרן פון הויז.

ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער אַלטער בריק האָט בערטע אָנגענומען מילדרעדן ביי דער האַנט און מיט ביידע קינדער גע־בליבן שטיין פונדערווייטנס.

— וואָס גייט איר דאָ טאָן? — איז שטיינבערג צוגעגאַנגען צום מאַשיניסט.

— אַרונטעררייסן די אַלטע בריק.

— איר וועט דאָ בויען אַ וועג?

— דערווייל אָוועקשטעלן אַ בריק. איז עס געווען דיין וואָגן, וואָס האָט זיך איבערגעקערט?

— יאָ.

— האָסט אַ גוטן מענטש, מיסטער פאַרמער, — האָט דער

מאשיניסט, אַז אויסגעשמירטער אין סאַזשע און אייל, געזאָגט, — אַז אַנדערער וואָלט דערהרגעט געוואָרן.

— ס'אַ געפאַר דאָס לעבן איצט, — ענטפערט שטיינבערג, — אַלע טאָג טרעפט אַן אַנדער אומגליק. עס וועט לאַנג דויערן?

— אַ פּאָר וואָכן.

מער ווי אַ חודש איז מען געבליבן אָפּגעהאַקט פון דער גאַנצער וועלט. מען האָט געמוזט פאָרן איבער פעלדער און וועלדער און אַרום טייך. מען האָט פון דער גאַנצער מילך אויסגעשלאָגן פּוטער, די פּוטער געוויקלט אין גרינע בלעטער און געשיקט מיט פעלטעגען צו סאַלאָמאָנען אין גראָסערי. אַלעקס האָט געאַרבעט מיט אַ געשוואָלענער האַנט און אַ קינד האָט געקאָנט אָפּטאָן מער אַרבעט.

אָבער דערפאַר איז אין אַ חודש אַרום געווען אויפגעשטעלט נישט ווייט פון הויז אַ נייע בריק, מיט ווענט און אַ דאַך. דער דיל איז געווען פון שווערע ברעטער, און ווען מען פלעגט דאָרטן דורכפאָרן האָט עס אָפּגעהילכט איבער שטיינבערגס הויף, ווי ווייטע דונערן. פון פאָרנט פון דער בריק איז געווען צוגעשלאָגן אַ נייע שילד, אַז מער ווי פיר טאָן קאָן די בריק נישט אויסהאַלטן.

## קאַפּיטל עלף

די בריק האָט אומגעריכט אַריינגעבראַכט נײַ לעבן אויף שטיינבערגס פאַרם. איבערן וועג, פאַרביי דעם הויז, האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן אָפּטע פורן און פרעמדע מענטשן. מיטן ערשטן פרעמדן, וואָס האָט זיך דאָרטן באַוויזן, איז דורכגעלאָפן אַ ווייטער, פאַרנעפּלטער געדאַנק, אַז מען דאַרף צושליסן דעם שייער. דערנאָך איז דורכגעפאָרן אַ צווייטער מענטש. שטיינבערג און מילדרעד זענען גראָד געשטאַנען ביים פּלויט און דער פרעמדער האָט מיט אַ נישט־היימיש, צעשראָקן קול געפרעגט דעם וועג קיין פאָרט דזשווירוויס.

— אַרונטער־באַרג, — האָט שטיינבערג אויסגעשטרעקט אַ האַנט, — ביים שייד־וועג, פאַרנעמט זיך רעכטס.

— דער מענטש, ווייזט אויס, קומט פון ווייטע מקומות, — האָט ער דערנאָך געזאָגט צו דער טאָכטער. — דער וואָגן איז פול מיט בלאָטע און דאָס פערד האָט געשמעקט דעם וועג.

דערנאָך זענען אין איין טאָג דורכגעפאָרן צוויי משא־וועגע־נער, מיט אָנגעשטעלטע קי אויף זיי, וואָס מען האָט צוליבן צע־ריסענעם וועג געפירט קיין ניוטאָן אין שלאַכטהויז דורך דאַנען. עס איז פאַרבייגעפאָרן אַ פולע פור מיט הינער־שטייגן, אַ קאַראַסעל פון מידלטאון קיין דיקינסוויל צו דער קאונטי פעיר, און הווירש־האָרן האָט זיך שוין דריי מאָל אָפּגעשטעלט לעבן הויז, מיט אַ פו־לער פור מענטשן, וועמען ער איז געפאָרן ווייזן דעם סעקעט לעיק.

די שטוב האָט זיך פון זיך אַליין צעשטראַלט. דאָס הויז איז געשטאַנען אַן אָפּגעפאַרבטס, דער שייער און שטאַל אין פרישער רויט און אַלעקס האָט שוין געהאַט פאַרריכט דעם וועג לעבן אַריינפאָר.

איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען מען האָט שוין געלייגט די קינ־דער שלאָפן, דערהערט מיטאַמאָל בערטע אַ דונערן אין דרויסן, און רופט זיך אָן צו דעם מאַן:

— איך האָב אויסגעשפּרייט דאָס גרעט צום טריקענען, לאָ־מיר דאָס גיין אַריינגעמען.

שטיינבערג קוקט זי אָן און פאַרשטייט נישט וואָס זי רעדט.

— אשר, עס דונערט, — זאָגט זי נאָכאַמאָל, — די גאַנצע וועש ליגט אין דרויסן.

— עס דונערט? — וואונדערט ער זיך. — ס'האָט דאָך גאָר־נישט געוויזן אויף קיין רעגן!

מיטאַמאָל גיבן זיך אַ שיט אויס אַ סך דונערן, אַזש די שויבן האָבן געקלונגען.

— ווי געפעלט דיר, — זאָגט ער, — אין מיטן דערינען אַ רעגן, און איך האָב איבערגעלאָזט די שניידמאַשין אין דרויסן.

נאָר דאָ גיט מיטאַמאָל אַ שפּרונג אַרויס פון בעט מילדרעד. דאָס נאַכט־העמד איז איר ביז צום פּופּיק, די פיס באָרוועסע, די אויגן גלאַנצן און דאָס פּנים, ערשט אַרויס פון דעם אויסגעוואַ־רעמטן בעט, שיינט אין ראָזעווען קאָליר ווי אַ צייטיקער עפּל.

— פּאַ! — שרייט דאָס קינד — צוערשט האָב איך אויך גע־מיינט, אַז ס'דונערט. אָבער עס איז דאָך גאָר די נייע בריק!

אַלע זענען געבליבן צעטומלט. מילדרעד איז שנעל צו צום פענסטער.

— עמיצער פאָרט, — שרייט זי, — ס'איז ווילי פעלטען. איך דערקען זיין נייַ וועגעלע.

— ווי קומט אַהער ווילי? — גייט אויך שטיינבערג צו צום פענסטער.

מיט יעדן טאָג איז דער דורכפאָר איצט געוואָרן אַן אָפטערער. דורך דעם, וואָס דער הויפּט־וועג איז געלעגן אַ צעריסענער האָט מען דורך דער נייער בריק אָנגעהויבן פאָרן קיין ניוטאָן, מעיפּעל־וואוד, דוירקטאָרן, צו די פּאָור־קאָרנערס, און שטיינבערג האָט מיט־אַמאָל אָנגעהויבן חלומען פון נישט־געשטויגענע חלומות, — ווי ווייט בין איך דען פון פּאָרט דזשווירוויס? — האָט ער אָנגעהויבן פאַנטאַזירן. — מיט אַ גוטן וועג ביז מידעלטאַון בין איך אין דריי שעה אין שטאָט.

דאָס וואָרט שטאָט, צום ערשטן מאָל אין קאַרגע זעקס יאָר, אויף די ליפּן, האָט אָנגעצונדן זיין פאַנטאַזיע. עס האָט ווי אַ בליץ דורכגעריסן זיך אין מוח דאָס גאַנצע פריערדיקע לעבן — די קראָם, שטאָטישע פאַרוויילונגען, טעאַטער און חברים.

— איך בין גאָרנישט אַזוי ווייט פון דעם אַלעמען, — האָט ער אַ צעשפּרודלטער גערעדט צו זיך אַליין.

גאָר פּלוצלינג פאַר זיך אַליין אומדערוואַרט, איז ער איינמאָל אין אַן אָוונט צו צו דער ביבער־שאַנק, געכומען אויפּרייסן זשור־נאַלן, וואָס זענען אים אָנגעקומען און אויף וועלכע ער האָט זיך ביז איצט אַפילו נישט אומגעקוקט.

ער האָט אָבער קיין סך נישט געקאָנט לייענען. זיינע אויגן זענען פאַרחלומט אַראָפּגעפאַלן. זיין האַרץ האָט געזונגען מיט אַ פרייד, וואָס איז נאָך גרעסער פון געשריבענעם וואָרט. אַלע זיינע פעלדער זענען פאַראַקערט און פאַרזייט. איבער די שמאָלע וואַסער־פאַסן ליגן גוט באַפּעסטיקטע קלאַדקעס, וואָס ער מיטן געדונגענעם אַרבעטער האָבן אויסגעלייגט. די קי טרייבט מען איצט צום פּאַשע־

לאַנד דורך אַ קורצן וועג, און אונטער דער בריק קלײַבט זיך אַ וואַסער־פֿאַל מיט אמתע זאַסטאַווקעס.

ער פֿילט, ווי עס צעגייט אים דאָס האַרץ. ווערטער און ביכער קאָנען דאָס גאָר נישט אויסדריקן. ער גייט אַרויס אויף דער וועראַנדע, הויבט אָן חלומען פֿון נאָך מער פֿאַרגרעסערן די באַלעבאַטישקייט און מיט אַלע חושים פֿילט ער, אַז איצט לוינט זיך ערשט אָנצוהויבן אַרבעטן; אַז מיטן נײַעם וועג ווערט ער פֿאַרבונדן מיט עפּעס, וואָס איז שוין געווען באַלד פֿאַרשווונדן, אָבער וואָס קערט זיך אום צוריק. ער כאַפּט, ווי תמיד אין אַזאַ פֿאַל פֿון באַגײַסטערונג, דאָס ווײַב, רעדט אין איר אַרײַן אָן אַ שיעור ווערטער, פּלאַפּלט, קושט זי און ווערט צעקראָכן, ווי אַ שול־ייִנגל.

---

עס איז אַזוי אַוועק אַ האַלבער זומער. דאָס בויען פֿון נײַעם וועג האָט גענומען זײַנע קרבנות. אַלע טאָג האָבן זיך צעיאָגט עמיצנס פֿערד, צעבראָכן וועגענער, צעשעדיקט לעבנס, און על נאָריסעס זון, אַלעקסאַנדער, האָט דערהרגעט זײַן שקאַפּע. די שקאַפּע האָט זיך דערשראָקן פֿאַר אַן אומדערוואַרטעטן פֿײַף פֿון אַ מאַשין, וואָס האָט געהויבן אַן אײַזערנע נעץ און זי האָט זיך אַרײַנגעפּלאָנטערט צוזאַמען מיטן וואָגן אין דער נעץ אַרײַן. די מאַשין האָט זיך אויטאָמאַטיש געהויבן, מיטגעריסן דאָס פֿערד און ביז מען האָט זי צײַט געהאַט אָפּצושטעלן, זענען דער שקאַפּעס פֿאָדערשטע פֿיס געווען איבערגעבראָכן. אַלעקסאַנדער האָט זי מיט איין קויל צווישן די אויגן אַוועקגעלייגט.

פּונקט יענעם טאָג איז אָנגעקומען אַ צווייטער בריוו פֿון סיליע בערמאַן, אַז זי קומט אַרויס מיט דער גאַנצער משפּחה אויף אַ פּאָר וואָכן, און מען זאָל זיי קומען באַגעגענען בײַם וואָקזאַל.

אין הויז זענען אַלע צעטומלט געוואָרן. די בשורה, אַז אויפֿן פֿאַרם קומט אַרויס די נאָענטסטע חברטע, צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער, האָט אַלעמען ווילד געמאַכט פֿון פֿרייד.

— איצטער דאַרף איך שוין מער קיינעם נישט — האָט זיך בערטע אַ גאַנצן פֿרימאָרגן גערעשט און געגרייט, — מעגסט זיך איבערליגן אין פֿעלד וויפֿל דײַן האַרץ גלוסט.

— און איך וועל זיך האָבן מיט וועמען צו שפּילן, — האָט נעשריגן מילדרעד.

— איך וועל זיך מיט זיי שפּילן, — האָט נאָכגעקרימט אַר־טור יעדעס וואָרט.

— ווען זיי וואָלטן געווען אָנגעקומען דורך פאָרט דזשווירוויס,

— האָט פאַרזאָרגט געזאָגט שטיינבערג, — קיין דיקינסוויל איז אוממעגלעך צו קומען.

— מען וואָלט באַדאַרפט דינגען פעלטענען, זיי אָפּצונעמען,

— האָט נעענטפערט בערטע, — מיט אים וואָלט איך אויך גע־פאָרן זי באַגעגענען.

— איצט אין דיינע אומשטענדן, — האָט שטיינבערג צע־שראָקן געזאָגט.

— ס'וועט מיר גאָרנישט שאַטן. מיט פעלטענען איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

בערטע האָט קענען מאַנס ווילן זיך צוגעגרייט צום פאָרן. מען האָט גענומען דעם אייגענעם „פאָור־סיטער" און פעלטענס פערד. דער גרויסער וואָגן איז געווען ניי אָפּגעפאַרבט. מיט אַ נייעם דישעל און מיט די פרענזעלעך ארום דאַך האָט ער אויסגעזען אמתדיק פּריציש. ביידע, מאַן און ווייב, זענען געזעסן אינעווייניק אין וואָגן און מיסטער פעלטען אויף דער קעלניע. בערטע איז געווען יום־טוב־דיק אויסגעפּוצט. זי האָט געטראָגן אַ שטאָטיש היטעלע, הענטשקעס און אַ ניי קלייד, וואָס האָט קונציק פאַרשטעלט דעם שפּיציקן בויך. שטיינבערג איז געזעסן אין אַ ניי, וויים העמד, דאָס פּנים גלאַט ראַ־זירט, די האָר פאַרקעמט און ביידע האָבן די גאַנצע צייט גערעדט.

— ס'איז אַן אנגענעם געפיל, באַגעגענען פריינט, נאָך אַזוי פיל יאָר נישט זען קיין לעבעדיקן מענטשן, — האָט שטיינבערג געזאָגט.

— איך קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן די מינוט, — האָט אָם ווייב געענטפערט.

— און מיר באַגעגענען זיי גאָרנישט ווי שלעפּערס, — האָט ער זיך שפּאַסיק געגרויסט און מיט לצנות זיך געגווידערט, — ווי רייכע פּריצים פאָרן מיר, מיט אַן „איזוואָסטשיק".

— דו, מיט דיינע ווערטלעך. איך מיין, אין האַרצן ביסטו טאַקע אַ גרויסהאַלטער.

— און וואָס פאַר אַן עולה וואַרפסטו מיר אויס? — האָט ער זיך צעלאַכט.

— אַ מענטש מעג אַביסל ווייניקער האַלטן פון זיך, — האָט זי צוריק געשמייכלט, — סאַרע געוואַלדיקע גליקן דו האָסט עס.

— פונקט אַזויפיל אויפגעטאָן, ווי סיליעס מאַן אין שטאָט.

— איך קאָן זיך גאַרנישט אויסמאָלן, ווי סיליע קוקט אויס, — האָט דאָס ווייב איבערגעריסן.

— זיכער נישט אַזוי שיין ווי דו, — האָט ער מיט ליבע אין קול געענטפערט, — און דאָס — האָט ער אָנגעוויזן אויפן בויך — קאָן מען אין שטאָט אוודאי נישט דערוויזן.

ביידע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. ביידע האָבן געשיינט פון פרייד. פעלטען איז בשלום דורכגעקראָכן דעם וועג און אין דיקינס־וויל האָט ער צעלאָזט די פערד און איז אַזוי ווילד דורכגעלאָפן מעין־סטריט, אַז אַלע האָבן געגאַפט. פון קראָמען האָט מען צו זיי געפאָכעט מיט באַגריסונגען. ביים וואָקזאַל, וואַרטנדיק אויפן צוג, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט רעדן מיט מיסעס גורמאַן. די אַגענטקע האָט פאַרוואָרפן מיסעס שטיינבערג מיט קאָמפּלימענטן. זי האָט געהאַלטן אין איין שרייען, אַז זי האָט אַ קונה פאַרן פאַרם מיט פינף טויזנט דאָלאַר פּראָפיט, אַז היינט קאָן זי שליסן דעם מסחר. שטיינבערג האָט גערויכערט אַ לולקע. בערטעס פנים האָט געפלאַמט, ווי אַ שטיק פייער, און ווען זי איז צום סוף אַרויפגע־פאַלן אויף סיליעס האַלז, איז זי געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז זי האָט שיער נישט געחלשט.

## קאַפּיטל צוועלף

דאָס צוקומען פון געסט אויף דער פאַרם, מאַן, ווייב און צוויי קינדער, האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן הויף, שטוב און פעלד מיט נייער פרייד און געלעכטער. ביידע חברטעס האָבן זיך גאַרנישט

געקאָנט געגנוג אָנפּרייען איינע מיט דער אַנדערער. יעדע מינוט האָבן זיי זיך געכאַפּט אויפּס ניי קושן. ביי יעדער זענען אַלע מאָל געקומען טרערן אין די אויגן און אַלע מאָל איז איינע ווידער גע־פאַלן אויף דער צווייטערס האַלז.

זשעדנע, היסטעריש, שנעל און מיט צעפּלאַמטע פּנימער האָט מען אַלע מאָל ארויסגעפּלאַצט: — טייערע, ליבע, האַרציקע, גוטע.

אין דרויסן האָט אַלץ געוואַקסן. א הייסע זון האָט צייטיק געמאַכט דעם גאָרטן אין פעלד. קוקורוזע האָט זיך געוויגט אין ווינט מיט גאָלד־זיידענע בערד. פאַרשפּרייטנדיק שטאַרקע ריחות, האָבן זיך געבויגן רויזן־קוסטעס. עס האָט געשמעקט די לופט. פון צווישן צווייגן האָבן אַרויסגעגלאַנצט בלויע פלוימען, צייטיקע עפּל, באַרן און ווײַנשל. די געסט זענען געשטאַנען אויף דער וועראַנדע. פאַרכּישופט פון אַלערליי קאָלירן, פאַרטשאַדעט פון ריחות, האָבן זיי נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון די ווייטע בערג, וואָס האָבן זיך געשפּרייט פאַר די אויגן, גרינע, וויאָלעטעווע, בלויע, גע־וויקלט אין הייסן נעפּל, אין ווייס־גרויע שלייערן, און סיליע האָט אַלעמאָל אויפסניי אַרויסגעפּלאַצט: — טייערע, ליבע, גוטע.

די קינדער האָבן איבערגעקערט דעם הויף. מילדרעד, א גרויס צעוואַקסן מיידל האָט געקאָמאַנדעוועט מיט די איבעריקע קינדער, ווי א קליינע מאַמע. ווען מען האָט שפּעטער איינגעשטעלט די געסט אין א גרויס צימער, און אָפּגעגעסן צוזאַמען דעם ערשטן מאָלצייט, האָבן זיך די צוויי חברטעס ערשט ריכטיק אַרומגעכאַפּט. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אָנזעטיקן איינע מיט דער אַנדערער. צוזאַמען מיט די קינדער זענען זיי אַרויס פון הויף, האָבן אָנגעהויבן אַרומ־גיין דעם גאָרטן, די בלומען, דעם סאַד, און פּלוצלינג האָט זיך אויפן פּאָרם צום ערשטן מאָל צעטראָגן א יידיש ליד:

דער וואָס אַקערט און וואָס זייט,
אין דער זון און אין דעם ווינט,
דער פאַרגרייט זיין זאַטן ברויט
פאַר זיין קינד און פאַר זיין רינד.

מילדרעד און אַרטור, ביידע קינדער, זענען געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער. סיליע האָט געכאַפּט אַרטורן אויף די הענט און אים אויסגעקושט דאָס פּנים.

— איך וואָלט קיינמאָל נישט געוווּסט, אַז ס'איז דיינס אַ קינד. אַזוי ווי אַ קאַצאַפּ זעט ער אויס. ווי קומט צו דיר אַ שגץ?

זי האָט אָנגעהויבן רעדן צו אַרטורן:

— וואָס וועט פון דיר זיין, אַז דו וועסט אויסוואַקסן? וועסט בלייבן, ווי דער טאַטע, אַ פאַרמער? ענטפער: יאָ! אַ פאַרמער!

— זינג נאָך אַ ליד, — האָט מילדרעד געזאָגט, — איך האָב ליב, ווען דו זינגסט.

— נאָך אַמאָל זינגען? — האָט זי אָראָפּגעלאָזט אַרטורן און געכאַפּט אויף די הענט מילדרעדן. — אָ, קיין עין־הרע, אַ נישקשה־דיקן פעמפּיק האָסטו אויסגעהאָדעוועט. ווילסט איך זאָל נאָך אַמאָל זינגען?

סיליע האָט ווייטער געזונגען:

פאַר מיין קינד און פאַר מיין רינד,
נישט געאַקערט און נישט געזייט,
אין דער זון און אין דעם ווינט,
ליגן מיינע פעלדער טויט.

מיינע פעלדער, מיינע טעג,
ווי אַ נאַקעטע — די נויט,
אויף אַן אומוועג אויף איר וועג,
מיט אַ קרומען מעסער גייט.

דער גאַנצער הויף איז פּלוצלינג פול געוואָרן מיט געזאַנג. די לעצטע צוויי פערזן האָבן אָנגעוואָרפן אַ שווערע שטימונג. סיליעס קול איז געוואָרן טרויעריק בעת זי האָט נאָכאַמאָל אין דער שטיל איבערגעחזרט: פאַר מיין קינד און פאַר מיין רינד, נישט געאַקערט און נישט געזייט.

— עס ברענגט מיך צוריק צו די מיידלשע יאָרן, — זאָגט

בערטע. — אָ, ווי לאַנג דאָס איז געווען! געדענקסטו, ווען מיר האָבן געאַרבעט אין שאַפּ?

— יאָ, די צייט לויפט, — ענטפערט סיליע, — מען ווערט עלטער.

— דו האָסט זיך גאָרנישט געעלטערט, — באַטראַכט בערטע די חברטע און קאָן נישט אָראָפּנעמען די אויגן פון בלייבן, שטאַטישן פּנים, פון דעם הויכן שטערן, קויל־שוואַרצע האָר און פון דער דינער מיידלשער טאַליע, — קיין האָר זיך נישט געביטן.

— און ווי לעבט זיך דיר, טייערע? — פרעגט סיליע.

— אַט, ווי דו זעסט. גיב אַ קוק אויף מיינע הענט, וועסטו אַלץ וויסן.

— דו קוקסט אויס אַזוי גוט.

— דאָס איז צוליב עפּעס אַנדערש, — שמייכלט בערטע.

— איך מיין אַ חוץ דעם. האָסט אַ געזונטן קאָליר אין פּנים. און וואָס מאַכן די קינדער?

— אַט, זעסטו דאָך. זיי זענען געוואָרן גרויסע. מילדרעד איז מיין רעכטע האַנט. זי האָדעוועט מיינע הינער.

— און אשר איז טאַקע געוואָרן אַ פאַרמער?

— אַלץ הייסט אַ פאַרמער! דעם מענטשן טאָר מען נישט דערמאָנען די שטאָט. טאָג און נאַכט מיט נייע פּלענער. אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, וואָלט שוין לאַנג אַנטלאָפן.

— פאַרוואָס עפּעס אַנטלויפן?

— ס'איז שווער צו לעבן, טייערע. וואָס דו זעסט איצט, איז גאָלד. מען בויט שוין אַ וועג, מיר האָבן אַן אַרבעטער. ווען די וואָלסט געוווּסט, וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעלעבט. איך האָב נאָר געמיינט, אַז איך וועל פון זינען אַראָפּ.

ביידע זענען געאָרמטע אַרומגעגאַנגען איבערן הויף. סיליע האָט אַלעמאָל אָנגערירט אַן אַנדער בלום, אָנגעטאַפּט אַן אַנדער מין גאָרטנוואַרג און מיט שטאָטישער באַגייסטערונג געפרעגט די נעמען.

— און וואָס הערט זיך ביי דיר? ווי גייט עס בערמאַנען?

— בערמאַן איז אַ חולה, — איז סיליע פּלוצלינג געוואָרן טרויעריק, — ער האָט געמוזט אויפגעבן די אַרבעט.

— אַ חולה? וואָס איז אים?

סיליע האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ענטפער, זיך געוואָרגן מיט די רייד, ווי זי וואָלט מורא געהאַט אָנצורופן די חולאת.

— שווינדזוכט? — האָט ביי מיסעס שטיינבערגן אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. — בערמאַן האָט שווינדזוכט? פון ווען אָן? ווי אַזוי איז עס צו אים געקומען?

זי האָט אָנגעהויבן וויינען. זי האָט אַרומגעכאַפּט די חברטע און זי געדריקט צום הארצן.

— ער וועט דאָ זיצן, — האָט זי צעשראָקן און צעטומלט אָנגעהויבן זייער שנעל רעדן, — וועסט ביי מיר בלייבן אַזוי לאַנג, ווי דו וועסט דאַרפן. איך האָב אַ גרויס הויז. מיר האָבן פון אַלעם גוטן. מילך און אייער. בערמאַן וועט פונדאַנען נישט אַוועקפאָרן ביז ער וועט געזונט ווערן. דאָ אין די בערג וועט ער שנעל געזונט ווערן. ווי אַזוי איז עס צו אים געקומען? ער איז דאָך געווען אַזאַ געזונט־טער? איך וואָלט זיך עס קיינמאָל נישט געגלויבט. ער קוקט גאָר נישט אויס ווי אַ חולה.

אויף מאָרגן האָבן שוין ביידע חברטעס געאַרבעט אין קיך. די קינדער האָבן זיך צוזאַמען געשפּילט אויפן הויף. בערמאַן האָט גע־מוזט אויסטרינקען צוויי גלעזער פרישע מילך און צוויי רויע אייער. מען האָט אים אַוועקגעשיקט מיט שטיינבערגן אין פעלד אַריין און בערמע האָט אים אויף אַן איידעלן אופן, גלייך ווי זי וואָלט פון גאָרנישט געוווּסט, אָנגעזאָגט ווי אַזוי ער זאָל רוען.

— ליגט אויף דער זון, — האָט זי אים אָנגעזאָגט, ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צוזאַמען מיט שטיינבערגן אויפן וואָגן, — שפּרייט זיך אויס אַ קאָלדרע און באַקט זיך אויף דער זון. איר דאַרפט ביי מיר קריגן אַ פאַרברענט פּנים, ווי אשר האָט. מיר האָבן דאָ נישט ליב די שטאָטישע, בלייכע פּנימער. אין אַ וואָך צייט דאַרפט איר ביי מיר ווערן ווי אַ נעגער.

בערמאַן האָט שווייגנדיק געשמייכלט און פון זיינע טרויעריק־אומעטיקע אויגן האָט געשיינט אַן אַ שיעור דאַנקבאַרקייט.

— איר זאָלט צו דער מינוט צוריקקומען, — האָט זי נאָכ־געשריגן דעם וואָגן. — פּונקט צוועלף אַזייגער עסן מיר מיטאָג.

פון הויז האָט ארויסגעשלאָגן אַ פריילעכער געלעכטער. געזאַנג האָט זיך צעלייגט איבערן גאַנצן הויף. ביידע חברטעס האָבן אָנ־געגרייט אַ יום־טובדיקן מיטאָג, און ווען די מענער זענען צוריקגע־קומען האָבן שוין ביידע פרויען אויף זיי געוואַרט אויף דער ווע־ראַנדע.

— פון היינט אָן פירן מיר אַ בשותפותדיקן טיש, — האָט סיליע גענומען שטיינבערגן אונטערן אָרעם.

— און בערמאַנען גיבן מיר אַ דאַטשע, — האָט געשריגן בערטע.

— ווי איך האָב דאָ אַלץ באַטראַכט, קאָן מען דאָ אייביק לעבן, — האָט בערמאַן געשמייכלט. — די לופט איז אַזוי ריין.

— אימער און אייביק, — האָט בערטע געלאַכט, אים גענו־מען אונטערן אָרעם און אַריינגעפירט אין הויז אריין.—איר וועט דאָ מיט אונז שוין בלייבן. מירן צוזאַמען פירן אַ בשותפותדיקן טיש. אין אַ יאָר אַרום וועט איר ביי מיר ווערן שטאַרק, ווי שמשון הגבור. איך וועל נאָך אַרויסנעמען אהער דעם עם־עולמניק, זאָל ער האָבן נחת פון זיין אשרן.

אַ ניי הויז איז עס געוואָרן. אַ נייע שפּראַך האָט זיך דאָרטן געהערט. שטיינבערג איז נאָכמיטאָג נישט געגאַנגען צו דער ארבעט. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך געמאַכט אַ יום־טוב. צוזאַמען מיט בערמאַנען איז ער געבליבן זיצן אויף דער וועראַנדע און ביידע האָבן זיך צערעדט פון אַמאָליקע יאָרן.

— די עם־עולמניקעס האָבן געהאַט פיינע אידעען, אָבער, ווי איך פאַרשטיי איצט, זענען זיי נישט געווען קיין פּראַקטישע מענטשן, — האָט שטיינבערג געזאָגט. — זיי האָבן געדאַרפט אָנ־שטאַט בויען קאָמונעס, באַזעצן איינציקע פאַרמס. שותפות איז שווער אפילו מיט אַ ווייב, בפרט נאָך אויף אַ פאַרם.

בערמאַנס פּנים האָט זיך אַלץ מער צעפלאַמט. איבער זיינע איינגעפאַלענע, בלייכע באַקן האָבן זיך צעשפּילט רויטע רויזן. ער

האָט אָנגעהויבן רעדן שנעל, נערוועז, הייזעריק און פאַרשלונגען ווערטער.

— איך מיין, קאָמונעס קאָן מען אויך איינשטעלן,—האָט ער געזאָגט, — מען דאַרף בלויז אָפּקלייבן די ריכטיקע מענטשן. איך מיין סתּם, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן. אין שטאָט איז דאָס לעבן אומדערטרעגלעך. פון אַלע אַמאָליקע אידעאַלן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. מען איז געוואָרן ווער אַ קרעמער, ווער אַ מאַנופעקטשורער, און קראַנקע אַרבעטער. ווועמען גייט איצט אָן דער קאַמף? יעדער איז פאַרטאָן מיט זיינע קליינלעכקייטן. איר זענט אפשר דער איינציקער פון אונזער גרופּע, וואָס בויט אַ נאָרמאַל לעבן.

ער איז געבליבן זיצן אומעטיק. עס האָט אים פאַרהאַקט דער אָטעם.

— איך וואָלט געוואָלט בערטע זאָל אייך הערן רעדן, — האָט שטיינבערג געזאָגט, — זי רייסט זיך נאָך אַלץ אין שטאָט אַריין.

— עס איז פון איר אַן עולה,—האָט בערמאַן געענטפערט,— זי קאָן זיך גאָרנישט פאַרשטעלן, וואָס פאַר אַ לעבן דער אַרבעטער פירט, און אפילו דער קליינער סוחר, וואָס האָט ער?

— אָט דאָס זאָג איך דאָך. איך האַלט מיט איר שטענדיק אין אַריינטענהן: וואָס קאָן מיך דערוואַרטן אין שטאָט, נאָך מיט קינדער?

פון שטוב האָבן זיך געטראָגן די פרויענס קולות. מיט אַ פאַרטוך איבערן קלייד, די אַרבל פאַרקאַטשעט, די האָר פאַרקעמט הויך איבערן שטערן, האָט סיליעס קול אַרויסגעקלונגען פון קיך. ווי עמיצער וואָלט אַלעמאָל אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן אַרויס בינטלעך גלעקלעך.

— ווו וואַשסטו דאָס געפּעס? — האָט זי הילכיק קלינגענדיק געלאַכט. — ווו נעמסטו היים וואַסער?

— פון דעם טאָפּ נעמט מען היים וואַסער, — האָט בערטע צוריק געלאַכט, — אין יענער שיסל וואַשט מען. דער־אַ קעסל איז אונזער וואַנע. קעניגלעך, נישט?

— קיסר־קעניגלעך, טייערע.

— און ווו איז דיין דינסט?

— מיין דינסט אקערט די ערד.

— ניין, איצט שמועסט ער פון וועלט־זאכן, — האָט סיליע אָנגעוויזן אויף שטיינבערגן דורכן פענסטער, — זע, ווי די צוויי האָבן זיך צוגעכאַפּט. זע, ווי באַגייסטערט מען איז.

ביידע האָבן פריילעך געלאַכט. די אַרבעט האָט געברענט אונטער די הענט. בערטע האָט געוואַשן דאָס געפעס און סיליע האָט עס געווישט. די קינדער האָבן געטומלט אויפן הויף. אַרטור האָט זיך געשפּילט מיט בערמאַנס יינגעלע. מילדרעד האָט געוויגט סיליעס קליין קינד. ביידע חברטעס האָבן זיך ווידעראַמאָל צעזונגען:

דער וואָס אַקערט און וואָס זייט,
אין דער זון און אין דעם ווינט,
דער פאַרגרייט זיין זאַטן ברויט
פאַר זיין קינד און פאַר זיין רינד.

---

זונטאָג איז שטיינבערג געבליבן אין הויז. דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז אויפן פאַרם איז ער צוזאַמען מיט דער ווייב געבליבן ליגן אין בעט און זיך נישט געאיילט אויפצושטיין. אין דרויסן איז אויפגעגאַנגען די זון, עס האָבן געמוקעט קי און קעלבער, געקרייט הענער, אָבער ער האָט זיך אַ צופרידענער געקאַטשעט אין בעט, געצוויגן די שטייפע גלידער, צעריסן דאָס מויל אין געזונטן געניצן און דערנאָך זיך אַרומגעדרייט איבערן הויז אַ האַלב אָנגעטועענער, אין שטעק־שטיך, און געפילט אַז אויף זיין הויז איז מיטאַמאָל אָנגעקומען אַ יום־טוב, וואָס ער האָט דאָ אויפן פאַרם נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט.

ער האָט געשמועסט מיט בערמאַנען פון שטאָטישע זאַכן, פון וועלט־פּאָליטיק, און אַלעמאָל זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלטע באַקאַנטע. די ווייבער האָבן צוגעגרייט אַ מלכותדיקן פרישטיק, מיט אַלער־

ליי געזאָלצענע פיש, מיט רעטשענע לאַטקעס און מיט פרישן מעי־
פעל־סירופ, וואָס אַלעקס האָט אָנגעצאַפּט אין וואַלד.

צום פרישטיק, ווי אָפט אין אַ יום־טוב, איז אַריינגעקומען פּאַפּ נאָרים. די קינדער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף זיין שויס און בערטע, דערלאַנגענדיק אים עסן, האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר די שטאָטישע געסט.

— דאָס איז אונזער בעסטער שכן, — האָט זי געזאָגט. — פּאַפּ נאָרים איז נאָך אַ בחור.

דער אַלטער האָט אַ פאַרשעמטער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געפּרוּווט איבערפירן דעם שמועס.

— איך מוז אייך מאַכן אַ קאָמפּלימענט, — האָט ער געזאָגט, — אַז כאָטש „באַקוויט קעיקס" איז אונזערער אַ געריכט, האָב איך זיי נאָך קיינמאָל נישט געגעסן אַזוינע געשמאַקע, ווי ביי די יידן.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו נישט חתונה מיט אַ יידישקע? — איז צו אים גלייך געוואָרן צוגעלאָזן סיליע.

— נישטאָ פאַר מיר קיין כלה, — האָט ער געשמייכלט. — אַלע גוטע יידינס זענען פאַרהייראַטע.

— און איך געפעל דיר נישט? — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן.

— דו געפעלסט מיר שוין גאָר. ווילסט זיך גטן מיט דיין מאַן?

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— היינטיקע צייטן גט מען זיך נישט, — האָט זיך סיליע געקאַטשעט אין געלעכטער, קאָקעטירט און אים אָנגעצויגן, — איך גלויב נישט אין דעם.

— אָבער איך בין יאָ אַ גלויביקער, — איז ער ערנסט געוואָרן. — זאָלסט נישט גלוסטן צו דיין חברס ווייב, איז איינער פון די צען געבאָט.

— דאָס האָט מען אָנגעשריבן מיט טויזנטער יאָר צוריק, — האָט זי זיך געשטיקט אין געלעכטער, — היינטיקע מענטשן גלויבן נישט אין **דעם**.

דער אַלטער האָט אַ ווײַלע געשוויגן. מען האָט געקאָנט זען, אַז די אַפּיקורסישע רייד רעגן אים אויף. ער האָט אָנגעהויבן וואָר־נען מיט אַ פֿינגער:

— גאָטס געבאָט איז אויף אימער און אייביק, — האָט ער געהעכערט דאָס קול, — איך זע, אַז דו ביסט אַ גאָטלעסטערער. פֿע, עס פּאַסט גאָר נישט פֿאַר שטיינבערגן צו האָבן אַזעלכע פֿריינט.

טיליע האָט זיך פֿאַרלוירן. עס האָט זי פֿאַרדראָסן, וואָס זי טראָגט אַזוי ווײַט דעם שפּאַס און דאָ איז איר געקומען צוהילף איר מאַן.

— מיר האָבן געקראָגן די צען געבאָט אַ סך פֿריער פֿאַר קריסטוסן, — האָט געזאָגט בערמאַן, — אויב עמיצער האָט אַ רעכט אויסצוטייטשן די ביבל, זענען עס מיר, יידן.

דער אַלטער האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די ווידערשפּעני־קע רייד. ער האָט אי אין כּעס, אי אין חניפֿה שנעל אָפּגעענטפֿערט:

— אמת, אַז צוערשט האָט גאָט געגעבן די תּורה דעם פֿאָלק ישראל, אָבער ווען די יידן זענען אַראָפּ פֿון גלייכן וועג, האָט גאָט באַשלאָסן זיי אויסראָטן. ער האָט אויף זיי אַראָפּגעשיקט דעם מבול, און נאָכהער נאָכאַמאָל געשענקט די וועלט צום זון, צום הייליקן יעזוס קריסטוס. דעמאָלט איז צום צווייטן מאָל געגעבן גע־וואָרן גאָטס וואָרט צו די הייליקע אַפּאָסטאָלן דורך יעזוס קריסטוס אַליין.

— מוזטו מיר אַנטשולדיקן, פּאַפּ נאָרים, — האָט זיך בער־מאַן אַליין מער צעהיצט. זיינע איינגעפֿאַלענע, קרענקלעכע באַקן האָבן זיך צעבליט ווי מיט אָפּגעמאָלטע רויזן, און פֿון דעם שפּאַ־סיקן שמועס איז באַלד געוואָרן אַן ערנסטער ויכּוח, — ביסטו נישט שטאַרק באַקאַנט מיט דער געשיכטע. עס שטייט געשריבן...

אָבער דער אַלטער האָט מער נישט געוואָלט רעדן. ער האָט מיט ביידע הענט פֿאַרשטעלט די אויערן און נישט געוואָלט הערן.

— וואָס מיינסטו דען אַרויסצוברענגען,—האָט ער געשריגן,— אַז איך קאָן צונעמען דיין ווייב?

אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. בערמאַן האָט זין

פארלוירן. סיליע האָט אים געכאַפּט דריקן די האַנט און דער אַלטער האָט מיט אַ רויט, געזונט פּנים, פאַרשוויצטן שטערן, גיך אָנגע־הויבן האַקן לאַטקעס אין מויל אַריין און כיטרע־קלוג געמורמלט.

— גייט בעסער אַרויס אין דרויסן, — האָט ער געכיכיקעט, — זעט, ווי שיין גאָטס וועלט איז. איר, שטאָטישע, ווייסט אַ סך קאָנען לערנען אויף שטיינבערגס פאַרם.

נאָך פרישטיק זענען ביידע משפּחות אַרונטער צום טייך. אַלע זענען געווען יום־טובדיק אויסגעפּוצט. שטיינבערג האָט געטראָגן אַ שניי־ווייס העמד. דאָס ווייב — אַ זומערדיק, ליכטיק קלייד. סיליע, אין לייוונטענע ניקערס, די שוואַרצע האָר אַרומגעבונדן מיט אַ רויטער סטענגע, און אַלע קינדער אין ווייסן. זיי זענען פאַרבײַ־געגאַנגען פעלטענס פאַרם, אַנדזשעלאַ לוצאַראָס הויז און די כאַטע פון פּאַפּ נאָריסעס שוועסטער, די משוגענע פיבי. אַלע שכנים האָבן זיי געגריסט. שטיינבערג האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט זיינע געסט. די זון האָט געבאַקן. פון די פעלדער האָט געשמעקט פריש געשניטן היי. לעבן פעלטענס פאַרם איז שוין אַ שטיק וועג געווען געפּלאַס־טערט, ברייט, ווייס, ווי אויסגעשאָטן מיט פרישן, ווייסן זאַמד, און שטיינבערגן האָבן זיך אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— ווען דער וועג ביז דיקינסוויל ווערט פאַרטיק, מאַך איך אַ יום־טוב, — האָט ער מיט אַ גערירטער שטים געזאָגט, — דו ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ שווועריקייטן מיר זענען דאָ אויסגע־שטאַנען. וויפל קרבנות דער וועג האָט שוין צוגענומען.

פּלוצלינג האָבן זיך די קינדער געגעבן אַ לאָז אַוועק איבערן נייעם וועג, ווי קליינע הינטלעך, און איידער מען האָט זיך אַרומ־געקוקט איז שוין שטיינבערג געלאָפן נאָך זיי.

— קוק אים אָן, דעם משוגענעם, — האָט בערטע גערעדט מיט אַ שווערן אָטעם, און אַליין פאַרדעקט דעם שפּיציקן בויך, — צייטנווייז איז ער פּונקט ווי אַ קינד.

ביים טייך האָט מען זיך אַריינגעזעצט אין צוויי שיפלעך. שטיינבערג האָט געפירט בערמאַנס משפּחה, און בערמאַן — שטיינ־בערגס. דאָס וואַסער האָט זיך שטיל געוויגט צווישן אַ וואַלדיקן

גארטל, פון ווייטן האָבן זיך געהויבן הויכע בערג. דער הימל איז געווען טיף און בלוי. סיליע האָט פאַרצויגן אַ שטילן מאָטיוו, און באַלד איז דאָס געזאַנג אַריבער פון איין שיפל צום צווייטן:

דו האָסט אין דער ווייט פון מיין וועג מיר אַ שיין אָנגעצונדן,
כאָטש דו ביסט קיינמאָל געווען און וועסט קיינמאָל נישט זיין,
און איך בין געגאַנגען צום שיין, אויסגעמאַטערט אין ווונדן—
ווייל כיהאָב דיך געזען אין דעם שיין.

---

אין אַ וואָך אַרום, אין אַ שבת פאַרנאַכט, זענען סיליע און בערטע אַרונטערגעפאָרן קיין דיקינסוויל איינקויפן.

עס האָט זיך געזעצט די זון. דער פאַרנאַכט איז געווען זומער־דיק־וואַרים. די בערג, ווי אונטער פורפורנע שלייערן האָבן שטיל גע־דרימלט. ביידע פרויען, שבתדיק אויסגעפּוצט, ווי צוויי פריצהטעס, זענען געזעסן אינעווייניק אין וואָגן און אַלעקס, אויף דער קעלניע, האָט זיך געגרויסט מיט די פערד, וואָס זענען געווען ריין אויסגע־וואַשן, די פעל גלאַנציק, מיט רויטע סטענגעס אין די גריוועס און מיט ביידע ווידלען צעבאַרשטן ביז אַרונטער צו די דין־קנאָכיקע פיס.

אַרויספאָרנדיק פון הויף, און אַריבער דעם נייעם בריק, האָט אַלעקס פאַרזיכטיק און זייער לאַנגזאַם געקירעוועט די פערד און קונציק אויסגעמיטן די אויסגעריסענע גריבער. קיין געפאַר איז איצט נישט געווען. שבת נאָכמיטאָג האָט מען דאָרטן נישט געאַר־בעט. אַלע מאַשינען זענען געווען אויסגעלאָשן, איבערגעדעקט מיט גרויע בריזענטן און ביי יעדן גרוב איז געווען אוועקגעשטעלט אַ רוי־טער לאַמטערן.

ווען זיי זענען אַרונטערגעקומען קיין דיקינסוויל, איז שוין גע־ווען פינסטער אין דרויסן. דער שבתדיקער יאַריד איז געווען צע־לייגט מיט זיין גאַנצן טומל. ביידע זייטן גאַס, פאַרשטעלט מיט לאַנ־גע רייען וועגענער. לעבן די קראָמען, ביי אייזערנע שטאַנגען, האָט מען צוגעבונדן די פערד. מעין־סטריט איז געווען העל באַלויכטן.

איבער די טראָטואַרן זענען געלעגן אויסגעלייגט אַלערליי סחורות, גראָסערים און גרינסן. אין דער לופטן איז געשטאַנען אַ ריח פון פערדיש מיסט, מענטשלעכער שוויים, און אַ נאַכטיקע צעפּאַרעטקייט גאָך אַ יאַרידיקן טאָג מיט אַ שפּע אין אַלע צעפּראַלטע טירן. די קרעמער האָבן געשוויצט. די קונים זענען געווען פאַרהאַוועט. גרופּנווייז זענען גאַנצע משפּחות פאַרמער אַרומגעקראָכן פון איין קראָם אין אַ צווייטער, געטאַפּט סחורה, געגעבן באַשטעלונגען און אויסגעצאָלט געלט פון לאַנגע לעדערנע בייטעלעך.

ביידע חברטעם זענען צעשטראַלטע אַרומגעלאָפן איבערן גאַס און מיט זשעדנע, ווייבערישע אויגן באַטראַכט אַלערליי מציאות. די „עי ענד פּי" פאַרקויפט דריי קעסטלעך אַרבעס פאַר אַ קוואָדער; דער „קאַט רעיט דראָג סטאָר" גיט צו צוויי שטיקלעך זייף מיט יעדן פּופּציק־סענטיקן פּעקל; קוריצקי האָט ספּעשעל — אַ זאַק קאַרטאָפּל פאַר 1.29$. קאַרטאָפּל האָט בערטע בעסערע. זיי גייען אַריין צום קצב. דאָרטן איז אַ מוראדיקע ענגשאַפט—דער איינציקער יידישער בוטשער, און אַרום דיקינסוויל, אויף יענער זייט צו קאַמישאַ און מייפּעלוואוד, איז שוין די יידישע באַפּעלקערונג קיין עין־הרע נישט צום ציילן.

— מירן לאָזן די באַשטעלונגען און שפּעטער צוריקקומען, — זאָגט סיליע.

— אז מירן נישט שטיין דערביי, וועט ער געבן וואָס אים לוינט זיך, — ענטפערט בערטע.

ווען עס קומט זייער ריי, שרייט סיליע:

— פינף פונט פליש, צוויי הינער, אַ פונט לעבער און אַ סך ביינער.

ביידע חברטעם רייסן זיך באַצאָלן.

— די ביסט מיין גאַסט! — שרייט בערטע.

— ווערסטו דערפאַר מיט מיר גיין אין די מואוויס, — ענטפערט סיליע.

— עס וועט נעמען צו לאַנג. עס וועט ווערן שפּעט. איך שרעק זיך פאַר די קינדער.

— אַז איך האָב נישט מורא פאַר מײַן בעיבּי, דאַרפסטו נישט מורא האָבן פאַר דײַנע.

בײדע, פרײלעכע, צעשפּרודלטע, מיט צעפלאַמטע פּנימער — אײנע מיט טיפע שװאַרצע, יידישע אויגן, די צװײטע מיט אַ שפּיציק בײכל, פאַררײסן פּויליש נעזל, גײען צוריק אַראָפּ מעין־סטריט װוּ ס'רײסט זיך אין דער נאַכטיקער פינסטערניש אַ גרױסע שילד מיט ברענענדיקע אותיות „דיקינסװיל פּאַראַדאַיז". אויפן װעג באַגעגנט זײ מיסעס גורמאַן און מיסטער הוירשהאָרן, און סיליע כאַפּט זיך דערװײל אַרײַן אין סאָלאָמאָנס סטאָר אײַנצוקויפן מתּנות פאַר די קינדער.

— דאָס איז מײַנע אַ חברטע, — זאָגט מיט פרײד אין קול בערטע.

— זי איז אַזאַ שײנע, — ענטפערט מיסעס גורמאַן.

— און װײַזט אויס צו זײַן אַן אינטעליגענטע, — מישט זיך אַרײַן הוירשהאָרן.

װען זײ זענען אַרױס פון דער מאָװוי איז שוין דאָס שטעטל געװען אױסגעלײדיקט. די גאַס פּוסט. איבערן פּיער־הויז האָט דער זײגער געשלאָגן עלף, און אַרױספאָרנדיק פון מעין־סטריט, אױפן אָפענעם װעג צו סעקעט לעיק צו האָט זײ מיט אַמאָל געגעבן אַ שלאָג אין די אויגן אַ געדיכטע פינסטערניש.

— זײ פאַרזיכטיק װי דו פאָרסט, — האָט בערטע געזאָגט צו אַלעקסן.

— יעס, מעם — האָט ער שטיל געענטפערט.

— האָסטו אָנגעצונדן דעם לאָמפּ אונטערן װאָגן? — האָט זי אין אַ װײַלע אַרום װײַטער געפרעגט.

— יעס, מעם.

— װי װײַט איז פון דאַנען צום פאַרם? — פרעגט סיליע.

— נײַן מײל.

— און מילדרעד גײט אַזױ װײַט אין סקול?

— זי גײט אין דאָרף־סקול.

— איך שטעל מיר פאָר װינטער אין שנײען.

— מען װערט צוגעװױנט, טײערע. פונדעסטװעגן בין איך

דיך מקנא, — זאָגט טרויעריק און שטיל סיליע, — שטיינבערג קוקט אויס אַזוי גוט. אין ווילפלטן מאָנאַט ביסטו?

— אין זעקסטן.

— דו האַלסט זיך אַזוי גוט, — כאַפּט זי זי קושן. — עס וועט אויסקומען אין דעצעמבער.

— אָנהויב נאָוועמבער, — הויבט בערטע אָן לאַכן און רעדן פריי, ווי צוויי ווייבער רעדן, בשעת עס איז דערביי קיין מאַנסביל נישטאָ, — דאָ דאַרף מען אַלץ אויסרעכענען. די קי דאַרפן „אַריינ־קומען" צום סיזאָן; די ווייבער — ווען מען נעמט אַראָפּ פון די פעלדער.

סיליע האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול און זי געכאַפּט נאָכ־אַמאָל קושן. דער וואָגן האָט זיך אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן און זיי זענען אַרויפגעפאַלן איינע אויף דער אַנדערער.

— זיי פאָרזיכטיק, אַלעקס, — שרייט בערטע צום פאָלאַק און קערט זיך באַלד אום צו דער חברטע, — איך בין אַזוי נערוועז דאָ. זינט מען בויט דעם וועג האָבן שוין אַזוי פיל אומגליקן גע־טראָפן.

— אָבער ער פאָרט דאָך לאַנגזאַם, — האָט זי סיליע גע־טרייסט, — דער וועג איז פריי. ער ווייזט אויס זיין אַ געבוירענער באַלעגאַלע.

זיי זענען שוין איצט געווען ביי דער ערשטער דאַמף־מאַשין. אין דער פינסטער האָט מען גאָרנישט געזען. צוקומענדיק גאָר נאָ־ענט צו דער מאַשין, האָבן זיך ביידע פערד געגעבן אַ שטעל אויף אויף די הינטערשטע פיס און אָנגעהויבן שטופּן דעם וואָגן אויף צוריק. אָבער אַלעקס האָט זיך נישט פאַרלוירן. מיט ביידע פיס איינ־געשפּאַרט אין פאָדערשטן ווענטל פון וואָגן, האָט ער אָנגעהויבן ציען די לייצעס, שמייסן מיט דער בייטש און די פערד האָבן זיך אָוועקגעלאָזט אין פולן גאַלאָפּ. דער וואָגן האָט זיך שטאַרק גע־טרייסלט. יעדעס מאָל זענען זיי אַריין אין אַ נייעם גרוב. ביידע פרויען האָבן אָנגעהויבן קוויטשען. פון שטאַרקן טרייסלען איז איינע געפאַלן אויף דער אַנדערער. די פעקלעך אין וואָגן זענען אין הורבעס אַרומגעפאַלן פון איין זייט אויף דער צווייטער. איצט האָט

שוין אַלעקס באַדאַרפט די פערד איינהאַלטן. מיט ביידע אייזערנע הענט האָט ער געצויגן די לייצעס און כּסדר געשניטן מיט די צוימ־לעך איבער די פערדס מיילער רעכטס און לינקס, וואָס דאָס, האָט ער געוווּסט, איז אַזאַ ווייטאָג אין מויל, וואָס מוז דאָס ווילדסטע פערד אָפּשטעלן. די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

אַלע דריי האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. סיליע האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער און אין שרעק געביסן ביז בלוט די ליפּן. בער־טע האָט געוויינט הויך אויפן קול — ס'איז נאָך ווייט, אַלעקס? — האָט זי ווי אַ קינד געיאָמערט.

— נאָו, מעם.

— נאָך דאָ מאַשינען?

— איינע, מעם.

— אפשר קאָנסטו איר אויסמיידן?

— וועל פּרוּוון, מעם.

סיליע האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן לאַכן.

— וואָס ביסטו אַזוי צעשראָקן? — האָט זי געזאָגט. — זע, ווי רואיק איך בין.

— עס קלאַפּט מיר אַזוי דאָס האַרץ, — האָט זיך בערטע נאָך מער צעוויינט, — איך האָב זיך מער געשראָקן פאַר דיר, ווי פאַר מיר.

— נאַרישקייטן, — האָט סיליע געכאַפּט גלעטן אירע קאַלטע הענט, פּנים, און אָפּווישן דעם קאַלטן שווייס פון שטערן, — איך האָב דאָך געקאָנט אַרויסשפּרינגען פון וואָגן.

— איך ווייס נישט, איך האָב אַזוי מורא געהאַט.

— טייערע, ליבע, — האָט זי סיליע געכאַפּט קושן מיט אַ ליבע און געטריישאַפט, ווי ווען מען טרייסט אַ קליין קינד, — באַרואיק זיך. אין דיינע אומשטענדן טאָרסטו זיך נישט אַזוי אויפ־רעגן.

אַלעקס האָט נאָך מער געהיטן דעם וועג. מיט די אויגן, ווי ביי אַ חיה, האָט ער דורכגעשטאָכן די פינסטערניש און אויסגעמיטן יעדן גרוב. די פערד זענען געהאָרכזאַם געגאַנגען איבערן וועג. מיט

אויפגעשטעלטע אויערן, מיט צעשפרייטע נאָזלעכער און מיט שטייף געוואָרענע ווײדלען האָבן זיי באַשמעקט די צווייטע מאַשין. אָבער אַלעקס מיט די לייצעס אין ביידע הענט איז געווען נאָך וואַכיקער פון די פערד. ער האָט געהיט דעם קלענסטן ציטער איבער זייערע לייבער און זיי בשלום דורכגעפירט איבער דער צווייטער מאַשין.

נאָר מיטאמאָל, ווי פון אַ קלאָרן הימל, האָט ראָבערט, דאָס שטילע פערד, זיך פאַר עפּעס דערשראָקן, זיך אָנגעהויבן רייסן רעכטס און מיטגעשלעפּט דאָס צווייטע פערד. קיידי איז געוואָרן נערוועז און אָנגעהויבן ציִען לינקס, רעכטס־לינקס, רעכטס־לינקס, און אין אַ משך פון אַ פינטל מיטן אויג האָט זיך דער וואָגן אַ הויב געטאָן אין דער לופטן, און אין נישט מער ווי אין אַ צעשפּאָלטע־נער רגע האָט ער זיך איבערגעקערט.

אַ פּאָר מינוט איז אַלץ געווען זייער שטיל. פון ווייטן האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס, איבערן שוין טייל־וויז געפלאַסטערטן וועג. מיטן שטיק אויסגעריסענעם וואָגן, וואָס די פערד האָבן מיטגעשלעפּט, האָט זיך געדוכט, ווי עמיצער פּאָרט ערגעץ, זייער ווייט, מיט אַן איינגעשפּאַנטער שנייד־מאַשין. דאָס קלאַפּן איז באַלד אויך פאַרשוויגן געוואָרן. דאָ נאָענט, האָט מען געהערט, ווי שטיקער ברוק קנאַקן אונטער דער שווערער משא. אַ שטיק פון אונטערשטן ראָד האָט זיך מיט אַ שטילן קנאַק אויס־געדרייט, און איז געבליבן ליגן אין דער פלאַך. אַלע דריי זענען גע־לעגן אונטערן איבערגעקערטן וואָגן, און פון קיינעם האָט מען נישט געהערט קיין שאָרך. די נאַפט־לאָמפּ, וואָס איז געווען צוגעבונדן צום הינטערשטן אַקס, האָט זיך אָנגעצונדן, און דאָס פייער האָט זיך ביסלעכווייז צעשפּרייט איבערן גאַנצן הינטערשטן זייט. דאָס צעשפּריצטע נאַפט האָט מיט שטילע עקספּלאָזיעס אַלע מאָל אַ קנאַק געטאָן און זיך אַלץ ווייטער צעשפּרייט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אַלעקס אַפּירגעקראָכן פון אונטער אַ משא צעשפּאָלטענע ברעטער און שפּענער, און זיך גענומען אַרויסשלעפּן די צוויי פרויען. זיין פּנים איז געווען שוואַרץ. איבער אַ שוואַרצער, אין בלאָטע איינגע־שמירטער באַק, האָט גערונען אַ שמאָל פּאַסיקל בלוט. זיינע האָר זענען געווען טויט און שטייף, ווי די האָר פון אַ יאָזשיק. מיט איין

צעבראָכענער האַנט און מיט איין גאַנצער האַנט האָט ער אַרויס־געשלעפּט בערטען אַ האַלב־פאַרחלשטע פון אונטערן וואָגן. עס האָבן געברענט אירע קליידער. ווען אַלעקס האָט דערזען ווי זיין באַ־לעבאַסטע ברענט, איז ער אויף אַ מינוט געקומען צו זיך, און אָנ־געהויבן טראַכטן, וואָס צו טאָן מיט איר. נאָר אין דער צווייטער סעקונדע איז ער ווי משוגע געוואָרן, זי געגעבן אַ וואָרף אַריין אין דער בלאָטיקער ערד און זי אָנגעהויבן קאַטשען אין דער בלאָטע. אָבער גראָד די סעקונדיקע משוגעת זיינע, ווען ער האָט זי אַ ווילדער געקאַטשעט איבער דער בלאָטע, האָט אויסגעלאָשן דאָס פייער אויף אירע קליידער, און אין אַ מינוט אַרום האָט ער פּלוצלינג דערהערט אַ שטיל וויינען, ווי פון אַ שוואַך קעצל — וואָס שלאָגסטו מיך אַזוי, אַלעקס, שלאָג מיך נישט — און ער האָט זי צוריק אויפגעשטעלט

ביידע, אויפן מאָמענט באַרואיקטע, און אויף אַ סעקונדע צו־פרידענע מיט דער פרישער לופט, האָבן זיי פרייער אָפּגעאָטעמט. זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן, ווער זיי זענען און ווו זיי זענען, און אַז מיט זיי איז געווען נאָך אַ דריטער מענש.

— לאָז זיך מיר אַביסל צוזעצן — האָט בערטע מיט אַ שוואַך קול שטיל געזאָגט און נישט געפילט, ווי עס גיסט זיך בלוט פון דער נאָז און פון אַן אָפענער וווּנד אויפן פּנים; זי האָט געמיינט, אַז זי איז אַזוי באַגאָסן מיט שווייס. — איך וועל זיך אַביסל צוזעצן. זע ווי עס גיסט זיך פון מיר שווייס.

— יאָ, זיצט, פּאַני... — האָט אַלעקס עפּעס געשעפּטשעט אין פּויליש און האָט זיך אַליין אויך געקליבן צו זעצן, היטנדיק מיט איין אויג דאָס פייער, וואָס האָט שוין נישקשהדיק געקנאַקט, און אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס האָט ער אַליין אונטערגעצונדן אַ קופּע צוזאַמענגעקליבן מיסט און פאַרדאַרטע בלעטער, ווי ער איז אָפט געוווינט צו טאָן.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך בערטע געגעבן אַ כאַפּ אויף פון דער ערד, ווי אַ ווילדער רויב־פויגל, און זיך אַ לאָז געטאָן צום וואָגן. אי־רע האָר זענען געווען צעפּאַטלט און געשמעקט מיט רויך. די אויגן ווילד איבערגעקערטע, און מיט אַן אוממענטשלעך קול, אַ קול, וואָס האָט צעשפּאָלטן ווי אַ בליץ דעם הימל, האָט זי געגעבן אַ געשריי:

— סיליע! סיליע! — און איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַרחלשטע.

אַלעקס איז צו צום וואָגן. דער וואָגן איז געווען אינגאַנצן אין פלאַמען. אַלץ איז געווען אָנגעוואָרפן און צוזאַמענגעמישט אין אַ ברענענדיקער מאַסע. ער האָט ווידער אַמאָל אין אַלץ פאַרגעסן. סיליען האָט ער בלויז אַ פּאָר מאָל געזען, און איר געשטאַלט איז אינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן פון זיין געדעכעניש.

זיין מוח איז אין איין אויגנבליק געוואָרן טעמפּ. אַלץ איז דאָרטן געוואָרן אָפּגעווישט, שוואַרץ, ער האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז ער דאַרף צונויפשאַרן די טרוקענע בלעטער, וואָס ברענען נישט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין כּוח אונטער־צובלאָזן דאָס פייער. ער האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט אויף דער ערד לעבן בערטען. פון דער ערד האָט זיך געטראָגן אַ שטאַרקע היץ. ער האָט געווישט דעם שווייס פון פּנים. אַנטקעגן שיין פון פייער האָט מען געקאָנט זען, ווי פאַסן האָר איבער זיין טונקעלן קאָפּ זענען געוואָרן עטוואָס ליכטיקער, ווי עמיצער וואָלט זיי אָפּגע־פאַרבט מיט אַ גרויער פאַרב. ווען ער איז שפּעטער געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעהויבן קריכן אויף אַלע פיר, און צום סוף האָט ער מיט אַ הויך קול, ווי אַ הונט, גענומען וואָיען אַנטקעגן יענער זייט הימל, וווּ עס האָבן העל געשיינט שטערן.

אויף מאָרגן האָבן פרעמדע מענטשן, אויפן זעלבן פּלאַץ, גע־פונען אַ צעסמאַליעט שטיק ערד. דער וואָגן איז שוין געווען אָפּ־גערוימט. אין אַ זייט וועג איז געלעגן אַן אָפּגעבראָטן הון און צוויי שטאָלענע שטעקעלעך פון אַ פרויען־גאָרסעט.

מר. בערמאַנען האָט מען אַ האַלב משוגענעם צוריק אַוועק־געפירט אין שטאָט אַריין. וויפל שטיינבערג האָט אים נישט געבעטן בלייבן אויפן פאַרם, האָט ער אַלץ געריסן אויף זיך די האָר, צע־פליקט דאָס העמד, געשריגן ווי אַן אָקס און די באַקן האָבן ביי אים געבערענט, ווי אָנגעשאָטן מיט פייער.

— איר וועט אין שטאָט שטאַרבן, — האָט שטיינבערג מיט די לעצטע כּוחות זיך געבעטן ביי אים און אַליין מער נישט גע־ווּסט, וואָס צו טאָן מיט אים. — בלייבט דאָ. איך נעם אויף זיך אַ נדר אייך אויסצוהאַלטן צוזאַמען מיט די קינדער.

— איך וויל שטאַרבן, איך וויל שטאַרבן, — האָט בערמאַן ווייטער זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, — איך וויל מער נישט לעבן.

אין אַ וואָך אַרום האָט שטיינבערג אַוועקגעפירט ביידע קינדער צו סיליע בערמאַנס שוועסטער.

---

ווען בערטע איז אין אַ חודש אַרום אַהיימגעקומען פון דיקינס־ווילער שפּיטאָל, האָט זי קיינער נישט דערקענט. זי האָט ווינציק גערעדט. זי איז געוואָרן זייער שפּיציק. אַלץ, דאָס פּנים, נאָז און מויל, האָט אָנגענומען אַ פויגלדיקן אויסזען, מיט צוויי שטילע, תּמיד פאַרשלאָפענע, אויגן, און איבערן קאָפּ איז געוואָרן אַ שמאָלער פּאַס גרויע האָר. בלויז דער בויך איז איר געוואָרן קיילעכדיק אויסגעבעט, ווי עמיצער וואָלט אין לצנות דאָרט אונטערגעלייגט אַ קישעלע, און ווי עמיצער וואָלט אין לצנות אָנגעגאָסן אירע ברוסטן, וואָס זענען הויכע געשטאַנען אונטער אַ שוואַרצער בלוזקע, און האָבן מאָדנע פאַרעמד זיך אינגאַנצן נישט אַריינגעפּאַסט מיט איר אויסזען.

אָבער פאַר שטיינבערגן איז דער טאָג געווען אַ גרויסער יום־טוב. ער האָט דעם טאָג נישט געאַרבעט. אַ גאַנצן פרימאָרגן איז ער געווען פאַרנומען מיט גאָלן די באָרד, צו וועלכער ער האָט זיך אַ חודש נישט צוגערירט, מיטן אָנטאָן אַ ווייס העמד און מיטן דאַנקען גאָט יעדע מינוט, וואָס זיין ווייב גייט אַרום אַ לעבעדיקע. יעדע מינוט האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז זי איז נישט זי. ער האָט זי אַלעמאָל אָנגערירט. אַלע מאָל געעפנט דאָס מויל צום רעדן און נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן.

אויף דער צווייטער וואָך, און דער דריטער, האָט ער זיך נאָך מער געפרייט. דאָס ווייב האָט שוין געהאַט אַזאַ גרויסן בויך, אַז זי האָט אים מער נישט געקאָנט טראָגן. אַלעמאָל איז זי געבליבן זיצן און געסאָפּעט ווי אַן אָנגעשטאָפּטע גאַנז. מילדרעד איז געוואָרן די גאַנצע באַלעבאָסטע. אייער און קאַווע האָט ער אַליין געקאָכט, און פּונקט צום טאָג האָט דאָס ווייב געבוירן אַ גרויס מיידעלע, פון אַכט פונט. דאָס מיידעלע איז נישט געווען געראָטן, נישט אין טאַטן און נישט אין דער מאַמען. מיט שוואַרצע האָר און אויגן, האָט עס

אויסגעזען ווי א פרעמדס און מען האט דעם קינד א נאמען געגעבן: סיליע.

שטיינבערג איז שיער נישט משוגע געווארן פון פרייד. ער האט צונויפגערופן אלע פארמער. א גאנצן טאג האט מען געטרונקען שטארקן בראנפן. א געדונגענע פרוי האט דערלאנגט לעקעך און טארטן, פעטע פליישן און יידישע ווייסע חלה. פארנאכט האט מען שוין אנגעהויבן מישן שטארקן עפל־קוואס מיט ריינעם ספירט און ווען די פארמערס האבן אלע צוזאמען א האפקע געטאן, העפ, העפ, האט זיך די קימפעטארין, אויבן אין צימער, אזש א הויב געטאן פון בעט.

## קאפיטל דרייצן

די צייט איז שנעל געפלויגן. שטיינבערג האט נאכאמאל געזען הערבסטיקע רעגנס, ווינטערדיקע שנייען און אנהויב פרילינגס, ווען א געלע זון ברעכט דורך נידעריקע וואלקנס און ווארעמט, ווי דורך א גלאז. עס איז גיך אנגעקומען א ניי יאר, א צווייטס, און ביס־לעכווייז, ביסלעכווייז, מיט גוט־געפלאסטערטע מעקעדעם־וועגן פון ליבערטי ביז קאמישע, פון דיקינסוויל פאזע טייך ביז ארונטער קיין פארט דזשווירוויס און מידעלטאון, האבן זיך אנגעהויבן פארבויען ביידע ברעגן סעקעט־לייק.

א רייכער פילאדעלפיער ייד, וואס איז ארויסגעקומען צוליב שווינדזוכט, האט אויסגעבויט ביים סאמען ברעג טייך א באורדינג־הויז און איר א נאמען געגעבן: סעקעט־האוז. א צווייטער ייד פון בראנזוויל האט אפגעקויפט א העלפט פון פעלטענס פארם, אויפגע־בויט א האטעל און אין סאמען פראנט אוועקגעשטעלט א שילד — „מאדזשעסטיק". מיסעס גורמאן האט אויף אירע, אנגעגרייטע פון פריער, צוויי הונדערט פוס טייך, אוועקגעשטעלט א קאסינא מיט 24 שיפלעך. אין דעם קאסינא האבן אלע אוונט געשפילט זעקס פריילעכע יונגען א פריש־צאפלדיקן דזשעז און דער גאנצער געגנט יונגווארג האט פלוצלינג אנגעהויבן שימין. אנזשעלא לו־

צאַראַ האָט אַליין צוגעבויט צו זיין קליין שטיבל אַכט נייע שלאָפ־צימערן, אַ גרויס עס־צימער, אַ נאָמען געגעבן דער הויז: „ליטל איטאַליע" און סערווירט אמתדיקע, איטאַליענישע ספּאַגעטי.

אַלע הייזער האָבן פּלוצלינג באַקומען נעמען. אויף די וועגן האָבן זיך באַוויזן שילדן מיט ווייז־פינגער צום טייך צו. די סו באַטניקעס האָבן אָנגעהויבן זיך גאָלן די בערד און אַרבעטן אוב שבת. אַריבער דער נייער בריק, ווו די וועגן צעשיידן זיך, האָט על נאָרים אויסגעבויט אַ קליינע קראָם, ווו זיין ווייב און די גרויס שטאָטישע שנור האָבן פאַרקויפט האָט־דאָגס, סיגאַרעטן און אַלער ליי קאַלטע געטראַנקען. די קראָם האָט באַשיינט דעם גאַנצן ווינקל פון דריי אָפענע ווענט האָט די סחורה אַרויסגעשיינט אויף אַלע דריי וועגן. אַ גראַמאָפאָן האָט אַ גאַנצן טאָג געשפּילט. די יונגע שנור, אַלעקסאַנדערס ווייב, האָט אַלע טאָג געביטן די ווייסע פאַרטוכער און מיסעס נאָרים, אַ ציכטיקע, גרויע, מיט ברייטע היפּטן, צע־ואָסענע מאַמע, האָט כסדר פריילעך געקלונגען מיטן רעדזשיסטער.

אין געגנט האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע שפע. אָרעמע פאַרמערס האָבן פאַרדונגען זייערע צימערן צו יידישע פרויען. אַלעקסאַנדער האָט געקויפט אַן אויטאָמאָביל, און צוגענומען ביי פעלטענען ד פּאָסט. ביי שטיינבערגן אויפן פאַרם איז איצט די אַרבעט אָנגע־גאַנגען מיט אַן אייזערנער האַנט. אַ חוץ דעם פּאָליאַק אַלעקס האָט שין געאַרבעט נאָך אַן אַרבעטער. דער נייער אַרבעטער איז געווען אַ צוואַנציק־יאָריקער יידישער בחור, וועמען ער האָט אַרויסגענו־מען פון באַראָן הירש־שול, ווו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין הינער־צוכט. דער דאָזיקער אַרבעטער, בען, האָט געאַרבעט נאָך בעסער פון פּאָליאַק. דאָס פערד קיידי האָט געבוירן אַ לאָשיקל. די אַמאָליקע קעלבער האָבן געבוירן קעלבלעך און מילדרעד איז שוין געווען אַ מיידל פון פופצן יאָר, אַרטור — עלף, און די קליינע סי־ליע איז אַלט געוואָרן פינף יאָר.

שטיינבערג האָט אַלץ בולטער אָנגענומען זיין אמתדיק גע־שטאַלט. ערשט איצט, צו אַכט און דרייסיק יאָר, איז דער מענטש ווי נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן. זיין ברייט־צעוואַקסענער גוף איז געוואָרן צוויי מאָל אַזוי שטאַרק. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן

נייגונגען, וועלכע ער האָט פריער קיינמאָל נישט באַוויזן. דער אמאָ־ליקער טרוימער איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ פּראַקטישער מענטש. ער איז פּלוצלינג געוואָרן קאַרג, האָט געהיט יעדן סענט, האָט אָנגע־הויבן קריכן אין די טעפּ, זיך געמישט אין קיך־זאַכן און געוואָלט, אַז דאָס ווייב זאָל נאָכאַמאָל געבוירן קינדער. בערטע האָט אים אָנ־געקוקט, ווי ער וואָלט משוגע געוואָרן, אָבער מיט זיין געזונטן קערפּער, מיט זיין שטייף מוסקולדיקן לייב האָט ער זי אינגאַנצן פאַרשיכּורט.

איינמאָל אין אַ פרילינג, ווען דאָס לאַנד איז שוין געלעגן צע־אַקערט און פאַרזייט, איז שטיינבערג אין אַ פרימאָרגן אוועקגעפאָרן קיין פאָרט־דזשווירוויס. ער האָט אָנגעזאָגט ביידע אַרבעטער וואָס צו טאָן, און מיט דער קליינער בעיבי און דאָס אַליין אויסגעהאָדעוועטע פערד, איינגעשפּאַנט אין אַ לייכטער באַגי, איז ער שנעל אַרויס פון הויף.

דאָס לייכטע וועגעלע און דעם פערדס קאָפּיטעס האָבן הילכיק אָפּגעקלאַפּט איבערן געפלאַסטערטן וועג. ער איז אַראָפּ פון באַרג. דאָס ווידער־קול האָט זיך דערוויטערט. איבערן ליכטיקן וועג האָט זיך נאָכגעקאַטשעט אַ שאָטן פון רעדער, אַ פּאָך פון בייטש און פאַרשוווּנדן.

ווען ער איז צוריקגעקומען איז שוין געווען פינסטער אין דרויסן. אויף מאָרגן איז ער ווידער אַוועקגעפאָרן אויף אַ גאַנצן טאָג; און ערשט אויפן דריטן טאָג, ווען דאָס ווייב מיט די קינדער האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרזאָרגטע איבער דער וועראַנדע און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וווּהין ער פאַרשווינדט אַלע טאָג, איז ער פּלוצ־לינג אַריינגעפאָרן אויפן הויף מיט אַ נייעם פאָרד.

— פּאַפּאַ, — האָבן זיך די קינדער, געפּלעפּטע פון פרייד, צו אים אַ לאָז געטאָן, — ווו האָסטו גענומען די קאַר?

שטיינבערג האָט געשוויגן. דער אויטאָמאָביל האָט געגלאַנצט. דער מאָטאָר האָט שטיל געהוזשעט, און ער איז געזעסן ווי צוגע־שמידט צום ראָד.

— אשר, — האָט בערטע אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, — ווו האָסטו גענומען דעם אויטאָמאָביל?

— געקויפט, — ענטפערט ער.

— ווען האָסטו זיך אויסגעלערנט טרייבן?

— צוליב וואָס דען מיינסטו בין איך אַלע טאָג געפאָרן קיין פּאָרט־דזשוירוויס?

— ווו איז דאָס פערד און באָגי?

— אַ מאַן פון שטאָט פירט אים.

די קינדער זענען אַריין אין אויטאָמאָביל. אַלע מאָל האָבן זי געפייפט מיטן האָרן. בערטע האָט געטאַפּט די ווייכע קישעלעך ביידע אַרבעטער האָבן געזאָגט מבינות און מען האָט יענעם אָוונט געמוזט האָדעווען די קליינע סיליע אין אויטאָמאָביל. דערווייל אין נאָך אין שייער נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר דער מאַשין, און ביז וואָס־ווען האָט אים דערווייל אַלעקס איינגעדעקט, איבערנאַכט, מיט אַ קאָלדרע, ווי דאָס וואָלט געווען אַ לעבעדיק באַשעפעניש.

אַ וואָך צייט נאָכאַנאַנד איז שטיינבערג נישט אָפּגעטרעטן פון דעם אויטאָמאָביל. ער האָט, ווי אַ קינד, אויסגעטראַכט אַלער ליי נויטיקייטן, וואָס מען דאַרף און וואָס מען דאַרף נישט, אַבי ער זאָל נאָך אַמאָל פאָרן אין שטעטל. אויף דער צווייטער וואָך האָט ער שוין געפירט דאָס ווייב, אויף דער דריטער — די קינדער.

מיט יעדן טאָג האָט ער אַלץ ליבער געקראָגן די מאַשין. מיט אויטאָמאָביל האָט זיך פּלוצלינג פאַרשנעלערט זיין אייגענער גאַנג פון דער הוילער הויט, אַליין נישט־וויסנדיק פאַרוואָס, האָט ער אָנ געהויבן טאָן יעדע אַרבעט שנעלער. די ניין מייל קיין דיקינסוויל, הין און צוריק, איז ער אַריינגעפאָרן אין אַ האַלבער שעה. יעדע זאַך האָט זיך אָנגעהויבן דרייען זייער גיך. איבעראַל האָט מען געהערט שרייען: גיכער, עס וואַרט די קאַר. ער איז גאָר גיך געוואָרן אַ אויסגעצייכנטער טרייבער. איבערן שאַרפן בויג לעבן דער דאָרפשול ווו דער וועג איז געווען בלינד און מען האָט נישט געזען קיין צע מריט פאַר זיך, האָט ער זיך אויסגעלערנט קירעווען אַזוי, אַז דער בויג איז אויסגעקומען גלייך; ער האָט געגעבן אַ שים אַריבער די בריק, געלאָזט אונטער זיך אַ דונערן, און ווען ער האָט זיך אויפגע הויבן דעם צוויי־מייליקן באַרג, ווו אויפן סאַמע שפּיץ איז געשטאַ

נען באַרדענס מילך־סטאַנציע, האָט ער ממש געזען, ווי דער אויטאָמאָביל עסט אויף דעם באַרג — העכער, שנעלער, נאָך העכער — איינגעשלונגען, אוים באַרג.

עס איז אויסגעקומען, אַז מיטן אויטאָמאָביל האָט זיך אין אים אַנטוויקלט אַ דאָפּלטע פּלייסיקייט. ער האָט פּלוצלינג אויסגעפונען, אַז ער קאָן אונטערנעמען נייע אַרבעט. ווען עס האָט איצט עפּעס געפעלט צו דער האַנט, אַ שטיקל געצייג, האָבער פאַר די פערד, צי עפּעס אין קיך, איז עס באַלד געבראַכט געוואָרן. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אין הויז אַריין אַן אַ שיעור שפּאָרעוודיקייט; קיין זאַך נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער. די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן קייטלען איינס אין אַנדערן. אַלעקס מעלקט די קי, בעת אַרבעט אַרום דעם פאָרד און איידער מען קוקט זיך אַרום איז ער שוין דאָ צוריק מיט פּראָוויאַנט פאַרן גאַנצן טאָג.

עס איז געווען פונקט ווי עפּעס אַ נס. פאָרנדיק שנעל איבער אָפענע פעלדער, רייסט דער ווינט פאַר די האָר און פאַלעס און ער הערט, ווי עמיצער זשומעט אים אַריין אין די אויערן אַלערליי קלאַנגען. איינמאָל האָט ער באַשיינפּערלעך געהערט אַ שאַרף, וואָיענדיק וויינען און אים האָט זיך נאָר געדוכט, אַז עמעצער זיצט הינטער אים. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אינעווייניק, אין אויטאָמאָביל אַריין. די הענט זענען געלעגן אויפן דריי־ראָד; איין סעקונדע — און ער וואָלט אַריין אין אַ בוים, אָבער אין דער צווייטער סעקונדע איז ער שוין ווידער אויפן וועג און קירעוועט בלויז אַ צעטומלטער אַ פּאָר הונדערט פוס זיג־זאַגיק, ווי דער גאַנג פון אַ שיכּור.

ווען שטיינבערג איז איינמאָל געלאָפן קיין ליבערטי, אַ מהלך פון וואָסערע צוואַנציק מייל, האָט ער מיטן אויג געהיט דעם מיילן־מעסטער און זיך געוווּנדערט, ווי שנעל ער רעגיסטרירט די מיילן — קליק 15, קליק 16, קליק 17. אַ ציטער איז דורכגעלאָפן זיין לייב און ס'האָט אים אַרומגענומען אַ מאָדנער חשק צו לויפן נאָך שנעלער. דער מיילן־מעסטער האָט אָנגעהויבן ווילד טאַנצן, דאָס ווייזערל האָט געציטערט. 20—21—22 — עס האָט זיך פאַר די אויגן אָנגעהויבן שנעל בייטן די פּאַנאָראַמע. ביי אַ בערג

וואלד א טשערעדע קי. א פערד ליגט מיט דער מאָרדע אויף א פּלויט. א בריק. א פאַרם. צוויי צעשראָקענע הינער פליִען אַרי־בערן וועג, ווי פייגל. „ס'אַרא ניי־באַשאַפענע מעגלעכקייטן דער אויטאָמאָביל האָט אַריינגעבראַכט", זאָגט ער צו זיך אַליין.

ער ווערט פלוצלינג פול מיט א מין רעליגיעזער התלהבות און הויבט אָן רעדן הויך אויפן קול: „אַט ווערט דאָך מיין פאַרם און ליבערטי שכנים; אַט ווערן דאָך פאַרבונדן שטעט מיט שטעט— ניו־יאָרק און פילאַדעלפיע איין פאַרקניפּטער וועג; אפשר וועל איך מיך נאָך אַמאָל אויפזעצן אויפן אויטאָמאָביל און זיך אויפהויבן אין א גאַס, ערגעץ אין לאָס־אַנדזשעלעס? וואָס פאר א מעגלעכ־קייטן! וואָס פאר א פאַרשנעלערונג פון איבערלעבונגען!"

עס איז געווען א ליד, וואָס ער האָט דעמאָלט געזונגען צום אויטאָמאָביל. נאָך ניין יאָר שווער לעבן אויפן פאַרם איז די מאַשין איצט געווען אַן אַנטפּלעקונג. ווען ער האָט איינמאָל גע־נומען רייניקן די קאַר און צענומען דעם מאָטאָר, איז ער נאָך מער פאַרכאַפּט געוואָרן — אַזאַ פּשוטער שכל — האָט ער געזאָגט. פאָרד איז געוואָרן אין זיינע אויגן נישט קיין מענטש, נאָר עפּעס אַן אידעע, עפּעס א זאַך, וואָס איז א וועלט־איבערקערעניש, א וועלט־באַשאַפונג. עפּעס האָט פאָרד א שייכות מיט דעם, וואָס אַרום סעקעט־לעיק בויט מען גרויסע הייזער און וואָס אַלע שקצים שימין.

— און מיט מיר אַליין? — טראַכט ער — האָט עס דען נישט קיין שייכות צו דעם, וואָס ביי מיר אַרבעטן איצט פיר פערד, צוויי מענער און בען איז א ספּעציאַליסט אין הינער־צוכט, וואָס פאַרמערט מיין באַלעבאַטישקייט! און מילדרעד איז דאָך הויך און שיין, האָט ליב די פאַרם, טאָ פאַרוואָס קאָן ער שוין איצט נישט אָנהויבן טראַכטן פון צו בויען א נייעם פליגל צו דער הויז? העי! סעקעט וועלי איז שוין נישט מער דאָס לאַנד פון די דוליטעלס. פאַרוואָס זאָל ער נישט איבערבויען דאָס הויז?

שטיינבערג איז פאַרשיכורט געוואָרן. יעדן טאָג שאַצט ער זיין פאַרמעגן; רעכנט, טראַכט, און גייט אַרום א צעטראָגענער. איינמאָל, נאָך א געראָטענעם שניט, ווען אַלץ איז שוין געווען צו־

נויפגעזאמלט אין שייער, פאַרט ער אַרונטער קיין ניו־יאָרק, צו דער יידישער אַגריקולטור־געזעלשאַפט, און לייגט פאָר זיין פּלאַן.

— איך וויל צובויען נאָכאַמאָל אַזוי פיל צו מיין הויז, — זאָגט ער פשוט און מיט אַן ערלעכן קול צו די מענטשן, — מיין הויז האָט איצט צוועלף רומס, איך וויל צובויען נאָך צוועלף.

די מענטשן האָבן באַטראַכט זיין פּנים. ער איז געשטאַנען ברייט און שטאַרק. ער האָט געטראָגן ניקערס. די שטאַרקע פיס, אין לאַנגע וואָלענע זאָקן; אין אַ גרויען ענגלישן נאָרפאָלק, און אין דרויסן ביים טראָטואַר שטייט דער פאָרד.

— טויזנט דאָלאַר האָב איך, — זאָגט ער ווייטער, — איך האָב אויסגערעכנט, אַז ס'וועט מיך קאָסטן צוויי טויזנט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אַרויסגעקומען אויפן פאַרם אַ מענטש פון דער געזעלשאַפט. ער איז געווען זייער שיין אָנגע־טאָן, און נאָך גאָר אַ יונגער. די קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום זיין אויטאָמאָביל. דער מאַן האָט געזאָגט, אַז זיין ביואיק האָט לעבן דיקינסוויל רעגיסטרירט 60 מייל, און שטיינבערג האָט געענטפערט, אַז מיט זיין פאָרד קאָן ער מער ווי דרייסיק מייל אַ שעה נישט מאַכן.

— איך האָב געהערט, אַז אין שטאָט זענט איר געווען אַ געשעפטסמאַן, — האָט דער יונגערמאַן, אַזוי, זייטיק, אַריינגע־וואָרפן אַ פראַגע, — וואָסערע געשעפטן האָט איר געפירט?

— געהאַט אַ סטעישאָנערי־סטאָר, — ענטפערט ערנסט שטיינבערג.

— אין ניו־יאָרק?

— אויף קאָלומבוס־עוועניו.

— אַ פיינער געגנט.

— נישקשה.

— מן הסתם געמאַכט געלט.

— נישקשה.

— מיט וועמען האָט איר געהאַנדלט, מיסטער שטיינבערג?

— וואַרפט ער ווידער אַ פראַגע, און אַלץ קומט ביי אים אַרויס

אזוי אומגעריכט, ווי מיט אַ סעקונדע פריער וואָלט ער גאָר נישט געטראַכט דערפון.

שטיינבערג רעכנט אויס פּירמעס. בערטע וואַרפט אויך אַריין אַ וואָרט.

— איז ווי אזוי רעכנט איר אויסצוצאָלן די טויזנט דאָלאַר?

— קומט ער פּלוצלינג אַרויס מיט אַ שאַרף אָפּגעהאַקט קול, ווי איינער רעדט: נישטאָ וואָס מער צו פאַרלירן צייט.

שטיינבערג איז צעטומלט געוואָרן פון דער פּלוצלינגדיקער פראַגע. זיין האַרץ האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן. איבערן ברוין־קו־פּערדיקן פּנים איז דורכגעלאָפן אַ בלאַסקייט.

— איך רעכן צו פאַרדינגען דאָס הויז פאַרן זומער. איך מיין, אַז זעקס הונדערט דאָלאַר זאָל איך קריגן פאַר פיר און צוואַנציק צימערן.

דער מאַן איז געשטאַנען זייער וואַזשנע מיטן פּאָרטפעל אונ־טערן האַנט. אַלע מאָל האָט ער אַ גלעט געטאָן אַן אַנדער קינד איבערן קעפּל, און מען האָט נישט געוווּסט, צי איז עס אַ גוטער סימן, צי אַ שלעכטער. ווען ער האָט געלאָזט לויפן זיין מאָטאָר האָט ער גאָר קיין גערויש נישט געמאַכט. עס האָט בלויז אַ בלאָז געטאָן אַ פאַרשטעלטער ווינט און מען האָט קוים געקאָנט כאַפּן מיטן אויג, ווי ער איז אַריבער די בריק.

— געוועזן באַדאַרפט דערלאַנגען אַ גלאָז טיי, — האָט שטיינבערג געזאָגט, — אַ מענטש פאָרט פון ניו־יאָרק אָן.

— איך בין אַזוי צעטומלט געוואָרן, — ענטפערט דאָס ווייב.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געהייסן דערלאַנגען טיי?

— ס'איז מיר אַרויס פון זינען. וואָס פאַר אַן איינדרוק, דענקסטו, האָב איך געמאַכט אויף אים?

— ווער קאָן וויסן.

— דענקסטו, ס'וועט עפּעס אַרויסקומען דערפון?

— ווער קאָן וויסן, — ענטפערט זי נאָכאַמאָל.

עס איז אים געוואָרן זייער שווער אויפן האַרצן. אין אָוונט איז ער געזעסן אַן אָנגעבלאָזענער ביים טיש. די קינדער זענען גע־

וועז אומעטיק. בעז האָט ארויסגעהאָלפן מילדרעדן אין איר שול־אַרבעט, און מילדרעד האָט זיך געשעמט פאַר אים.

— איך ווייס נישט פאַרוואָס ביסטו אַזוי צעטראָגן, — האָט בערטע, ליגנדיק לעבן שטיינבערגן אין בעט, געזאָגט. — אויב זיי וועלן נישט געבן דאָס געלט, וועסטו עס קריגן ערגעץ אַנדערש.

עס איז געווען אויף מאָרגן, אין בלויען פאַרטאָג. שטיינבערג איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און ער האָט פון מידקייט נישט געקאָנט אויפשטיין.

— ס'איז נאָך אַלעמען נישט מער ווי טויזנט דאָלאַר,—האָט זי ווייטער געזאָגט, — איך גלויב, אַז די באַנק אין דיקינסוויל וועט דיר לייען טויזנט דאָלאַר.

— די הלוואה, וואָס איך קאָן דאָ מאַכן, וועל איך דאַרפן פאַר מעבל, — ענטפערט ער שווער.

בערטע ווייסט נישט וואָס אים צו ענטפערן און אָנשטאָט ווערטער, נעמט זי אַרום זיין קאָפּ.

— דו האָסט שטענדיק ליב זיך צו פאַראַנטערן, — זאָגט זי, — דערנאָך גייסטו אַרום אָן אָנגעכמורעטער.

— און דו האָסט שטענדיק הנאה מיר ווי צו טאָן, — ענט־פערט ער ברוגז.

— איך זאָג דיר דעם אמת.

— אַזעלכע אמתן זאָגט מען זיך אַליין, — קערט ער זיך אום אַ ברוגזער מיטן פּנים צום וואַנט.

נאָר אין איין אויגנבליק האָט זיך דאָס ווייב נאָך אים אַ לאָז געטאָן. זי האָט אָנגענומען דעם געדיכט באַוואַקסענעם קאָפּ און אים אומגעקערט צו זיך.

— זיי נישט ברוגז, — האָט זי אַוועקגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר האַרץ און אים אָנגעהויבן קושן, — מעגסט שוין אַמאָל ווערן אַ גרויסער.

אַ ווייכע וואַרעמקייט האָט געמורמלט אין זיינע אויערן. איר שמאָלער, וואַרעמער קערפּער האָט געוואַרעמט זיין פּנים. אַ ליבע, שטילע טרייסט האָט זיך צעלייגט אַרום זיין האַרצן. ער האָט נאָך־אַמאָל געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי האָט מיט אַ נאַקעטן, ווייכן

אָרעם פאַרשטעלט זיין מויל. שטיינבערג האָט איר אַ קליינעם ביס געטאָן. בערטע האָט צוגעכאַפּט די האַנט און אים אַריינגעכאַפּט אין אירע אָרעמס. מען האָט מער נישט גערעדט. עפּעס וואָס איז נאָך מער ווי ליבע האָט זיך אָנגעהויבן איבערגיסן פון איינעם צום אַנדערן. ער האָט זיך אינגאַנצן אויפגעלעזט און איז יענעם פרימאָרגן אַרונטערגעקומען אין שטאַל מיט אַ שעה שפּעטער.

---

אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון שטאָט. אין צוויי טעג שפּעטער, אַ טעלעגראַמע. ער האָט געמוזט אַלץ איבערלאָזן און נאָכאַמאָל צופאָרן קיין ניו־יאָרק און פאַר די פינף טעג, וואָס ער האָט דאָרטן פאַרבראַכט, האָט ער געהאַלטן אין איין שרייבן בריוו: „די געזעלשאַפט דענקט, אַז ער וועט קאָנען לייכט אויסצאָלן די טויזנט דאָלאַר. דער עם־עולמניק ראָט אים נישט צו בויען אַ באָרדינג־הויז, אָבער ער אַליין דענקט זיך שטעלן בויען, אַזוי שנעל ווי ער קומט צוריק“.

די גוטע בשורות זענען געפלויגן פאַר אים. נאָך איידער ער איז צוריקגעקומען האָט שוין איבערן הויז געשוועבט אַן אָנזאָג פון אַ נייער ברכה. אַלע האָבן אָנגעהויבן זייער שנעל יאָגן די אַרבעט. עס איז אויסגעקומען, אַז מען דאַרף אַלץ אָפּטאָן, איידער מען שטעלט זיך בויען, — הע, אַלעקס! הע, בען! הע און הע, פון אַלע זייטן נאָך איידער דער באַלעבאָס איז צוריקגעקומען, און אין די אָוונטן, דערפאַר, וואָס דער טאַטע איז נישטאָ, און ס'איז אומעטיק, דערציילט בען מעשיות פון באַראָן הירש־סקול און אַלע שלינגען זיינע ווערטער.

## קאַפּיטל פערצן

עס איז שנעל פאַרביי דערווינטער און אין אָנהויב פרילינג האָט זיך פלוצלינג דערהערט אין וואַלד אַ גרילצנדער פייף, ווי טויזנט זעגן וואָלטן מיט איין מאָל אַ זעג געטאָן. מען האָט אין

שטוב געווּסט, וואָס דאָס פּייפן מיינט, פֿונדעסטוועגן זענען אַלע איבערראַשט געוואָרן און אַלע זענען שנעל אַרויס פֿון הויז. אונטערן הויז האָט מען געזען, ווי אַרונטער באַרג, אין וואַלד, שטייט אַ גרויסע זעג־מאַשין און זעצט מיט געדיכטן רויך איבער אַלע ביימער צום הימל צו. די גאַנצע משפּחה האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין וואַלד אַריין. די ערד איז געווען נאַס און מען איז געקראָכן אין בלאָטע. מילדרעד איז געלאָפן פֿאָרויס, אַרטור נאָך איר און די קליינע סיליע האָט שטיינבערג געטראָגן אויף די הענט.

אין וואַלד האָבן זיי שוין געטראָפן אַ סך מענטשן. פֿעלטען און על נאָריס האָבן געשלעפּט אַ גרויסן, נאָר־וואָס אויסגעהאַקטן בוים. אַלעקסאַנדער האָט געאַרבעט מיט דער זעג. אַלעקס און פּאַפּ נאָריס, יעדער מיט אַ פּאָר פֿערד, האָבן געפּרוּווט קירעווען אין געדיכטן וואַלד. מען האָט הויך געשריגן, געזונגט געטשמאָטשקעט מיט די ליפּן. עס האָט טומלדיק געהודזשעט אַ מאָטאָר.

— לייג צו אַ האַנט, — האָט מען פֿון אַלע זייטן געשריגן צו שטיינבערגן. — טו אויס די זיידענע הענטשקעס און שפּאַר אונטער אַן אַקסל.

— העלף אונז אויסלייגן אַ וועג, — האָט געלאַכט דער העזהדיקער אַלעקסאַנדער.

אויף מאָרגן האָבן פֿורן געפֿירט אויסגעהאַקטע ביימער, פֿאַרטויקע באַלטשאַסעס, צעזעגטע ברעטער און יונגע ביימער מיט קאָרע אויף זיי. די ווייכע ערד, ביז אַרויף דעם הויז, האָט זיך אויסגעלייגט אין צוויי טיפֿע קאַרבן אונטער די שווערע וועגענער. צווישן די קאַרבן האָבן זיך אָפּגעפּרעסט פּאָדקאָוועס פֿון פֿערד און מענטשלעכע טריט. דאָס גראָז לעבן הויז איז געוואָרן צעטראָטן, און אָפּגעווישט געוואָרן איז די 100־יאָריקע סטעזשקע פֿון שטוב אין שטאַל אַריין. די שטאַל איז געוואָרן אָפּגעלאָזן. פֿאַרוואָרפֿן מיט מיסט זענען אַלע פֿערדס געשטעלן, און שטיינבערג לויפֿט אַלע מאָל מיטן פֿאָרד קיין דיקינסוויל.

העע, הו, האַ, פֿון אַלע זייטן, איבער אַלע פֿעלדער. וואָס וואָלט איצט שטיינבערג געטאָן אָן אַ אויטאָמאָביל!

דער אויטאָמאָביל איז אָנגעהיצט, דער ראַדיאַיטאָר ברענט, שיסט מיט הייסער פּאַרע אַרויס אין דער לופטן.

— גיסט אַריין וואַסער! — שרייט בען.

שטיינבערג הערט אים נישט. זיין קאָפּ איז פאַרנומען מיט טויזנטער קלייניקייטן, מיט גרויסע פּלענער, מיט פליגלדיקע פאַנטאַזיעס. ער ווערט אַ בוי־מייסטער. ער מאַכט פּלענער. הע, אַלעקסאַנדער! הע, אַלעקס!

הע און הע. שטיינבערג וויל אויפן שפּיץ דאַך אַ טורעמל, וואָס זאָל זיך פאַרענדיקן אַלץ שמעלער, העכער, קיילעכדיקער, ביז צו גאָרנישט, ביז צו אַ הויכן דראָנג, הויך אין דער לופטן, ווי מען זאָל אין אַ יום־טוב אַרויפציען אַ פאָן.

— הייליקער קריסטוס! — שרייט פּאַפּ נאָריס. — וואָס פון דוליטעל־פאַרם וועט ווערן.

אין אָוונט דערציילט פּאַפּ נאָריס מעשיות פון אַמאָל. ער זיצט ביי שטיינבערגן אין קיך. די קיך איז צעריסן, דער דאַך אין מזרח־זייט איז אַרונטערגעריסן, איין וואַנט איינגאַנצן צענומען. די פינסטערע נאַכט קריכט אַריין אין שטוב אַריין מיטן הימל און שטערן. דאָס ליכט פון הויז פאַלט צוריק אין דרויסן אַרויס און דאָס גראָז ווערט זילבערדיק, ווי באַצויגן מיט פראָסט. אַ קעלט בלאָזט פון די אַרומיקע בערג.

— איך ווייס נישט, צי גאָט וויל מיך מער באַשענקען מיטן כּוח צו דערציילן זיינע וווּנדער, — זאָגט דער אַלטער. — איך בין מער נישט זוכה אַרומצוגיין צווישן מענטשן און לויבן זיינע מעשׂים. מיינע כּוחות פאַרלאָזן מיך.

שטיינבערג האָט מער נישט קיין געדולד צו הערן די רייד. זיין מוח איז פול מיט פליגלדיקע פּלענער. אָבער דער אַלטער זיצט פאַר אים אין קליידער, וואָס זענען צעריסן; אַ דערשלאָגענער, זיבעציק־יאָריקער זקן, וואָס איז עפּעס אַן איבערגעבליבענער סימבאָל פון דעם, וואָס איז געווען, און וועלכער קעמפט מיט אַלע כּוחות אָנצוהאַלטן דאָס, וואָס פאַרגייט, און פּרעפּלט, גלייך ווי ער וואָלט תּפילה געטאָן.

— ער וועט באַזיגן זיינע שונאים, — זאָגט ער. — נאָכ־

רעם, ווי די גאַנצע וועלט וועט זיך פֿון אים אָפּקערן, וועט קומען רער דערלייזער. אַלע וועלן גיין אין זיינע טריט; אַלע וועלן עסן פֿון זיינע הענט; עס וועט אויפֿגיין אַ נייע זון; פֿון הייליקן לאַנד וועט אויפֿגיין אַ בת־קול, וואָס וועט שאַלן איבער דער קיילעכדיקער ערד.

קיינער הערט מער נישט זיינע רייד. ווען דער אַלטער איז צום סוף אַוועקגעגאַנגען, האָט מען אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ. איצט איז שוין נישט געווען קיין מחיצה צווישן דרויסן און שטוב. די לבנה איז געלעגן אויפֿן דיל לעבן אויוון. דער הונט האָט נישט געקאָנט קוקן אין דער לבנה, איז ער אַ פֿוילער אַריינגעגאַנגען אין פּאָדער־הויז. שטיינבערגן איז געוואָרן שווער דאָס האַרץ. דעם אַלטנס רייד האָבן איצט, ווי בייזע פֿליגן, געזשומעט אין זיינע אויערן — אפֿשר שפּעקולירט ער טאַקע צופֿיל? וואָס וועט ער טאָן מיט אַזאַ גרויס הויז?

אָבער אויף מאָרגן האָט ער אַלץ פֿאַרגעסן. אַזוי שנעל ווי מען האָט אויפֿגעשטעלט אַ סקעלעט פֿון אַ הויז זענען געקומען די סטאָליאַרעס. הו און האַ, זעקס מענער שטייען אויף רושטאָוואַניעס; קלאַפּן, שרייען און פֿאַרטומלען דעם גאַנצן הויף. דאָס גיכע קלאַפּן הילכט אָפּ, ווי שאָסן פֿון מאַשין־ביקסן. פּאַפּ נאָרים דערלאַנגט ברעטער. זיין פּנים איז איצט געזונט און רויט, ווי אַ צעשניטענער בוריק. דערנאָך זענען געקומען גלעזער און פֿאַרבער. אַ מאַן, וואָס פֿאַרקויפֿט מעבל. אַ מאַן, וואָס האַנדלט מיט בליך־לאָמפּן. איינער, וואָס מאַכט מאַטראַצן און קישעלעך. אַ יאַריד פֿון מענטשן, אַנגעפּאַרענע אויטאָמאָבילס. די טעלעפֿאָן־קאָמפּאַני שטעלט אַריין אַ טעלעפֿאָן. דער טעלעפֿאָן קלינגט נאָך נישט, אָבער אַ דראָט ציט זיך שוין פֿון הויז צום וועג, אַריבער דער בריק, פֿאַרבינדט דעם פֿאַרם מיטן גאַנצן לאַנד, און גאָר פּלוצלינג קומט צו פֿאָרן מיסטער הווירשהאָרן און מיסעס גורמאַן און מיט זיי אַ פֿולער וואָגן מענטשן.

— דאָס הויז איז גרויס, די סטעליעס הויכע, איבער אַלע ווייסע ווענט, פֿענצטער, — מה יקר? — זינגט הווירשהאָרן אויס מיט אַ ניגון פֿון אַ חזן.

איידער שטיינבערג שרייבט אונטער דעם קאָנטראַקט, ווייזט ער אים דער ווייב.

— איך דאַרף צושטעלן, — זאָגט ער, — מעבל, געפעס און בעטגעוואַנט פאַר פינף און זיבעציק גרויסע. איך, ווידער, קריג זיבן הונדערט דאָלאַר אין דריי אויסצאָלונגען.

— אָבער איך וויל דערמיט נישט האָבן צו טאָן, — שרייט בערטע.

— חלילה, — ענטפערט ער, — עס שטייט דאָך אַזוי בפירוש אין קאָנטראַקט.

— ווייל כ'האָב פיינט באָרדינג־הייזער, — וואָרנט זי אים נאָכאַמאָל.

## קאַפּיטל פופצן

דאָס נייע הויז איז פאַרענדיקט. דער ערשטער קומט אַריין פּאָפּ נאָרים און ער בלייבט שטיין מיט אַן אָפן מויל. די ליכטיקע ווייסקייט האָט פאַרבלענדט זיינע אויגן און ער הויבט זיך אָן קראַצן אין דער פּאָטילניצע: — הייליקער יעזוס, אויף אַזאַ רחבות האָב איך זיך קיינמאָל נישט גערעכט.

— ס'איז אַ שאָד, וואָס דו טרינקסט נישט, פּאָפּ, — זאָגט שטיינבערג, — מיר וואָלטן געמאַכט לחיים.

— מען קאָן זיך ווינטשן אַלדאָס גוטס אָן בראָנפן, שכן מיינער.

ביידע כאַפּן אָן איינער דעם צווייטנס הענט.

— איך מוז לויפן אַלעמען דערציילן, — זאָגט דער אַלטער,— ס'איז נאָר אין די גאַזעטן צו באַשרייבן.

שטיינבערג האָט אים אָנגעהויבן פירן פון צימער צו צימער. אונטן איז געווען אַ גרויסער אָפיס, ווי אין אַן אמתן האָטעל. אַ גרויס עס־צימער איז געווען פול אָנגעשטעלט מיט טישן און שטולן. פון ליאָ דוליטעלס פאַרלאָר איז געוואָרן אַ טאַנץ־זאַל. פון דער אַמאָליקער קאַמער, ווו מען פלעגט ווינטער האַלטן גראָסערים,

האָט מען געמאַכט אַ צימער אויף צו שפּילן קאָרטן. אַלץ האָט גע־בלאַנקט אין פרישער פאַרב. די פאַרב האָט געקיצלט אין דער נאָז. דערנאָך זענען זיי אַרויף אויפן ערשטן און צווייטן שטאָק.

דאָ איז געווען נאָך גרויסאַרטיקער. אַ לאַנגער, הויכער, ליכטיקער קאָרידאָר מיט טירן. פּאַפּ נאָריס האָט אָנגעהויבן ציילן: — 14, 15, 16, — ביז פיר־און־צוואַנציק. דער אַלטער איז אַ באַ־גייסטערטער צוריק אַרוים אין דרויסן און זיך געלאָזט לויפן דער־ציילן דעם וואונדער.

— שטיינבערג איז דער ערלעכסטער ייד, — האָט ער גע־שריגן צו יעדן, וועמען ער האָט באַגעגנט, — ער איז אַ רייכער מאַן, ביי אים אין אָפיס איז דאָ אַזוי פיל קעסטעלעך פאַר בריוו, ווי אין פּאָסט־אָפיס.

ווען דער נייער שכן האָט איבערגענומען דאָס הויז, האָט זיך שטיינבערגס משפחה אַריבערגעקליבן אין אַ קליין שטיבל, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון שטאַל. גאָר אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז דאָס דאָזיקע שטיבל געווען דאָס ערשטע הויז פון די דוליטעלס. שפּעטער האָט מען די שטוב צעטיילט; איין העלפט איז געווען אַ סקלאַד פאַר תבואה, די צווייטע — פאַר יונגע קעלבער און לאַשיקעס, און איצט האָט מען עס נאָכאַמאָל איבערגעבויט פאַר אַ זומער־וווינונג.

דאָס שטיבל איז געווען נידעריק. עס איז נישט געווען גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען; בען און אַלעקס האָבן געמוזט שלאָפן אויפן בוידעם איבערן שטאַל. אָבער דערפאַר איז דורך די אָפענע פענסטער אַריינגעקראָכן בלומען־צווייגן און מען האָט געקאָנט פון אינעווייניק פאַרנעמען די ריחות פון אויפגייענדיקע גרינסן און פון ביי־מער־בליעכץ.

אין אַ חודש אַרום האָט אין דעם גרויסן הויז אָנגעהויבן אויספעלן מילך.

— וואָלסט באַדאַרפט צושטעלן נאָך אַ קו, — זאָגט דאָס ווייב איינמאָל אין אַ אָוונט.

— וואָס מיינסטו אַ קו? — פרעגט שטיינבערג.

— עס פעלט מיר אוים מילך, — ענטפערט זי, — און

אויב דו ווילסט וויסן, וואָלט איך געקאָנט פאַרקויפן אַ סך מער אייער.

שטיינבערג האָט אָנגעהויבן טרייבן די קי אין בעסטן פּאַשע־לאַנד, און גיט זיי אַ צווייענדיקע פּאָרציע קלייען. בען אַרבעט גאַנצע טעג אַרום די הינער און אַ חוץ פּאַפּשויעס וואַרפט ער זיי אויך אונטער ווערים.

— דאָס הויז דאַרף איצט הונדערט קוואָרט מילך אַ טאָג, — זאָגט ווייטער דאָס ווייב.

שטיינבערג קויפט נאָך צוויי קי. דאָס מאָל קויפט ער אַלס־טינס־קי, וואָס גיבן 20 קוואָרט מילך אַ טאָג, און ער הויבט אָן אַרומפאָרן צווישן די שכנים איינקויפן אייער. צווישן אַלע שכנים שפּאַרט ער אָן. ער פאָרט אַרויס מיט באַגינען. מיט אים פאָרט מיט מילדרעד. דאָס מיידל איז שוין אַזוי הויך, ווי דער טאַטע. איר פּנים לויכט, ווי די מאַרגן־זון, די האָר, ווי געוואַשענער פלאַקס. אין פרימאָרגנדיקער קעלט טוליעט זי זיך צום טאַטן און ער וואַרעמט זי מיט זיין הייסן אָטעם. פון זיין געזונטן קערפּער שיקט ער אַריבער שטראַלן־וואַרעמקייט צו איר, ווי אַ הון, וואָס וואַרעמט הינדעלעך.

— איך גלויב, אַז בען איז גערעכט, וואָס ער הייסט מיר קויפן אַן אינקובעיטאָר, — זאָגט ער צו איר ווי צו זיינס אַ גלייכן, — מיט אַן אינקיובעיטאָר קאָן מען אויסהאָדעווען אַ סך הינער.

מילדרעד הויבט אַזש אָן ציטערן. דער נאָמען בען טרייסלט זי אויף. זי ווערט רויט און וויים, און קאָן גאָרנישט ענטפערן.

— אויב ס'איז אמת, וואָס בען זאָגט, — רעדט ער ווייטער,— קאָן מען אָנשטעלן אַן אינקיובעיטאָר דריי מאָל אַ יאָר.

— איך מיין אויך אַזוי, פּאַ, — ענטפערט דאָס קינד צום סוף זייער שטיל און וואַרגט זיך מיט די רייד.

ווען זיי זענען יענעם פרימאָרגן אַהיים געקומען, האָבן אַלע צוזאַמען איבערגערעדט דעם ענין. אין שמועס ביים טיש האָט זיך זייער שטאַרק אַריינגעמישט בען.

— מאָדערנע פאַרמעריי איז גאָר עפּעס אַנדערש, — האָט ער געשריגן.

מילדרעד איז געווען רויט, ווי א בורעק. איר האַרץ, בשעת בען האָט גערעדט, האָט געקלאַפּט ווי א הויכער זייגער, און ווען שטיינבערג האָט זי נאָכן עסן גערופן מיטפאָרן קיין פאָרט־דזשויר־ווים, צוזאַמען מיט בענען, אָנקוקן אַן אינקיובעיטאָר, האָט זי שיער נישט געחלשט פון אויפרעגונג.

---

דער נאָמען שטיינבערג, דאָס גרויסע הויז, אַן אינקיובעי־טאָר, אַן אויטאָמאָביל, פיר פערד, זעכצן קי, הינער, גענז, קאַטש־קעס, אַן אַרבעטער, וואָס האָט געענדיקט אַן אַגריקולטור־שול, און דער טומל און פרייד פון קאַרגע הונדערט גרויס־שטאָטישע מענטשן, וואָס האָבן זיך צעלייגט איבער א ווילדן, שיינעם, באַרגיקן געגנט; מיט עלעקטרישע ליכט, וואָס קעמפּט ביז האַלבער נאַכט מיט געדיכטער, וואַלדיקער פינסטערניש — אַלץ האָט זיך צעטראָגן איבער סעקעט־וועלי, ביז אַרונטער דיקינסוויל און איז געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן.

צוויי מאָל אין טאָג וויַיזט זיך דער אויטאָמאָביל אין דיקינס־וויל מיט א גרויסער שילד: „די האוז אָוו דזשאָי”. דער נאָמען שפּאַנט אַריבער די גרענעצן פון דיקינסוויל און שפּאַרט שוין אָן ביז קאַמישע, הוירליוויל, סענטערוויל, פּוירנדעיל, און ליבערטי. מייפּעלוואָודער יידן האָבן אים אָנגעהויבן איינלאַדן אין זייער שול. א חברה אין הוירליוויל וויל אים פאַר א מעמבער. די די־קינסווילער פאַרמער־אַסאָסיאיישאַן וויל אים צו א מיטינג.

— דערוויַיל בין איך שטאַרק פאַרנומען, — ענטפערט שטיינ־בערג אויף איין פּוס, — איך קאָן זיך נאָך נישט אָפּגעבן מיט קהל־זאַכן.

— אָבער די פראַגע פון פייער־פאַרזיכערונג גייט דאָך אייך אָן, ווי אונז אַלעמען, — שרייט מען צו אים.

— איך וואָלט די פראַגע גאַנץ איינפאַך געלעזט, — ענט־פערט ער איילנדיק זיך און עפענענדיק דאָס טירל פון אויטאָמאָ־ביל. — אַז די מעשה פון א הויבן פראָצענט פייערן ביי יידן איז א בילבול, ווייסן מיר דאָך אַלע. טאָ פאַרוואָס קאָנען מיר נישט אָרגאַניזירן אַן אייגענע פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט?

די מענטשן, מיט וועמען ער רעדט, בלייבן שטיין מיט אָפענע מיילער.

— טאָ קומט אַרונטער צו אַ מיטינג און לייגט פאָר אייער פּלאַן.

— איצט קאָן איך נאָך נישט, — ענטפערט ער, — שפּעטער.

פאָרנדיק יענעם טאָג אַהיים, האָט ער געהאַלטן אין איין טראַכטן פונם פּלאַן, וואָס איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן, בשעתן רעדן מיט די מענטשן.

— פאַרוואָס קאָן מען טאַקע נישט אָרגאַניזירן אַן אייגענע פייער־אינשורענס־קאָמפּאַני, — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין, — און דעם געדאַנק קאָן מען דאָך דערפירן צו אַלערליי קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען! למשל, אַ קאָאָפּעראַטיווע קרימערי.

מער ווי אַלע טאָג איז ער יענעם נאָכמיטאָג געווען אויפגעלייגט. אַרויספאָרנדיק אויפן הויף, זעט ער אַ שפּעט־נאָכמיטאָגדיקע צוגערוימטקייט. דער שייער איז פאַרריגלט. די קי און קעלבער קערן זיך אום פון דער פּאַשע. שווערע, ראַבע הינער און פעטע קאַטשקעס גייען אַרום זאַטע, מיט גדלותדיקע טריט, קוואַקען, וואַשן די שנאָבלען אין אויפגעגראָבענער ערד, און אַזוי, צוליב אַ נאַש, כאַפּן זיי אַלע מאָל אַ קערנדל. ער בלייבט שטיין אַ צעפּלאָנטער און באַגייסטערטער, און באַטראַכט זיין באַלעבאַטישקייט.

— האָסט באַגאָסן די בלומען? — פרעגט ער מילדרעדן.

דאָס מיידל איז שוין העכער פון אים. איר פּנים, ווי דער ליכטיקער דרויסן. אירע אויגן, בלויע, גרויסע, באַשאָטנט מיט שוואַרצע וויִעס און ברעמען, קוקן אויס ווי אַן אָנהויב־חודשדיקע לבנה. זי איז שטענדיק פאַרגאַפט. תמיד וווּנדערט זי זיך איבער עפּעס. עס דוכט זיך אויס, אַז זי איז שטענדיק פול מיט אַ יונגן באַגער אַלץ צו וויסן און אַלץ אויסצולערנען, כדי דאָס אויפגענומענע אַליין אויפסניי איבערצושאַפן.

— יאָ, פּאַפּאַ, — ענטפערט זי, — איך האָב באַגאָסן אַלע בלומען.

— און וויפל אייער האָסטו היינט צונויפגעקליבן?

— דו מיינסט איך אליין? א פולן עמער.

שטיינבערג כאפט ביידע הענט אירע און הויבט זי אָן קושן.

— מיט אַזוינע הענט ווילסטו ווערן א פּאַרמערקע? — פרעגט ער.

— וואָס דען, אפשר ווערן א לערערין אין א שול, ווי מיס הארוויי?

דערפאַר, וואָס ס'איז אים אַזוי גוט אויפן הארצן, נעמט ער גלייך נאָך וויעטשערע אַלעמען אין די מואווים. בערטע מיט ביי־דע קליינע קינדער זיצן אינעווייניק אין אויטאָמאָביל. ער און מילדרעד אין פאָרנט. ער ברומט אונטער א לידל. מילדרעד רעדט צו אים אויף פראַנצויזיש א פּאָר ווערטער, וואָס זי האָט זיך אויס־געלערנט אין האַי־סקול.

— וואָס באַלבעסטו? — פרעגט ער מונטער־פריילעך.

— דאָס מיינט, אז איך וויל א ניי קלייד, — פּאַרטייטשט זי.

— דאָס איז אַלץ? אינמיטן דערינען א קלייד!

— און צו מיין גראַדואירן וויל איך א קאַר.

— אויב דו קריגסט א מעדאַל, גיב איך דיר דעם פּאָרד.

דער אויטאָמאָביל איז שנעל געלאָפן איבערן געפלאַסטערטן וועג. קליינע, ווייטע פייערלעך האָבן געטאַנצט אין דער פינסטער־ניש. טויזנטער פליגעלעך האָבן זיך געריסן צום וואַרעמען ליכט פון די פּראָדזשעקטאָרס און זענען דאָרטן פאַרבּרענט געוואָרן.

— איך פיל, ווי עס צעגייט אין מיר דאָס הארץ פון פרייד,— האָט ער שפּעטער גערעדט צו דער ווייב, ווען זיי זענען צוריקגע־קומען פון שטעטל און זיך געלייגט אין בעט אריין, — דו וועסט זיך גאָרנישט גלויבן, בערטע, ווען איך וועל דיר זאָגן, אז אין מיר אַליין אַנטפּלעקט זיך דער סוד פון יצירה. מיר דוכט זיך, אז איך הויב אָן צו פארשטיין דאָס לעבן פון דער שטומער חיה און דאָס וויגן זיך פון זאַנגען. ווען איך רייס אויף א ניי שטיק ערד, אַנט־פּלעקט זיך פאַר מיר א נייע וועלט. האָסט באַדאַרפט זען, ווי די ווערים, אונטער דער אויפגעאַקערטער ערד, דערפרייען זיך מיט די שטראַלן פון דער זון. זיי ווערן ווי פארשיכורט פון דער לופט. זיי שאַרן זיך ווילד פון פרייד אין אַלע זייטן. זייערע לייבער גלאַנצן.

דאָס ווייב האָט געשוויגן. אַ מידע פון טאָג אַרבעט, האָט זי נישט געקאָנט האַלטן אָפן די אויגן. דורכן פענסטער האָט אַריינגעשפּאַצירט נאַכטיקער שלאָף און איז געקראָכן אין אַלע גלידער. דאָס ווייב האָט אָנגעהויבן לייכט אָטעמען, ווי אַ קליין קינד, און ער האָט גערעדט און גערעדט, ווי פון אים וואָלט עמעצער אַרויסגערעדט.

---

אַזוי זענען פאַרגאַנגען די ערשטע צען יאָר פון שטיינבערגס זיין אויפן פאַרם. ער איז שוין געווען אַ מאַן קרוב צו פערציק. זיין קערפּער איז געוואָרן שווער־וואָגיק. די פּלייצעס ברייט צעוואַקסענע, און זיין קאָפּ איז פול געוואָרן מיט נייע פּלענער.

ווען ער איז איינמאָל געשטאַנען אינמיטן פעלד און געאַרבעט, איז זיין אויג פּלוצלינג פאַרכאַפּט געוואָרן פון די אַלערלייגרינסן, וואָס זענען אויפגעגאַנגען. אויפן באַרג האָבן זיך געוויזן די ווייסע בליטן פון קאַרטאָפל. אַ פלאַך שטיק לאַנד מיט רעטשקע האָט זיך געוויגט מיט די געעפנטע וויאָלעטעווע מיילעכלעך. עס איז שפּעדיק אויפגעגאַנגען דער גערשטן און דער האָבער. עס איז געווען אַ געמיש פון גרין, פּורפּור, פיאָלעט אונטער גאָלדענע שטראַלן פון אַ זומער־זון.

שטיינבערג האָט נישט געקאָנט אַרבעטן. אַ שטיל, אינערלעך, רעליגיעז געפיל האָט אים אינגאַנצן דורכגענומען. ער האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענט די הענטלעך פון קולטיוויירער. געלאָזט רוען דאָס פערד. געוואָלט מיט עמעצן רעדן. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין, צום ווינט, צום פעלד, צו די גלייכע ביימן, רייד, וואָס האָבן זיך געוויגט, ווי זאַנגען; רייד, וואָס זענען געווען אַ תּפילה.

— אַ שיינער טאָג, — האָט אים פּלוצלינג אויפגעוועקט אַ קול.

ער האָט אַ ציטער געטאָן.

— אַ ליבער טאָג, — האָט ער ווידער געהערט.

שטיינבערג האָט זיך אומגעקוקט און דערזען פּאַפּ נאָריסן.

— אַ שיינער טאָג, — האָט ער געענטפערט, — ווי געפעלט איר מיין קוקורוזע?

— פּעסער ווי מיין בּרודער עלם.

— טרייבּ נישט קיין לצנות, פּאַפּ.

— איך מיין ערנסט, שכן מיינער. דיין קוקורוזע איז העכער און דיקער ווי עלם. אפשר דערפאר, ווייל ער נוצט נישט דעם סאָרט מעניור וואָס דו.

— דאָס איז טאַקע אַן עולה, — איז שטיינבּערג ערנסטער געוואָרן, — איך האָבּ אים שוין וויפיל מאָל דערקלערט, אַז פּאָ־טאַש, געמישט מיט מעניור, מאַכט זייער אַ גוטן פערטילאַיזער.

— הייסט עס, אַז דו לערנסט אים איצט, — האָט דער אַל־טער אָנגעהויבּן שמייכלען, — געדענקסט כאָטש צוריק מיט צען יאָר? געדענקסט, ווי אַזוי דו האָסט געאַקערט דעם באַרג?

שטיינבּערג האָט געלאָזט שטיין דאָס פערד און איז צוגעגאַנ־גען צום פּלויט, וווּ פּאַפּ נאָרים איז געשטאַנען. פּאַפּ נאָרימעס קליידער זענען געווען אַלט און פול מיט לאַטעס. דאָס רעקל ענג ווי עמעצענס אַ געשאַנק. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ משונה־דיקע, קליינע, בּרוינע דוירבּי.

— יאָ, עס קאָן זיין, — האָט דער אַלטער געקלאַפּט מיטן לײדיקן מויל, — איר, יונגע, האָט מאַרך אין קאָפּ. אין אונזערע צייטן איז אַנדערש געווען.

— מען מוז האָבּן מאַרך אין קאָפּ, — האָט שטיינבּערג גע־ענטפערט, — די ערד איז קאַרג. אַרויסקריגן עפּעס פון דער מוטער ערד דאַרף מען, אַ חוץ כּוחות, צולייגן שכל.

— יאָ, מסתּם בּיזטו גערעכט. אפשר קאָנסטו מיר לייען אַ טעפּל קאַרטאָפּל?

— אַוודאי, וואָס פאַר אַ פראַגע. קום צו גיין און נעם קאַר־טאָפּל וויפל דו ווילסט.

— וועל קומען, — האָט דער אַלטער געענטפערט.

בּיידע האָבּן זיך צעשיידט. דער אַלטער איז אַוועקגעגאַנגען און שטיינבּערג האָט זיך אומגעקערט צום פערד: — „געט אַפּ, ראָבּערט — קאַם אָן אָלד פעלאָו!"

# קאַפּיטל איינס

ווען דאָס לאַנד אַרום סעקעט־לעיק איז געוואָרן טייער, יעדעס ווינקל פאַרבויט מיט האָטעלן און באָרדינג־הייזער און פון דיקינס־וויל איז אויסגעוואַקסן אַ נישקשהדיק שטעטל מיט אַ באַפעלקערונג פון אַריבער דריי טויזנט נפשות, מיט אַ יידישער שול און בית־עולם, האָט הוירשהאָרן געבראַכט אַ קונה פאַר שטיינבערגס פאַרם.

דער קונה איז געווען אַ רייכער האָטעל־מאַן פון האַנטער. זיין פּנים האָט עדות געזאָגט אויף לאַנג־יאָריקער קעלנעריי. ער איז געווען פעט און געל. אַ דריי גוידערדיקער, מיט פלאַכע פּיס און שמאַלציקע הענט. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, האָט געשמעקט מיט קיך. יעדע מינע איז געווען צווייזייטיק: אי קעל־נעריש־חניפהדיק, אי גביריש־חוצפהדיק. עס איז אים גלייך גע־פעלן געוואָרן די פאַרם און ער האָט אָנגעהויבן וואַרפן גביריש־ברייטלעכע ווערטלעך, פונקט ווי עס פלעגן צו אים רעדן די רייך־אויפגעקומענע באַרדערס.

— איך האָב געהערט, אַז דאָ בויט זיך אַ נייער געגנט, — האָט ער אָנגעהויבן אַרומבייסן אַ דיקן ציגאַר און שטומערהייט, באַפעלעריש, געשטרעקט אַ האַנט צו הוירשהאָרנען נאָך אַ שוועבעלע, — מען זאָגט, אַז סעקעט לעיק פאַרבויט זיך.

— האַנטער איז מיר דערעסן געוואָרן, — האָט ער ווייטער גערעדט, — אַ חזירשער פּלאַץ געוואָרן. איך האָב מיט האַנטער אָפּגעשניטן. איינס און צוויי און פּטור געוואָרן.

ער האָט גביריש געקייט דעם ציגאַר, חוצפהדיק אַרויסגעלאָזט

רויך אין שטיינבערגס און הוירשהאָרנס פּנימער און גערעדט פון א ווינקל מויל.

— אזוי ווי דאָס הויז קוקט איצטער אויס, גיב איך פאַר דעם נישט קיין סענט. אזוינע הייזער צינדט מען בײַ אונז אונטער. וואָס מיר געפעלט דאָ, איז די פּאַרס.

ער האָט באַטראַכט דעם רחבותדיקן הויף, דעם אויסגעלייגטן טאָל, די ווייטע בערג.

— דאָ קאָן מען אַוועקשטעלן אַ גרויסן האָטעל, — האָט ער געזאָגט.

שטיינבערג האָט געפילט, ווי עס פאַלט פון אים שטיקער. דעם יידס פעט און געל פּנים, זיין דריי־גאָרנדיקע מאָרדע און די שמאַלציקע הענט האָבן אים אינגאַנצן אויפגערעגט. ער האָט גע־האַט אַ געפיל גלייך אַרויסצוטרייבן דעם ייד און פאַרזאָגן הוירש־האָרנען, אַז ער זאָל זיך מער נישט דערוועגן אַהער ווייזן מיט קונים.

— אויב בויען אַ האָטעל, קאָן איך מיר אויך פאַרגינען, — האָט ער איינגעהאַלטן זיין כּעס.

— אָבער איך מיין טאַקע, אַ האָטעל, — האָט דער ייד נאָך תקיפדיקער געדרייט דעם ציגאַר אין מויל, אַריינגעלייגט בײדע הענט אין די הויזן־קעשענעס און אַרויסגעשטופּט דעם קיילעכדיקן אָנגעשטאָפּטן בויך, — איך מיין אַ האָטעל מיט צוויי הונדערט רומס, מיין איך. עס זאָל זיין פּלאַץ פאַר פינף הונדערט באָרדערס. אַריינלייגן הונדערט טויזנט דאָלאַר, מיין איך.

ער איז געבליבן שטיין מיט אַ מינע אויפן פּנים, ווי ער וואָלט אַלעמען אויפן אָרט אַוועקגעהרגעט. דאָס געל־פעטע פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ זיגעריש, קליין שמייכעלע, ווי איינער וואָלט געזאָגט: — אנו, פּרוּוו זיך כאָטש אַצינד מיט מיר פאַר־גלייכן. אנו, לאָמיר נאָר הערן, ווי דו גיסט אַ לייג אַוועק אַ הונדערט טויזנט דאָלאַר. שטיינבערגן האָט אַזש געשווינדלט פאַר די אויגן. דעם יידס חוצפּה, זיינע רייד און שטעל, האָט אים געשטאָכן ווי מיט נאָדלען. ענלעכעס צו די דאָזיקע רייד האָט צו אים אַ גאַנצן

ווינטער געדערט די אונטערגעוואַקסענע טאָכטער מילדרעד און דער נײַ־געבאָרענער ערבעטער, בען.

— ווען עס וועט קומען די צייט פון בויען אַ גרויסן האָטעל, ווייס איך אַליין, וואָס צו טאָן, — האָט ער זיך געראַנגלט מיטן פרעמדן, מיטן כעס וואָס האָט אים געשטיקט אין האַלז.

— אָבער דאָס איז דאָך אַ מאַן מיט דרייסיק יאָר „עקספּי־ריענס", מיסטער סטיינבערג, — האָט זיך אַריינגעמישט הווירש־האָרן, — מיסטער בווירגער האָט געמענעדזשט דעם גרעסטן האָטעל אין האַנטער. קינד און קייט האָט געהערט פון דעם האָטעל. ווהאָט דו יו מין, מיסטער סטיינבערג? אסור אויב איך פאַרשטיי אייך. דאָ האָט איר אַ טשענס, וואָס טרעפט איין מאָל אין הונדערט יאָר.

— ווער זאָגט דען אַז איך זוך „טשענסעס"? — האָט שוין סטיינבערג אַנגעוואוירן דעם געדולד. — ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך וויל פאַרקויפן די פאַרם?

— אָבער איך פאַרשטיי אייך נישט, — האָט הווירשהאָרן זיך צעהיצט, — איר האָט אַ טשענס צו מאַכן קעש פּראָפיט. מיסטער בווירגער וויל אויסצאָלן מיט מזומן. איר ווייסט דען וויפל קעש דער מאַן פאַרמאָגט! ער קאָן דאָך אַריינגיין אין יעדער באַנק פון די קעטסקיל מאַונטיינס, ביז אַרונטער קיין מידלטאַון, און קעשן אַ פופציק טויזנט דאָלאַרדיקן טשעק.

— אָבער מיר גייט דער גאַנצער ענין נישט אָן, — האָט סטיינבערג מיט ביטול פון זיך אָפּגעטרייסלט אַלע רייד, — נישט מיך גייט אָן דעם יידס געלט, און נישט איך האָב אַ פאַרם צו פאַר־קויפן. ווער האָט געשיקט נאָך אייך?

ביידע זענען געבליבן שטיין, ווי אָפּגעשמיסענע. דער רייכער ייד האָט אָנגעהויבן טרייבן צום אוועקפאָרן. הווירשהאָרן האָט גע־ביטן דעם שמועס און אָנגעהויבן רעדן פון דער דיקינסאָנווילער פאַרמערס אַסאָסיאיישאָן. אויף דער וועראַנדע האָבן זיך באַוויזן מילדרעד און בען. זי הויך, דין, בלאָנד, אײנגאַנצן געראָטן אין טאַטן און בען אַ ברייטער, טונקעלער, מיט אַ פּאָר פּלייצעס, אפשר אַ יאַרד די ברייט.

— קיין עין־הרע, אַ טאָכטער אויסגעהאָדעוועט, — האָט

הווירשהאָרן אײנגאַנצן געבעטן דאָס קול און פול מיט חניפה אָנגע־
הויבן רעדן צוקער־זיס, ווי ער וואָלט דערמיט זיך אַנטשולדיקט
פאַרן פריערדיקן שמועס, — קיין בייז אויג זאָל איר נישט שאַטן.
ווי אַלט איז אײַער טאָכטער?

— זיבעצן יאָר, — האָט זי שטיינבערג אַליין באַטראַכט.
זיין פנים האָט זיך געבעטן און מען האָט געקאָנט זען, ווי פרייד
האָט אָנגעהויבן שטראַלן פון זיין פנים.

— ערשט געוועזן אַ קליין מיידעלע, — האָט הווירשהאָרן
ווייטער געזאָגט.

— יאָ, ערשט געוועזן אַ מיידעלע. מיר ווערן אַלטע יידן,
מיסטער הווירשהאָרן.

— און ווער איז דער בחור?

— מיינער אַן אַרבעטער. דער בחור איז גאָר אַן אַנטיק. ער
קומט פון באַראָן הירש סקול. גאָר אַ ווױלער בחור.

— אַזוי, — האָט הווירשהאָרן אים פון ווייטן באַטראַכט, —
נישט קשהדיק פון אַ פּאָר פּלייצעס האָט ער. איז וואָס־זשע דענקט
איר טאָן, מיסטער סטיינבוירג?

— מען וועט שוין עפּעס טאָן, מיסטער הווירשהאָרן.

---

דעם זעלבן טאָג, ביים מיטאָג, איז די גאַנצע משפחה גע־
זעסן ביים טיש און געשמועסט פון דעם פרעמדן יידנס חוצפה.
שטיינבערג האָט אויף אַלערליי אופנים פון אים הוזק געמאַכט.
די קינדער האָבן געלאַכט. אַלע זענען געווען ציכטיק אַרומגע־
וואַשן און מיט דרך־ארץ האָט איינער דערלאַנגט דעם צווייטן
דעם טעלער מיט ברויט, דאָס זאַלץ און וואַסער.

אַליץ איז איצט איידל געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. דאָס
הויז האָט זיך אינגאַנצן איבערגעביטן. אַרטורן און סיליען האָט
די מאַמע אַליין אויסגעטיילט די חלקים. בען האָט שטענדיק גע־
געסן צוזאַמען מיט דער משפחה ביים טיש. ער האָט איידל צע־
שניטן דאָס פלייש אויף קליינע שטיקלעך, גענומען דעם גאָפּל צו־
ריק אין דער רעכטער האַנט און געגעסן שטיל, מיט דרך־ארץ

ווי אין דער בּאַראָן הירש־שול, בּשעת בּיים טיש פּלעגט זיצן דער ענגלישער לערער, דער יענקי.

מילדרעד פּלעגט דעמאָלט פון אים נישט אַראָפּנעמען די אויגן. זי האָט געהיט יעדע בּאַוועגונג זיינע און געפילט, ווי מיט זיינע איידעלע מאַניערן, מיט זיין זיצן בּיים טיש, פילט ער אָן אַלע אירע אברים מיט אַ יום־טוב.

— אַ העזה פון אַ מענטשן, — האָט זי רויט ווערנדיק געזאָגט.

בּיי יעדער קלייניקייט פּלעגט זי רויט ווערן. יעדעס מאָל, ווען זי האָט זיך אָנגעטראָפן מיט בּענען האָט איר פּנים אָנגעהויבּן פלאַמען.

— זאָל זיין געזונט, — האָט זי דער פאָטער אָפּגעהאַקט, — נישטאָ פון וואָס צו רעדן מער.

ער האָט זיך אומגעקערט צו בּענען.

— מען וואָלט בּאַדאַרפט אויסשפּרייטן דעם מענור, איידער עס פאַנגט אָן רעגענען.

— אפשר זאָל איך איינשפּאַנען די קליינע בּייבּי און העלפן אויפן פעלד? — פרעגט בּען.

— איך וויים אַליין נישט, — ענטפערט שטיינבּערג.

— זאַלבּעדריט קאָן מען אויסשפּרייטן דאָס מיסט אין איין טאָג און פטור ווערן, — זאָגט נאָכאַמאָל בּען.

שטיינבּערג פאַררייכערט די ליולקע, און ווי נאָך אַ ישוב־הדעת זאָגט ער:

— שפּרייטן מענוור קאָן אַלעקס. איך קאָן עס טאָן. דו גיבּ אַכטונג אויפן אינקיובּייטאָר. דער וויפלטער טאָג איז שוין זינט האָסט אַריינגעלייגט די אייער אין אינקיובּייטאָר?

שטיינבּערג האָט גוט געוווּסט, דער וויפלטער טאָג עס איז געווען. ער האָט יעדע מינוט געציילט די טעג. פונדעסטוועגן האָט ער ליבּ צו דערמאָנען די מאַשין.

— ניין, — זאָגט ער, — דיין אַרבּעט איז בּיי מיר צו טייער. דו דאַרפסט בּיי מיר קיין מיסט נישט שפּרייטן.

מילדרעד האָט אַ גלאַנץ געטאָן אויפן טאַטן מיט אַ פּאָר

דאַנקבאַרע אויגן. ווען זי שעמט זיך נישט, כאַפּט זי אים קושן. שטיינבערג האָט באַמערקט דעם קינדס פרייד און כדי איר נאָך מער צוליב טאָן, גיט ער, אַזוי זייטיק, אַ זאָג:

— איר וואָלט באַדאַרפט, קינדער, אַמאָל צוגיין צו אַנדזשעלאָ לוצאַראָ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פאַרזעצט איצט עפּעס אַ ניי מין קרויט. עפּעס אַ מין, וואָס האָט דעם טעם אי פון קרויט, אי פון ריבן. האָסט אַמאָל געהערט דערפון?

בענס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. דער בחור איז אַזש רויט געוואָרן.

— איר מיינט קאָלרובי, — האָט ער אָנגעהויבן שרייען, — איך האָב עס אין סקול אַליין געטאָן. איך האָב געזען נאָך אַ גרעסערן חריפות. מיר האָבן אויפגעשניטן די קאָרע פון אַ פּיטשבוים און אַהין אַריינגעלייגט די זריעה פון פלוימען.

— און וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען? — שמייכלט שטיינבערג.

— איך בין אינמיטן אַרויס פון סקול, — האָט בען געענטפערט, — עס נעמט לאַנג ביז אַזאַ צווייג נעמט זיך צו.

שטיינבערג האָט זיך נאָך מער צעשמייכלט, אָבער דאָ איז בענען געקומען צו הילף מילדרעד.

— וואָס לאַכסטו, וואָס, — איז זי געוואָרן רויט, ווי אַ בורעק, — אַגריקולטור איז נאָך אַ נייע וויסנשאַפט. אַ סך זאַכן דאַרף מען ערשט אויסגעפינען. ווייסטו כאָטש, פּאַפּאַ, אַז אַ געבילדעטער מענטש קאָן פון איין אַקער לאַנד אַרויסקריגן מער, ווי דו פון צען!

— גיט אַ קוק אין דייטשלאַנד, — האָט זיך בען אַליין מער צעקאָכט. — מיר האָבן געהאַט אַ דייטש אַ לערער. ער איז געווען אַ פּראָסטער פאַרמער און געוווסט מער פון אַ פּראָפעסאָר.

— אַזוי, — האָט שטיינבערג איינגעהאַלטן זיין געלעכטער, — מער פון אַ פּראָפעסאָר.

— און גיט אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אין דער וויטער וועסט, — האָט בען אַליין באַגייסטערטער גערעדט, — דאָרטן אַקערט מען אויף מיט איינמאָל זעכצן רייען. צו אַ טראַקטאָר

טשעפּעט מען צו אַ אָקער־אייזנס, אַ אַ בּאַראַנע, אַ דעם פֿאַר־זייער און אַ ראָלער. מיט איינמאָל ווערט אַלץ אָפּגעטאָן. אין שניט־צייט נוצט מען אַזוינע מאַשינען, וואָס שניידן, בּינדן און שטעלן אויס סנאָפּעס אין דער זעלבּער צייט. איר האָט בּאַדאַרפֿט זען די אַטאָמאַטישע מעלקער, וואָס בּאַרדען האָט איינגעשטעלט. הענט פֿון גומי מעלקן קי. גומענע פֿינגער אַרבּעטן, ווי אַ זייגער. גיט אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אין די עקספּירעמענט סטעישאָנס. אין ניו־דזשוירזי אַרבּעט מען אויף נייע וואַרייעטיס פֿון פּרוכטן. פֿון דעם מעקינטאַש עפּל האָט מען אַרויסגעבּראַכט פֿיר נייע וואַרייע־טיס — דעם לאָבאָ, דעם מילטאָן, דעם מעלבּאַ און דעם אוירלי מעקינטאַש. אין זשעניוואַ עקספּירעמענטירט מען מיט אַ נייעם סאָרט פֿויגטילאַיזער. איך ווייס נישט, מיסטער שטיינבּערג, פֿאַר־וואָס מיר קאָנען נישט אַזוי אַרבּעטן; מיר וואָלטן דאָך געקאָנט יעדע זאַך פֿאַרדאָפּלען.

אין מילדרעדס אויערן קלינגען זיינע פּשוטע ווערטער, ווי געזאַנג. זיין ווייך, בּאַסיק קול גלעט זי ביים האַרצן. זי קוקט מיט די גרויסע, בּלויע, פֿאַרגאַפֿטע אויגן גלייך אין זיין מויל אַריין, און דערזעט בּשעת־מעשה זיינע געזונטע ציין.

— פֿאַרוואָס קאָנען מיר אַזוי נישט טאָן! — שרייט זי. — פֿאַרוואָס קאָנסטו אַליין נישט אויסבּויען אַ גרויס הויז?

— ווען איך בּין איר, — זאָגט בּען, — שטעל איך אַוועק נאָך צוויי אינקובּעיטאָרס.

— אָרעמערע מענטשן, ווי דו, — שרייט מילדרעד, — האָבּן אויסגעבּויט גרויסע האָטעלן.

שטיינבּערג ווערט צעטומלט. ער פֿילט, ווי אים קערט זיך איבּער דער קאָפּ. אין דער פֿרי אַ פֿרעמדער, חוצפּהדיקער ייד; איצט רייסט פֿון אים שטיקער זיין אייגן קינד.

— וואָס, — ענטפֿערט ער, — אַ גרויס הויז ווילט זיך דיר! פֿיר־און־צוואַנציק צימערן איז דיר ווינציק?

— די מאַרזשעסטיק האָט זעכציק, — שרייט מילדרעד, — די סעקעט האַוז פֿופֿציק. אַרום קאַמישע זענען דאָ האָטעלן מיט

הונדערט צימערן. גיב אַ קוק אויף דער אָווערלוק, די קאַמישע אינן.

— יענע הייזער גייען מיר נישט אָן! — ווערט ער אויפ־געטרעגט און שרייט הויך אויף אַ קול. — איך וועל זיך אין חובות נישט איינטונקען. איך האָב צו שווער געאַרבעט אויף מיין געלט. זאָל קומען איין שלעכטער זומער און זיי זענען אַלע מכולה. איך וועל מיט אַ געזונטן קאָפּ נישט קריכן אין אַ קראַנקן בעט.

— אָבער האָדעוועז הינער איז דאָך נישט קיין שפּעקולאַ־ציע, — זאָגט בען.

— אַלץ איז שפּעקולאַציע. איין אינקיובעיטאָר איז גענוג פאַר מיר. אַ מענטש טאָר נישט גיין איבער זיינע כּוחות.

עס רעגט אים מיט אַמאָל אויף די קינדערס רייד. ער ווערט אין כּעס און שרייט אויף זיי אָן.

— דערווייל בין איך נאָך נישט באַרדען, און קיין עקספּע־רימענטן וועט מען ביי מיר נישט מאַכן, און קיין גרעסער הויז דאַרף איך נישט. וואָס איז, עס איז דיר ווינציק?

פונדעסטוועגן הויבט מען זיך אַזוי שנעל נישט אויף פון טיש. כאָטש די מיטאָג־שעה איז שוין פון לאַנג פאַריבער, בלייבן אַלע זיצן, ווי מען איז געזעסן און מען שמועסט ווייטער. שטיינ־בערג בעט גאָר היימיש ביי בענען אַ סיגאַרעטל און בען נעמט ביי אים אַ שוועבעלע. ביים טיש ווערט ביסלעכווייז אָפּגעווישט דער חילוק צווישן באַלעבאָס און אַרבעטער. עס דאַכט זיך אויס, אַז די צוויי פּרעמדע, איינער מיטליאָריק, קאַרג און פּאַרזיכטיק, דער צווייטער יונג, קרעפטיק און אימפּעטיק, וועלן זיך אַמאָל, אין אַ מזלדיקער שעה, געבן די הענט — נאַדיר מיין געלט און לאַנד און דו גיב דיין יוגנט, גלויבן און קענטעניש און לאָמיר בשותּפות נאָכאַמאָל באַפרוכפּערן דעם ווילדן ווינקל, וואָס האָט אַמאָל באַ־לאַנגט צו די דוליטעלס.

די מוטער רוימט אַראָפּ פון טיש. בערטע האָט זיך פאַר די יאָרן אַ סך געביטן. יי איז געוואָרן דיקער, שווערער. דער פּאַס גרויע האָר אין מיטן קאָפּ ווערט אַלץ קענטיקער. רוימענדיק פון טיש קוקט זי בשעת־מעשה אויף מילדרעדן, בענען און קאָן זיך

נישט באַפרייען פון געדאַנק, וואָס פאַרפאָלגט זי שוין אַ לענגערע צייט. זי ברענגט פלוצלונג צו אַ סלוי איינגעמאַכטס, קאַלט וואַסער און זאָגט מיט אַן אַ שיעור ליבע אין קול:

— נעם, בען, אַ טרונק, ס'איז אייז־וואַסער.

---

אין שטוב האָבן אַלע ליב באַקומען בענען און ס'איז דאָרטן איינגעשטעלט געוואָרן אַן אייזערנע דיסציפּלין. דער בחור האָט אַריינגעבראַכט די סיסטעם פון בעראָן הירש־אַגריקולטור־סקול און צו יעדן מאָלצייט האָט פון טורעם איבער דער גרויסער הויז געקלונגען אַ גלאָק. דאָס קלינגען פון גלאָק צו מיטאָג האָט דערמאָנט אין אַ פאַבריק, אין אַ גרויסן גוט, אין אַ שטרענגער האַנט, וואָס רייסט פלוצלונג איבער דעם ריטם פון אַרבעט, שטעלט אָפּ אין מיטן דערינען די פערד, די מענטשן, זאָגט אָן, מיט אַ פרייליכן צעקלינגען זיך איבער אַלע פעלדער, די שעה פון רו.

— רייניק גיכער אוים די שטאַל, — זאָגט בען צו אַלעקסן, — באַלד וועט קלינגען דער גלאָק.

— גרייט שנעלער דעם טיש, — זאָגט מיסעס שטיינבערג, — באַלד קלינגט דער גלאָק.

פון איין זייט פעלד קומט אָן על נאָריס, וועמען מען דינגט צו אויף אַ טאָג אַרבעט. שטיינבערג קומט אָן מיטן איינגעשפּאַנטן פערד פון אַ צווייט פעלד. בען לויפט אים אַנטקעגן איבערנעמען דאָס פערד.

— דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין, — ענטפערט שטיינבערג. — וואָס האָסטו היינט אויפגעטאָן?

— דאָס קליינע הינער־הויז אויסגערייניקט.

אויסרייניקן דאָס קליינע הינער־הויז אין אַ האַלבן טאָג, איז געווען אַרבעט אפילו פאַר צוויי מענער. שטיינבערג באַטראַכט פון אַ זייט דעם פאַרם־יונג. זיין חנעוודיק, מאַטאָווע פנים, מיט אַ קאָליר פון פרישע אָליווס, איז נאָס אין שוויים. אונטער די אָרעמס איז דאָס בלויע העמד אויסגענעצט אין אַ קיילעכדיקן ראָד. די געזונטע נאַקעטע הענט, פאַרשאַרט ביז די עלנבויגנס, זענען איינ־

געקלעפּט אין פּעדערן. בען האַלט אין איין קראַצן די הענט, גלייך דאָרטן וואָלטן אַרומגעקראָכן לייז.

— ס'איז נישט ראַטזאַם פאַרלאָזן אַ הינער־הויז, — זאָגט ער שווער ברוגזלעך.

— עס איז אָבער דאָ אַזוי פיל וויכטיקערע אַרבעט, — ענטפערט, ווי אויף צו להכעיס, שטיינבערג.

— הינער־מיסט, ווען ס'ווערט פאַרטריקנט, קאָן מען עס נישט אָפּשקראָבען. אין באַראָן הירש־סקול האָט מען גערייניקט דאָס הינער־הויז יעדן טאָג.

— אָבער דאָ אַרבעטן דאָך נישט קיין אומזיסטע הונדערט בחורים, — שמייכלט שטיינבערג, — אַז מען פאַרלאָזט אַ הינער־הויז פאַרלירט מען בלויז צייט, אָבער די אַרבעט אין פעלד קאָן מען נישט פאַרלאָזן.

— ווער זאָגט, אַז מען פאַרלירט בלויז צייט, — גיט זיך דער בחור אַ צי אין דער לענג און אין דער ברייט און זיינע אויגן צעגלאַנצן זיך, — עס איז פראַגע פון היגיענע, מיסטער שטיינבערג, פון געזונטע הינער, פון מער אייער.

ווען דער יונג הויבט אָן רעדן פון זיין פאַך, צעגלאַנצן זיך ביי אים מאָדנע די אויגן. זיי מינען זיך, ווי שפּיגעלעך. פון זיין פּנים הויבט אָן שפּאַרן אַ פרעמדע עקשנותדיקייט און ער זעט דעמאָלט אויס, ווי אַ געזעצטער, באַיאָרנטער מאַן.

— איר מאַכט אַ גרויסן טעות, מיסטער שטיינבערג, — זאָגט ער, — עס איז פונקט אַזאַ וויכטיקע אַרבעט, ווי אויפן פעלד. עס זאָל נאָר נישט קומען צו דעם, וואָס עס קאָן קומען. אַ שמוציקע הינער־הויז ברענגט אַ מגפה.

בען נעמט אַרויס פון שטיינבערגס הענט דאָס אויסגעשפּאַנטע פערד און פירט עס אַריין אין שטאַל. דאָס פערד איז זייער הויך און רירט שיער נישט אָן מיט די פּלייצעס דאָס אויבערשטע פון דער טיר. שטיינבערג זעט, ווי דער בחור, אומגעקערט מיטן פּנים צום וואַנט, צעשפּילעט די הויזן און שטופּט אהין אַריין דאָס אַרויסגעקראָכענע העמד. עס נעמט אים אַרום אַ וואַרעמקייט אַרום האַרצן און מיט ליבע אין קול זאָגט ער:

— ס'האָט שוין, דאַכט זיך, געקלונגען דער גלאָק. לאָמיר זיך גיין ארומוואשן.

ביידע זענען ארויף־באַרג צום וואסער־קוואַל, וואָס האָט געדרונען פון אַ רער אין אַ פּאַס אריין. זיי האָבן גלייך אריינגעשטופּט די הענט אין וואסער. אַנטקעגן דעם בלוי־גרין פון דרויסן האָט דער מאָך אינעווייניק נאָך גרינער געגרינט. זייערע פּנימער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אינם וואסער. מען האָט געקאָנט זען, ווי ביידע קוויקן זיך, ווי פון בענם פּנים איז פארשוווּנדן די נודנע בייסעניש, וואָס איז געקראָכן איבער זיין לייב, און דערנאָך האָבן ביידע געטראָגן די נאַסע הענט אין דער לופטן, זיי געטריקנט אין ווינט און פארגאַנגען צום הויז.

---

די אָוונטן האָבן זיך איצט אויך אַנדערש איינגעשטעלט. צום ניין אַזייגער טרינקט מען טיי. די שטוב איז העל באַלויכטן, די קינדער זיצן אַרום טיש, און שטיינבערג שיקט אַ קינד אַרונטערררופן דעם פּאַרם־יונג. עס איז נאָך פרי אין סעזאָן, ג׳בער בען האָט זיך שוין אריבערגעקליבן אין זומערדיקן בוידעם־שטיבל, וואָס איז איבערן שטאַל. בערטע זאָגט כמעט יעדן טאָג, אַז ס'איז נאָך קאַלט צו וווינען איבערן שטאַל, און אַז ביז די מענטשן פון דער גרויסער הויז וועלן ארויסקומען, איז נאָך גוטע צוויי חדשים. אָבער בען ענטפערט מיט אַ שטיל איינגעשפּאַרט קול, אַז ער גלייבט נישט שטיין אויף איין פּוס און פּאַר קעלט האָט ער נישט מורא.

— ווי קאַלט עס זענען נישט די נעכט, — זאָגט ער, — האַלט איך אָפן אַ פענסטער, און שטיין אויף איין פוס האָב איך נישט ליב. דאָרטן, איבערן שטאַל, איז מיר מיין אייגן ווינקל.

שטיינבערג מוז אים יעדן אָוונט שיקן רופן.

— דער טאַטע זאָגט זאָלסט אַרונטערקומען טרינקען טיי, — לויפט צו אים אַרויף אַרטור.

— זאָג דעם טאַטן, אַז איך בין איצט פארנומען, — ענטפערט ער.

אויף מאָרגן רופֿט אים מילדרעד. זי שטייט לעבן שטאָל, דער קאָפּ איז פֿאַרריסן, איר קול איז וואַרעם און ציטערנדיק.

— דער טאַטע פֿרעגט, צי ווילסטו זיך נישט אַביסל דורכ־פֿאָרן?

— וווּהין פֿאָרט מען דען? — קוקט ער אַרויס דורכן פֿענס־טער.

— קיין דיקינסוויל.

— ווער פֿאָרט?

— אַלע פֿאָרן.

— דו אויך?

מילדרעד ווערט רויט. דאָס גאַנצע בלוט קומט איר אין פּנים אַריין. זי וויל אויסשרייען, אַז זי פֿאָרט, אַז ער דאַרף עס אַליין פֿאַרשטיין, אָבער זי קאָן נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. זי ענט־פֿערט בלויז גיך און אײַלנדיק:

— איך ווייס נישט.

— אויב דו פֿאָרסט נישט, וויל איך אויך נישט פֿאָרן, — ענטפֿערט ער.

און עס איז שוין פֿאַרפֿאַלן. מער קאָן זי שוין נישט רעדן. איר האַלז ווערט אָנגעפֿילט מיט עפּעס צום וואַרגן זיך. די אויגן ווערן פֿאַרגאָסן. זי גייט אַוועק אַ דערשלאָגענע. פֿאַרן טאַטן טראַכט זי אויס אַ תּירוץ, פֿאַרוואָס זי וויל נישט פֿאָרן קיין די־קינסוויל און אין אַ ווײַלע אַרום פּלאַצט זי אַרויס אין צאָרן און מיט אַ געוויין, פֿאַרוואָס מען שיקט זי רופֿן בענען, ווען מען קאָן שיקן אַרטורן.

## קאַפּיטל צוויי

מיט יעדן טאָג האָט זיך איצט פֿאַרשאַרפֿט די קינדערס אײַנ־געשפּאַרטע פֿאָדערונג צו פֿאַרגרעסערן דאָס הויז און הינער־שטיבער און שטייגערגס אַנטקעגנשטעלן זיך.

זינט דער רײַכער ייִד פֿון האַנטער איז אַוועקגעפֿאָרן, האָבן

מילדרעד און בען און אפילו דער קליינער ארטור, געהאלטן אין איין האמערן שווערע קלעפ איבער שטיינבערגס קאפ, און אים נישט געלאזט שלאפן קיין נעכט.

מילדרעד האט זיך אויסגעשריבן א קארעספאנדענטן־קורס אין „האום עקאנאמיקס" און בען האט דורך קארעספאנדענץ אויפגענומען אין קארנעל־אוניווערזיטעט א קורס אין פי־צוכט.

די קארעספאנדענץ איז שנעל געפלויגן. אלע טאג קומען אן מיט דער פאסט פעק מיט ביכער, אלערליי פאמפלעטן, בראשורן, נאר־וואס ארויסגעלאזטע נייע ליפלעטס מיט פארשידענע נייע דערפינדונגען און עקספערימענטן, און די קינדער פארווארפן דעם טאטן מיט אלץ נייע ארגומענטן.

— גיט א קוק, — שרייט בען און שטופט שטיינבערגן אין פנים אריין א בילד, ווו ס'איז פאטאגראפירט א גרויסער וויינ־גארטן ערגעץ אין אהייא סטעיט, — זעט, וואס מענטשן קאנען אויפטאן. גיט א קוק אויף די אויסגעמאסטענע בייטן. איר ווייסט כאטש וויפל אן אקער מיט גרעיפס ברענגט אריין!

— און אויב דו האסט שוין א הויז צו פארדינגען, פאר־וואס זאלסטו נישט פארדינגען צוויי מאל אזוי פיל צימערן? — העלפט אונטער מילדרעד.

— ווען איר וואלט כאטש געוווסט, וויפל געלט מענטשן מאכן פון פאלטרי! — שרייט ווייטער בען. — פארט זיך דורך אין ניו־דזשוירזי. גיט א קוק אויף א פארם, וואס פארק און טיל־פארד האט. זעט, וואס יידן טוען אויף אין לאנג־איילענד. א ייד איז געווען דער ערשטער צו פארזעצן דא אין לאנד „בראסעל ספראטס". מיר האבן א דאקטאר ראזען, וואס האט אריינגע־בראכט אהער אין לאנד א נייעם מין קארן. „ראזען־ריי" רופט מען אים.

א חוץ שפארן זיך מיט שטיינבערגן און טרייבן אים אלץ מער צו פארגרעסערן זיין פארם און בארדינג־הויז, האט בען זיך אליין אויך שטארק אונטערגעיאגט און געזען, וואס גיכער קומען צו זיין איינגענעם תכלית.

דער בחור האט זיך אויף גאנצע אווגטן פארמאכט ביי זיך

אין בוידעם־שטיבל און געהאלטן אין איין לייענען ביכער. ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק אַכטונג געבן אויף זיינע הוצאות. ער איז נישט געווען קיין קאַרגער, אָבער ער האָט זיך געפירט אין אַ קליין, רויט ביכעלע אַ בוכהאַלטעריע און שטענדיק געוווּסט וויפל געלט ער האָט אין באַנק, וויפל ער האָט אָוועקגעשיקט דער מאַמען און וויפל עס קומט אים ביים באַלעבאָס. ער האָט זיך אַליין פאַררעכנט אַ העמד, פאַרצירעוועט די זאָקן, געררוימט דאָס קליינע בוידעם־שטיבל און פון געזונט־וועגן, האָט ער צוויי מאָל אַ וואָך געלופ־טערט דאָס בעטגעוואַנט אַנטקעגן דער זון.

אַלץ איז ביי דעם בחור געווען אויסגערעכנט און אויסגע־מאָסטן. די צוויי אָנצוגן, דער שבתדיקער בלויער און דער יום־טובדיקער גרויער, זענען געהאַנגען אויף צוויי באַזונדערע טשוועקעס און זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט ליילעכער, אַזוי אַז קיין ברעקל שטויב איז אַהין נישט צוגעקומען. די שבתדיקע געלע שיך, מיט גרויסע ציין אַרום די זוילן און מיט אַ שאַרפן ריח פון גייע לעדער, זענען נישט אָנגערירטע געשטאַנען צוגעדעקטע אונ־טערן בעט. אין אַ קעסטל איז געלעגן די ריינע וועש. אויף אַ טשוואָק איבער דער טיר זענען געהאַנגען פיר קראַוואַטן. ער האָט זיך אַליין צונויפגעשלאָגן אַ טיש פון געהובלטע ברעטער, פון אויבן אים פאַרדעקט מיט גרין קלעק־פּאַפּיר און אויף אים אויסגעלייגט זיינע ביכער.

די ביכער זענען געווען אַלערליי. ער האָט געהאַט לערן־ביכער וועגן פּאָלטרי און פּי־צוכט; די לידער פון לאָנגפעלאָ; אַלע ווערק פון שעקספּירן; אַ באַנד האָטהאָרן, און וועבסטערס ווער־טער־בוך.

יעדע פרייע מינוט האָט ער געלייענט. אַמבעסטן האָט ער ליב געהאַט לייענען שעקספּירן. שעקספּירן האָט ער געלייענט זייער לאַנגזאַם, מיטן ווערטער־בוך ביים האַנט, אָפּגעשריבן אויף שטיק־לעך פּאַפּיר ווערטער, פראַזן, געדאַנקען און די שווערע ווערטער האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעשריבן, כדי ער זאָל זיי שפּעטער געדענקען אויף אויסנווייניק.

— ביים לייענען שעקספּירן דאַרף יעדער מענטש האָבן צוויי

כּוונות, — פֿלעגט ער זאָגן מילדרעדן, — ערשטנס, באַרייכערן דעם אייגענעם וואָקאַבולאַר, און, צווייטנס, באַרייכערן די אייגענע געדאַנקען.

יעדע זאַך, וואָס דער בחור האָט געטאָן, איז געווען מיט כּוונות, שטענדיק מיט אַן אויסגערעכנטן פּלאַן. ער האָט ליב גע־האַט מילדרעדן מיטן גאַנצן פֿייער פֿון זיין האַרצן, אָבער ער האָט עס אַפֿילו מיטן קלענסטן סימן נישט אַרויסגעוויזן. ער האָט אויס־גערעכנט, אַז די צייט פֿון אַרויסווייזן זיין ליבע איז נאָך נישט געקומען, אַז זי איז נאָך צו יונג, אַז ער דאַרף זיך צוערשט גוט צוגרייטן דערצו: ער דאַרף ענדיקן דעם קורס אין קאָרנעל און אָפּ־שפּאָרן גענוג געלט.

ווען מילדרעד האָט אים איינמאָל געפֿרעגט, פֿאַרוואָס ער זיצט אַלע אָוונטן אויפֿן בוידעם־שטיבל, האָט ער געענטפֿערט:

— דו ווייסט אַליין, פֿאַרוואָס איך זיץ דאָרטן.

— אָבער צוגרייטן אַ לעקציע דאַרף דאָך נישט געדויערן אַ גאַנצן אָוונט, — שפּאַרט זי אים איבער, — אָט נעם איך דאָך אויך אַ קורס.

— וואָס מער מען לערנט, מער ווייסט מען, — ענטפֿערט ער.

מילדרעד האָט אים מער נישט געענטפֿערט און איז אַ ברוגזע אַוועקגעגאַנגען. אָבער בענען האָט לחלוטין נישט געאַרט איר ברוגז ווערן. פֿאַרקערט, ער פֿרייט זיך נאָך דערמיט. ער וויל טאַקע, אַז זי זאָל פֿון גאָר נישט וויסן, אַז ווען עס וועט קומען דער טאָג, ווען ער וועט האָבן גענוג געלט און ער וועט האָבן אַ דיפּלאָם פֿון קאָרנעל, זאָל ער אַרויספֿאַלן אויף איר האַלז און וויזן, וואָס ער האָט אָנגעגרייט פֿאַר איר.

דערפֿאַר, וואָס ער האָט אין זיך דערשטיקט די ליבע צו מילדרעדן, איז דער געפֿיל אין אים נאָך טויזנט מאָל שטאַרקער געוואָרן. נישט רעדנדיק, צעשפּילט זיך יעדע מינדסטע זאַך אין פֿליגלדיקע חלומות. ער חלומט בייטאָג און ביינאַכט. ער זעט מיט פֿאַרטרוימטע אויגן, ווי דורך זיין מי לויפֿן שוין אַרום איבערן הויף צוועלף הונדערט הינער. אין קעלער שטייען אָנגעשטעלט צוויי אינקיובעיטאָרס; שטיינבערג איז שוין איינגעגאַנגען בויען

נייע הינער־הייזער; עס ליגט אין באַנק אויף זיין נאָמען דריי הונדערט מיט זעכציק דאָלאַר, און אַזוי שנעל, ווי ער איז פאַר־טיק געוואָרן מיט איין קורס, האָט ער זיך גלייך אויסגעשריבן אַ צווייטן קורס.

דער צווייטער קורס האָט פאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט. מיט אַמאָל האָט ער אויסגעפונען, פון וואָס עס באַשטייט מילך, און ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם געבוי פון אַ פערד און קו. ער האָט אָנגעהויבן ציילן ביי דער קליינער בעיבי אירע ריפּנ־ביינער, איר געקוקט אין מויל און איינמאָל איז אָנגעקומען מיל־דרעד אין שטאַל אַריין, ווען ער איז געלעגן אונטער אַ קו און גע־קוועטשט די אָדערן, וואָס האָבן זיך געצווייגן פון אייטער צום בויך.

— צוליב וואָס טוסטו עס? — פרעגט זי און קאַטשעט זיך פון געלעכטער.

— ווען דו וואָלסט געלערנט אַנאַטאָמיע, וואָלסטו אויך אַזוי געטאָן, — ענטפערט ער.

---

אויפן איין־און־צוואַנציקסטן טאָג, זינט מען האָט אַריינגע־לייגט די אייער אין אינקיובעיטאָר, איז בען אויפגעשטאַנען, ווען עס איז נאָך געווען פינסטער אין דרויסן.

ער האָט, ווי אַלע טאָג ביים אויפשטיין, דורכגעוואָרפן די הענט אין גימנאַסטישע איבונג, איז דורכגעגאַנגען די שטאַל, גע־גלעט די פערד אַרום האַלז, און איז אַרויס אין דרויסן.

אין דרויסן איז אַלץ געווען גרוי־נעפּלדיק, און כאָטש ער האָט שוין אפשר צום הונדערטסטן מאָל געזען, ווי עס קומען אַרויס הינדעלעך אויף דער וועלט, איז ער פונדעסטוועגן נאָכ־אַמאָל אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל פון אַ פרומען מענטשן, וואָס גרייט זיך צו אַ יום־הדין, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איז ער אַרונטער אין קעלער.

אין קעלער האָט ער אַריינגעקוקט דורכן פאַררויכערטן גלאָז אינעווייניק אין דער מאַשין. אַלץ איז געווען פּונקט, ווי נעכטן און

אײערנעכטן, קײן סימן פון לעבן, און ער האָט זיך פריער, װי אַלע מאָל גענומען צו זײן טעגלעכער אַרבעט.

אָבער די אַרבעט האָט זיך נישט געקלעפּט צו די הענט. יע־דעם מאָל איז ער אַרונטער אין קעלער און יעדעס מאָל, צוריק־קומענדיק, איז זײן פּנים געװען בלאַס און אױפגערעגט. ער האָט נישט געקאָנט עסן, זײנע אױגן האָבן צעשראָקענע אַרױסגע־סטאַרטשעט. ער האָט מורא געהאַט זיך באַגעגענען מיט שטײנ־בערגן און אַלע אין שטוב האָבן אױף אים רחמנות געהאַט.

צום מיטאָג זענען אַלע שטיל געזעסן בײם טיש, און װען שטײנבערג האָט אים געפרעגט: װאָס הערט זיך? האָט ער שטיל געענטפערט:

— דערװײל נאָך גאָר נישט.

אַ גאַנצן נאָכמיטאָג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער. אים האָט בסדר געקלאַפּט דאָס האַרץ — טאָמער האָט געטראָפן עפּעס אַ סיבה — טאָמער איז געשען עפּעס אַן אומגליק. נאָר שפּעט אין אָװנט איז ער ראַשיק אַרױפגעלאָפן פון קעלער. זײן פּנים איז געװען צעשראָקן, די האָר צעשױבערט און מיט אַ קול, װאָס מען האָט קױם געהערט, האָט ער אין גרױס אױפרעגונג אַרױסגע־רעדט:

— זײ קומען, מיסטער שטײנבערג, ששש — זײט שטיל.

— זײט שטיל, — האָט שטײנבערג איבערגערעדט זײנע רײד צו דער משפּחה, װאָס האָט זיך אױך אַרונטערגעלאָזט אין קעלער, — מאַכט נישט קײן גערודער.

אין קעלער איז געװען שטיל און פינסטער. די משפּחה איז געשטאַנען מיט אײנגעהאַלטענע אָטעמס און געזען, װי עס קומען הינדעלעך אױף דער װעלט. די קלײנע סיליע האָט געהאַלטן די מאַמע פאַר אַ האַנט, מילדרעדן אונטערן אָרעם, און אַלע דרײ זע־נען צעשראָקענע געשטאַנען אָפּגערוקט פון די מענער, נאָענט פון דער מאַשין, זענען געװען באַלױכטן פון ברענענדיקן לאָמפּ. שטײנ־בערגס פּנים, אין ליכט פון שײן, איז געװען געל, װי װאַקס. בײדע האָבן געשװיגן. זײ האָבן מיט אַרױסגעשפּאַרטע אױגן געזען, װי אַלע מאָל האָט זיך אַן אַנדער אײ אָנגעהױבן רירן.

זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט. צעשראָקענע, ווי מענטשן, וואָס שטייען ביים בעט פון אַ גוסס, האָבן זיי מיט פּחד אין די אויגן געזען, ווי די טויטע זאַך הויבט זיך פּלוצלונג אָן צאַפּלען. צו־ערשט גיט זיך דאָס שוואַרצע צוגעסמאַליעטע איי אַ לייכטן ריר, זייער לאַנגזאַם, שטעלט זיך אָפּ אויף אַ רגע, גיט זיך ווידער אַ צאַפּל, גיט אַ שפּרונג אונטער, ווי נאָר אַרויסצעפאַלן פון מאַ־שין, און גאָר פּלוצלונג ווערט די צאַפּלעניש אַזוי מוראדיק, אַז עס רייסט זיך אָפּ דאָס האַרץ. דאָס איי האָט זיך מיט אַמאָל געגעבן אַ שטאַרקן וואָרף, זיך איבערגעדרייט, ווי אינעווייניק וואָלט גע־פּלאַצט אַן אָנגעצויגענע ספּרוזשינע, און איצט האָט מען געקאָנט זען, ווי דאָס לעבעדיקע הינדעלע האָט מיטן שנאָבל אָנגעהויבן פּיקן די שאָלעכץ.

ווען דאָס איי האָט זיך שוין געהאַט איינגאַנצן איבערגע־קערט און איז געבליבן ליגן שטאַרק טרייסלענדיק, האָט בען גע־נומען העלפן דאָס הינדעלע אויפברעכן די שאָלעכץ. ער האָט מיט אַ פינגער פאַוואָליע אַ קוועטש געטאָן דאָס איבערגעברענטע איי. אַ שאַרפער ריח פון טוכלע פלייש האָט אים אַ זעץ געטאָן אין נאָז אַריין. בען איז אויף אַ סעקונדע אָפּגעטראָטן אויף צוריק. דאָס הינדעלע איז געבליבן ליגן נאַס און בלינד און פאַרחלשט. דאָס הינדעלע האָט זיך געפּרוווט אויפשטעלן, נאָר איז באַלד צו־ריקגעפאַלן; ווידער זיך אויפגעשטעלט און ווידער צוריקגעפאַלן, ביז עס איז צום סוף אַריינגעפאַלן אין וואַרעמען אָפּקילער, אין „ברודער" אַריין.

איינס נאָך איינס, פאַר שעהן לאַנג, האָט זיך ווידערהאָלט דער דאָזיקער פּראָצעס. עס איז געוואָרן שפּעט אין דער נאַכט. אין קעלער האָבן אַרומגעטאַנצט שאָטנס פון אַ קופּקעלע מענטשן. די שטיינערדיקע ווענט האָבן געשוויצט. ערגעץ אין אַ ווינקל האָבן געטריפט טראָפּנס וואַסער. אַ שוואַך טומלדיק ציפּ־ציפּ האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער נידעריקער סטעליע. דער שווערער געריך האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער יעדן ווינקל. דער שלעכטער ריח איז געקראָכן אין דער נאָז, אין די אויגן, אין קאָפּ אַריין.

מיט אַמאָל האָבן די ציפּקעלעך אָנגעהויבן הויך פּיסטשען און

מיט אַ חוצפּהדיקן ציפּ, ציפּ—ציפּ, ציפּ האָבן זיי אָנגעהויבן קריכן איינס אויפן אַנדערן.

שטיינבערג און די קינדער זענען געבליבן פאַרציטערטע. פאַרטשאַדעטע פון שלעכטן ריח און פון גרויס אויפרעגונג, האָבן די מענטשן, מיט געליימטע צינגער, צעעפנט די מיילער. פון קעלער איז פלוצלונג אויסגעוואַקסן אַ הייליק אָרט, אַ פאַרכּישופט אָרט, וווּ דאָס אומפאַרשטענדלעכסטע אַנטפּלעקט זיך פלוצלינג פאַר די אויגן. — אַזוי פּשוט — אַזוי איינפאַך איז דער סוד פון לעבן און צו דער זעלבער צייט אַזוי סודותדיק, מיסטעריעז. — וואָס איז לעבן? וואָס איז געבורט? וועלכע כּוחות ברענגען דערצו? פאַרוואָס פּיסטשען אַזוי טומלדיק די נאָר־וואָס געבוירענע באַשעפענישן?

נאָר באַלד איז אַוועקגעפאַלן איין הינדעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס. און פלוצלונג איז געוואָרן אַ קאַמף צווישן לעבן און טויט. איינס נאָך איינס האָבן אָנגעהויבן אַוועקפאַלן הינדעלעך. איינס נאָך איינס האָבן די צוגעקומענע אָנגעהויבן פּיסטשען. די לעבעדיקע, מיט אַ פריילעכן ציפּ, ציפּ, האָבן אַרומגעטאַנצט איבער די טויטע. איין ציפּקעלע אַ הויכס און שטאַרקס האָט מיטן שנאָבל אָנגעהויבן פּיקן דאָס פלייש פון אַ געפּגרטן, וואָס איז געווען קליין, ווי אַ נאָר־וואָס געבוירן פייגעלע. די הינדעלעך האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען איבער די טויטע און פאַלן — שפּרינגען און פאַלן, און בען האָט שנעל געוואָרפן די טויטע אין קעסעלע אַריין.

שטיינבערגן איז באַפאַלן אַ פּחד. זיינע הענט האָבן שטאַרק געציטערט. ער האָט מיט אַמאָל מורא באַקומען לאָזן שטיין מילדרעדן אין אַזאַ אָרט, און אַרויסגעכאַפּט דעם לאַמטערן פון איר האַנט.

— גענוג שוין, גענוג, — האָט זיין קול געציטערט און צו דעם ווייב: — דו מעגסט אויך אַרויפגיין.

און עס איז געשען, ווי אַ וווּנדער. קוים האָט מען נאָר אַרויסגערעדט איין וואָרט, האָט זיך גלייך איבערגעריסן די שווערע שטימונג. די לעבעדיקע, מענטשלעכע קלאַנגען האָבן אַלעמען גע־

מאכט גרינגער דאָס האַרץ. דאָס איבערבייטן דעם לאָמטערן פון האַנט צו האַנט האָט איבערגעפירט די שאָטנס אין א צווייטן ווינקל. די פרויען זענען ארויס פון קעלער און ביידע מענער האָבן פרייער אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך.

— זיבעציק, אכציק, ניינציק, זעקס און ניינציק, — ציילט בען, — פון הונדערט מיט צוואנציק אייער, וואָס מען האָט אריינ־געלייגט אין אינקובעיטאָר זענען געבליבן לעבעדיק זעקס און ניינציק הינדעלעך.

— נישט שלעכט אָפּגעשניטן, — זאָגט שטיינבערג.

— גישקשה, — ענטפערט בען.

— איך האָב זיך געריכט אויף ערגער, — גיט שטיינבערג א ווייטן, קוים־קוימיקן שמייכל.

— איר מעגט זיך נאָך ריכטן אויף א פּאָר טויטע, — ענט־פערט בען, — איך וועל זיין צופרידן מיט אכציק.

שטיינבערג האָט שוין מער נישט געקאָנט איינשטיין דאָרטן. ער האָט אי מורא געהאט פאר א גוט אויג, אי זיך געשראָקן פאר די ווייטערדיקע טויטע. ער האָט איבערגעלאָזט בענען אין קעלער און איז אליין ארויף אין שטוב אריין.

---

עס איז שוין געווען בלויער טאָג, ווען בען איז ארויפגעקו־מען אין הויז אריין. ער איז געווען מיד. זיין טונקל פּנים, גרינ־געל, די האָר צעוואָרפן און דער ברייטער, שטארקער קערפּער שלאַ־בעריק נאָכגעלאָזן. אין שטוב איז געווען טונקל. שטיינבערג האָט נאָך אלץ ארומגעשפּאנט איבער דער עס־שטוב און זיין פּנים איז געווען, ווי פארענדערט. פון זיין יעדן אבר האָט ארויסגעשפּארט א ליכטיקע פרייד. ער זעט, ווי זיין פארמעגן וואקסט מיט יעדן טאָג. אזוי פיל הינער, אזוי פיל קי און קעלבער און ער שטעלט זיך פלוצלונג אָפּ לעבן פארם־יונג, און מיט אָן א שיעור ליבע אין קול זאָגט ער:

— נעם און רו זיך אָפּ, בען; אָט וועל איך צושטעלן א גלאָז טיי.

ער ברענגט אליין צו טראָגן צובייסן, שטעלט ארויף א טשוי־ניק וואסער אויפן אויוון. אין שטוב איז שטיל. ווייט אויפן הימל באווייזט זיך די ערשטע רויט. עס איז נאָך נישט ריכטיקער טאָג, אָבער אין די פענסטער ווערט אלץ ליכטיקער. די אויגן ווערן פון זיך אליין אלץ גרעסער. שטיינבערג קאָן נישט איינזיצן אויפן שטול און ער הויבט ווידער אמאָל אָן שפאנען. אונטער אים קרעכצט דער דיל. ער פארלייגט די הענט אויף הינטן, לייגט זיי איבער אויף דער ברוסט, שטופט זיי צום סוף אריין אין די ארבל פון סוועטער, שאָקלט זיך, קרעכצט אין רעליגיעזן עקסטאז, ווי א פרומער ייד, וואָס שטייט אויף חצות און קאָן נישט פארשטיין, ווי אזוי איז דאָס אלץ געשען.

— גאָט מיינער, — מורמלט ער, — ווי לאנג, אז מילדרעד איז ארומגעלאָפן א פיצל קינד? ווען איז זי אויסגעוואקסן?

ער איז שיער נישט צוגעלאָפן צו בענען און אים אריינגע־שריגן אין די אויערן א גוטע בשורה. ער האָט אים שיער נישט געזאָגט, אז מילדרעד גייט שוין אויפן אכצנטן יאָר, און אז פאר איר שרייבט ער אָפּ א האלבן פארם, אָבער פונקט אין דער זעל־בער מינוט איז בען ארויס אינדרויסן און שטיינבערג איז אים נאָכגעגאנגען.

— עס ווייזט אויף א שיינעם טאָג, — זאָגט בען.

דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן אין בלייכן רויט. עס האָבן זיך אויסגעלאָשן די שטערן. שפיצן בוימער זענען געווען איינגע־הילט אין טונקעלן פורפור. אלץ האָט זיך אָנגעהויבן וועקן — דאָס גראָז, דער פלויט, דער געפלאסטערטער וועג פארן הויז.

— גיי לייג זיך צו, — זאָגט שטיינבערג.

— איך וועל שלאָפן ביינאכט, — שמייכלט בען.

— וועסט נישט קאָנען ארבעטן.

— כ'וועל יאָ קאָנען.

ביידע זענען זיך צעגאנגען, יעדער צו זיין ארבעט.

## קאַפּיטל דריי

דער פרילינג האָט זיך פּלוצלונג א וואָרף געטאָן איבערן אָפּגעדעקטן טאָל, אָנגעהויבן איינשלינגען שטיקער גרוי לאַנד, שוואַרצע וועלדער, אומעטיקע פּלויטן, און פּאַוואָלינקע גענומען אויסשפּרייטן א נייעם, גרינעם אויבערפלאַך.

אַלץ האָט זיך גענומען שנעל לייטערן. ווי א בער, וואָס שלאָפט אָפּ דעם ווינטער אין א נאָרע, קריכט אַרויס מיטן פרילינג דאַר, אויסגעמאָרעט און ווערט באַלד פעט, אַזוי האָט יעדע זאַך אָנגעהויבן אויפוואַכן פון א לאַנגן שלאָף און מיט יעדן טאָג איז אַלץ גרינער און ליכטיקער געוואָרן.

דער פרילינג האָט אָנגעהויבן קריכן אין די ביינער. דאָס גאַנצע הויז האָט אָנגעהויבן זשומען, ווי א בינשטאָק. מען האָט געשפּאַנט פערד, געטריבן קי, געיאָגט עופות, און מילדרעד, מיט אָפּגעדעקטע הענט, א באַנעט אויפן קאָפּ, האָט געוואַשן מילך־קאַנען אין זוניקן דרויסן.

אונטער איר הויט איז געקראָכן דער פרישער ווינט. פון בלויען פאַרטאָג אָן האָט זי זיך געקאַטשעט אין בעט, נישט געקאָנט שלאָפן און מיט צעפלאָסענע נאָזלעכער האָט זי, ווי א יונגע חיה, איצט געשמעקט דעם דרויסן.

פון טאָל האָט מיט אַמאָל אָנגעהויבן אויפגיין א געדיכטער רויך. מילדרעד האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט, פאַרשטעלט מיט איין האַנט די אויגן, ווי מיט א דעכל און נישט געקאָנט באַשטימען צי ברענט ערגעץ א שטאַל, צי פאַרברענט אַלעקס דאָס ווינטערדיקע מיסט. זי האָט אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט און זיך געלאָזט לויפן אַרונטער באַרג.

נאָר דאָ איז איר אומגעריכט אַנטקעגנגעקומען בען און איר האַרץ האָט זיך שיער נישט איבערגעריסן פון אויפרעגונג. בען איז געשטאַנען מיט א פּאָר פערד אין האַנט. זיין אָפּגעדעקטער קאָפּ, די ברייטע פּלייצעס, גרויסע הענט און שטאַרקע פיס האָט זי אויפגעטרייסלט. זי האָט מיטאַמאָל דערפילט, ווי אַלע פאַרמאַכטע הויטן איבער איר לייב האָבן זיך צעעפנט; ווי אַלע פאַר־

שלאָסענע קעמערלעך האָבן זיך אַ ריס געטאָן ביז צום פּלאַצן. זי איז אַ צעטומלטע צוגעפאַלן צו איין פערד, צו דער קליינער בעיבי.

— ברוט, — האָט זי אויסגעשריגן, — האָסט מיך אַזוי איבערגעשראָקן.

— פאַרוואָס? — האָט בען געפרעגט.

— איך האָב געמיינט, אַז עס ברענט. די בעיבי איז דאָך שטענדיק געשפּאַנט אויף דער לינקער זייט! ס'אַראַ הויכע ברוסט ער האָט.

זי איז געווען צעטומלט און נישט געוווּסט, וואָס זי רעדט. בען האָט פון איר נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן. ער האָט איר נישט דערציילט, אַז ער האָט אין זינען איר קויפן אַ זייגערל.

— מאָסן פייגל האָב איך היינט געזען אַוועקפליען, — האָט זי ווייטער געזאָגט.

— אַ סימן, אַז פרילינג איז שוין דאָ, — האָט ער גע־ענטפערט.

— ס'אַראַ קרומע אַקערשניטן. ווער האָט דאָ געאַקערט?

— אַלעקס.

— וויפל הינדעלעך האָסטו געקריגן?

— אַכציק.

— איך האָב אַזוי געציטערט אין קעלער.

— אַ פאַרמערקע דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אַזוינע זאַכן, — האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איך האָב נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם ריח, — האָט זי נעגלעט דאָס פערד, — מיר האָט אַזש אויפגעריסן דער קאָפּ. ווילסט מיט אונז פאָרן היינט אין די מוּוויס?

— איך דאַרף אַוועקשיקן אַ לעקציע.

זי איז, ווי שטענדיק נאָך אַ שמועס מיט אים, ברוגז גע־וואָרן און אַנטלאָפן, און בען האָט שוין מער נישט געקאָנט אַר־בעטן. לעבן אים איז געבליבן איר ריח. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אין די אויערן קלינגען אירע ווערטער. אַ פאַרשיכּורטער האָט זיך אים אין מיטן פרימאָרגן אָנגעהויבן אויסמאָלן, אַז ער האַלט

זי אין זיינע הענט, דריקט זי צום האַרצן, און אַז ביידע האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער אָפֿענע פעלדער. די פעלדער זענען באַוואַקסן מיט אויסטערלישע גרינסן. איין זייט פעלד איז פול מיט זונשיין, און דאָס צווייטע איז פינסטער, ווי די נאַכט. דאָס זוניקע שטיק פעלד איז פול מיט פירות, וואָס ער האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געַ־זען און דאָס פינסטערע פעלד איז פול מיט ראָבן און מיט ווערעם אונטער די פיס. מילדרעד שטייט אויפן זוניקן פעלד און ער קאָן זי נישט דערלאַנגען. יעדעס מאָל, וואָס ער וויל צו איר צוגיין, קלעפּן זיך איין די שיך אין ווערעם און עס לויפט אים נאָך די פינסטער־ניש. ער הויבט אָן שרייען. מילדרעד וואַרפט אים צו לאַכנדיק אַ פּרי. אָבער ווי נאָר ער בייסט איין די פרוכט, האָט ער אַ פול מויל מיט צעלאָזענער סמאָלע, אַז ער ווערט שיער נישט דער־שטיקט.

— מילדרעד, — כאַפּט ער זיך אויף און הויבט אָן שרייען, — פאַרוואָס אַנטלויפסטו?

מילדרעד איז שוין געווען אויפן שפּיץ באַרג און ער האָט זיך מיט אַמאָל געכאַפּט, אַז ביידע פערד זענען פאַרקראָכן אין דער פאַרזעצטער רעטשקע.

---

אָנהויב מאַי זענען אַרויסגעקומען די מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעדונגען דאָס גרויסע הויז פאַרן זומער. דאָס הויז איז איצט געווען אַ סך גרעסער, ווי פאַראַיאָרן. שטיינבערג האָט זיך טאַקע געאַמפּערט אַ גאַנצן ווינטער מיט מילדרעדן און בענען, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן פאַרפירן און וועט מער נישט אַריינלייגן קיין סענט אין דעם הויז, אָבער איבערבויען דעם בוידעם און צוקריגן כמעט אָן געלט זעקס שלאָף־צימערן, מיט געבויגענע סטעליעס, האָט ער איינגעשטימט. עס איז שוין איצט געווען אַ הויז מיט דרייסיק שלאָפצימערן און ער האָט געקריגן פערצן הונדערט דאָלאַר דירה־געלט.

די שטאָט־לייט האָבן גאָר נישט געהאַט וואָס צו טאָן. יעדע זאַך איז געווען צוגעגרייט, יעדעס ווינקעלע ריין צוגערוימט; די

צימערן ווייס אָפּגעפאַרבט, מיט געוואַשענע גרויסע פענסטער און ווייס׳ע טירן, מיט אַ ריח פון פרישער דיזענפעקציע, ווי אין אַ רייכן סאַנאַטאָריום. דורך די פענסטער האָבן אַרויסגעבלאַנקט האַלבע פוירהענגלעך. די גרויסע וועראַנדע, ווי אַ דעק פון אַ שיף, איז געווען אָפּגעפאַרבט אין זילבער־גרוי, מיט רויטע טרעפּ און גרינע שטאַכעטן. אַלעקס האָט דעם גאַנצן ווינטער געאַרבעט אויף דעם האַלב־קיילעכדיקן צופאָר צום הויז, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ געשפּאָלטענע נול, און אים אויסגעשאָטן מיט צעריבענע, גרויע שטיינדלעך. ווען דער אויטאָמאָביל האָט איצט געגעבן אַ פאָר צו, זענען די גומענע רעדער אונטערגעשפּרונגען מיט אַזאַ שטיל גערישן טומל, ווי מען שפּאַנט מיט סקריפּנדיקע שיך אויף אַ ווייכן טעפּיך.

דער דאָזיקער האַלב־קיילעכדיקער וועג האָט צוגעגעבן דעם הויז אַן אַ שיעור רחבות. אַרום און זענען געווען פאַרזעצט נידעריקע נאָדל־ביימלעך, אַלערליי קאָלירנדיקע דזשיראַניומס און ווייס־געקאַלכטע רונדע שטיינער. דער לאָן איז געווען נידעריק אָפּגעשווירן, און אין סאַמע מיטן האָט זיך צעבליט אַ צעשפּרייטער קוסט מיט ווילדע רויזן.

די שטאָטישע מענטשן האָבן זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון דער שיינקייט. זיי האָבן געטראָפן פולע שאַפעס מיט געפּעס, פולע קאַסטנס מיט וועש, אַלערליי קאָלדרעס און קישעגעפּעס, און געהאַלטן אין איין חנפענען שטיינבערגן, אַז אויב ער וויל, שליסט מען מיט אים שוין אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָר און ער מעג אַפילו וווינען צוזאַמען מיט זיי אין דעם גרויסן הויז. אָבער שטיינבערג האָט געציטערט פאַרן בלויזן געדאַנק; ער האָט זיך גלייך אַריבערגעצויגן אין קליינעם שטיבל, ווי ער וואָלט מיינען צו זאָגן: נאַט אייך, וואָס אייך קומט, גיט מיר, וואָס מיר קומט, און לאָמיר זיין פרייַנט פון דער ווייטן.

די קליינע קינדער, מילדרעד און בען, האָבן זיך אויך נישט געמישט מיט די שטאָטישע. עס איז אויסגעקומען, ווי די גאַנצע משפּחה וואָלט זיך פון פריער אָפּגערעדט אויסצומיידן די מענטשן אויפן באַרג, און שטיינבערג האָט דערפון שטאַרק הנאה געהאַט.

— פונקט אזוי האָב איך טאַקע געוואָלט זאָלן מיינע קינדער אויסוואַקסן, — האָט ער איינמאָל אַן אָוונט גערעדט צו בער־מען, — קינדער דאַרפן זיך נישט מישן מיט זומערדיקע באָר־דערס.

די גאַנצע משפּחה איז דעמאָלט געזעסן אויף דער נידעריקער וועראַנדע פון קליינעם שטיבל און אַרויפגעקוקט אויפן באַרג, צו דעם גרויסן הויז. מילדרעד האָט מיט חוזק עפּעס דערציילט פון דער גרויסער שטוב, און אַלע האָבן זייער געלאַכט.

— איך בין מיט דיר אינגאַנצן איינשטימיק, — האָט שטיינבערג געזאָגט, — איר דאַרפט זיך טאַקע, קינדער, נישט מישן דאָרטן. שטאָטישע מענטשן, וואָס קומען אַרויס אויף אַ פּאָר וואָכן אין באָרדינג־הויז, זוכן בלויז לייכטזיניקן צייט־פאַרטרייב, און קינדער, וואָס ווייסן נישט פון עפּעס אַנדערש, קאָנען נאָך אָננעמען זייער לייכטזין פאַרן אמתן לעבן.

אָפּזאָגנדיק די פּאָר ווערטער, זעט מען, ווי אין דעם מענטשן צעגייט זיך דאָס האַרץ פון פרייד. אָט האָט גאָט אַליין באַשאָנקען זיינע קינדער מיט אַ מידה, צו וועלכער ער האָט אַליין שטענדיק געשטרעבט. ער דאַרף אפילו נישט רעדן דערפון. די קינדער, פונקט ווי ער, מיידן אַליין אויס די גרויסע שטוב. בען איז אויך אַזאַ. ער זעט עס אין בענס אַרומגיין אַרום און אַרום דעם גרויסן הויז, אַבי ער זאָל אויסמיידן אפילו צו רעדן מיט זיי. שטיינבערג דערמאָנט זיך אין אַ קלוג וואָרט, וואָס זיינער אַ פריינד, אַ געבילדעטער מענטש, האָט אים אַמאָל געזאָגט:

— יעדער מענטש, — האָט דער פריינד געזאָגט, — טראָגט מיט זיך זיין אייגענעם מזל. אויף יעדן מענטשנס פּנים קאָן מען לעזן זיין צוקונפט. שטיינבערג האָט איצט געזען דעם גרויסן אמת פון די ווערטער אין שייכות מיט בענען.

— מען דאַרף בלויז אַ קוק טאָן אויף בענס פּנים, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, — אויף דער אָפנקייט, אויף דער איינגעשפּאַרטקייט, און אויפן שטאַרקן ווילן, וואָס ליגט אַרום זיין מויל, און מען קאָן לייכט פאַרזאָגן, אַז דער מענטש וועט אַלץ אין לעבן גובר זיין.

א פֿאַרשלייערטער געדאַנק האָט שנעל אַ בליץ געטאָן אין זיין מוח.

— איך וועל מיט עפּעס מאַכן בענען אַ סיורפּריז, — זאָגט ער שטיל דער ווייב.

— וואָס מיינסטו? — פֿרעגט זי פֿאַרוווּנדערט. — די קינדער זענען נאָך יונג. זאָל צוערשט אַריבער דער זומער.

— גישט דאָס. שוטה, וואָס דו ביסט. איך וויל אים געבן אַ מתנה. דער בחור אַרבעט אַזוי שווער.

ווען בען האָט צום חודש געקריגן זיין געהאַלט, האָט ער אין אַ באַזונדערן קאָנווערט געפֿונען אַ טשעק אויף 25 דאָלאַר מיט אַ פּאָר מליצהדיקע ווערטער. בען איז אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז ער האָט גישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. דריי טעג האָט ער געפֿילט, ווי דאָס פּאַפּירל אין קעשענע ברענט אים, און ער האָט נישט געוווּסט, צי דאַרף ער פֿאַרזענלעך דאַנקען שטיינבערגן, צי זאָל ער אים אָנשרייבן אַזאַ שיינעם בריוו אין ענגליש, מיט קלוגע ווערטער, אַרויסגענומען פֿון שעקספּירן. אויפֿן פֿערטן טאָג איז בען אַוועקגעפֿאָרן קיין דיקינסוויל, צוריקגעקומען ערשט שפּעט אין אָוונט, און אין דער פֿינסטער, לעבן שטאַל, האָט ער אָנגעכאַפּט מילדרעדן און איר אַריינגעשטופּט אַ זייגערל אין האַנט אַריין:

— טראָג עס געזונט!

מילדרעד איז געבליבן שטיין אַ געליימטע. איר מויל איז געבליבן אָפֿן, די אויגן גרויס אַרויסגעסטאַרטשעטע, און זי האָט אינגאַנצן געציטערט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געוויינט. איר האַרץ האָט זיך געבראָכן, און דאָס יונגע לייב האָט זיך געריסן פֿון פֿרייד, פֿון שרעק, כאָטש שפּרינג פֿון פֿענסטער.

— צי איז עס אַ מתנה פֿון אַ חתן צו אַ כּלה? — האָט זיך איר געשפּאָלטן דער מוח. — צי דאַרף זי דערציילן דער מאַמען? אפֿשר דאַרף זי אים דאָס זייגערל אָפּגעבן?

אָבער זי האָט דער מאַמען גאָרנישט דערציילט. זי האָט באַהאַלטן דאָס זייגערל אונטער אַ שלאָס, איז בלויז אַרומגעגאַנגען

מיט פולע אויגן, מיט אַ מויל פון אַ שטומען, נישט געקאָנט עסן, און איז, ווי איבער נאַכט, אויסגעוואַקסן אַ רייף־גרויסע.

גאָר פּלוצלינג, אומדערוואַרטעט פאַר זיך און פאַרן גאַנצן הויזגעזינד, איז דאָס מיידל געוואָרן רייף אומעטיק, ווי עמע־צער וואָלט אַ וואָרף געטאָן אויף אירע פּלייצעס אַ שווערן יאָך. מיטאַמאָל האָט זי אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר זאַכן, פון וועלכע זי האָט ביז איצט אַפילו נישט געטראַכט. איר יונג לייב האָט זיך אָנגעהויבן קאָרטשען אין זיסן ווייטאָג. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך איר געדוכט, אַז בען שטייט איר הינטער די פּלייצעס. ביינאַכט האָט זי געמיינט, אַז אירע פינגער שאַרן זיך צווישן זיינע זיידע־נע האָר, אַז ער פאַרברענט זי מיט זיין אָטעם און אַז ער פילט זי אָן מיט אַ ריח פון זיסער מילך און פון וואַרעמע פעדערן אונטער אַ הונס פליגל.

גאַנצע טעג האָט זי זיך איצט געבראָכן אין ווייטאָג. עס האָט זיך איר געדוכט, אַז זי ווערט קראַנק. יעדע ווײַלע איז זי גע־לאָפן צו זיך אין צימער, אַרויסגענומען דאָס זייגערל, עס געדריקט צום האַרצן, געקושט עס, גערעדט דערצו, גלייך עס וואָלט געווען בען.

## קאַפּיטל פיר

סוף יוני איז פּלוצלינג באַפאַלן אַ מגפה אַלע הינער. די מגפה האָט זיך אָנגעהויבן מיט די פּעטע, ראַבע קוואָטשקעס, וואָס בערטע פלעגט נאָך אַלץ זעצן אויפן בוידעם, אונטער אַ זיפּ, און איז שנעל איבערגעגאַנגען צו די ציפּקעלעך און די ווייסע לעג־האָרנס.

דעם ערשטן טאָג זענען אָוועקגעפאַלן דריי הינער און צוויי ציפּקעלעך. דעם צווייטן טאָג פינף, און ווען בען איז אויפן דריטן טאָג אַריינגעקומען אין הינער־הויז, האָט ער געטראָפן ליגן אי־בערגעקערט, מיט קאַלט־פאַרשטאַרצטע פיס אויף אַרויף, פערצן הינער.

אין שטוב איז געוואָרן אַ בהלה. דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שרייען. שטיינבערג האָט נישט געגאָלט די באָרד און געגוואַלטעוועט, אַז די קינדער וועלן אים רואינירן, אַז די אינקיובעיטאָרס מאַכן אים אומגליקלעך, און ער האָט אָנגעהויבן לויפן צו די שכנים זוכן עצות.

די שכנים האָבן אים געגעבן אַלערליי באַבסקע רפואות. אַנזשעלאַ לאַזאַראַ האָט געהייסן האָדעווען די הינער מיט צעהאַקט גרין גראָז, לויז מאַכן זייערע מאַגנס און אַזוי־אַרום אַרויסטרייבן די קרענק. פּאַפּ נאָריס האָט געבראַכט צו טראָגן אַ געוויסן מין ווערעם, וואָס האַלטן זיך אויף אין זומפּן, זיי אויסגעמישט מיט געווייקטע קלייען און געזאָגט, אַז די לעבעדיקע ווערעם וועלן אויפפרעסן דעם טייוול, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די הינער. עס זענען געקומען מיט עצות מיסטער פעלטען, על נאָרים און די משוגענע פּיבי, פּאַפּ נאָריסעס שוועסטער, האָט געבראַכט געטריקנטע קאָרע פון אַ דעמבן־בוים, וועמעס ריח איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז בלויז פון אַ שמעק טאָן האָט מען אָנגעהויבן ניסן מיט טרערן אין די אויגן.

— וואַרפט אַוועק די אַלע נארישע זאַבאָבאָנעס! — האָט בען אין פאַרצווייפלונג געשריגן. — עס איז דאָס גרויסע הויז, וואָס פאַרשלעפּט אַהער אַלע צרות.

— וואָס מיינסטו? — האָט שטיינבערג צוריקגעשריגן.

— זייערע פאָר הינער ראַיען זיך אַ גאַנצן טאָג אין איבער־געפוילט געקעכץ. פון זיי האָט זיך אָנגעהויבן די מגפה.

— אָבער די מגפה איז דאָך שוין דאָ; עס פּגרן אַלע הינער.

— דאַרף מען דערפון פּטור ווערן מיט מיטלען.

— וואָס פאַר אַ מיטלען?

בען איז אַוועק אין דיקינסוויל, געבראַכט אַ פלאַש נאַפט, קליינע, שאַרפע מעסערלעך און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

— עס האָט אַמאָל אין סקול אויסגעבראָכן פּונקט אַזאַ מגפה, — האָט ער געשריגן, — איך ווייס, וואָס פאַראַ קרענק עס איז.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פון הינער־הויז,

געזען, ווי אַ פֿרישע, געזונטע הון האָט פֿלוצלינג אָנגעהויבן ניסן, זיך וואַרגן, קאָן נישט שלינגען, קאָן נישט כאַפּן דעם אָטעם און איר קאַם איז געוואָרן מתדיק ווייס, באַלד צום דערשטיקט ווערן.

בען האָט שנעל אַריינגעכאַפּט די הון צווישן די פֿיס, ווי אַ שוחט פֿאַרדרייט איר דעם קאָפּ, אויפֿגעריסן דאָס מויל, מיטן שאַרפֿן מעסערל אויפֿגעשניטן דעם געשוויר אויף דער צונג, און מיט נאַפֿט אויסגעוואַשן דאָס מויל. די הון איז געפֿגרט אונטער זײַנע הענט.

דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט אַ ציטער געטאָן. מילדרעד האָט מיט ביידע הענט פֿאַרשטעלט די אויגן. מיסעס שטיינבערג האָט זיך צעוויינט. די קליינע סיליע איז אין שרעק אַרויסגעלאָפֿן אינדרויסן און שטיינבערג האָט אָנגעהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות:

— דו וועסט מיך רואינירן! וועסט פֿאַרשלעפּן די פֿעסט אי־בער אַלע הינער!

— אַ דאָקטאָר שנײַדט אָפּ אַ פֿוס, צו פֿאַרהיטן אַ לעבן! — האָט בען צוריקגעשריגן.

— דו ביסט נישט קיין דאָקטאָר! — האָט זיך שטיינבערג אינגאַנצן פֿאַרלוירן. — ביסט נישט מער ווי אַ פֿאַרם־יונג; וועסט מיך אומגליקלעך מאַכן!

בען האָט זיך אַ בראָך געטאָן. זײַן פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך בײַ אים אַרונטערגעלאָזט ווי צום אַראָפּפֿאַלן.

— אין מײַן פֿאַך בין איך אַ דאָקטאָר, — האָט זײַן קול געציטערט.

— ביסט אַ מערדער! — האָט שוין שטיינבערג מער נישט געקאָנט זיך קאָנטראָלירן. — האָסט געקוילעט אַ הון. דו מאַכסט מיך אומגליקלעך!

די קולות האָבן געשפּאָלטן דעם דאַך פֿון נידעריקן שטיבל. די יללות האָבן זיך צעטראָגן ביז איבערן הויף. בען איז אַרויס אינדרויסן, איז אַרויף צו זיך אין בוידעם־שטיבל, אָנגעהויבן פֿאַר־פּאַקן זײַנע זאַכן און ווי אַ קליין קינד אָנגעהויבן וויינען.

אָבער אַזוי שנעל, ווי ער האָט דערזען דורכן פֿענסטער

שטיינבערגן מיט דער משפּחה צוריק אַריינגיין אין הויז אַריין, איז ער בגנבה נאָכאַמאָל אַראָפּ אין הינער־הויז, פֿאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און זיך ווידעראַמאָל גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט אויף שנעל אָפּגעראַמט די פּאָר געפּגרטע, אָפּגעקליבן אַלע קראַנקע, אָנגעשאָטן אַ פֿעסל סיעטשקע, פֿאַרהאַקט די ליפּן און זיך נאָכאַמאָל גענומען צום מעסערל.

ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן ערשטן צענדליק הינער, האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן די פֿיס. די הינער האָבן זיך געצאַפּלט אין זייערע לעצטע אַנגסטן, און פֿון שלעכטן ריח האָט אים אָנגעהויבן איבלען. אָבער אַ פֿאַרשיכורטער, ברוטאַל, מיט דער גרויזאַמקייט פֿון אַ פֿאַרצווייפֿלטן מענטשן, האָט ער ווייטער געכאַפּט איין הון נאָך דער צווייטער, אויפֿגעשניטן דעם געשוויר, אויסגעקוועטשט דאָס גיפֿטיקע בלוט, אויסגעוואַשן דעם צונג און האַלז מיט נאַפֿט און אַוועקגעוואָרפֿן די האַלב־פֿאַרחלשטע הון אויף דער ערד.

אין הינער־הויז איז געוואָרן אַ מוראדיקע סומאַטאָכע. אין דער לופֿט איז געשטאַנען אַ שאַרפֿער ריח פֿון גסיסה, וואַרעם בלוט און נאַפֿט. עס זענען געפֿלויגן פֿעדערן. איינגעטונקען אין בלוט, האָבן זיך די פֿעדערן געקלעפּט צו די ווענט, סיעדעלקעס און צו בענס פּנים און הענט. די האַלב־פֿאַרחלשטע הינער האָבן געכאָרכלט, געגוססט, געשפּיגן מיט בלוט און אַלץ נישט געקאָנט אַרויסקרייען, וואָס עס האָט זיי געשטיקט אין האַלז. איניקע הינער האָבן געוואָרקעט, ווי געשאָכטענע טויבן. איניקע האָבן זיך געשטעלט אויף די פֿיס, געטרייסלט מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן משוגע געוואָרן, און זענען בלינדערהייט געלאָפֿן גלייך אויף בענען. דאָס גאַנצע הינער־הויז איז געוואָרן פֿול מיט וואַנזין. משוגעדיקע שאָטנס זענען געפֿלויגן איבער די ווענט. אַ גוססדיק קרייען האָט געשפּאָלטן די סטעליע און די ווינקלען זענען פֿול געוואָרן מיט צעשראָקענע, געזונטע הינער, וואָס האָבן זיך געגראָבן אין די אייגענע פֿעדערן.

בענען איז מיטאַמאָל באַפֿאַלן אַ מוראדיקער פּחד. עס האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן הענט און פֿיס. דער קאָפּ האָט געברענט,

די אויגן זענען געקראָכן פון די לעכער און ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ מינוט צום חלשן. ער איז אויף אַ מינוט אַרויס אינ־דרויסן, אָפּכאַפּן דעם אָטעם און באַלד דערפילט, אַז אים קערט די גאַל, אַז עס רייסן זיך אים אָפּ די קישקעס ברעכנדיק.

ווען ער איז שפּעטער צוגעקומען צום הויז, האָבן זיך אַלע פאַר אים דערשראָקן. זיין פּנים איז געווען געל, דערשלאָגן, יסורימ־דיק־פאַרקרימט און ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

— וואָס איז מיט דיר געשען? — איז אים מילדרעד אַנט־קעגנגעלאָפן, און איר אייגן פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. — ביסט קראַנק?

— איך בין נישט קראַנק, — האָט ער קוים געענטפערט.

— וואָס דען איז דיר?

— איך ווייס נישט.

— דאַרפסט נישט האָבן פאַראיבל אויפן טאַטן, — האָט זי אָנגעהויבן, — אַ מענטש איז פאַרצווייפלט, ווייסט ער נישט, וואָס ער רעדט.

— איך האָב אויף קיינעם קיין פאַראיבל נישט. מיך פאַר־דריסט אויף מיר אַליין.

— פאַרוואָס?

— קיינער פאַרשטייט מיך נישט.

— דער טאַטע פאַרשטייט דיך; ער לויבט דיך שטענדיק.

אָבער בען האָט איר נישט געענטפערט. פאַר זיינע אויגן זענען געשטאַנען גוססדיקע הינער. אין זיין נאָז איז געקראָכן אַ ריח פון נאַפט, בלוט, טויט. ער האָט געפילט, אַז ער האָט אַלץ פאַרלוירן — די שטעלע, זיין נאָמען, די כּלה. אַ דערשלאָגענער האָט ער זיך גענומען הויבן אויף די טרעפּ, צו זיך אויפן בוידעם־שטיבל.

— בען, — איז מילדרעד געבליבן שטיין, פול מיט אָנגע־גאָסענע אויגן, ווי אַ פינסטערע נאַכט, און דערפילט שפּילקעס שטעכן אַרום האַרץ.

פון שטאַל האָט געשלאָגן אַ היץ, אויסגעמישט מיטן ריח פון צעפּאַרעט מיסט און צעהיצטע פערדן־פעל. זי האָט אים נאָכגע־

קוקט און געזען, ווי ער הויבט זיך אַלץ העכער און העכער אויף די בוידעם־טרעפּ. די בענדלעך פון די אָוועראָלס, איבערגעלייגט, ווי אַ צלם, האָבן זיך איינגעשניטן אין זיינע אַקסלען, פּלייצע. ווען ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָט זי אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

---

מילדרעד איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. בען איז מיט אַ קליין בליץ־לעמפּל איבערגעזעסן די נאַכט אין הינער־הויז. שטיינבערג האָט זיך אויך געקאַטשעט אין בעט. זיין פּעס איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען. פונדעסטוועגן האָט ער אַלע מאָל געזאָגט דער ווייב, אַז זיי זענען נאָך אַלעמען נאָך קינדער און מען טאָר זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן. נאָר מיטן בלויען פאַרטאָג איז בען פּלוצלינג אַריין אין קליינעם שטיבל און אין איין מינוט אָנגעטראָגן אַ פול הויז פרייד — אַ חוץ צוויי צענדליק שוואַכע הינער, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די אָפּעראַציע, האָבן אַלע איבעריקע אָפּגעלעבט.

— קומט זען, — האָט ער, אַ משוגענער פון פרייד, געשריגן, — קומט אַ קוק טאָן, ס׳אַרא „מערדער״ איך בין!

אַלע זענען אין גרויען פאַרטאָג אַרויס אינדרויסן. די קלענערע קינדער האָבן געציטערט אין קעלט, און שטיינבערג האָט צעשטעלט אַ פּאָר אויגן, וואָס זענען נישט געווען זיינע. די אויגן זענען געווען גרויסע, ווי עס גיט זיך אַמאָל איין שיינע ווינטערויבן.

— ווען איך זאָל געווען גלייך נעמען דאָס מיטל! — האָט בען געזאָגט.

— עפּעס קוואָקען זיי מאָדנע, — האָט געענטפערט שטיינבערג.

— אָבי זיי פרעסן, — האָט זיך אַריינגעמישט מילדרעד.

— יאָ, פרעסן, פרעסן זיי, — האָט שטיינבערג געשמייכלט.

אין צוויי וואָכן אַרום זענען שוין געווען נאָכאַמאָל אָנגעשטעלט אַלע דריי אינקיובעיטאָרס. בען האָט זיך גענומען בויען נייע הינער־הייזער, אַזוינע אויף רעדלעך, וואָס מען קאָן לייכט

איבערפירן פון איין אָרט אויף אַ צווייטן — אויב עס זאָל, חלילה, נאָכאַמאָל באַפאַלן אַ מגפה, קאָן מען לייכט אָפּזונדערן איין הי־נער־הויז פון די איבעריקע.

שטיינבערג האָט זיך געבראָכן אין ווייטאָג. בען וועט אויס־געבן כמעט אַ העלפט פון דעם געלט, וואָס ער קריגט אַריין פון דעם גרויסן הויז. אָבער אַלע, די קינדער און דאָס ווייב, האָבן אים איבערגעשריגן. און בען האָט אָנגעגעבן נאָך אַ צווייטן שכל:

— כדי הינער זאָלן לייגן אַ סך אייער, דאַרפן זיי פרעסן זעמדעלעך, און שטיינדעלעך, און ווערעם. איז אָנשטאָט אַלעמאָל איבעראַקערן די זעלבע ערד, וועט מען בעסער קאָנען איבערפירן די הינער־הייזער.

די שכנים האָבן מסכים געווען מיט בענען. שטיינבערג האָט צום סוף אויך געמוזט מסכים זיין. ניט מער, וואָס ער האָט אי מיט פרייד, אי מיט ווייטאָג אין הארצן געפילט, ווי עמעצער, אַ שטאַרקערער פון אים, כאַפּט אַלץ אויס פון זיינע הענט, און אַז יענער וועט מסתם אין אַ צייט אַרום ווערן דער גאַנצער באַלעבאָס.

## קאַפּיטל פינף

מיטן אוועקשטעלן זיך פון אַ הייסן חודש יולי איז דאָס גרויסע הויז געוואָרן פול מיט שטאָטישע מענטשן. יעדער טאָג האָט געבראַכט פול־געפּאַקטע אויטאָמאָבילן מיט מענער, פרויען, קינדער און יונגע בחורים מיט מיידלעך. דאָס הויז איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ טומלדיקער. איבער אַלע פעלדער און וועלדער, איבער יעדן פאַרוואָרפן ווינקל איז צעלייגט שטאָטישער טומל, ראַ־שיקער געפּילדער און פאַרשייטער געזאַנג. ליכטיק־זומערדיקע קליי־דער, בלויע, געלע, ווייסע פלאַטערן אין סאָד, אויף דער וועראַנ־דע און ביים טייך, ווי עס וואָלט פלוצלינג אָנגעפלויגן אַ מחנה זומער־פייגל. עס קאַטשעט זיך געלעכטער, פריילעכע געוואַלטן, איבערן גאַנצן הויף און ביז אַרונטער צום שטאַל, צום קליינעם שטיבל צו, וווּ די גאַנצע משפחה האָט זיך איצט נאָכמער איינגע־

שלאָסן. אין אָוונט איז דער טאַנץ־זאַל באַלויכטן. ליכט און מוזיק רייסט זיך אַריבער אַלע פּלויטן, אַריבערן וועג, און פאַרמערשע בחורים און מיידלעך קומען צו לויפן יעדן אָוונט, ווי אויפן בייז־וואונדער און שטעלן זיך אויס אויף דער וועראַנדע ביי די פענ־סטער. זייערע פּנימער זענען רויט־צעהיצטע, די קעפּ גלאַט־פאַרקעמטע, מיט סיגאַרעטלעך אין די מיילער, און מיט גיריקע אויגן, פלאַמיקער קנאה, קוקן די שקצים און שיקסעס אויף די פאַרפוצטע פּאָרלעך, אויף זייערע טייערע קליידער, בלישטשענדי־קע צירונג, צעלאָזענער פאַרשייטקייט, און פרעסן זיי מיט די אויגן.

בען און מילדרעד שטעלן זיך אויך אַמאָל אָפּ ביי אַ פענ־סטער. אויף זייערע ליפּן איז צעגאָסן אַ שמייכל פון ביטול און חוזק.

— ביליקע רעגן־טאָים איז ביי זיי מוזיק, — זאָגט בען.

— וואולגאַרע וויצן — אַ חכמה, — ענטפערט מילדרעד.

ביידע לויפן צוריק אין קליינעם שטיבל מיט פולע מיילער געלעכטער, ווי אַ מויל אָנגענומען מיט וואַסער, און פּלאַצן אַרויס:

— גייט כאַטש צו און גיט אַ קוק אויף דעם משוגעת.

שטיינבערג פילט, ווי עס צעגייט אין אים דאָס האַרץ פון פרייד. פּונקט אַזוינע קינדער האָט ער געחלומט אויסהאָדעווען.

— איר האָט געדאַרפט זען, ווי ווילד זיי פליען מיט זייע־רע אויטאָמאָבילן, — זאָגט ווייטער בען, — עס איז אַ געפאַר דעם וועג דורכצוגיין.

דאָס קליינע שטיבל אונטערן באַרג האָט זיך איצט, אין טומלדיקן סעזאָן, ווי איינגעקאָרטשעט, און ווי איינער, וואָס פאַר־שטעלט זיך די אויגן, ווען ער זעט אַ נבלה, אַזוי האָט מען דאָרטן שטענדיק אין אָוונט פאַרצויגן די פאָרהענגלעך. מען האָט מורא פאַר די פרעמדע, פרעכע אויגן. מען האָט געציטערט פאַר די שטאָטישע פּראָסטע רייד. עס איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז דאָס גרויסע הויז איז אַן אָנגעפרעסענע חיה, וואָס באָדט זיך אין איי־גענעם שמאַלץ און טאָפּטשעט מיט פאַרשוויצטע, פעטע קלובעס צום טאַקט פון רוי־לײדנשאַפטלעכער מוזיק.

— ווי האָבן אונזערע שכנים דאָס אָנגעקליבן אַזוי פיל גראָבע מענטשן? — האָט שטיינבערג געהאַלטן אין איין איבער־חזרן.

וואָס טומלדיקער ס'איז געוואָרן אויבן, אין דעם גרויסן הויז, אַלץ שטילער און אַרבעטסזאַמער איז מען געוואָרן אונטן, אין קליינעם שטיבל. מילדרעד איז געוואָרן די גאַנצע באַלעבאָסטע איבער אַלע דריי קליינינקע צימערלעך, און זיי האָבן געגלאַנצט אין ריינקייט. בען האָט זיך נאָך מער גענומען פאַרן לערנען, און שטיינבערג פלעגט גאַנצע אָוונטן פאַרברענגען מיט פאַפּ נאָריסן.

איינמאָל איז פאַפּ נאָריס דאָרטן שפּעט געזעסן. שטיינבערג האָט מיט חוזק גערעדט פון דעם גרויסן הויז, און מיט שפּאָט דערציילט אַלערליי מעשיות פון יענע מענטשן. דערויף האָט געענטפערט פאַפּ נאָריס, אַז מען טאָר נישט פאַרשעמען די, וואָס באַליידיקן. שטיינבערג האָט זיך פלוצלינג צו אים צוגערוקט, אים אָנגענומען פאַרן לאַפּן, צוגעשלעפּט אים גאָר נאָענט, און אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט הערן, האָט ער אים איינגערוימט אַ סוד:

— דאָרטן זענען דאָ זונות. איך האָב אַליין געזען אַ מאַן מיט אַ פרעמדער פרוי ביי מיר אונטער דער שטאַל.

פאַפּ נאָריס האָט פרום פאַרשנורעוועט דאָס מויל:

— מן־הסתם האָט זיך דיר אויסגעדוכט.

— איך בין דאָך נישט קיין יינגעלע! איך האָב נאָר מורא, די קינדער זאָלן עס נישט באַמערקן.

— און אויב עס איז אַפילו אמת, דאַרף מען אויך פאַרגעבן, — האָט דער אַלטער זיך צעקאָכט, — מען דאַרף מענטשן אַלץ מוחל זיין. אָט קאָן איך דיר דערציילן אַ מעשה פון הייליקן לוקס.

נאָך איידער שטיינבערג האָט צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערן, האָט דער אַלטער אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה פון נייעם טעסטאַמענט, און ווי זיין טבע, מער נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו אים. זיין פּנים האָט זיך בשעתן רעדן אינגאַנצן פאַרענדערט. די אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן. דאָס נאַקעטע מויל

האָט זיך געררייטלט אין טונקעלן דרויסן און ער האָט זיך אַלע מאָל באַלעקט מיט די טייערע ווערטער.

— אַז איינער פון די פּרושים, — האָט ער זיך אָנגעהויבן שאָקלען ווי אַ פרומער ייד ביים דאַווענען, — אַז איינער פון די פּרושים האָט אים געבעטן קומען עסן, איז ער געקומען אין הויז פון פּרוש און זיך געזעצט ביים טיש. נו, איז אַ פרוי פון שטאָט, אַ זינדעריין, געוואויר געוואָרן, אַז ער זיצט ביים טיש אין פּרושס הויז, האָט זי געבראַכט אַן אַלבאַסטערנעם קרוג מיט מור־אייל און זיך געשטעלט אונטער זיינע פיס און געוויינט, און האָט אָנגעהויבן באַנעצן זיינע פיס מיט טרערן, און האָט זיי אָפּגעווישט מיט די האָר פון איר קאָפּ. דער פּרוש, וואָס האָט אים איינגעלאַדן, האָט דאָס געזען און האָט אַזוי געטראַכט: ווען ער זאָל זיין אַ נביא, וואָלט ער געוווּסט, ווער און וואָס די פרוי איז, וואָס זי רירט אים אָן. זי איז דאָך אַ זינדעריין. ישוע האָט זיך צו אים געווענדט און געזאָגט: שמעון, איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן. — זאָג, רבי. ישוע זאָגט: איין מלוה האָט געהאַט צוויי בעלי־חובות, איינער איז שולדיק פינף הונדערט דינר און דער אַנדערער פופציק. נאָר אַזוי ווי זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן, האָט ער ביידן מוחל געווען. זאָג: וועלכער פון זיי האָט אים מער ליב? שמעון האָט געענטפערט: איך דענק, דער, וועמען ער האָט מער מוחל געווען. ער זאָגט אים: רעכט האָסטו געמשפּט. און האָט זיך אומגעקערט צו דער פרוי: דו זעסט די פרוי? איך בין געקומען אין דיין הויז און דו האָסט מיר וואַסער פאַר די פיס נישט געגעבן, זי אָבער האָט מיט טרערן מיינע פיס גענעצט, און מיט די האָר פון קאָפּ אָפּגעווישט. דו האָסט מיר קיין קוש נישט געגעבן, זי אָבער הערט נישט אויף צו קושן מיינע פיס. דו האָסט מיין קאָפּ נישט געזאַלבט, זי אָבער האָט מיט מור־אייל געזאַלבט מיינע פיס. דעריבער זאָג איך: אירע פולע זינד זענען איר פאַרגעבן געוואָרן, ווייל זי האָט פיל געליבט. וועמען אָבער עס ווערט ווייניק פאַרגעבן, דער ליבט ווייניק. צו איר האָט ער געזאָגט: דיינע זינד זענען דיר פאַרגעבן, דיין גלויבן האָט דיר געהאָלפן. גיי געזונט.

— דערפֿון איז געדרונגען, — האָט ער פֿאַרענדיקט, — אַז יעדער מענטש פֿאַרדינט פֿאַרגעבונג, אַפֿילו די זינדערין, אַפֿילו דער גזלן.

דער אַלטער איז געבליבן זיצן מיט אַ צעשטראַלט פּנים. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי צוויי ברענענדיקע ליכטלעך, און זיין גאַנצער אויסזען איז געווען פֿול מיט פֿאַרגעבונג.

שטיינבערג איז פֿאַר אַ ווײַלע געבליבן זיצן אַ שטילער. פֿאַר אַ פּאָר מינוט האָט אין זיינע אויערן אָפּגעקלונגען אַ ווידערקול פֿון פּאַפּ נאָריסעס רייד.

— ביסט גערעכט, פּאַפּ, — האָט ער צום סוף שטיל געזאָגט, — מחילה איז אַ גרויסע מידה. אָבער איך וואָלט נישט געוואָלט, מיינע קינדער זאָלן אויסוואַקסן, ווי יענע שטאָטישע. צוליב דעם בין איך אַנטלאָפֿן פֿון שטאָט.

---

פֿונדעסטוועגן האָט זיך דער טומל פֿון דעם גרויסן הויז אָנגעהויבן אַריינגנבענען אויף אַרונטערן באַרג און צום קליינעם שטיבל צו.

וואָס מער מענטשן עס זענען אַהין געקומען, אַלץ פֿאַרנומענער איז מען דאָ געוואָרן. וואָס טומלדיקער און פֿרייליכער עס איז דאָרט געווען, אַלץ פֿויגלדיקער האָט מען דאָ אָנגעהויבן אויסאַרבעטן פּלענער. בען און מילדרעד האָבן אַלץ געהאַלטן אין איין האַמערן אין שטיינבערגס קאָפּ, אַז איצט קאָן מען מאַכן אַ סך געלט, און שטיינבערג האָט צוגעקויפֿט דריי נייע קי. דערנאָך האָט בען געזאָגט, אַז מיטן פֿערד קאָן ער פֿאַרדינען יעדן טאָג אַכט דאָלאַר.

— איך קאָן יעדן טאָג אַרויסנעמען פֿיר מענטשן קיין ליבערטי צום סאַנאַטאָריום, אָדער אין לעיק מאָהאָנק, אָדער צום פּריזאָן אין נעפּאַנעק. זיי בעטן זיך ביי מיר. יעדער וועט מיט פֿאַרגעניגן צאָלן 2 דאָלאַר.

— און דיין אייגענע אַרבעט, — פֿרעגט טרויעריק שטיינבערג, — ווער וועט טאָן דיין אַרבעט?

דערנאָך ווערט דאָס הויז נאָך טומלדיקער. און ערב שבת קוקט דער גאַנצער הויף אויס, ווי אַ לאַגער פון זעלנער. מען צע־שטעלט אינדרויסן טענטס. דער טאַנץ־זאַל איז פול מיט בעט־לעך, ווי אַ שפּיטאָל, און מען שיקט שוין מענטשן שלאָפן אונ־טער שטיינבערגס נאַז — אין שייער אויפן היי.

געזאַנג און יובל שאַלט אַרויס פון יעדן ווינקל. די מענטשן זענען פול אין אַלע פעלדער. ווו מען קערט זיך, טרעפט מען זיי. פון קוימען איבער דער קיך זעצט טאָג און נאַכט רויך. דער ריח פון געבראָטענע קאַטשקעס, פרישע געבעקס קריכט אַרונטער ביז צום קליינעם שטיבל און קיצלט אין דער נאַז.

— איך פאַרשטיי נישט, טאַטע, פאַרוואָס דו ביסט אַזוי איינגעשפּאַרט, — זאָגט מילדרעד, — מיר האָבן געקאָנט האָבן אַ הויז פון הונדערט צימערן. זע, וויפל מענטשן עס זענען דאָ.

— אָבער אַ נייע שטאַל האָט איר דאָך זיכער געקאָנט אויס־בויען, — זאָגט בען.

שטיינבערג ווערט צעטומלט און שרייט אויס:

— וואָס מיינסטו! די שטאַל טויג שוין אויך נישט?

— אוודאי טויג זי נישט. איר האָט באַדאַרפט זען שטאַלן אין באַראָן הירש־סקול. די פלאָרס דאַרפן זיין צעמענטענע. אַ מאָדערנע שטאַל דאַרף האָבן אַ סאַילאָ. איר ווייסט, וואָס עס מיינט אַ סאַילאָ לעבן אַ שטאַל?

— איך וועל לעבן אייך משוגע ווערן, — שרייט שטיינ־בערג, — איר פליט אין די הימלען.

— איר האָט באַדאַרפט אַ קוק טאָן אויף אַ פאַרם אין דער וועסט, — רעדט זיך בען זיינס, — איר מיינט, אַז דאָ, אין דער איסט, זענען דאָ פאַרמער? איך וואָלט אייך געקאָנט באַוויזן.

— און וואָס ציטערסטו אַזוי פאַר אַ גרויס הויז? — שלאָגט אים איבער מילדרעד. — שלאָגט דיר הווירשהאָרן נישט אָפּ די שוועל?

— ס'איז נישטאָ מיט אייך וואָס צו רעדן, — איז בען גע־וואָרן אויפגערעגט, — מיר דוכט, אַז יעדער איינער דאַרף וויסן, אַז פונקט ווי אַ מענטש, אַזוי דאַרף אַ בהמה האָבן אַ ליכטיקע

וווינונג און געגוג זון. אין פינסטערניש און אין שמוץ מערן זיך קראנקהייטן. אַט האָט איר געהאַט אַ מגפה.

די קינדערס רייד שפּאַלטן זיין מוח. זיין פּנים ווערט דער־שלאָגן פאַרקרימט. ביים טיש איז געוואָרן שטיל. פון דער גרוי־סער הויז האָט אהער אַריינגעשאַלט טומל, געזאַנג און פאַרשיי־טער דזשעז. די קלענערע קינדער זענען אַרום אויף דער וועראַנ־דע און שטיינבערג האָט אַן אָנגעכמורעטער אָנגעהויבן לייענען אַ צייטונג.

## קאַפּיטל זעקס

דעם זעלבן אָוונט האָבן מילדרעד און בען געמאַכט פּלענער אַרויסצופאָרן דעם קומענדיקן זונטאָג אויף אַ שפּאַציר. ביידע זע־נען געזעסן אויף דער נידעריקער וועראַנדע. אין שטיבל איז שוין געווען פינסטער. אויפן באַרג איז דאָס גרויסע הויז אויך געווען אויסגעלאָשן. עס האָבן זיך דאָרטן בלויז אַרומגעדרייט אַ פּאָר מענטשן, זיך געגנבעט אונטער בוימער, ביי די ווענט, און זייערע פיגורן האָבן זיך אָפּגעצייכנט אין דער ליכטיקער נאַכט, ווי סילועטן אויפן האָריזאָנט.

— ס'אַ מאָדנע שטילקייט, — האָט שטיל געזאָגט מיל־דרעד, — עס דאַכט זיך אויס, אַז די גאַנצע וועלט שלאָפט.

— עס דאַכט זיך, — ענטפערט בען.

אַ וויַיטע ליכט האָט פּלוצלינג אַ שלאָג געטאָן אויף ביידנס פּנימער, און באַלד האָט די זעלבע ליכט באַגאָסן דעם וועג, אָנגע־הויבן טאַפּן, ווי מיט עלעקטרישע לאַנגע פינגער דעם באָדן, ווי זיך איבערצייגן, צי דער וועג איז זיכער.

— עס איז אַזוי שיין צו זען ביינאַכט דורכלויפן אַן אוי־טאָמאָביל, — זאָגט וויַיטער מילדרעד.

— עס איז שיין, — ענטפערט בען.

ביידע ווערן ווידער אַנטשוויגן. עפּעס ברויזט אין ביידן און יעדער האָט מורא אָנצורירן דעם צווייטנס האַנט. זיי זיצן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם און איינער קוקט אויף דעם אַנדערן.

יעדעס מאָל, וואָס זייערע בליקן באַגעגענען זיך, פילט מילדרעד, ווי עס פאַלט איר אַרויס דאָס האַרץ. בען נעמט אָן מילדרעדס האַנט, ביידע ציטערן אויף, ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט אַדורך זייער לייב, און ער לאָזט צוריק אָפּ די האַנט; און ווי ער לאָזט אָפּ די האַנט, ווערן מילדרעדס אויגן פול מיט טרערן, און איר דאַכט זיך, אַז אָט באַלד וועט זי אַוועקפאַלן אין חלשות, אַרויפפאַלן אויף אים און בלייבן אַזוי ליגן אויף זיין האַרץ.

„פאַרוואָס קאָן זי נישט צופאַלן צו זיין האַרץ? — הויבט אַ ווייט קול אָן שרייען אין איר. — פאַרוואָס קאָן זי נישט זאָגן בענען, אַז אויב זי רירט אים נישט אָן, וועט זי אפשר חלשן? פאַרוואָס נעמט זי בען אַליין נישט אַריין אין זיינע אָרעמס? פאַר־וואָס פאַרשטייט נישט בען, אַז זי איז גרייט זיך אים אַוועקצו־געבן מיט לייב און לעבן, און אַזוי אויף אייביק איינשלאָפן?״

הייסע, אָפּגעהאַקטע געדאַנקען האָבן זיך געוויקלט אין איר מוח. איר קערפּער איז געווען אַ שטיק פייער. דאָס פּנים האָט גע־פלאַמט, ווי ביי אַ חולה. די ליפּן האָבן געטריקנט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ הינער־פלעט, ווען בען האָט נאָכאַמאָל גע־פרעגט — צי זי הערט, ווי שטיל עס איז. זי האָט קוים געהאַט כוח צו פרעגן, צי ער האָט ליב שטילקייט.

— ווי אַמאָל, — האָט ער געזאָגט, — היינט צעשפּרייט די שטילקייט אַזויפיל רו.

די פּאָר אַרויסגערעדטע ווערטער האָבן ביידן אויסגעטשוכעט.

— און דו האָסט ליב שטילקייט? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — אין אַ שטאָט מוז זיין זייער טומלדיק.

— געדענקסט דען נישט די שטאָט?

— ווי אַזוי זאָל איך געדענקען? איך בין אַהערגעקומען, ווען איך בין אַלט געווען זיבן יאָר.

— וואָלסט געוואָלט וווינען אין שטאָט?

— איך ווייס נישט.

— ווען איך ליגן דיר פּאָר פאָרן מיט מיר אין שטאָט?

זי האָט אָנגעשטאָט אַן ענטפער, אָנגעהויבן לאַכן. אַ היסטעריש.

צאפּלדיק, פול מיט פריידי, געלעכטער, וואָס זי האָט נישט געקאָנט מער איינהאַלטן, און אין וועלכן עס איז געלעגן אַלע מיליאָנען ענטפערס, פון אַלע מיליאָנען פאַרלאַנגען.

— שאַ, וועסט אויפוועקן דעם טאַטן.

זי האָט זיך נישט געקאָנט קאָנטראָלירן. נאָר ווי אַ ספּאַזמע וואָלט זי אַרומגעכאַפּט. בען האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און פאַרשטעלט דאָס מויל.

— שווייג שטיל, — האָט ער געמורמלט, — מען וועט אונז נאָך דערזען. דערנאָך, אַז מיר קאָנען נעמען דעם אויטאָמאָביל?

— פאַרוואָס נישט? — האָט זי זיך איינגעשטילט.

— טאָמער וועט אים דער טאַטע דאַרפן?

— טאָ לאָמיר פאָרן מיט דער קליינער בעיבי.

ביידע האָבן זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז עס איז שוין זייער שפּעט, און צעשראָקענע זיך צעשיידט. בען האָט מיט בלינדע פיס געטאַפּט די טרעפּ צום בוידעם־שטיבל. מילדרעד האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. זי איז שוין נישט געשלאָפן אַלע נעכט ביז זונטאָג. מיטאַמאָל האָט זיך אויף איר געגעבן אַ רוק אָן די יאָרן פון אַ כּלה־מויד. נאָר פּלוצלינג האָט זי איינמאָל אין אַן אינדערפרי פאַרקעמט אירע האָר מיט אַ קנויל פון הינטן, און די מאַמע האָט זי נישט דערקענט.

— איך זע אויס עלטער אַזוי; ניין, מאַמע? — האָט זי געזאָגט.

— נאָך וואָס דאַרפסטו אויסזען עלטער?

זי האָט זיך סודותדיק אָפּגעקערט פון דער מאַמען, און סודותדיק פאַרשלאָסן דאָס מויל, און נאָך מער סודותדיק, ווי מיט עפּעס אַ באַזונדערער כּוונה, אָנגעהויבן שטיל, אין זיך, זינגען אַ יידיש ליד, וואָס די מאַמע פלעגט שטענדיק זינגען:

און נאָענט, אָט דאָ פאַר מיין בלייכן געזיכט,
אָט דאָ, אין דעם שיין פון מיין נאַכטיקער ליכט,
געבויגט האָסטו דיין געזיכט.

---

דער באַשטימטער זונטאָג איז געווען אַ ווונדערלעכער טאָג. פֿון גאַנץ פֿרי אָן האָבן געשאָסן הייסע שטראַלן זון איבער אַלע פֿעלדער און וועלדער, און אויסגעשאָטן צעריבענעם גאָלד איבער אַלע סטעזשקעס. דער הימל איז געווען ברייט און טיף, אַ יום־טוב האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד און אָנגעפֿילט אַלעמענס הערצער. בעת איז נאָך לאַנג פֿאַר דער באַשטימטער צייט געשטאַנען מיטן אויסגעפּוצטן וועגעלע און געוואַרט אויף מילדרעדן. די בעיבי האָט געגלאַנצט מיט דער רויט־ברוינער פֿעל צווישן ביידע דישעלס, ווי אַן אָפּגעפּוצטער שטיוול. אין איר גריווע זענען געווען אַריינגעפֿלאָכטן רויטע סטענגעס, דער עק פֿאַרקניפּט אין אַ קנופּ, און אַן אָנגעפּרעסענע און אויסגערוטע, האָט זי האָפּערדיק געפּאַרסקעט מיט דער נאָז און געריסן אונטער זיך די ערד.

ווען מילדרעד איז צום סוף אַרויסגעקומען, האָט זי בעת נישט דערקענט. זי האָט געטראָגן אַ נײַ קלייד. דאָס קלייד איז געווען לאַנג, העל־בלוי, אָן אַרבל, און צוויי האַלבע פֿאַלערינעס זענען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די אַקסלען ביז צו די עלנבויגנס. אויף די הענט זענען געווען אָנגעצויגן אַ פּאָר ווײַסע הענטשקעס; די האָר, הויך־פֿאַרקעמטע, זענען געווען פֿאַרלייגט אין אַ קנויל, און האָבן אויסגעזען ווי אַ בינטל גוט־געוואַשענע פֿלאַקס.

— ביסט מיטאַמאָל אַזוי אויסגעוואַקסן, — האָט בעת מיט אַנטציקונג אויסגערופֿן. — איך האָב דיך נישט דערקענט.

זי איז אַ שטראַליקע, אַ בלאָנדע, ביז די שפּיץ פֿינגער, אַ ליבטיקע אַרײַן אין וועגעלע און בעת האָט מיטאַמאָל אַזאַ שטאַרקן צי געטאָן די לייצעס, אַז דאָס פֿערד האָט אַזש אָנגעהויבן ציטערן און מיט איינמאָל אַ ריס געטאָן אַפֿשר צוואַנציק שפּאַן.

— קאַם אָן, בעיבי, — האָט ער נאָך ווילדער, ווי אַ שיכּור, אַ פּאַך געטאָן אין דער לופֿטן מיט דער בײַטש.

אַלע בלויע הימלען, אַלע זיבן זונען, האָבן זיך אַ וויג געטאָן מאַר זייערע אויגן. מילדרעדס נאָענט לײַב האָט געשמעקט, ווי געטריקנט היי, מיטן ריח פֿון טרוקענע נאָדל־בוימער.

— קאַם אָן! — איז ער בליץ שנעל אַריבער די בריק, געהערט אונטער זיך אָפּשטאַרבנדיקע דונערן, און ווי אַ בליץ פֿון

אויג איז ער שוין געווען ביים שייד־וועג, ווו וועגן פארנעמען זיך קיין מידלטאון, קיין ראקהיל און קיין פארט דזשווירוויס.

— בען! — איז זי א גליקלעכע, א צעשפרודלטע, צוגעפאלן צו זיין ארעם. — פלי נישט אזוי! וווהין פארסטו?

— איך ווייס נישט, — האט ער שיכור געשריגן, געצויגן דאס פערד מיט אלע כוחות, — וואס מאכט עס אויס ווו מיר פארן!

זיי האבן זיך שנעל ארונטערגעלאזן א בארג. די הויכע רעדער האבן זיך, יאגנדיק, געקאטשעט איבערן געפלאסטערטן וועג און הילכיק געקנאקט. נידעריק אין טאל האבן זיך געשפרייט בריטע, אפענע פעלדער. ווייסע און געלע פארם־שטיבער האבן גע־בלענדט פאר די אויגן. דער וועג איז פאר זיי געווען ניי־פרעמד, דאס גראז שענער צוגעשוירן, ווי אויפן וועג קיין דיקינסוויל, ציי־טיק גרינער, און מען האט געקאנט זען, אז דער געגנט דא איז רייכער, ווי ארום סעקעט וועלי.

אונטערן בארג זענען זיי צוגעקומען צו א גרויסן גוט, ארומ־געריגלט מיט הויכע פלויטן און מיט אן אייזערנעם טויער צום אריינפארן. ביים טויער איז געשטאנען א וועכטער. דורך די שטא־כעטן האט מען געקאנט זען, ווי איבערן הויף זענען צעשטעלט ביימער, וואס קומען פון א ווייטן לאנד, אלערליי סטאטועס, און בודאס, אויסגעהאקט פון שטיין, זענען געשטאנען ביים סאמע אריינגאנג.

— דא וווינט יעדן זומער דער יאפאנישער קאנסול, — האט געזאגט בען.

— כ'בין נאך דא קיינמאל נישט געווען, — האט געענט־פערט מילדרעד.

זיי זענען באלד צוגעקומען צו א שייד־וועג, ווו ס'איז גע־שטאנען א קליינע קראם.

— ווילסטו עפעס? — האט ער געפרעגט.

— ניין, — האט זי געענטפערט, — זע דעם שיינעם טאל.

ביידע זענען נאכאמאל פארכאפט געווארן פון דעם ווידער־

אַמאָל נייעם געגנט. דאָ איז נאָך בעת אויך נישט געווען, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פאָרט אַריין אין אַ נייעם לאַנד.

ביידע זענען מיטאַמאָל באַפרייט געוואָרן פון פרעמדע אויגן, פון איינגענע באַקאַנטע פעלדער און וועלדער. אַ נייע, אַ יום־טוב־דיקע אָפּגעטיילטקייט פון אַלץ און פון אַלעמען האָט זיך מיט־אַמאָל צעשפּרייט איבער ביידנס הערצער. קיינער קען זיי דאָ נישט. און ווי מענטשן אין דער פרעמד דערפילן זיך מיטאַמאָל נענטער איינער צום אַנדערן, אַזוי האָבן זיי ביידע פּלוצלונג אָנגעהויבן פילן, אַז איינער געהערט צום אַנדערן, אַז זיי דאַרפן פאַר קיינעם נישט מורא האָבן, און אַז אַ חוץ זיי גייט זיי קיינער נישט אָן.

זיי האָבן דערפון נישט גערעדט. מילדרעד האָט מיט פאַר־שפּיצטע אויערן, מיט צעשטעלטע גרויסע אויגן, געקוקט מיט פאַר־וווּנדערונג אין אַלע זייטן און זיך צוגעהערט צו יעדן קלענסטן נייעם קלאַנג. בעת האָט אָנגעשטרענגט געפירט דאָס פערד איבער דעם פרעמדן וועג און געהיט יעדן שאַרפן בויג. אָבער טיף אין זיי, אין זייער בלוט און אין זייער פלייש, האָט אַ פאַרשלאָפענער באַוווּסטזיין זיך אַלע מאָל אויפגעכאַפּט, מיט ציטער און שרעק, געקלאַפּט אין ביידנס הערצער — אַז זיי זיצן אויף איין זיץ, איי־נער לעבן צווייטן, און קיין פרעמד אויג זעט זיי נישט.

ווען זיי זענען צוגעקומען צו אָקספאָרד, ווו עס האָט זיך באַ־וויזן שטאָטיש לאַנד, מיט רעלסן פון אַ טראַמוואַי, האָט מילדרעד איבערגעריסן די שטילקייט:

— איך האָב ליבערשט פאָרן מיט אַ פערד, ווי מיטן אויטאָמאָביל.

— עס ווענדט זיך צוליב וואָס מען פאָרט, — האָט בעת געענטפערט.

בעת איז געזעסן, ווי אַן אויסגעגאָסענער. דאָס ווייס־אויס־געפּרעסטע העמד איז געווען אָפן ביים האַלז און אָפּגעדעקט אַ שטיק הויכע, אָפּגעבּרענטע ברוסט. די שבתדיקע שיך האָבן גע־שמעקט מיט פרישער לעדער. די האָר האָבן זיך געטראָגן מיטן ווינט. ער איז געווען ברייט, שטאַרק.

מילדרעד האָט פון אים נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן.

— אַן אויטאָמאָביל לויפט צו שנעל, — האָט זי ווידער־אַמאָל געמוזט עפּעס זאָגן, — מען קאָן גאָרנישט זען פאָרנדיק מיטן אויטאָמאָביל. מיר וואָלטן שוין איצט געווען צוריק אין דער היים.

— שפּאָרט מען דאָך צייט, — האָט ער געזאָגט, ווי זיך מיט איר צו רייצן.

— ווער דאַרף שפּאָרן צייט?

— דער מאַן, וואָס אַרבעט.

עס איז איר געוואָרן אומעטיק.

— היינט איז דאָך זונטאָג, — האָט זי שטילער געזאָגט.

— אָבער שטעל דיר פאָר, ווען מיר ווילן פאָרן קיין ניו־יאָרק?

— אפילו קיין ניו־יאָרק. מיך אַרט נישט, ווען דער וועג זאָל זיך אַזוי אויסציִען.

זי איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן און פאַרשעמט. אַ טרויער האָט זיך צעלייגט איבער איר פּנים. איר האַרץ האָט זיך געבראָכן צום וויינען.

— פאַרוואָס טראָגסטו קיינמאָל נישט דאָס זייגערל? — האָט ער פּלוצלינג געפרעגט.

זי האָט אַראָפּגעקאַטשעט איין הענטשקע און באַוויזן דאָס זייגערל. בעת האָט אַ כאַפּ געטאָן די האַנט און זי אָנגעהויבן קושן.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז דו טראָגסט עס?

זי האָט אים נישט געענטפערט, אַז זי באַהאַלט עס צו דער חתונה, אָבער די צונג איז געווען צוגעקלעפּט צום גומען.

פון וויטן האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ גרויסע שטאָט. עס איז נאָך געווען ווייט פון פאַרט דזשווירוויס, אָבער די לופט האָט שוין געשמעקט מיט גרויסשטאָטישעס. הויכע קוימענס האָבן זיך געהויבן העכער פון דעכער. דער וועג איז געוואָרן צוויי מאָל אַזוי ברייט און פון ביידע זייטן מיט רויטע גאַזאָלין־פּאָמפּעס. ביים זייט וועג, פאַרוואַקסן מיט גראָז, זענען געלעגן רעלסן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ ווייט זשומען, ווי עס וואָלטן

זיך מיט איינמאָל צעזשומעטע מיליאָנען בינען, און די שינעס האָבן אָנגעהויבן ציטערן. באַלד האָט אָנגעהויבן עפּעס קלאַפּן, אַלע מאָל העכער, ווי געריבן אייזן אין אייזן, און מיטאַמאָל האָט מען פון וויטן דערזען אַ קאַר אָנקומען.

דאָס פערד האָט פּלוצלינג אויפגעשטעלט די אויערן און זיין פעל האָט אָנגעהויבן ציטערן. מילדרעד איז געוואָרן זייער בלייך און אין שרעק אָנגעכאַפּט בעגס האַנט. בען האָט שטייפער אַריינ־גענומען די לייצעס אין האַנט.

— האָב נישט קיין מורא, איך וועל זיך אָפּשטעלן, — האָט ער געזאָגט.

אָבער וואָס נענטער די קאַר איז צוגעקומען, אַלץ ווילדער איז דאָס פערד געוואָרן. גאָר פּלוצלינג האָט זיך די בעיבי געשטעלט דיבאָם, אָנגעהויבן גיין אויף צוריק און גענומען האַקן מיט די הינטערשטע פיס אין וועגעלע אַריין.

מילדרעד, ווייס ווי אַ מת, האָט געביסן די ליפּן ביז בלוט. בעגס פּנים איז געוואָרן ווי קאַלך. אויף איין סעקונדע האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ, אָבער אין דער צווייטער רגע האָט ער אָנגעהויבן רייסן דעם צוימל רעכטס און לינקס, און דאָס פערד האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ בליציקן גאַלאָפּ.

זיי זענען שנעל פאַרביי די טראַמוואַי, אַריבער די רעלסן, אַראָפּ פון וועג און אַוועק איבער אָפענע פעלדער.

מילדרעד האָט אָנגעהויבן קווייטשען מיט באַנומענע קולות. אירע אויגן זענען געקראָכן פון די לעכער. בען האָט מיט אַלע כּוחות געצויגן די לייצעס, געקירעוועט זיג־זאַגיק, אַריין אין אַ געראַקערטן פעלד, אַלץ געמאַרקירט לויפן אַרויף באַרג, און ווען ער האָט אויפן שפּיץ באַרג דערזען אַן אָפענעם שטאַל, האָט ער קוניציק אַהין זיך אַריינגעדרייט, און דאָס פערד האָט בלינד אַריינגעשאָסן מיט ביידע דישעלס אין אַ וואַנט אַריין.

איבערן פּרעמדן הויף איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. מענטשן זענען זיך אָנגעלאָפן פון אַלע זייטן. מען האָט צוגעהאַלטן דאָס פערד. אַראָפּגעטראָגן מילדרעדן פון וועגעלע, געבראַכט וואַסער, און בען, ווייס ווי אַ מת, האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

— ס׳האָט דיר עפּעס געשאַדט? — האָט ער קוים געקאָנט רעדן. — נעם אַביסל וואַסער.

פֿון דער בעיבים מויל האָט געגאָסן בלוט און די שקאַפֿע האָט זיך געהאַלטן אין איין באַלעקן. איר פֿעל איז געווען נאַס, די נאָזלעכער פֿול מיט ווייסן שוים און די אויגן ווילד איבערגע־קערט. אַלע מאָל איז איבער איר פֿעל אַדורכגעלאָפֿן אַ נייער ציטער און זי האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגעהויבן רייסן. אָבער שטאַרקע הענט האָבן זי געהאַלטן פֿאַרן צוימל, און בען האָט איבערגעקוקט דעם שפּאַן און וועגעלע.

אַלץ איז געווען אין אָרדנונג. קיין זאַך צעבראָכן, און אין אַ שעה אַרום האָבן זיי זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין.

---

זיי זענען איצט געפֿאָרן צוריק אַהיים. דאָס פֿערד אויסגע־רוט און באַרויִקט, איז געלאָפֿן מיט אַ דריבנעם ריטמישן שפּאַן; לעבעדיק געפּאָרסקעט מיט די נאָזלעכער און געשמעקט דעם פֿרעמדן וועג. דאָס פֿערד האָט געוווּסט, אַז עס פֿאָרט צוריק אַהיים און בען האָט עס אַפֿילו נישט באַדאַרפֿט קירעווען. אַרום איז ווידער געווען זונטאָגדיק שטיל. די זון האָט געבאַקן פּונקט אין פּנים אַריין. ביידע, בען און מילדרעד, זענען אַלץ נעענטער צוגעפֿאַלן איינער צום צווייטן. דאָס צוזאַמענדיקע איבערלעבן פֿון געפֿאַר, האָט זיי ביידן נאָך מער דערנענטערט. ער האָט זי צוגעצויגן נאָענט צו זיך, מיט איין האַנט זי אַרומגענומען און שפּאַסיק־פֿריילעך געפֿרעגט:

— דו דענקסט נאָך אַלץ, אַז ס׳איז בעסער צו פֿאָרן מיט אַ פֿערד?

— יאָ, — האָט זי זיך איינגעטוליעט אין אים.

מיטאַמאָל האָט זי פֿאַרנומען אַ ריח, וואָס זי האָט נאָך פֿריער קיינמאָל נישט געהערט — אַ ריח, וואָס איז געגליכן צו קאָרע, צו סמאָלע, צו יונגע ביימער, ווען ס׳רינט פֿון זיי סאָק. זי האָט געפֿילט ווי ס׳פֿאַרדרייט זיך איר דער קאָפּ.

— גיב מיר די לייצעס, — האָט זי זיך מיטאַמאָל אויפֿגע־

כאַפּט, זיך פֿון אים אָפּגערוקט, ווי עס וואָלט אונטער איר אָנגע־הויבן בריען דאָס אָרט, — לאָמיר זען, צי קאָן איך טרייבן.

— און אַז עס וועט דיר אַנטקעגנקומען אַ קאַר?

— וועסטו דעמאָלט זען.

— אַזאַ העלד ביסטו?

— וועסטו באַלד זען.

מילדרעד האָט אַריינגענומען די לייצעס אין האַנט, אַ טשמאָק געטאָן מיט די ליפּן און דאָס פֿערד האָט אָנגעהויבן לויפֿן אין פֿולן גאַלאָפּ.

— עס געפֿעלט דיר זיין אַ פֿאַרמערקע? — האָט בען צום ערשטן מאָל זי געפֿרעגט אַזאַ מין פֿראַגע.

— איך ווייס נישט פֿון קיין אַנדער זאַך.

— און ווען דיר מאַכט זיך אַ שטאָטישער חתן?

זי איז רויט געוואָרן. שנעלער אָנגעהויבן טרייבן דאָס פֿערד. קונציק זיך אַריינגעקירעוועט אויף אַ שאַרפֿן בויג פֿון וועג און זיי האָבן ווידעראַמאָל דערזען דעם גרויסן הויף, וווּ עס האָט גע־וווינט דער יאַפּאַנישער קאָנסול.

— דיין מאַמע איז זייער אַ פֿיינע, — האָט ער ווידעראַמאָל אַרויסגעשאָסן און נישט האָבנדיק, וואָס צו טאָן מיט די צוויי פֿרייע הענט, האָט ער זיי אַנידערגעלייגט אונטער די ליטקעס און זיך גע־האַצקעט.

— און דער טאַטע געפֿעלט דיר נישט?

— דער טאַטע אויכעט.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט מילדרעד רויט איבער די אויערן.

— אין דעם גרויסן הויז גרייט מען זיך צו אַ מאַק־מע־רידזש, — זאָגט זי, — פּאַפּ נאָריס וועט זיין דער חתן.

— איך האָב געהערט, — ענטפֿערט בען. — ווילסט גיין צו דער חתונה? מען דאַרף זיך מאַסקירן.

— איז וואָס? איך האָב שוין אַפֿילו אויסגעטראַכט אַ מאַסקע. דו ווילסט גיין? איך וועט זיך מיט דיר, אַז דו וועסט מיר נישט דערקענען.

— וויפל ווילסטו וועטן, אז איך וועל דיר יאָ דערקענען?
— ווי אזוי?
— אין דיין נעזל, — שיסט ער אַרויס אַ געלעכטער.
— איך וועל פאַרשטעלן די נאָז.
— וועל איך דיך דערקענען אין דיינע האָר.
— דער קאָפּ וועט אויך זיין פאַרשטעלט.
— איך וואָלט דיך שוין איצט דערקענט, ווען איך זע דיך אינגאַנצן נישט.

זי איז רויט געוואָרן. איר האַרץ האָט שנעל געקלאַפּט. זי האָט אים מער נישט געקאָנט ענטפערן. דאָס יונגע זיבעצן־יאָריקע מיידל איז איצט געזעסן אַן אויסגעוואַקסענע, אַ צעטראָגענע, מיט אַ פולן קאָפּ און האַרץ פרייד, גליק, שרעק און יסורים פון עפּעס אַ בלינדער דערוואַרטונג, וואָס זי האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס דאָס איז אַזוינס.

זי האָט אָנגעהויבן שנעלער טרייבן דאָס פערד. די בעיבי איז מיט שנעלע, דריבנע קלעפּ, ווי שאָסן פון אַ מאַשין־ביקס, אַריבער די בריק, און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז זי אַריין אין הויף.

## קאַפּיטל זיבן

אין טאָג פון מאַק־מערידזש איז דאָס גרויסע הויז געגאַנגען באַדראַדאָם. אויף שבת זענען אָנגעקומען זייער אַ סך מענטשן און שמיינבערג האָט דערלויבט אויסצושטעלן בעטלעך אין שייער, צווישן היי. דער אויטאָמאָביל איז אַלע מאָל געלאָפן אין שטעטל. בחורים האָבן כסדר געשלעפּט ביי בענען טשוועקעס, העמערלעך, אַ לייטער, און דעקאָרירט דעם טאַנץ־זאַל מיט קאָלירטע פּאַפּי־יאָס־פּאַפּיר, סטענגעס און יאַפּאַנעזישע לאַמטערנעס.

די מיידלעך זענען צעפּלאָסענע, האַלב־נאַקעטע, אין קימאָנעס, אַרומגעלאָפן איבערן הויף. זייערע פּנימער האָבן געגלאַנצט אין גאָלד־קרים, די האָר זענען געווען איינגעלייגט אין דינע דראָט־

לעך, די הענט אפגעדעקטע און מיט פארשייטע קולות און געלעכטער האבן זיי אלעמאל ארויסגעשאסן נייעם פרייד.

פרידע, די כלה, א חנעוודיקע, יונגע גרושה, איז געווען צעפלאמט מער פון אלעמען. איר פנים איז געווען איינגעקלעפט אין געדיכטער זאלב; די האר נאר־וואס געוואשענע, האבן זיך געטריקנט אויפן קאפ, און זי האט ווי אן אמתע כלה קאמאנדעוועט מיט די מיידלעך, וואס האבן ביי איר אין צימער גענייט דאס חופה־קלייד. דאס קלייד איז געווען פון ווייסן פאפיראס־פאפיר, די גארלאנדן — פון ביליקן נעט. עס איז געווען שווער אויסצולייגן פאלדן פון דער געקראכמאלעטער נעט, האט מען אוועקגעשטעלט בחורים, זיי זאלן די נעט רייבן און ווייך מאכן.

אבער די בחורים האבן פארשטאנען דעם מיין פון די מיידלעך און זיי געהאלטן אין איין קושן. מיט פנימער איינגעשמירט אין שמינקע, מיט וואנצעלעך און באקנבערד, האבן די בחורים אויסגעזעצט די מיידלעך אויף די בעטן, זיך אראפגעלאזט אויף די קני, אויסגעזונגען א סערענאדע און זיי ווידער געקושט.

די מיידלעך האבן געקוויטשעט. לויזע שולטער־בענדלעך זענען אראפגעפאלן פון אקסלען. ווייסע לייבער האבן צעררייצטע זיך באוועגט אין דער הייסער לופט און א גאנצן פרימארגן האט מען נישט ארייגעלאזט דאס דינסטמיידל רוימען דעם צימער.

נאכמיטאג איז א גרויסער טראק איינגעוויקלט אין אמעריקאנער פענער, ארויסגעפארן אין געגנט, אנזאגן די שכנים פון דער חתונה.

דער טראק איז געווען פול מיט מענטשן. בחורים זענען געהאנגען אויף אלע זייטן. איין יונג, א כוואטסקער, מיט א רויט היטעלע אויפן קאפ, איז געזעסן רייטנדיק אויפן צודעק פון מאטאר. די קלעזמער האבן געשפילט, די פויק געקלאפט, און מיידלעך מיט טעפ און טאצן האבן פארהילכט די לופט. קינד און קייט איז נאכגעלאפן דעם טראק. פארמער זענען געלאפן קוקן אויפן בייז־וואגנדער. מען איז ארומגעפארן סעקעט לעיק, זיך אפגעשטעלט לעבן אלע גרויסע האטעלן און זיך צום סוף פארנומען צו פאפ נאריסעס איינגעפאלענע כאטע.

— חתן, רבינו־מורינו, פאפ נאָרים, פאַרשפּעטיק נישט די חופּה, — האָט מען אים אָפּגעזונגען אַ מי־שברך.

פאפ נאָרים איז אַרוים פון שטיבל. זיין פּנים האָט געברענט ווי אָפּגעבאָסן מיט אָקריפּ. זיינע פּלייצעס זענען געווען מוראדיק ברייט. ער האָט נאָך פּאַרמיטאָג אַוועקגעלייגט די אַרבעט, און איז שוין איצט געווען גרייט, אַן אָנגעטוענער אין זיינע שבתדיקע קליידער. אַ־ום האלז האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאַטשיילע, און אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ בונד קאָרנבלימלעך.

— איך וועל נישט פאַרשפּעטיקן, גוטע מענטשן, — האָט ער אויסטערליש געשייגט מיט זיין מגושמדיקן אויסזען.

ווען פאפ נאָרים האָט זיך פאַרנאַכט באַוויזן אויפן הויף, איז געוואָרן אַ מוראדיקער טומל. בחורים און מיידלעך האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ ראָד און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ. מען האָט געבראַכט צו שלעפן די כּלה. פרידעס שוואַרצע האָר האָבן גע־גלאַנצט אין בלויען פאַרנאַכט. אירע אויגן האָבן פריידיק גע־שטראַלט. זי האָט זיך, ווי אַ כּלה, פאַרשעמט פאַרן חתן און זיך פאַר־נייגט ביז צו דער ערד. פאפ נאָרים האָט איר דערלאַנגט דעם בו־קעט בלומען.

— צוקושט זיך, צוקושט זיך, — האָט מען פון אַלע זייטן געשריגן. — חתן, קוש די כּלה. כּלה, קוש דעם חתן.

פאפ נאָרים האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער כּלה. דאָס רויטע פּנים האָט געשוויצט, די נאַסע הענט זענען געווען ווי ריבאייזנס. ער האָט אויסגעשטרעקט דאָס מויל גרייט זי קושן. פרידע האָט אָנ־געהויבן קוויטשען און איז אַנטלאָפן.

— כאַפּט זי, — האָט מען אים אונטערגעטריבן, — לויף איר נאָך! אַ כּלה מעג מען קושן.

דער אַלטער האָט אָנגעהויבן לויפן, צעוויגט די הענט, גע־שטעלט פיס, אָבער ווייטער ווי ביז דער קיך האָט ער נישט גע־קאָנט לויפן.

— אַ יונגע ציג, — האָט ער געבורטשעט, — איך קאָן זי נישט דעריאָגן.

— נאָך דער חופּה וועט זי בעסער ווערן, — האָט עמעצער אַריינגעוואָרפן.

נאָכן עסן איז דער גרויסער טאַנץ־זאַל געוואָרן העל באַלויכטן. איבער די באַלקאָנעס האָבן געברענט יאַפּאַנעזישע לאַמטערנעס. פּאַפּירענע סטענגעס אין ראַשע קאָלירן האָבן זיך געצויגן פון איין ווינקל סטעליע צום צווייטן. די פּויק איז געווען געוויקלט אין רויטן. די קלעזמער, אין רויטע, געלע און גרינע מיצלעך, האָבן טומלדיק אָנגעשטעלט די אינסטרומענטן. מען האָט אָנגעהויבן אַריינמאַרשירן פּאָרלעכווייז. עס זענען געקומען מיידלעך אין האַוואַיער הולאַ־הולאַ־קליידער, פּאַרשטעלטע נעגערינס, כינעזער, ציגיינער־מיידלעך, מיידלעך פון טערקישן האַרעם און מאַלאַרוסישע פּויערטעס. איבערן גרויסן זאַל האָבן זיך אָנגעהויבן שפּיגלען אַלערליי פּאַטשערקעס, בונטע סטענגעס, פלאַמענדיקע אויגן און צעהיצטע פּנימער.

מילדרעד איז אַרומגעגאַנגען איינע אַליין און אַ נישט־דערקענטע. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ וואַסער־לילי. שטייף אַרומגעוויקלט פון די פיס ביז צום האַלז אין גרינעם פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, האָבן פון האַלז אַן זיך צעוואַקסן ווייסע בלעטער, געמאַכט פון פּיינעם זייד, מיט אָדערן אין מיטן, און מען האָט טאַקע אויף אַן אמתן געמיינט, אַז דאָס רוקט זיך אַרום אַ בלום. קיינער האָט זי נישט דערקענט. בעת האָט זי אַרומגעזוכט צווישן גאַנצן עולם און נישט געוווּסט, ווו זי איז. איינמאָל, ווען ער איז זי פאַרבייגעגאַנגען, האָט זי מיט איין בלעטל אַ קיצל געטאָן זיין פּנים און ער האָט נישט געוווּסט, ווער עס קיצלט אים. איינמאָל האָט זי זיך געשאַרט לעבן אים אפשר צען טריט, און ער האָט נישט געוווּסט מיט וועמען ער גייט. מילדרעד האָט געפילט, אַז זי וועט אפשר באַלד חלשן פון אויפרעגונג. מיט יעדער מינוט האָט די וואַרעמקייט זיך אַלץ מער צעשפּילט איבער איר פּנים. זי האָט זיך באַדאַרפט מיט אַלע כוחות איינהאַלטן נישט אַראָפּרייסן די מאַסקע.

— קוש מיך, — האָט זי זיך שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן, און איר קול, אונטער די בלעטער, איז אַרויסגעקומען ווי מען רעדט דורך אַ קאַם.

בען האָט נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט.

— אַט אַ־ראַ־אַ קוש, — איז זי ווילד געוואָרן, און ווי גע־ווײנלעך אונטער אַ מאַסקע, נישט מורא געהאַט זאָגן אַ וואָרט, וואָס זי וואָלט אַזוי נישט וואַגן זאָגן.

בען איז פֿון איר אַנטלאָפֿן.

דער עולם האָט זיך אַלץ מער צעוואַרעמט. פּנימער האָבן זיך צעהיצט. ווילד און ווילדער שפּילט די מוזיק. הייסע פּאָרע ציט זיך אַרויף צו דער סטעליע און פֿאַרטונקלט דאָס ליכט. פּאַפּ נאָרים שטייט אַ דערשלאָגענער אין אַ ווינקל זאַל און דערקענט נישט די כּלה. ער איז אויסגעווייקט אין שווייס, און רעדט מיט שטײנ־בערגן, וואָס איז געקומען קוקן אויפֿן בייז־ווונדער, אַז אים געפֿעלט זייער שטאַרק דאָס ייִדישע פֿאָלק.

מיטאַמאָל קומען צו אים צו צוויי נעגערינס און גיבן צו אים אַ גלאַנץ מיט זייערע ווייסע ציין; באַלד לויפֿט צו אַ האַוואַיער מיידל, טוט פֿאַרשייט אַ הויב דאָס שטרויענע קליידל און באַווייזט די נאַקעטע פֿיס. פּאַפּ נאָרים טרעט צוריק ביז צום ווייטסטן ווינקל און טרעט שיער נישט אָן אויף אַ כינעזערין, וואָס זיצט אויף דער ערד אין אַ שוואַרצער קימאָנע, די אויגן אָפּגעפֿאַרבט ווי מאַנדלען, און ציטערט מיט אַ רחמנותדיק פּנים פֿאַר די ווייסע מענטשן.

מיטאַמאָל האָט דער אָרקעסטער אַ קלאַפּ געטאָן אַ ווירדזשיניאַ ריל. איבערן זאַל האָט אויסגעבראָכן אַ מוראדיקער טומל. אַלע האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די הענט און טופּען מיט די פֿיס. אַ ראָד אין אַ ראָד שליסן זיך הענט. קעפּ, ווי צעשוויבערטע גריוועס פֿון פֿערד, הויבן אָן פֿלאַטערן אין דער לופֿטן. עמעצער גיט אַ שלעפּ אַריין דעם חתן און מען פֿירט אים צונויף מיט דער כּלה. צוערשט פֿאַרלירט זיך דער אַלטער און ווייסט נישט, וואָס צו טאָן, אָבער באַלד גיט ער אַ זעץ אַרויף אויפֿן קאָפּ דעם געבאָרגטן סטאָוו־פּאַיפּ, צעוויגט די הענט, צעוואַרפֿט ווויליונגעריש די פֿיס, און הויבט פֿלוצלינג אָן הירזשען ווי אַ פֿערד, אַז אַלע דערשרעקן זיך פֿאַר אים.

דער עולם קוויטשעט. צערייצטע פּנימער ברענען, ווי פֿייער. אונטער מאַסקעס ווערן לייבער ציטריק אָנגעצויגן. מילדרעד וואַרפֿט

זיך אויך אריין אין טאנץ. אין איר מאסקע איז זי העכער פון אלעמען. זי קאן נישט צעגעמען די פיס, שפרינגט זי אויף איין ארט, און פון וויטן זעט זי טאקע אויס ווי א בלום, אין וועמען עס וואלט אריין א נשמה. זי האלט אין איין קוקן אויף בענען, פארזעט, אז דער טאנץ איז שוין לאנג פאריבער און אז מען פירט שוין דעם אלטן צו דער חופה.

דער אלטער איז זייער צעשראקן. די כלה אין ווייסן חופה־קלייד, מיטן שלייער ביז אראפ צו דער ערד, שיינט ווי א זון, און עס ציטערן אים די הענט, ווען ער דארף זי נעמען אונטערפירן.

— איך שווער ביי גאט, — זאגט ער נאך דעם מסדר קדושין, מיט א שווער, שטיל, הייזעריק קול, — אז איך וועל שטענדיק און אייביק בלייבן טריי מיין ווייב, אין לייד און פרייד. זאל מיר גאט אזוי העלפן.

דער עולם האט געפלאצט פון געלעכטער. די כלה איז גע־ווארן היסטעריש. ווען פאפ נארים האט איר גענומען אנטאן דאס קידושין־פינגערל, האבן זיינע הענט אזוי געציטערט, אז ער האט אין אויפרעגונג אראפגעלאזט דאס רינגעלע אויף דער ערד.

— אוי, אן אומגליק, אן אומגליק! — האבן א טוץ שטימען ארויסגעדונערט.

— מזל־טוב! מזל־טוב! — האבן אנדערע געשריגן.

דער אלטער האט זיך צום סוף א מידער צוגעשלעפט צום טיר, ווו ס'איז נאך אליין געשטאנען שטיינבערג, און זיך געווישט דאס נאסע פנים.

— מיר געפעלן זייער אייערע צערעמאניעס, — האט ער געזאגט, — א סך בעסער, ווי אונזערע.

— אלע צערעמאניעס זענען גלייכע, — האט שטיינבערג גע־לאכט, — וואס וועסטו איצט טאן מיט דיין ווייבל?

— איך וועל זי אהיימפירן, — האט דער אלטער צוריקגע־לאכט, — מיר געפעלן זייער יידישע טעכטער. גאר נישט ווי אונזערע.

שפעט אין דער נאכט איז שטיינבערג מיט דער משפחה צו־ריק ארונטער בארג, צום קליינעם שטיבל צו. מילדרעד איז פראנק

און פריי, פאַרן טאַטן אין די אויגן, געגאַנגען מיט בענען און שטיינבערג האָט געהערט איר פריילעכן געלעכטער.

— כ'האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז וועסט מיך נישט דערקע־נען, — האָט מילדרעד געזאָגט, — וועמעס איינפאַל איז עס גע־ווען?

— וועמען שטעלסטו זיך פאָר? — האָט שטיינבערג אַריבער־געשריגן צו זיי, גלייך ער וואָלט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צו זייער שמועס.

— וועסט נאָך באַלד זאָגן, פאַפאַ, אַז דו האָסט מיך אָנ־געטאָן!

— ווער דען פוצט דיך אויס, אַז נישט איך? — האָט ער פריילעך געלאַכט.

— אַזוי מיינסטו? — האָט זי פאַרריסן דעם קאָפּ.

ער האָט באַשיינפערלעך געזען אין דער פינסטער, ווי נאָך אים גייט נאָך אַ דור; ווי אונטער זיינע פלייצעס ווערט רייף אַ שטיק פון זיין אייגן לעבן, וואָס וועט ווייטער פאַרפלאַנצן, גע־בוירן, אַזוי ביז דער אָן־סוף־דיקער אומענדלעכקייט; און ווען ער איז שפּעטער געלעגן מיט זיין ווייב אין בעט, מיט אַ פּאָר וואַכיקע אויגן, האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך דענק, בערטע, אַז נאָכן שניט דאַרף מען די קינדער חתונה מאַכן.

## קאַפּיטל אַכט

אויף מאָרגן זענען מיטן באַגינען געקומען צו פאָרן מיסטער פעלטען, על נאָרים, פאַפּ נאָרים, מיט זייערע אייגענע פערד און וועגענער, און צוזאַמען מיט שטיינבערגן, בענען און אַלעקסן האָט מען זיך גענומען צום שניט.

בערטע האָט לכּבוד די שכנים צוגעגרייט אַ גרויסן פרישטיק. פון פאַרטאָג אָן האָט זי געפּרעגלט פיש, געבאַקן לאַטקעס, פרישע זעמל און דער טיש איז געווען געגרייט מיט דרייערליי קעזן. די

קריסטלעכע שכנים האָבן זיך באַלעקט מיט די יידישע מאכלים. זיי האָבן אויסגעווישט מיט ווייכע לאַטקעס די זיס־קלעפּעדיקע טעלער. עס איז צו רייד געקומען פון דער נעכטיקער חתונה, און על נאַרים האָט פול מיט חוזק, מיט שנאה געשפּעט פון זיין ברו־דער; אָבער דער אַלטער פּאַפּ האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער האָט פרום געפּרעפּלט, געקלאַפּט מיטן נאַקעטן מויל און טומל־דיק געלויבט שטיינבערגן, געבענטשט גאָט פאַר דער גרויסער שפע, און מיט אַ שאַרפער קאָסע און סערפּ אונטערן אָרעם זיך געלאָזט אַרויס אין דרויסן מיט ברכות, מיט תפילות, גלייך ער וואָלט זיך געלאָזט איבער ימים.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ הייסער. פון אונטערן וואַלד איז אויפגעגאַנגען אַ צעגליטע זון. אַ מיטזומערדיקע שפע איז געווען אָנגעשטאָפּט אין יעדן בייט. פעטע, אָנגעפרעסענע פייגל, מיט אַרויסגעשפּאַרטע, קאָלירטע בייכער, האָבן כּסדר געזונגען. צווישן זאַנגען האָבן זיך געראַיעט שמאַלציקע, קליינע חיהלעך. צווישן קוסטן האָבן זיך געפּאָרט אויסגעפּאַשעטע פעזאַנטן. גרויסע פליגן, זאַטע זשוקעס האָבן געזעגט די לופט, געזשומעט אין די אויערן און ביידע שנייד־מאַשינען, גייענדיק כּסדר פאָראויס, האָבן געשניטן, געסוקעט, אונטערגעהאַקט און אויסגעלייגט פעט, דיק גראָז אין גלייכע, לאַנגע רייען.

גאָטס ברכה איז געלעגן אויסגעשפּרייט איבער דעם יידנס לאַנד. די זון האָט שנעל געטריקנט די זאַפטיקע אַלפאַלפאַ, די פול־זאַנגיקע טימאָטי. די בינד־מאַשין האָט גיך געבונדן און אַרויס־געוואָרפן פאַרטיקע סנאָפּעס, און איידער מען קוקט זיך אַרום פירט מען שוין פולע פורן פאַרטיקן קאָרן, האָבער און גערשטן און אונטער אַ באַרג שאַרט מען צונויף הויכע סקירדעס היי, וואָס מען וועט לאָזן ווינטערן אין דרויסן.

די סטויגן וואַקסן הויך און העכער, קוקן שוין אויס ווי שטיבעלעך מיט שפּיציקע דעכער, און באַלד באַווייזט זיך אַ טשאַ־טע פויגל, מיט אַ פלאַטער, מיט אַ שניידן די לופט, זינגען, וואָר־קען, גלייך זיי זאָלן בענטשן די מענטשלעכע הענט, וואָס גרייטן אָן וואַרעמע נעסטן פאַרן קאַלטן ווינטער.

שטיינבערג שטייט אויף א הויכן וואָגן. בען, מיט א גרויסן שטאָלענעם גאָפּל, בינדט אַלעמאָל קונציק אוים א קופּע היי, דער־לאַנגט זי אַרויף, און שטיינבערג שליסט אַזוי פלינק איין קופּע אין דער צווייטער, אַז ס׳ווערט נישט פאַרלוירן קיין איין שטרויע־לע. דער וואָגן היי וואַקסט אַלץ העכער; דער וואָגן איז שוין אַזוי הויך, אַז מען קאָן מיט אים נישט אַריינפאָרן אין שייער.

— גיט מיטאַמאָל א פאָר אַריין, — שרייט בען.

— ס׳איז צו הויך אָנגעלייגט, — בייזערט זיך שטיינבערג.

— גייט אַראָפּ און לאָזט מיך אַריינפאָרן.

שטיינבערג קריכט אַראָפּ פון וואָגן. בען נעמט די לייצעס אין האַנט. ביידע מענער שפּאַרן אונטער די פּלייצעס — האָפּ, האָפּ, און די פערד, ברייטע, שטאַרקע, מיט גלאַנציקע זאַדיקעס, גיבן אַזאַ רייס אַריין דעם וואָגן איבער דער שוועל, אַז א האַלב פון חיי בלייבט אויף יענער זייט טיר.

— אָט אַזוי! — פרייט זיך בען.

— אַזוי האָב איך אויך געקענט, — וויל נישט נאָכגעבן שטיינבערג.

באַלד קומט אָן א צווייטער וואָגן, א דריטער. די וועגענער וואַרטן אין זייער ריי. די פערד רייסן זיך צום פריש אויסגעשאָ־טענעם היי און ווערן ווילד פרעסנדיק.

— הע, בעק! — שרייט על נאָרים.

— בעק, סטאָפּ! — קוויטשעט מיסטער פעלטען.

הע, און הע, פון אַלע זייטן. עס שרייט בען. עס שרייט שטיינבערג. שטיינבערגס האַרץ ווערט פול מיט פרייד — אַזוי פיל אַלפאַלפאַ, אַזוי פיל האָבער. מיט וואָס האָב איך עס אַלץ זוכה געווען!

— סוף זומער מאַך איך א יום־טוב, — ווערט ער סענטי־מענטאַל, קאָן מער נישט איינהאַלטן די פרייד און שרייט אוים צו די שכנים: — איך וועל —

אָבער ער שלינגט אין מיטן אַרונטער די ווערטער, בלייבט שטיין אויף א ווײַלע, ווי א תם און פאַרדרייט פלוצלינג דעם שמועס, וואָס קלעפּט זיך מער נישט.

— איך מיין — איך מיין, טייערע שכנים, אפּלעבן דעם יום־טוב, וואָס די אמאָליקע יידן פלעגן פּראַווען אין הייליקן לאַנד.

ווען אַ האַלבער שייער איז שוין געווען פאַרלייגט מיט תבואה, האָט זיך אָנגעהויבן זעצן די זון. פון טאָג איז פּלוצלינג געוואָרן פאַרנאַכט. פון טאָל האָט אָנגעהויבן אויפגיין אויסגעוועפּטע פּאַרע, אַפּגעקילטע היץ, און אויף מענטש און פערד האָט אַראָפּגענידערט בין־השמשותדיקע שטילקייט.

— ערשט איצט קאָן מען זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, — האָט געזאָגט דער בייזער על נאָרים.

— עס איז שטענדיק בעסער אַרבעטן, ווען די זון פאַרגייט, — האָט געענטפערט פעלטען.

אַרבעט, אַרבעט, אַלץ ווערט געפּלט אין שוויים פון אַרבעט. הויכע, שטאַרקע קולות פון מגושמדיקע מענער פאַרהילכט נאָכאַמאָל די לופט — געט אָפּ, בעיבי! קאַם אָן, ראָבערט!

מיטאַמאָל האָט זיך ווייט אין פעלד באַוויזן אַ געבויגענע געשטאַלט. די געשטאַלט האָט זיך געשלייכט ביים ברעג וואַלד. זיין פּנים איז געווען באַגאָסן מיט בלייכער, אָנהויב־נאַכטיקער לבנה־שיין און ס'איז געווען שווער צו דערקענען ווער דער מענטש איז.

— ווער קאָן עס זיין? — האָט אויסגערופן שטיינבערג.

— מסתם אַ האָבאָ, — האָט געענטפערט פעלטען, — די וואַגאַבונדן ווייזן זיך שוין צו אָפט אין אונזער געגנט.

די געשטאַלט איז געוואָרן אַלץ מער געבויגן. מען האָט פון ווייטן געזען, ווי ער ברעכט זיך אין דרייען. ער האָט אָנגעהויבן גיין מיט אַ גאַנג פון אַ שיכּור.

— איז מיין נאָמען נישט פעלטען, אויב איך לייג אים נישט אַוועק אַ טויטן, — האָט פעלטען זיך געלאָזט לויפן איבערן פעלד.

— און איך בין נישט איך, אויב דאָס איז נישט מיין ברודער, — האָט זיך נאָך אים געלאָזט על נאָרים.

— פּאָפּ נאָרים? — האָט זיך אויך שטיינבערג געלאָזט לויפן. — ווי קומט ער אַהין?

— ער האָט דאָך גאָר באַדאַרפט אַרבעטן אויף דער צווייטער זייט, צווישן די קוסטעס, — האָט געזאָגט בען.

— קענסטו נישט מיין ברודער, — האָט געחוזקט על נאָ־ רים, — דו פאַרזעצסט אים צווישן קוקורוזע און ער גייט אויף אין דעם האָבער.

אַלע האָבן אַרויסגעשאָסן אין געלעכטער.

— ער האָט געמוזט זוכן א זיבער אָרט, ווו צו כאַפּן אַ דרימל, — האָט ווייטער געזאָגט על נאָרים.

איצט האָט מען שוין קלאָר געזען, אַז ס'איז פּאַפּ נאָרים. זיין פּנים איז געווען ווייס, ווי ביי אַ מת. די האָר אויפגעשטעלט ווי ביי אַ יאָזשעק. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן די לינקע.

— וועלכער טייוול האָט אים אַהין פאַרטראָגן? — האָט זיך על נאָרים אָפּגעשטעלט, אַ שפּיי געטאָן, אָנגעשפּאַרט ביידע הענט אין שטאָלענעם גאָפּל, און ווי איינער, וואָס האָט זיך פון עפּעס באַפרייט, זיך שוין מער נישט געאיילט. — מסתּם געגאַנגען זוכן זיין יידיש וויב.

פּאַפּ נאָרים האָט זיך פּלוצלינג אַ וויג געטאָן, אַ דריי גע־ טאָן, און ווי אַ געשאָכטענע הון אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד.

אַלע, אַ חוץ על נאָריסן, האָבן אָנגעהויבן שנעל לויפן. דער ערשטער איז צו אים צו שטיינבערג.

— וואָס האָט געטראָפן, — האָט ער געציטערט אין שרעק, — מיט דיר געשען?

דער אַלטער איז געלעגן אַ געחלשטער. די וועסט און העמד איינגעטונקען אין בלוט. די לינקע האַנט, איינגעבונדן אין שמאַ־ טעס און דורך די שמאַטעס האָבן געטריפט טראָפּנס בלוט.

— הויבט אים אויף! — האָט שטיינבערג געשריגן. — טראָגט אים אַריין אין הויז. ברענגט אַ דאָקטאָר!

— זאָל ער נישט קריכן צו יידישע ווייבער, — האָט זיך על נאָרים געשאָלטן.

מען האָט דעם אַלטן אַריינגעטראָגן אין שייער. עמעצער האָט געבראַכט אַן עמער וואַסער, דאָס וואַסער מיטאַמאָל אַ פליוך געטאָן אויף זיין פּנים, און ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער, ווי אַ גוססדיק קעצל זיך אָנגעהויבן בעטן:

— שיסט מיך, גוטע מענטשן, מאַכט מיר אַ טויט.

— וואָס האָט געטראָפן? — האָט שטיינבערג מיט ציטערי־קע הענט אַרומגעטאַפּט זיין האַנט. — ווו ביסטו געווען?

— כ׳האָב אָפּגעשניטן אַ האַנט, — האָט ער אָנגעהויבן וויינען, — שיסט מיך, גוטע מענטשן, שיסט מיך!

— ווי אַזוי האָסטו עס געטאָן?

— איך האָב געשניטן גראָז אין אַן אָרט, ווו כ׳האָב נישט געקאָנט צוקומען מיט דער קאָסע, — האָט ער געזשיפּעט, פאַר־וואָרפן דעם קאָפּ און קוים גערעדט, — כ׳האָב געמוזט שניידן מיטן סערפּ, — אָפּגעשניטן אַ האַנט, גוטע מענטשן —

— דומקאָפּ! — האָט אַ שפּיי געטאָן על נאָרים, — יידענע! שוין צייט זאָלסט קענען האַלטן אַ סערפּ.

ווען אַ דאָקטאָר האָט אים שפּעטער פאַרבונדן די וווּנד, איז פּאָפּ נאָריסעס פּנים געווען, ווי אַן אָפּגעקילט. שטיק קאַלך — ברודיק־ווייס און צעאַקערט. די ליפּן זענען געווען בלוי־טרוקן, און ס׳האָט אים געוואָרפן, ווי אין אַ קדחת.

— דער טייוול וועט אים נישט נעמען, — האָט דער דאָק־טאָר געזאָגט, — בלויז די פינגער אָפּגעשניטן. דער אַלטער פּיעס־טשעט זיך, ווי אַ יידענע.

— איך האָב שטענדיק אַזוי געזאָגט, — האָט זיך אָנגערופן דער ברודער, — ער איז אַ יידענע געווען און געבליבן.

— אַ מאַן זאָל גאָר חלשן.

דער אַלטער האָט מער נישט גערעדט. ווי אַ פאַרוווּנדעטער הונט איז ער געלעגן שטום, און מיט שטומען צער געטאַפּט די האַנט. שטיינבערג האָט אים אַלע מאָל געקוויקט מיט פרישׂ וואַ־סער, אונטערגעלייגט פרישׂ שטרוי אונטערן קאָפּ, און ביידע האָבן זיך געהאַלטן מיט די צוויי רעכטע הענט.

---

אין אָוונט איז שטיינבערג נאָכאַמאָל אַרונטערגעפאָרן צום דאָק־טאָר און מיט אים איז, ווי שטענדיק, מיטגעפאָרן מילדרעד.

דער וועג איז געווען פול מיט שפּאַצירער, פון די גרויסע

היזער האָט געשלאָגן העלע ליכט. מילדרעד האָט זיך געטוליעט אין טאַטן. זי האָט מיט שטומען טרויער געטראַכט פון פּאַפּ נאָריסן, פון מאַק־מערידזש און פון בענען. זי האָט געוואָלט פון בענען רעדן מיטן טאַטן, און נישט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהויבן. שטיינבערג האָט געפילט דער טאָכטערס אומרואיקייט און איז אַליין אויך געוואָרן נערוועז.

— אַ פאָלק פון סאַמע גזלנים, — האָט ער שטיל געזאָגט, — האָסט באַדאַרפט זען ווי זיין ברודער האָט אים באַהאַנדלט.

— דענקסט, ער וועט בלייבן לעבן?

— דער טייוול וועט אים נישט נעמען. דער אַלטער וועט אונז אַלעמען איבערלעבן.

ווען זיי זענען צוגעקומען צום שטעטל ביים שייד־וועג, ווו עס פאַרנעמט זיך אַ וועג קיין מייפּעלווּד און ליבערטי, האָט מילדרעד שטיל געפרעגט:

— דאָ איז, דאַכט זיך, געווען אַ גאַזאָלין־סטיישאָן, פּאַפּאַ?

— מען גייט דאָ אויפשטעלן אַ נייע מוווי, — האָט ער געענטפערט.

— אַזוי ווייט פון מעין־סטריט?

— מען שמועסט ציען מעין־סטריט ביז אַהער.

— אַזוי ווייט?

— מ'רעדט, אַז מען וועט דאָ אויסבויען אַ מין לונאַ־פּאַרק, ווי אין קאָני איילענד, — האָט שטיינבערג געענטפערט. — אַ ניו־יאָרקער פירמע צוזאַמען מיט מיסטער איוועַנס, און דער מאַן פון דער קאַמישע אינן, ווילן דאָ אויסבויען אַ צאָל שפּיל־פּלעצער.

— טאַקע? — האָבן זיך ביי דער מיידל פּלוצלינג צעשטראַלט די אויגן.

— מען וויל, איך זאָל אויך ווערן אַ שותּף.

— אָ, פּאַפּאַ, — האָט זי אים אַרומגעכאַפּט, — וועסט צושטיין צו זיי?

— איך האָב מורא צו שפּעקולירן, — האָט ער שטיל געענטפערט, — דער סיזאָן איז דאָ אַ קורצער. וואָס קאָן מען מאַכן אין צוויי חדשים?

אין דיקינסוויל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין פאַרשידענע פּלעצער. מילדרעד האָט געזען, ווי אומעטום נעמט מען אויף דעם טאַטן מיט גרויס כּבוד. בּיי קוריצקין האָט מען אים מיט געוואַלט אַריינגעשלעפּט אין קראָם. אין סאַלאָמאָנס סטאָר האָט מען אים לאַנג פאַרהאַלטן. מען האָט אים אין די אויגן שטאַרק געלויבּט בּענען.

— ווען דענקסט איר ווייטער בּויען? — האָט מען איבּעראַל געפרעגט.

אַרויסקומענדיק פון דאָקטאָר איז שטיינבּערג געווען מונטער אויפגעלייגט.

— עס וועט אים גאָרנישט זיין, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. פאַרוואָס בּיסטו אַזוי אומעטיק?

מילדרעד האָט געשוויגן.

— דו נעמסט זיך אַזוי צום האַרצן פון פּאָפּ נאַריסן? עס וועט אים גאָרנישט זיין.

— איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן, — האָט זי פּלוצלינג אַרויסגעפּלאַצט.

זיי זענען שוין איצט געפאָרן אויף צוריק, און שטיינבּערג האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט.

די ווערטער האָבּן זיך פאַרהאַקט אין מילדרעדס האַלז.

— וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

— דו ווייסט אַליין, — ווערן אירע אויגן פּלוצלינג פול אָנגעגאָסן.

— וואָס, נאַריש קינד, פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— פון בּענען... — קאָן זי ווייטער נישט רעדן.

שטיינבּערגן האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. ער האָט צעעפנט מויל און אויערן.

— וואָס איז מיט בּענען? — פרעגט ער תמעוואַטע.

מילדרעד קאָן מער נישט רעדן. אירע אויגן זענען פול אָנגעגאָסענע, בּיז צום איבּערגיין, און זי הויבּט אָן זייער שטאַרק ציטערן, ווי עס וואָלט זי געכאַפּט אַ פיבּער.

— קינד, מיידל מיינס, רעד, — הויבט ער זי אָן גלעטן מיט איין האַנט איבערן קאָפּ.

אָבער מילדרעד קאָן מער נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. די טרערן וואָרגן זי. דער אויטאָמאָביל קערט זיך אָפּ ביז צום סאַמע ברעג וועג און גייט זייער לאַנגזאַם. שטיינבערג האָט נישט קיין כּוח אָנצוטרעטן אויפֿן גאַז־טרעטער און עס ווילט זיך אים זייער שטאַרק אַראָפּנעמען ביידע הענט פֿון דריי־ראָד און אַריינכאַפּן איר קאָפּ, איר פּנים, און איר אויסקושן יעדן אבר. ער אַליין קאָן אויך מער נישט רעדן. גאָר פּלוצים גיט אים אַ שלאָג אויף אין געדאַנק זיינע אייגענע יונגע יאָרן. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט זיך פּונקט אַזוי געשעמט פֿאַר בערטען. און פֿון דעמאָלט אָן זענען שוין פֿאַרביי אַזוי פֿיל יאָרן, און איצט זיצט פּונקט אַזוי זיין קינד.

— ווילסט, איך זאָל מיט אים רעדן?

זי האָט זיך אַזאַ צאַפּל געטאָן, אַז זי איז שיער נישט אַרויס־געפֿאַלן פֿון אויטאָמאָביל, און מיט אַ הויך קול אָנגעהויבן שרייען אויף אים.

— שאַ, שאַ, שריי נישט, — הויבט ער פּלוצים אָן לאַכן, — איך און די מאַמע האָבן סיי־ווי באַשלאָסן מאַכן אַ חתונה, גלייך ווי מען פֿאַרשליסט דאָס גרויסע הויז.

זי האָט אים אין דעם דאָזיקן מאָמענט אי ליב געהאַט, אַ פּיינט באַקומען. זיינע ווערטער, אָפּענע, ברוטאַלע, האָבן צערים איר האַרץ. שטיינבערג האָט זיך געקאַטשעט מיט אַ פֿיל מויל געלעכטער.

— אַ האַלבע פֿאַרם אויף בענס נאָמען איז פֿאַר דיר גענוג?

— פּאַפּאַ, — האָט זי זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיץ, — ווי קאָנסטו אַזוי אָפֿן רעדן?

שטיינבערג האָט אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט די מאַשין, זי אַריינגעכאַפּט אין די הענט און זי באַשאָטן מיט קושן.

## קאפיטל נײַן

אָנהויב אויגוסט האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק פילן די טרו־קענע טעג. עס איז פּלוצלינג אָפּגעפאַלן זייער נידעריק דער ברו־נעם, עס האָבן אינגאַנצן אויסגעטריקנט די וואַסער־פּאַסן צווישן איין שטיק פעלד און צווייטן און דער טייך האָט זיך אָפּגערוקט אויף אַ היפּשן שטיק.

בעץ, מילדרעד און אַרטור זענען צוגעשטאַנען זייער שטאַרק צו שטיינבערגן: מען דאַרף גראָבן אַן אַרטיזאַנעם ברונעם.

— זלידנעס, — ווערט שטיינבערג אויפגערעגט און שרייט הויך אויף אַ קול, — מער פעלט מיר נישט, נאָר דער מאַן דאָרטן אויפן באַרג זאָל עס הערן.

— מיט אַן אַרטיזאַנעם ברונעם קאָן מען פאַרפלייצן אַ האָ־טעל מיט הונדערט צימערן, — רעדט זיך ווייטער בעץ זיינס.

— מער פעלט מיר נישט, ווי פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז דאָס הויז האָט נישט קיין וואַסער, — קאָכט זיך אַלץ מער שטיינ־בערג.

— און ווי ווען עס ברעכט אויס אַ פייער? — לאָזט בעץ אַרונטער אַ האַמער איבערן קאָפּ.

דער קלאַפּ — פייער — איז אַזאַ שטאַרקער, אַז שטיינבערג ווערט אויף אַ פּאָר מינוט ווי געפּלעפּט. אים דוכט זיך, אַז דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז אים בלוטיקע שונאים — אַ שרפה.

אָבער ביז וואַנען מען וועט זיך אין האַרבסט שטעלן גראָבן אַ נייעם ברונעם, דאַרף מען פירן אַלע קי און פערד צום טייך און מען דאַרף אָנפירן גענוג וואַסער פאַר דעם גרויסן הויז.

בעץ האָט זייער ליב די אַרבעט. מיט פאַרשאַרטע אַרבל אין פאַרטאָגיקער קעלט האָט ער ליב אַריינצושטופּן די נאַקעטע הענט אין קאַלטן טייך, דערנאָך רייבן אַ האַנט אָן אַ האַנט, ביז די הויט ווערט רויט און שלאָגט מיט היץ.

— פיר אייער וואַלסטו אויפגעגעסן נאָך אַזאַ אַרבעט, — זאָגט ער איינמאָל צו מילדרעדן, ווען אַלע זיצן ביים פרישטיק, — צוויי מאָל אַזוי פיל ברויט וואָלסטו איינגעשלונגען.

— טאַ נעם מיך אַמאָל מיט, — זאָגט זי פאַר אַלעמען אין די אויגן און שעמט זיך גאָרנישט.

— ווערסטו דאַרפן אויפשטיין איידער דער האָן קרייט.

— וועל איך אויפשטיין, — ענטפערט זי.

אויף מאָרגן פאַרטאָג איז בען געשטאַנען מיט פערד און וועגל ביים שטאַל. ער האָט באַדאַרפט דריי מאָל אַ קלאַפּ טאָן אין טיר, זי אויפצוּוועקן, אָבער איידער ער קוקט זיך אום, לויפט אים מילדרעד אַנטקעגן. אינדרויסן איז נאָך פינסטער און זי איז שוין אַ פאַרפּוצטע, אין אַ קלייד, ווי מען שפּילט טעניס, די האָר אַרומגעבונדן מיט אַ בלויער סטענגע און אין נידעריקע שיך מיט גומענע אָפּצאַסן.

בען איז געוואָרן אַ פאַרציטערטער. זי זאָל אַליין אויפשטיין אַזוי פרי, האָט ער זיך אַפילו נישט געקאָנט פאָרשטעלן.

— זע, ווי דו ציטערסט, — זאָגט ער אַ צעשראָקענער.

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז ס'איז אַזוי קאַלט, — ענטפערט זי.

— גיי צוריק און נעם אַ סוועטער.

— איך וויל נישט אַריינגיין אין הויז. עס וועט באַלד ווערן וואַרעם.

— ביז די זון וועט אויפגיין, וועט נעמען אַ גאַנצע שעה.

ביידע האָבן פאַרריסן די קעפּ צום הימל. דער הימל איז געווען בלייך אויסגעלאָשן.

— עס וועט נאָך נעמען אַ גוטע שעה, — זאָגט ער נאָכאַמאָל.

— כ'האָב נישט געוווּסט, אַז ס'איז אַזוי פרי.

— טו אָן מיין סוועטער, — טוט ער אויס זיין סוועטער און שלעפּט אים אַרויף אויף איר.

אַ ליבע וואַרעמקייט האָט זי גלייך אַרומגענומען. דער בלויער סוועטער, כאָטש אַ גרויסער, האָט ער אָבער, בשעת זי האָט אים אַראָפּגעצויגן, אַרומגענומען איר לייב ווי אַ זאַק.

— דו האָסט אַזוינע לאַנגע הענט, — האָט זי געזאָגט, — דער סוועטער בייסט.

אינדרויסן איז געווען שטיל. די וועגעלעך, וואָס אַלעקס און אַרטור האָבן געטריבן, זענען נאָך געווען אויסגעשפּאַנט. די קי אויף דער פּאַשע זענען נאָך געווען ווייט פון הויז. זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין וועגעלע. אונטן איז געווען איינגעבונדן אַ גרויסער פּאַס. אין פּאַס האָט געשטעקט אַ בלעכענע לעיקע.

מילדרעד האָט געפילט, ווי איר לאָזן זיך אויס די כוחות. זי האָט פון זיסן ווייטאָג נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. זיי זענען געפאָרן איבערן פעלד, איבער הרודעס, דאָס וועגעלע האָט געטרייסלט, און יעדעס מאָל, ווען איינער איז צוגעפאַלן צום צווייטן, האָט זיך איר אָפּגעריסן דאָס האַרץ.

— בען, — האָט זי געזאָגט.

עס איז איר גאָר פּלוצים קלאָר געוואָרן, אַז דער סוועטער, וואָס זי טראָגט, ליגט שטענדיק אויף בענס לייב, און ס'האָט איר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. זי האָט אים מיטאַמאָל דערפילט אויפן האַלז, הענט, האַרץ, אומעטום, און אַ פאַרשעמטע זיך אָפּגערוקט פון אים.

— דיין סוועטער בייסט.

— ער וואַרעמט, — האָט ער געענטפערט.

אויף פעלטענס פאַרם האָט ווילי פעלטען שוין געהאַט צוגענויפגענומען די פי, גרייט זיי צו טרייבן צום טייך.

— העלאָ, וויל, — האָט בען אַ פאַך געטאָן מיט דער בייטש.

ווילי האָט זיי באַטראַכט מיט אַ פּאָר אויסגעשטאַרטע אויגן, גלייך ער וואָלט דערזען נישט־גוטס. מילדרעד האָט אַזש איינגענורעט דעם קאָפּ.

— נאָך וואָס האָסטו באַדאַרפט אים גריסן? — האָט זי געפרעגט.

— שעמסט זיך פאַר אים?

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איבערגעפירט דעם שמועס.

— פאַרוואָס יעט ער נישט אויס דעם גאָרטן? גיב נאָר אַ קוק אויף דער קוקורוזע!

— וואָס וועט ער יעטן, — האָט בען געחוזקט, — די פּאַר־דאָרטע שטעקעלעך?

— האָסט אים נישט באַדאַרפֿט באַגריסן, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — ס'איז נאָך אַזוי פֿרי.

— איז וואָס, — איז ער אַלץ אויפֿגעלעבטער געוואָרן, — שעמסט זיך? מיך קימערט נישט, אויב עמעצער זעט אונז.

— מען וועט אָנהויבן רעדן.

— זאָל מען רעדן. מיך אַרט עס נישט. איך וויל טאַטע, מען זאָל וויסן. איך וויל, דער טאַטע זאָל וויסן און די מאַמע.

עס איז געווען, פּונקט ווי פֿון הימל וואָלט אַראָפּגעפֿאַלן אַ באַרג אויף אירע פּלייצעס. עס האָט זי אַרומגענומען אַזאַ שרעק און פֿרייד און גליק און טרויער, אַז זי האָט שיִער נישט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין. זי האָט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין איין וואָרט, און ווי אַ שטומע געהאַלטן אָפֿן דאָס מויל.

ווען זיי זענען געקומען צום טייך, האָט אָנגעהויבן טאָגן. אַ ווייסער נעפּל איז אויפֿגעגאַנגען פֿון טאָל און זיך געהויבן צום הימל. די בערג פֿון ווייטן זענען געווען פּורפּור־בלוי. אַלץ אַרום האָט זיך אָנגעהויבן וועקן, ליכטיקן, שפּרודלען. עס האָט זיך גע־בלעזלט דער טייך, געוואַשן אַ שטיין. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רירן זשאַבעס. שיפֿלעך ביים ברעג האָבן געפּלעסקעט, ווי געלעקט מיט אַ לאַנגער צונג דאָס וואַסער. אויף שפּיצן ביימער האָבן אָנ־געהויבן זינגען פֿייגל און באַלד האָט זיך דער גאַנצער מזרחדיקער הימל אָנגעצונדן אין אַ שטיק גליִענדיק פֿייער.

— מען קאָן דאָ משוגע ווערן, — איז מילדרעד באַגייס־טערט געוואָרן, — איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ פּאַ־נאָראַמע.

— איך זע עס יעדן טאָג, — האָט זיך בען געגרויסט.

באַלד זענען צום טייך אָנגעקומען, מיט רעש און געפּיל־דער, ווילי פעלטען, טאָני לאַזאַראָ, צוויי יידישע בחורים, און שכנים פֿון יענער זייט טייך. מען האָט געקנאַקט מיט בייטשן, געשריגן מיט קלינגענדיקע ווידער־קולות און צעשראָקן אַלע פֿייגל.

די קי זענען אַ ווײַלע געשטאַנען בײַם ברעג. זיך געישובט: יאָ אַרײַנגײן, נישט אַרײַנגײן; נאָר באַלד האָט אײַנע געגעבן אַ שטעל אַרײַן די פֿאַרערשטע פֿיס אין וואַסער, ווי זי וואָלט אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גרוב, און נאָך איר אַ צווייטע, אַ דריטע, אַ פֿערטע — גאַנצע טשערעדעס קי און קעלבער זענען באַלד געשטאַנען אין טײַך, געפּאַטשט מיט די עקן, געטריבן מיט נאַסע ווײַדלען פֿליגן און מיט געשלאָסענע צײַן געזופּט קאַלט וואַסער.

בעז איז פֿאַרפֿאָרן אין אַ באַזונדערן ווינקל טײַך און אָנגעהויבן אָנגיסן דאָס פֿאַס. ער איז געשטאַנען מיט איין פֿוס אויפֿן ראָד, מיטן צווייטן אין וועגעלע און געשעפּט וואַסער. מילדרעד האָט די שעפּעלע געגאָסן דורך דער בלעכענער לעיקע. די אַרבעט איז געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט.

— הייב אויף דאָס שעפּעלע אַביסל העכער, — שרײַט זי מיט אַ פֿול מויל פֿרייד.

— דו גיסט אויס דאָס גאַנצע וואַסער אויפֿן וועגל, — שרײַט ער צוריק.

— עס געפֿעלט דיר נישט!

עס איז איר מיטאַמאָל געוואָרן הייס. איר פּנים האָט אָנגעהויבן פֿלאַמען. זי הויבט אָן אויסטאָן דעם סוועטער.

— טו זיך נישט אויס, — הויבט ער אָן שרײַען מיט שרעק אין קול, גלײַך זי וועט אים באַלד אומגליקלעך מאַכן, — דו וועסט זיך נאָך פֿאַרקילן.

— עס איז מיר אָבער הייס.

— טאָ זעץ זיך אַוועק.

איר פּנים איז געוועזן ראָזיק־קאַלט. די האָר, ווי געוואַשענער פֿלאַקס, האָבן זיך געוויגט אין ווינט. זי האָט אויף אַן אמת אויסגעזען, ווי אַ וואַסער־לילי. הויך, דין, שלאַנק, און די שוואַרצע ברעמען איבער די בלויע אויגן האָבן פֿאַרפּישופּט. בעז האָט זיך באַדאַרפֿט אײַנהאַלטן מיט אַלע כּוחות, ער זאָל זי נישט געבן אַ גיס אָפּ מיט אַ קאַלט שעפּעלע וואַסער.

— זעץ זיך אַוועק, — האָט ער, שיכּור פֿון גליק, געשריגן, — דו גיסט אויס מער וואַסער, ווי אין פֿאַס.

— איך וויל אזוי, — שרייט זי צוריק.

— איך פארשטיי, — זאָגט ער, — דו ווילסט בפיוון פאַר־ציען די אַרבעט.

— און אז יאָ, איז וואָס?

— גיב מיר די האַנט, — זאָגט ער פּלוצים.

ביידע האָבן אוועקגעלייגט די אַרבעט און זיך געגומען פאַר די הענט. זיי זענען געשטאַנען אינמיטן וואַסער, ווי אַן אָפּגע־מאָלט בילד. ער — אַ שטאַרקער, ברייטער, מיט שוואַרצע האָר און אויגן. זי — ליכטיק־בלאָנד, אין אַ סוועטער, וואָס האָט בולט אָפּגעצייכנט יעדן אבר. זי איז געשטאַנען העכער פון אים און אַראָפּגעקוקט מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס זענען געווען נאָך בלויער פון הימל.

— איך וועל דיך מער נישט אָפּלאָזן, — זאָגט ער.

— וועסט נישט קאָנען אַרבעטן, — לאַכט זי.

מיטאַמאָל האָבן זיך ביידע דערשראָקן. אַלע ביים טייך האָבן געקוקט אויף זיי.

— מירן פאַרשפּעטיקן פּרישטיק, — רייסט זי פּלוצים אַרויס די הענט.

זיי האָבן שנעל אָנגעגאָסן דאָס וואַסער ביז צו דער לעיקע. דאָס וואַסער האָט זיך געבולבעט אין גלאַנציקן בלעך, און זיי זע־נען אַרויסגעפאָרן פון טייך.

איצט האָט שוין די זון געוואַרעמט איין זייט פּנים, די זייט, וואָס צו מזרח צו. דאָס וועגעלע האָט זיך געטרייסלט איבערן הרודיקן וועג, דאָס וואַסער אין פאַס האָט זיך געפּלעסקעט, און די זון האָט זיך געשפּיגלט אין דער בלעכענער לעיקע.

מילדרעד האָט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם געשוויגן. איר האַרץ האָט געפּלאַטערט, די ציין האָבן שטיל געקלאַפּט און זי האָט מורא געהאַט, זי זאָל זיך נישט צעוויינען.

בעת האָט פּלוצים אַרויסגעלאָזט די לייצעס פון האַנט, זי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט און זי אָנגעהויבן קושן.

— בען, — האָט זי שטיל אָנגעהויבן וויינען, — איך וועל משוגע ווערן. טו עס נישט.

— פאַרוואָס?

— איך האָב מורא, — האָט זי זיך צעוויינט אויפן קול.— בען, איך וועל משוגע ווערן.

זי האָט זיך איינגאַנצן אין אים איינגעטוליעט. דאָס פערד האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט, דאָס ליידיקע שעפעלע האָט געקלאַפּט, און שטיקער זון האָבן זיך געשפּיגלט אין דער בלעכענער לעיקע.

---

## קאַפּיטל איינס

אין דעם גרויסן הויז, אויפֿן באַרג, האָבן געהאַלטן אין איין צוקומען נייע מענטשן. דער חודש אויגוסט, וואָס איז געפֿאַלן אַזוי שווער אויף די פֿאַרמער, איז געווען אַ ברכה פֿאַר די באָר־דינג־הייזער. אומגעריכט זענען אַלעמאָל אָנגעלאָפֿן פֿול געפּאַקטע אויטאָמאָבילן, שטאָטישע טעקסים, און העקערס, וואָס ליגן גאַנ־צע טעג איבער ביים וואָקזאַל, האָבן געבראַכט מענטשן, וואָס קיי־נער האָט נישט געקענט. איין העקמאַן האָט געבראַכט אַ מיידל, וואָס האָט זיך אינגאַנצן נישט אריינגעפּאַסט צווישן דאָרטיקן עולם. דאָס מיידל האָט רייך־צעבאַלעוועט זיך געשפּאַרט מיטן באַלעבאָס, אַז זי איז נאָך אין איר לעבן נישט געשלאָפֿן מיט אַ צווייטן אין איין צימער און אַז זי וועט נישט צעפּאַקן די זאַכן, ביז מען וועט איר נישט געבן אַ שליסל פֿאַר זיך אַליין.

— אייער עולם איז מיר פֿרעמד, — האָט זי קאַפּריזנע און קאָקעטיש אַלעמאָל געעפֿנט און פֿאַרמאַכט דעם שלאָס פֿון דעם האַנט־טאַש, — איך מוז האָבן פֿאַר זיך אַליין אַ צימער.

ווען מען האָט דאָס מיידל צום סוף ארויפֿגעפֿירט אין אַ באַ־זונדערן צימער, האָט זי גלייך אָנגעפֿילט יעדעם ווינקעלע מיט טייערע ריחות פֿון נאַרציסן, פֿון לופּטיק־שמעקעדיקע האָר און פֿאַרוואָרפֿן דאָס דינסטמיידל מיט אָן אַ שיעור פֿראַגן:

— צי איז שוין עמעצער געלעגן אין בעט? — האָט זי זיך פֿון אַלץ געמיאוסט, און מיט בלויז צוויי פֿינגער אָפּגעדעקט די

קאָלדרע. — צי איז דאָס בעטגעוואַנט ריין? אויף וויפל קישעלעך שלאָפט מען דאָ?

זי האָט, ווי אַ פּיזגעלע, אָנגעהויבן אַרומשפּרינגען איבערן צימער, צעעפנט די קליידער־שאַנק, אַלע שופלאָדן, איז צו צום פענסטער און צערוקט די פוירהענגלעך.

— עס געפעלט מיר דער אויסקוק. ווען גייט מען דאָ שלאָפן? ווי ווייט איז פון טייך?

דאָס מיידל האָט הילכיק געקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן. שנעל צעפּאַקט אירע זאַכן. אין איין אויגנבליק, און איבערן בעט איז געלעגן זיידענע אונטערוועש, שמעקעדיקע נאָזטיכלעך, טייערע קליידער און אויפן דיל, אין אַ קופּע, אַלערליי קאָלירנדיקע שיך.

— וווּ וועל איך דאָס אַלץ אַהינטאָן? — האָט זי אָנגע־הויבן לאַכן. — אפשר האָט איר עטלעכע הענגערס? אַ גלאָז צום וואַשן די ציין? און איך וויל דאָך נעמען אַ וואַנע!

אַנדערש נישט, נאָר דורכן פענסטער איז אַריינגעפלויגן אַ זומער־פייגעלע, און עס זשומעט, פלאַטערט און צאַפּלט זיך.

ווען דאָס מיידל איז שפּעטער אַרונטערגעקומען אויף דער וועראַנדע, האָט זי פאַרכאַפּט דאָס אויג. זי איז געווען הויך און דין. אירע שוואַרצע האָר איבערן הויכן שטערן זענען געווען זייער פאַרזיכטיק צעפּאַטלט. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי מוז אוודאי לאַנג שטיין ביים שפּיגל און זען, אַז די האָר זאָלן זיין פּינקטלעך אַזוי צעוואָרפן און נישט אַנדערש. איר קערפּער, שמאָל און בויגיק, איז געווען איינגעוויקלט אין ווייכן, ציגל־קאָלירנדיקן זייד, אין זעלבן קאָליר, ווי די אוירינגלעך און שיך. דאָס קלייד, האָט זיך געדוכט, איז גאָרנישט קיין אויפגענייטס, נאָר אַזוי קינסט־לעריש אויסגעדראַפּירט, אַ שליירע אויף אַ שליירע, ביז אַראָפּ צו דער ערד, און מסתּם בלויז פאַרשפּילעט מיט שפּילקעס; און ווען מען האָט אויף איר צום ערשטן מאָל אַ קוק געטאָן, האָט מען נישט געוווּסט, צי באַשיינט זי דאָס קלייד, צי באַשיינט דאָס קלייד זי, ווייל אַלץ איז געווען אַזוי האַרמאָניש, אַזוי קאַפּריזנע אויסגערעכנט — דער שפּאַן, דאָס האַלטן פון קאָפּ, אַ מאַך מיט דער האַנט, אַז מען איז פּשוט פאַרכאַפּט געוואָרן.

אויף דער וועראַנדע זענען געזעסן אַ סך מענטשן. אַלע האָבן זי אָנגעהויבן באַטראַכטן. אָבער זי האָט בלויז אַ קלוגן שמייכל געטאָן, פון יוצא וועגן געגעבן אַ קוק אַהער, אַ קוק אַהין, און איז לייכט אַרונטער די טרעפּ, מיטן וועג, וואָס האָט געפירט צום פעלד.

די זון איז שנעל פאַרגאַנגען. פון הייסן טאָג איז געוואָרן אַ קילער פאַרנאַכט. פון פעלד האָבן זיך אומגעקערט די טשערע־דעס. קי האָבן געקלונגען מיט גלעקער אויף די העלזער. די שווערע אייטערס האָבן זיך געפלאָנטערט צווישן די פיס. דעם מיידל איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן נאָכגיין די קי. איר האָט זיך מיטאַמאָל פאַרוואָלט נאָכמאַכן זייער געהאַצקעטן גאַנג און זי איז פּלוצים געבליבן שטיין פאַר דער אָפענער שטאַל.

אַ וואַרעמער ריח פון זיסער מילך האָט איר געגעבן אַ שלאָג אין נאָז אַריין. אין שטאַל איז געווען האַלב־פינסטער. אין איין מינוט, און די קי זענען שוין געשטאַנען אין צוויי לאַנגע רייען, די קעפּ איינגעשלאָסן אין אייזערנע שטאַנגען און באַלד האָט זיך דערהערט אַ פרייליך מעלקן אין בלעכענע שעפעלעך אַריין, ווי עמעצער וואָלט מיטאַמאָל אָנגעהויבן פּיקן איבער נידעריקע סטרונעס פון אַ נאָכגעלאָזטער פידל.

— קאָן מען דאָ טרינקען מילך? — האָט זי אָנגעהויבן שרייען מיט אַ קול, וואָס איז געווען פול מיט באַגייסטערונג.

— ווער איז עס? — האָט עמעצער פון דער האַלב־טונקל־קייט געפרעגט.

— אַ מיידל! — האָט זי צוריקגעשריגן.

— וואָס פאַר אַ מיידלעך? — האָט מען מיט שפּאָט גע־בורטשעט, ווי אַלעמאָל, ווען די שטאָטישע קומען דרייען אַ ספּאָדעק.

— נישט קיין מיידלעך, — האָט זי זיך צעלאַכט, — איין מיידל, אַ שיינס.

מיטאַמאָל האָט איין קאָפּ, פון צווישן די קי, זיך אומגע־קערט און עס האָבן אין דעם אָפּשיין פון די ווייסע ווענט אַ גלאַנץ

געטאָן צוויי אויגן, ווי צוויי גרויסע טינט־פלעקן איבער א גלאַטן בויגן פּאַפּיר.

— ווער איז עס? — האָט דאָס פּנים נאָכאַמאָל געפרעגט מיט חוזק און אומגעדולד.

— א מיידל, א מיידל, — איז זי אריין טיפער אין שטאַל, — וואָס שרייט איר אַזוי? גיט א קוק, וועט איר זען.

בען האָט נאָך מער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל. דאָס מיידל איז צוגעקומען גאָר נאָענט צום מעלק־בענקל און האָט אויף אים א שלאָג געטאָן מיטן שטאַרקן ריח פון נאַרציסן. אין דער האַלב־טונקלקייט איז זי געווען מיט א קאָפּ העכער. ביידנס אויגן האָבן זיך באַגעגנט, און ביידע האָבן זיך ווי אָן עפּעס אָנגעשלאָגן. פאַר א רגע אָדער צוויי האָבן די אויגן געשוויגן, נאָר באַלד האָבן זיי זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט שאַרפע, איינגעשפּאַרטע בליקן. בען האָט ארויסגעשפּאַרט דעם פאַרעקשנטן שטערן, זי האָט קאַפּריזנע פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, און די פאַרזיכטיק־צעוואָרפענע טשופּרינע האָט זיך א וויג געטאָן אין דער לופטן. זי האָט קוים־קוים א שמייכל געטאָן און איז געבליבן שטיין מיט א מינע — נאַ, קוק, לאָמיר זען, ווער עס וועט וועמען באַזיגן.

בען האָט צום סוף אַראָפּגעלאָזט די אויגן, איז געבליבן זיצן מיטן שעפעלע צווישן די פיס, אָנגעהויבן שטאַרק דריקן די ציצקעס און די קו האָט א שטילן „מו" געטאָן.

— פאַרוואָס מוקעט זי? — האָט זי זינגעריש א שמייכל געטאָן.

אין אירע רייד און באַוועגונגען איז געלעגן שפּאָט. זי האָט געקוקט אויפן שטאַל, אויף אַלע קי, נאָכאַמאָל אויף בענען, און אָנגעהויבן לאַכן.

— ווי פלינק איר מעלקט עס, ס'אַ כוואַטסקער בחור איר זענט.

די קו האָט א שמיץ געטאָן מיטן וויידל און איר דערלאַנגט איבער דער האַנט. זי האָט זיך דערשראָקן און אָפּגעשפּרונגען.

— אַנטשולדיקט, — איז בען רויט געוואָרן, — דאָס טרייבט זי פון זיך די פליגן.

— דאָס אַלץ און נאַר! — האָט זי זיך נאָך העכער צעלאַכט.

— עס טרעפט, אַ קו דערשמעקט אַ פרעמדן מענטשן און האַלט איין די מילך, — האָט ער איר געגעבן אַן אוידעלע אַנצוהערעניש.

אָבער זי האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק.

— ווי רופט מען די קו? — האָט זי ווייטער געפרעגט.

— בעסי.

— אַ מיידלשן נאָמען?

— יאָ.

— און קעלבלעך האָט זי?

— יאָ.

— וווּ איז דאָס קעלבל?

— פאַרקויפט.

— צום שוחט?

— צום שוחט.

— מערדער.

און זי איז אַרויס פון שטאַל.

אינדרויסן האָט זיך דאָס מיידל צעלאַכט הויך אויפן קול. דורך דער גאַנצער צייט פון שמועס האָט זי געהיט דעם בחור און געזען, ווי יעדעס מאָל, זאָגנדיק אַ וואָרט, ווערט ער רויט. זי האָט אָנגעהויבן נאָכאַמאָל לאַכן. עס האָט געהייסן — ווייס איך, עפּעס אַ דאָרפישער יונג — אויך מיר אַן אַרבעט.

---

פונדעסטוועגן האָט עפּעס אָנגעהויבן זינגען אין איר האַרצן. זי האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז זי האָט זיך צוויי מאָל צוריק אומגעקוקט צום שטאַל און אַז עס שטייען איר פאַר די אויגן צוויי גרויסע טינט־פלעקן אויף אַ ווייסן בויגן פּאַפּיר. וואָס העכער זי האָט זיך געהויבן אויפן באַרג, אַלץ שטילער האָט זיך

געווייגט איר האַרץ. אינדרויסן איז געוואָרן האַלב־פינסטער. אויבן, אויף די בערג, האָט געבלעכדט ווייס ליכט, וואָס איז געפאַלן אין שטאַרקן קאָנטראַסט צום טאָליקן פאַרנאַכט. זי האָט אַ שטראַליקע געציילט אירע טריט. די אויגן זענען געווען וואַסערדיק. די פינגער פון ביידע הענט צונויפגעשלאָסן. די צונויפגעשלאָסענע הענט פאַרלייגט פון הינטן און אַביסל איינגעבויגן, ווי זי וואָלט טראָגן אויף די פּלייצעס אַ משא, אַ שווערע ירושה פון אַ זיידן, אַ גוטן יידן — אַ הדרת־פּנים, וואָס גייט איינער אַליין איבער אַן אָפן פעלד און זינגט פאַרטראָגן און נישט־דאָיק — אין אַ הייליקער פרומקייט אַ ניגונדל — טערע־באַם, באַם־באַם.

ווען זי איז צוגעקומען צום גרויסן הויז, האָט אָנגעהויבן קלינגען דער גלאָק צום אָוונטברויט. זי איז אַריין אין דעם פולגעפּאַקטן עס־צימער און איז געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענע. צענדליקער נייגעריקע אויגן האָבן זי איינגעגאַנצן אָפּגעמאָסטן. זי האָט פאַרלוירן געקוקט אויף די פרעמדע. אַ קעלנער האָט זי צוגעפירט צו אַ טיש און זי האָט אין איין סעקונדע אַרומגענומען דעם עולם, וואָס איז דאָרטן געזעסן.

— אפשר קאָנט איר מיך איבערזעצן נענטער צו דער טיר, — האָט זי אַליין נישט געוווּסט, צוליב וואָס זי פרעגט דאָס.

דער קעלנער, אַ פאַרנומענער, האָט איר אפילו נישט געענטפערט.

— עס איז מיר דאָ היים, — האָט זי שוין בייזער, נאָכאַמאָל געזאָגט.

— איך האָב שוין איינמאָל געהערט, — האָט דער קעלנער גאָר פּלוצלינג אָנגעהויבן שרייען, — איך הער אויף איין פּוס. מיר, מים, דאַרף מען צוויי מאָל נישט זאָגן.

דער קעלנער האָט מיטן סערוועטל זיך רואיק געווישט דעם שטערן, אַזוי פון מיטן צו ביידע שלייפן צו, כדי ער זאָל נישט צעוואַרפן די איינגעקאַמטע האָר.

דאָס מיידל איז געוואָרן אַן אויפגעקאָכטע. דאָס בלוט האָט

אין איר אַנגעהויבן זידן. — וואָס הייסט עפּעס, זי מוז זיצן ווי אימיצער ווילד? וואָס איז זי דאָ, אַן אָנגעוואָרפענע?

די מענטשן ביים טיש האָבן זי געפּרוּווט באַרואיקן:

— וואָס מאַכט עס אויס, ווו מען זיצט?

— ניין, עס מאַכט נישט, — האָט זי זיך געוואָרגן מיטן ענטפער.

— אויף אַ דאַטשע דאַרף מען זיך דאָך נישט איילן, — האָט געזאָגט אַ צווייטער.

— ניין, מען דאַרף זיך נישט איילן, — האָט זי מיט אַ בלאַס פּנים געפּרוּווט זיין העפלעך.

זי האָט זיך שוין געוואָרגן מיט די ביסנס. אויף גיך אָפּגעגעסן און פריער פאַר אַלעמען צוריק אַרויס אויף דער וועראַנדע.

איצט האָט זי געהאַט די גאַנצע וועראַנדע פאַר זיך אַליין. אַ לאַנגע ריי שטרויענע וויג־שטולן זענען געשטאַנען ביי דער לאַנגער וואַנט. זי האָט אַ נערוועזע געשלונגען פּעס; גיך געשפּאַנט אַראָפּ און אַרויף. די הויכע אָפּצאַסן האָבן הילכיק געקלאַפּט איבערן דיל. דאָס ברייטע, זיידענע קלייד האָט שטיל געשאָרשקעט און מיט וואָג זיך אָפּגעקלאַפּט איבער די נאַקעטע פיס. אינדרויסן איז געווען שטיל. דער טאָל פאַרצויגן אין אַ ווייסן נעפּל, און עס האָט זיך איר געדוכט, אַז זי שפּאַנט אַרום איינע אַליין אויף אַ דעק פון אַ שיף, ערגעץ אינמיטן ים.

אַ גרויסער עלנט האָט אַרומגענומען איר האַרץ — וווּהין איז זי אַריינגעפאַלן? צוליב וואָס האָט זי צעפּאַקט אירע זאַכן? עס האָט אַ שלאָג געטאָן פאַר די אויגן די היים, די עוועניו, וואָס איז איצט פול מיט אירע באַקאַנטע און פריינט, און עס איז איר געקומען אויפן זינען, גלייך צוריק אַהיימצופאָרן.

ווען די מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקומען פון עסצימער, האָט זי אַ צעשראָקענע זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צום פעלד.

— אַפּנים, אַז איך וועל שוין מיט אייך מוזן פאַרברענגען די צוויי וואָכן, וואָס מיר איז באַשערט דאָ צו זיין, — האָט

זי נאָכאַמאָל באַגעגנט בענען, איצט לעבן גרויסן פּאַס וואַסער, ווו ער האָט געוואַשן די הענט.

זי איז געווען איצט אינגאַנצן אַן אַנדערע, ווי פריער אין שטאָל. איר קול איז געווען אי ווייך, אי טראָציק; סנאָביש־זיכער און קאָקעטיש־סענטימענטאַל און מיט אַ מינע אויפן פּנים, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „אויב איך קאָן דאָרטן מיט יענע נישט אויסקומען, וועט איר דאָ דאַרפן אויסשטיין אַלע מיינע קאַפּריזן".

— וואָס טוט איר דאָ די גאַנצע צייט? — האָט זי אַזוי, לפּנים וועגן, בלויז צוליב שטילן דעם כּעס, געפרעגט. — וואָס טוט מען דאָ ווינטער?

בען איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. ער האָט אַרויסגענומען די הענט פון פּאַס און זיי געהאַלטן אין דער לופטן.

— ווינטער טוט מען ווינטער־אַרבעט, — האָט ער פאַרמעריש זיך געקליגלט.

— אַזוי, — האָט זי געשמייכלט פון ענטפער, און דער כּעס איז איר ביסלעכווייז אָפּגעגאַנגען פון פּנים. — איר זענט דאָ אַליין?

— דאָ וווינט אַ פאַרמער מיט זיין משפּחה. איך בין דאָ בלויז אַן אַרבעטער.

— אַ פאַרמער מיט אַ משפּחה? אַ ייד?

— אוודאי אַ ייד. וואָס דען, אַ גוי?

— אָבי איך האָב געמיינט, אַז יידן זענען האָטעל־לייט, — האָט זי ווידער אַ ליכטן שמייכל געטאָן. — אַ סך יידישע פאַרמערס זענען דאָ דאָ?

— אין געגנט מוזן שוין זיין אַ פּאָר הונדערט יידישע משפּחות.

— ווי רופט מען אייך?

— בען.

— אַזוי פּשוט; בלויז בען?

בען איז געשטאַנען מיט די נאַסע הענט און נישט אַראָפּ־

געגומען פון איר די אויגן. דאָס מיידל האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ און היימישער אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס ווישט איר נישט אָפּ די הענט?

— ס'איז געזינטער זיי זאָלן זיך טריקענען פון ווינט. — האָט ער ווידער פאַרמעריש זיך געחכמעט.

— פאַרוואָס פרעגט איר נישט, ווי איך הייס? — האָט זי פּלוצלינג געביטן איר קול.

— פאַרוואָס זאָל איך פרעגן, — האָט ער געענטפערט, — אז איר זאָגט אַליין נישט דעם נאָמען, מסתמא ווילט איר נישט אויסזאָגן.

זיין ענטפער האָט איר אַזש אַ ברי געטאָן.

— מיך רופט מען יוסטעשא, — האָט זי אויפן מאָמענט אויסגעטראַכט אַ נאָמען, — געפעלט אייך דער נאָמען?

— וואָס איז שייך געפעלן, — איז ער נישט נתפּעל געוואָרן, — אַ נאָמען איז אַ נאָמען.

זיין גלייכגילטיקייט האָט זי אויפגעטרייסלט.

— איר מיינט אַ נאָמען איז גאָרנישט? — האָט זי אָנגעהויבן שרייען. — דערמאָנט אייך נישט יוסטעשא אין אַ קאַבאַרעט־טענצערין? ווען איך רוף זיך, למשל, עטל, וואָלט עס נישט געמיינט, אַז איך האָדעווע זיך ערגעץ ביי אַ מומען אויף סעקאָנדעווענוו? קוקט זיך גוט איין. דערמאָנט נישט יוסטעשא אַ טענצערין?

— אָבער איר זענט נישט אַזאַ, — האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ האַנטוך פון אַ הויזן־קעשענע און אָפּגעווישט דאָס פאַרשוויצטע פּנים.

— פונוואַנען ווייסט איר?

— ווייל איך האָב אייך נאָכגעקוקט, ווען איר זענט אַרויס פון שטאָל. אייער גאַנג איז נישט געווען פון קיין טענצערין.

— איר האָט מיר נאָכגעקוקט? — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן, און באַלד קלוג און פאַרשייט פאַרבאַהאַלטן איר נייגיר און קאָקעטיש אָנגעהויבן. — איר מוזט מיך פירן אין וואַלד אַריין.

א חוץ אייך איז דאָ נישטאָ מיט וועמען צו רעדן א וואָרט. היינט אָוונט גייען מיר אין וואַלד.

— אין וואַלד זענען דאָ בערן, — האָט ער ווידער פאַר־מעריש אַרויסגעזאָגט אַ ווערטל.

— טאָ פירט מיך ערגעץ אַנדערש, — האָט זי שטיל ווײַ־טער געזאָגט.

— איך בין פאַרנומען.

— און מאָרגן זענט איר פרײַ?

— איך בין שטענדיק פאַרנומען.

— אין די אָוונטן אויכעט?

— שטענדיק.

— טאָ וועלן מיר זיך פונדעסטוועגן מאָרגן באַגעגענען,— האָט זי מיט זיכערקייט אין קול געענטפערט און זיך פאַרנומען צוריק צום הויז.

ווען בען איז צום סוף אַרויף צו זיך אין בוידעם־שטיבל, איז ער געווען אין כּעס. ער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן. ער האָט באַדאַרפט אָנשרײַבן אַ לעקציע און נישט געקאָנט צוזאַמענשטעלן אַ זאַץ. ער איז אָן אָנגעכמורעטער און שווערער אַרונטער אין קליינעם שטיבל און זיך געקלאָגט פאַר מילדרעדן, אַז ער קאָן היינט גאָרנישט נישט טאָן.

## קאַפּיטל צוויי

אויף מאָרגן האָט געגאָסן אַ רעגן. נאָך אַלע טרוקענע וואָכן פון זאָרג און שווערער אַרבעט, וואָס איז אויף אַלעמען געפאַלן, איז מיטאַמאָל געוואָרן פאַרוואָלקנט דער הימל. צוערשט האָט זיך דער הימל אַראָפּגעלאָזט זייער נידעריק צו דער ערד און עס האָט אָנגעהויבן זייער שטיקן. יעדעס מאָל האָט אַ קנאַק געטאָן אַ פאַרדומפּענער דונער, ווי עמעצער וואָלט צוגעגרייט אין טיפע לעכער דינאַמיט. נאָר מיטאַמאָל איז געוואָרן שיטערער די לופט. די לופט האָט זיך פּלוצלינג אויסגעשפּרייט, צעצווייגן און עס האָט אָנגעהויבן שלאָגן מיט וואַסערדיקער קעלט. פון מזרח־זייט האָט

זיך אַ טראַג געטאָן אַ שאַרפֿער, שפּיציקער ווינט. עס האָט אָנגע־הויבן בליצן. דונערן זענען געפֿאַלן נישט ווייט פֿון הויז און עס האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן גרויסע, קיילעכדיקע טראָפּנס רעגן, ווי אויפֿגעבלאָזענע, ווייך־צעקאָכטע פּערל־גרויפּן.

עס איז אינמיטן טאָג געוואָרן שטאָק־פֿינסטער. מען האָט געמוזט אָנצינדן ליכט. די געסט אין דעם גרויסן הויז האָבן זיך אָנגעהויבן לויפֿן באַהאַלטן. בען און אַלעקס האָבן אין איילע־ניש גענומען פֿאַרדעקן אָפּגעדעקטע תּבֿואה, פֿאַרטרייבן די הינער און פֿאַרמאַכן שטאַל און שייער.

דער רעגן האָט זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער נאַכט און אויף מאָרגן. עס האָט זיך צעשפּילט אַ מוראַדיקער געוויטער. דער רעגן איז בייז און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּן געפֿאַלן אויף אַלע שטיינערדיקע פּלויטן, דעכער, סטויגן היי, און איז אַריין אינע־ווייניק אין ברונעם. עס איז דורכגעווייקט געוואָרן דער גאַנצער הויף. מיטאַמאָל איז אַלץ אַנטרונען געוואָרן — די קי, פֿערד, קאַץ און הונט. די שטומע חיות האָבן דערפֿילט דאָס אָנקומען פֿון אַ מבול און זיך געגאַרעט אין פֿינסטערע לעכער. דער הויף איז געוואָרן חושכדיק, אָפּגעליידיקט, און אַלע וועג־שטולן אויף דער לאַנגער וועראַנדע האָט מען איבערגעקערט מיט די נאַסע רוקנס אויף אַרויף.

די געסט האָבן זיך אָנגעהויבן איינטוליען, זיך געהויקערט אין וואַרעמע פּאַטשיילעס, זענען נערוועז געלאָפֿן פֿון צימער אין צימער און קיינער האָט נישט געפֿונען קיין אָרט. מען האָט אין ענגשאַפֿט געשלעפּט שטולן פֿון איין פּלאַץ צו אַ צווייטן. מען איז אומהעפֿלעך געטראָטן איינער אויפֿן צווייטנס פֿיס. קינ־דער האָבן געשריגן. דער גראַמאָפֿאָן האָט געשפּילט. מיט איינ־מאָל זענען אַלע צופֿרידענע געסט געוואָרן בייז, ברוגז, געהאַט טענות צום האָטעל־מאַן, פֿאַרוואָס דאָס הויז שטייט אין אַ וויל־דעניש, און מען האָט אָנגעהויבן סטראַשען מיט אַוועקפֿאָרן. די ברכה פֿון רעגן פֿאַר דער פֿאַרם, איז געוואָרן אַ קללה פֿאַר דעם באָרדינג־הויז.

אָבער אויפֿן צווייטן טאָג האָט זיך ערשט אויף אַן אמתן

צערעגנט. דער זומערדיק־לויטערער הימל האָט זיך ווי אָפּגע־רעכנט פאַר דער גאַנצער צייט און האָט צעעפנט מיליאָנען צאַפּנס, וואָס האָבן געפליוכעט פון אַלע זייטן.

די מענטשן אין שטוב זענען געוואָרן פאַרצווייפלט, מרה־שחורהדיק, און פון אומעט האָט מען אָנגעהויבן שפּילן אַזאַרט־שפּילערייען. אין קאָרטן־שטיבל איז נישט געווען מער קיין פּלאַץ פאַר אַ שפּילקע. מען האָט אָנגעהויבן שפּילן אין עס־צימער, אין דער לאָבי, אין יעדן ווינקל, וווּ מען האָט געקאָנט כאַפּן אַ טיש. עס האָבן געשפּילט מענער, פרויען, עלטערע ווייבער און קינדער. אומעטום האָבן געברענט לאָמפּן. פון יעדן ווינקל האָט זיך גע־הויבן רויך, צעהיצטע קולות, און דער ניקלדיקער פּאָוקער האָט זיך צעוואַקסן צו אַ קוואָדער און אַ האַלבן דאָלאַר. אַ יונג ווייבל, ערשט אַ וואָך נאָך דער חתונה, האָט צוזאַמען מיט דריי אַנדע־רע ווייבער, געשפּילט אַ פּאָוקער. איר מאַן האָט געשפּילט ביי אַ צווייטן טיש. דאָס ווייבל איז געווען נערוועז, אין כּעס אויפן מאַן; זי האָט שוין אַ חוץ איר אייגן געלט, פאַרשפּילט דעם מאַנס פינף דאָלאַר.

— דאַרלינג, סוויטהאַרט, — האָט ער מיט אַ זיס שמייכעלע איר דערלאַנגט אַ צווייטן פינפערל, — איך האָב געמיינט, אַז דו קענסט שפּילן אין קאָרטן.

— איך קען פּונקט אַזוי שפּילן, ווי דו, — האָט זי זיך אָנ־געצונדן, — און דאַרפסט מיר קיין דעה נישט זאָגן.

— אַזוי, קיין דעה נישט זאָגן, — האָט ער אויף איר אַ קוק געטאָן.

דאָס ווייבל האָט זיך פאַרשעמט פאַר די איבעריקע פרויען און אָנגעהויבן קרימען זיך:

— איצט זע איך, וואָס פאַר אַ מענטש דו ביסט. איך שטעל זיך שוין פאָר, וואָס שפּעטער וועט זיין.

זי האָט זיך פּלוצלינג געגעבן אַ שטעל אויף, מיט גלאַנצנ־דיקע אויגן אָפּגעמאָסטן דעם מאַן, מיט כּעס אָפּגעשאַרט פון זיך דאָס קליין־געלט און אַ וויינענדיקע אַרויס פון צימער.

ביים טיש איז געוואָרן אַ טומל. אַלע דריי ווייבער האָבן

אוועקגעוואָרפן די קאַרטן. איינע, אַ מיטל־יאָריקע פרוי, האָט אַלעמען אין די אויגן אָנגעהויבן אויסרעדן דעם מאַן און איז אוועק טרייסטן דאָס ווייבל.

יוסטעשאַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ זייט און צוגעזען די סצענע. זי האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין — ווּהין איז זי דאָ אַריינגעפאַלן? וואָס טוט זי דאָ, צווישן אַזעל־כע מענטשן?

כעס און שנאה צו אַלעמען האָט געברענט אין אירע אויגן. זי איז נאָכאַמאָל אַרויף אין צימער, און ווי ביז איצט, זיך נישט געפונען קיין אָרט. דאָס צימער איז געווען קליין. אַרומשפּאַנען, ווי איר טבע איז געווען, איז נישט געווען ווּ. נאָך די ערשטע פּאָר טריט איז זי ווידער געבליבן שטיין בײַם שפּיגל און איז גע־וואָרן אין כעס אויף זיך אַליין — זי האָט דערזען אין שפּיגל אַ בייז פּנים, די האָר נישט שיין צעוואָרפן. איר האָט זיך גע־דוכט, אַז בײַנער שפּאַרן אַרויס פון אונטער דער הויט.

— און איך בין דאָס געקומען אַהער זיך אָפּרוען, — האָט דאָס האַרץ אין איר געוויינט. — אַ שיינע רו.

זי האָט ווידעראַמאָל אַ כאַפּ געטאָן דאָס בוך אין האַנט, און ווידעראַמאָל נישט געקאָנט לייענען. אין פענסטער האָט געקלאַפּט דער רעגן. ס'איז געווען קאַלט, פייכט דאָס בעטגעוואַנט, און גרוי די ווענט.

— איך וועל אַרונטערגיין זיך צערעכענען, — האָט זי גע־זאָגט, — איך קאָן דאָ מער נישט איינשטיין.

נאָר מיטאַמאָל איז געשען אַ וווּנדער. דאָס בוך, וועלכעס זי האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן לייענען, האָט זי, ווי דורך אַ כּישוף, אַריינגעפירט אין אַ לאַבירינט פון אַ נייער, אויסטערלישער וועלט. עמעצער, אַ פרעמדער, האָט זי פּלוצלינג אָנגענומען פאַר אַ האַנט, זי געפירט איבער פעלדער, וועלדער, איבער פרעמדע וועלטן און צווישן נייע מענטשן. די נייע מענטשן זענען איר מיטאַמאָל גע־וואָרן איינגעבאַקן אין האַרצן און זי האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט פון זיי אָפּרייסן. זי האָט נישט געענטפערט דער דינסט־מיידל, ווען זי איז געקומען זי רופן עסן. אַ גאַנצן טאָג האָט זי

געשלונגען אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל. צוזאַמען מיט די מענטשן פון בוך, האָט זי פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד, געהערט ווי עס זינגען פייגעלעך און איז צוגעקומען צו אַ לויפנדיק וואַסער. מיט־אַמאָל האָבן די פייגעלעך אויפגעהערט זינגען און זי, מיט די מענטשן, האָבן נישט געוווּסט, צי דאַרף מען זיך נעמען רעכטס אָדער לינקס. זיי האָבן אָנגעצייכנט אַ געוויסן בוים, אַלס סימן, ווי אַזוי צוריקצוקומען, אָבער עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אַ בוים אין אַ וואַלד איז נישט קיין סימן, ווי ס'איז נישט קיין סימן אַ זאַמדעלע אין אַ מדבר. זיי זענען אַריין טיפער אין וואַלד, מיינענדיק, אַז דאָרט וועלן זיי טרעפן דעם וועג אַרויס. די שמאָלע סטעזשקע איז געווען באַוואַקסן מיט אַלערליי ביימער — סאָסנעס, בערעזעס, דעמבעס, ווערבעס און ביימער מיט זייער שטעכיקע נאָדלען. אַנדערע ביימער זענען געווען גרוי־נאַקעט, ווי אָנטבלויזטע שווערדן פון אַ מחנה אין אַ שלאַכט.

יוסטעשאַ איז אַ שטילע, נאָכגיביקע, מיט צעעפנטע אויגן נאָכגעגאַנגען די מענטשן, געזען וווּנדער איבער וווּנדער — פערד, פי, הימל און ערד. און ווי אַ קליין קינד, נאָכן אויסוויינען זיך, געבליבן ליגן אין איינגענורעטע אין בעט.

— פאַרוואָס האָבן זיי חתונה געהאַט? — האָט זי שפּעטער ביינאַכט, גערעדט פון שלאָף. — אויב קיינער טאָר נישט וויסן, אַז זיי זענען פאַרהייראַטע, טאָ פאַרוואָס האָט ער אויף איר אַרויפגעצוווּנגען אַ חתונה?

אויפן דריטן טאָג איז געוואָרן שטילער אינדרויסן. עס האָט אויפגעהערט רעגענען. עס האָבן זיך צעווישן די וואָלקנס געבראָכן שטיקלעך זון. פון טאָל איז אויפגעגאַנגען אַ ווייסער נעפּל. פון די בערג האָט גערונען גאַנצע טייכן און הויך אויפגעהויבן די וואַסער־פאַסן. יוסטעשאַ איז צו צום פענסטער און פון פרייד אַזש אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט. אַזוי ווי איינער, וואָס ווערט באַפרייט פון געפאַנגענשאַפט, אַזוי האָט זי, ווילד פון באַגייסטערונג, אַרויפגעכאַפּט אַ וואָלן קלייד, אַ לייכטן סוועטער, שווערע שיך און איז אַרויס אינדרויסן.

---

אזוי שנעל, ווי זי איז געווען אליין אויפן וועג, האָט זיך גלייך געביטן איר שטימונג. עס האָט זי ארומגענומען א גרויסע פרייד. די פרייד האָט זיך אָנגעהויבן שפארן דורך די אויגן, איבער דער הויט פון איר ליכטיקן פנים און עס האָט אין איר אָנגעהויבן זינגען א שטיל געזאַנג. פון מויל האָבן אָנגעהויבן פאלן אָפּגעריסענע, איינציקע ווערטער.

זי האָט נישט געוווּסט, וואָס די ווערטער באדייטן; האָט נישט געוווּסט, וואָס זי וויל זאָגן, אָבער פאַר די אויגן זענען ארויסגעשווּמען אַלערליי דערינערונגען. אין דער נאָז האָבן אָנגעהויבן קריכן היימישע ריחות — סעקאָנד־עווענין נאָך האַלבער נאכט. א בחור מיט א גרינעם הוט, א פארשמאכט ליגן אין אָרעמס, ווען עס לעשן זיך אוים די שטערן. און ווידעראמאָל האָט זיך פון פול־אָנגעגאָסענעם מויל ארויסגעריסן א פראזע — איצטער ווערט מיין בענקשאפט גאָלד געצונדן.

זי איז פלוצלינג פארכאפט געוואָרן ווי פון א ברענענדיקן פייער. די ארויסגערעדטע פאָר ווערטער האָבן זי אריינגעוואָרפן אין א פיבער. דער וועג איז געווען לאנג, באוואקסן פון ביידע זייטן מיט ביימער. איבערן הימל האָבן זיך שנעל געיאָגט שוואַרצע, צעריסענע וואָלקנס. זי האָט זיך אָנגעהויבן אונטערהאָצקען. יעדער טראָט איז געוואָרן געמאָסטענער ריטם, ווי עמעצער וואָלט איר געקלאפט אין די אויערן: — איצטער — ווערט — מיין — בענקשאפט — גאָלד — געצונדן.

— מיין בענקשאפט גאָלד געצונדן? — האָט זי זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט אינמיטן גאנג. — נאָך וועמען? נאָכן בחור מיטן גרינעם הוט, וואָס שרייבט אין לאנגע שורות חוצפהדיקע לידער? צי אפשר נאָכן פארם־יונג, וואָס האָט צוויי אויגן, אין וועלכע מען קאָן נישט אריינקוקן?

זי האָט זיך צעלאכט הויך אויפן קול. דאָס געלעכטער האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאנצן וועג.

— פון אלע קאוואליערן, הויכגעשעצטע פערזאָנען, מאָלער, שרייבער, וועל איך אריינפאלן צו א פארם־יונג?

— כאַ, כאַ, כאַ און כאַ, כאַ, כאַ, וואָס וואָלט טאַקע גע־ווען, ווען איך בּרענג צו פירן אויף דער עוועניו אַ חתן אַ פאַרם־יונג?

איר גאַנג איז געוואָרן ווי אויף ספּרוזשינעס. יעדער טראָט אַז אויסגעמאָסטן וואָרט. אירע הענט האָבּן זיך געווינגט אין ריט־מישן טאַקט:

איצטער ווערט מיין בּענקשאַפט גאָלד געצונדן,
הייסער ווערט מיין בּלוט, מיין אויג ווערט בּרייטער!

עס איז אויף איר אַ פאַל געטאָן אַ פרייד, אַז איך האַרץ איז שיער נישט צעריסן געוואָרן. איבּערן נאַסן וועג זענען נאָכן רעגן אַרומגעקראָכן ווערעם, רויטע יאַשטשערקעס, און זי האָט מיט אַ פּרוטיקל אין האַנט זיך אָנגעהויבּן שפּילן מיט אַ יאַשטשערקע. איצטער — ווערט — מיין — בּענקשאַפט — גאָלד — געצונדן.

מיטאַמאָל איז אונטער די פּלייצעס אָנגעלאָפן אַ וואָגן און זיך ראַפּטאָם אָפּגעשטעלט. זי איז פון שרעק אַזש אַרונטער פון וועג און נאַס געמאַכט די זאָקן אין גראָז. פאַר אַ מינוט האָט זי נישט געוווּסט, אויף וואָסער וועלט זי איז. אַ פּאָר מיידלעך האָבּן זיך הויך צעלאַכט און זי האָט דערזען אין וואָגן בּענען.

— איר האָט מיך אַזוי איבּערגעשראָקן! — האָט זי אַ צע־טומלטע אויסגערופן.

— פאַרוואָס? — האָט בּען געפרעגט.

— איך האָבּ געמיינט, עס פאָרן גזלנים, — האָט זי גלייך געבּיטן דאָס קול, דאָס פּנים און דעם שמייכל. — ווּהין פאָרט איר?

— קיין דיקענסוויל, — האָט ער געענטפערט, — איינקויפן.

— קאָנט איר מיך מיטנעמען?

— אויבּ איר ווילט, קאָנט איר מיטפאָרן.

זי האָט זיך גענומען דראַפּען אויפן וואָגן. דאָס קלייד איז געווען שמאָל, און זי האָט עס געמוזט אויפהויבּן. אין וואָגן זע־נען געזעסן בּען און מילדרעד אויף דער קעלניע, דריי מיידלעך

פון דעם גרויסן הויז זענען געזעסן פון הינטן און זי האָט נישט געוווּסט, וווּהין אַריינצוקריכן.

— ווּ זאָל איך זיך זעצן? — האָט זי געלאַכט.

— צווישן יענע מיידלעך, — האָט מילדרעד געזאָגט.

בען האָט אָנגעהויבן שנעל שמייסן די פערד. דער וואָגן האָט זיך צעקנאַקט מיט די הויכע רעדער איבער דעם געפלאַסטערטן וועג.

— איר זענט אַ ווילער בחור, — האָט זי זיך צעשריגן, — איך דאַנק אייך.

— איך הער נישט, וואָס איר זאָגט, — האָט ער צוריקגעשריגן און נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— איך הער נישט, וואָס איר רעדט, — האָט זי נאָך העכער געשריגן.

— איך הער נישט, וואָס איר זאָגט!

עס איז געווען קאָמיש זייער איבערשרייען זיך. איינער האָט נישט געהערט דעם צווייטן. אַלע האָבן הילכיק געלאַכט.

יוסטעשאַ האָט באַטראַכט די מיידלעך, אָפּגעמאָסטן מילדרעדן, און זיך ווידער צעלאַכט.

— ווּ האָט איר אָנגעקליבן אַזוי פיל שיינע מיידלעך?

בען האָט ווידער נישט געהערט, וואָס זי זאָגט, און גלייך, ער וואָלט מורא האָבן מיט איר צו פאַרפירן אַ שמועס, האָט ער נאָך שנעלער געטריבן די פערד.

— פאַרוואָס לויפסטו אַזוי שנעל? — האָט מילדרעד געפרעגט.

בען האָט זיך דערשראָקן פאַר איר קול און נישט געענטפערט.

— ווי לאַנג שטייט איר דאָ איין, מיידלעך? — האָט יוסטעשאַ געפרעגט.

— צוויי וואָכן, — האָט איינע געענטפערט פאַר אַלע.

— איר זענט חברטעס?

— ניין, — האָט איינע אַרומגעכאַפּט די צווייטע און מיט ליבע אין קול געענטפערט: — איך האָב זי פיינט.

— איר קענט זיך פון שטאָט?

— אין שטאָט וואָלט איך מיט איר נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, — האָט די צווייטע געזאָגט.

— און דו, — האָט יוסטעשאַ אַ טאָרע געטאָן מילד־רעדן, — ווי לאַנג וועסטו דאָ בלייבן?

די מיידלעך האָבן זיך צעלאַכט הויך אויפן קול, גלייך זי וואָלט געפרעגט די גרעסטע נאַרישקייט.

— דאָס איז דעם פאַרמערס טאָכטער, — האָבן זיי געביכי־קעט, — ווען זי וויל, נעמט זי אייך נישט אַרויף.

— דעם פאַרמערס טאָכטער? — האָט יוסטעשאַ אַרויסגע־שפּאַרט אַ פּאָר אויגן. — איר וווינט עס אין קליינעם שטיבל?

מילדרעד איז רויט געוואָרן איבער די אויערן און גאָרנישט געענטפערט. זי האָט פלוצלינג פיינט באַקומען דאָס גרויס־שטאָטישע מיידל, וואָס האָט מיט אַזוי פיל זיכערקייט געשטעלט אירע פראַגן און האָט זיך מער נישט אומגעקוקט אין וואָגן אַריין.

ווען זיי זענען אָנגעקומען אין שטעטל, זענען זיך די מייד־לעך צעלאָפן איבער די קראָמען. יוסטעשאַ איז געבליבן זיצן אין וואָגן. בען האָט צוגעבראַכט אַ פולן פּאַק בריוו און זי האָט זיך אַ בייזע אויף אים אַרויסגעוואָרפן:

— **קיין איין בריוו פאַר מיר? קיין איין צייטונג? איר זענט אַ שלעכטער.**

בען איז רויט געוואָרן.

— אַ צייטונג קאָן איך אייך געבן מיינע, — האָט ער גע־זאָגט.

— אייערע וויל איך נישט, — האָט זי קאַפּריזנע פאַרשנו־רעוועט דאָס מויל, — איך וויל די צייטונג, וואָס איך לייען אַלע מאָל.

— וואָסער צייטונג לייענט איר?

— איר דאַרפט אַליין וויסן, — האָט זי זיך געבייזערט, קאָקעטיש געשמייכלט און מיט אַן אַ שיעור ליבע אים אַריינגע־קוקט אין די אויגן, — אַ קאַוואַליער דאַרף וויסן, וואָס זיין לידי וויל.

בען איז מיט יעדער סעקונדע צעפּלאַמטער געוואָרן. זיינע שוואַרצע האָר האָבן געגלאַנצט ווי סמאָלע. דאָס קאַקי־העמד איז ווען צעשפּילעט בּיים האַלז און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שטיק יונגע, ברוינע ברוסט.

— איר קוקט גאָרנישט אויס ווי אַ פּאַרמער, — האָט זי זיך פּלוצלינג איבערגעזעצט אויפן פּאָדערשטן זיץ, נעענטער צו אים, — איך וואָלט אייך גיכער אָנגענומען פאַר אַן אינטעליגענט. פאַר אַ — לאָמיר זאָגן — פאַר אַ פּאָעט.

בען איז געוואָרן רויט איבער די אויערן.

— יאָ, אַ פּאָעט, — איז זי אַליין געוואָרן באַגייסטערט פאַרן טרעפלעכן וואָרט, — ביי מיר וואָלט איר געשריבן לידער. איך וואָלט אייך צעשויבערט די האָר, צעכראַסטעט דאָס העמד; איר האָט אמאָל געזען שפּילן שמשון און דלילה?

בען האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן.

— צי אפשר וואָלט איר ביי מיר געוואָרן אַן אַקטיאָר, — איז זי אַלץ מער אַריינגעפאַלן אין באַגייסטערונג, — איר קענט נאָכקרימען מענטשן? אַנו, פּרוּווט אַ האווקע טאָן, ווי אַ פּריציש הינטל: האַוו! האַוו!

בען האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. ער האָט דערפילט, ווי עס בּריט אויף אים די הויט. ער האָט געפילט, ווי אַריינכאַפּן זי אין ביידע שטאַרקע הענט.

— אויב איר האָט שוין נישט פון ועמען חוזק צו מאַכן, — האָבן זיינע ליפּן געציטערט.

די מיידלעך זענען אָנגעלאָפן פון פאַרשידענע זייטן. מילד־רעד האָט געטראָגן אַ גאַנצן קאָלבאַס, זעקעלעך מיט ניס און פּרוכטן.

— מירן היינט פּראַוועט אַ יום־טוב, — האָט זי געזאָגט.

בען האָט איר נישט געענטפערט. ער האָט כמורנע שווער אַריינגענומען די לייצעס אין האַנט.

— דאַרפסט זיך נאָך אָפּשטעלן לעבן סאַלאָמאָנס סטאָר, — האָט זי ווייטער געזאָגט.

— איך ווייס, — האָט ער אויסגעקירעוועט דעם וואָגן.

— טרייבט נישט אזוי שנעל, — האָבן די מיידלעך גע־
שריגן.

יוסטעשא איז געזעסן שווער אָנגעבלאָזן און מער נישט
אַרויסגערעדט קיין וואָרט. לעבן טייך איז זי פּלוצלינג אַרונטער
פון וואָגן און זיך פאַרנומען פּאַזע ברעג.

— קוק זי נאָר אָן, — האָבן אַלע מיידלעך באַפּרייטע
אַרויסגעשאָסן, — זי קוקט אויס ווי אַ משוגענע אַקטריסע. זעט
איר געננעלע.

— סנאָב! גרויסהאַלטערקע! — האָט איין מיידל איר נאָכ־
געשריגן. — ווען דו וואַשסט אָפּ די שמינקע, בלייבט פון דיר
גאָרנישט.

— מיט וואָס פאַר אַ זיכערקייט זי האָט אונז גענומען, —
האָט אַ צווייטע געזאָגט. — מען וואָלט געקאָנט מיינען זי איז
ראָקעפעלערס טאָכטער.

בען איז געזעסן אָן אָנגעבלאָזענער, אַ בייזער. ער האָט שנעל
געטריבן די פערד. דער וואָגן האָט הויך געקלאַפּט איבערן גע־
פּלאַסטערטן וועג. ער איז גיך און מיט טומל אַריבער די בריק,
זיך אַריינגעקירעוועט אויפן הויף, און ער האָט אַזוי שנעל געגעבן
אַ שטעל אָפּ די פערד, אַז די מיידלעך האָבן ווי אַ קנויל געגעבן
אַ פאַל אַריין אין וואָגן.

## קאַפּיטל דריי

אויף מאָרגן האָט בען געאַרבעט אין סאָד לעבן דעם גרויסן
הויז. ער האָט אָנגעצויגן דראָטן איבער אַ נייעם פּלויט, כדי צו
פאַרצאַמען די פרוכט־ביימער. ער איז געווען מיד. די פאַריקע
נאַכט האָט ער נישט געקאָנט שלאָפן. צום ערשטן מאָל אין זיין
לעבן האָבן זיך אים געחלומט מיידלעך. מיט מילדרעדן, האָט זיך
אים געחלומט, איז ער געגאַנגען צו פּאַפּ נאָריסן; און ווען זיי
האָבן באַדאַרפט איבערגיין אַ בריקל, איז עס אונטער זיינע פיס
צעפאַלן געוואָרן און זיי זענען געבליבן שטיין אויף אַ פּאַס, וואָס

איז געשוווּמען איבערן טייך. עס איז אים געווען שווער אָנצו־האַלטן דאָס גלייכגעוויכט איבערן פּאַס. יעדעס מאָל, אַז ער האָט אַוועקגעשטעלט אַ פוס, האָט זיך דאָס פּאַס איבערגעקאַטשעט. ער האָט אָנגעהויבן שטעלן שנעלער די פיס, אָבער דאָס פּאַס האָט זיך נאָך שנעלער געדרייט. ער האָט געכאַפּט מילדרעדן אויף די הענט און ווי אַן אַקראָבאַט אָנגעהויבן טאַנצן, זיך יאָגן נאָכן פּאַס, גיכער, שנעלער, און מילדרעד איז פּלוצלינג אַרויס פון זיי־נע הענט, אַריין אין וואַסער אַריין.

בעת האָט זיך אויפגעכאַפּט אינמיטן נאַכט אַ דורכגעווייק־טער אין שוויים. ער האָט קוים דערלעבט דעם ליכטיקן טאָג, ווען ער האָט זיך געקאָנט אַרויסכאַפּן פון בוידעם־שטיבל. און איצט האָט ער געפילט אַ מידקייט אין די ביינער, נישט געהאַט קיין כּוח אָנצוציען שטיוול די דראָטן און באַשטימט גיין רופן אַלעקסן.

נאָר מיטאַמאָל האָט ער דערזען פון ווייטן ליגן אין אַ הע־מאַק יוסטעשאַן. זי האָט געהאַלטן אַ בוך אין האַנט און עס האָט זיך געדוכט, אַז זי קוקט אויף אים.

בענען האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ. דאָס מיידל איז גע־לעגן פונקט אַנטקעגן אים און ער האָט זי געמוזט באַגריסן. ער האָט זי אָבער ביז איצט נישט געהאַט באַגריסט, און דאָס, וואָס זי האָט אים ביז איצט אויך גאָרנישט געזאָגט, האָט אים נאָך מער צעטומלט און ער האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט דעריבער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אָנגעהויבן האַסטיק קלאַפּן די פאַרבויגענע האַמשיקעס צווישן די דראָטן.

אָבער יעדער קלאַפּ האָט אים בלויז נאָך מער אויפגערעגט. זיין פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט. ער האָט געפילט אירע בליקן איבער זיינע הענט, פּנים, שטערן, ווי זי וואָלט צו אים אַריבער־געשיקט עלעקטרישע שטראַלן. ער האָט זיך געמוזט אומקערן צו איר מיט דער פּלייצע.

אָבער פונקט דעמאָלט האָט זי אַרויסגעלייגט דאָס בוך פון האַנט און אָנגעהויבן שרייען: — ווי אַ מענטש איז עס אַזאַ גרויסהאַלטער! זאָגט אפילו קיין גוט־מאָרגן נישט!

— איך האָב אייך נישט געזען, — האָט ער ווי אַ באַפּריי־
טער, אַ צעשראָקענער זיך אומגעקערט.

— אַזוי, נישט געזען. פאַרוואָס האָב איך אייך יאָ געזען?

— ווייל איר ליגט צווישן ביימער, — האָט ער זיך פאַר־
ענטפערט.

— טאָ קומט אַהער, — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן, — אַ גע־
ליבטער דאַרף קאָנען זען אַפילו אין דער פינסטער.

ער איז שווער און כמורנע און אַ בעסדיקער צו צו איר. כדי
צו אונטערדריקן זיין אויפרעגונג, האָט ער ווילינגעריש זיך גע־
שפילט מיטן האַמער און געמאַכט מיט אים אין דער לופטן קאָ־
זיאָלקעס.

— זעצט זיך אַוועק, — האָט זי געמאַכט פאַר אים פּלאַץ אין
העמאַק.

— אַ דאַנק, איך וויל נישט זיצן. איך האָב קיין צייט נישט.

— אַ האַלבע שעה מעגט איר אָפּרייסן. אייער באַלעבאָס וועט
נישט בדלות ווערן.

— וואָס האָט איר נעכטן געמיינט, ווען איר האָט געזאָגט,
אַז איך קוק אויס ווי אַ פּאָעט? — האָט ער פּלוצלינג אַרויסגע־
שאָסן, אומדערוואַרטעט, אָנגעשטרענגט, ווי אַ פאַרשעמטער חתן,
וואָס קומט אָנקוקן אַ כּלה און ווייסט נישט וואָס צו רעדן.

זי האָט, אינעווייניק, אין זיך, זיך שטאַרק צעלאַכט. אָבער
אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן בלויז אַ שמייכל.

— איך האָב דערמיט געמיינט, — האָט זי זיך אַ ווײַלע פאַר־
טראַכט, ווי זיך אין עפּעס צו דערמאָנען, — אַז אַזאַ, ווי איר זעט
אויס, שטעל איך מיר פאָר אַ פּאָעט. ווען איך וואָלט מאָלן אַ פּאָ־
עט, וואָלט איך אים אַזוי אָפּגעמאָלן.

— איר זענט דען אַ מאָלערין?

— איך האָב אין מיין לעבן קיין פּענזל אין האַנט נישט גע־
האַלטן.

— טאָ וואָס דען זענט איר? — איז ער בּיסלעכווייז דרייסטער
געוואָרן.

— וואָס איך בין? — האָט זי געשמייכלט, און מען האָט גע־

קאַנט זען, ווי עס שפּאַרט פון איר פרייד און גליק און זי נעמט פון אים נישט אראָפּ די אויגן. — וואָס ווילט איר, זאָל איך זיין?

זי איז אַרויס פון העמאַק. אירע אויגן זענען געווען וואַסער־דיק־ריין. שטילע פרייד האָט געשיינט איבער איר פּנים. איין פינ־גער איז געווען פאַרלייגט צווישן די בלעטלעך פון בוך, און ווי זי וואָלט צוליב אים עפּעס אַ סך מקריב געווען, האָט זי אַרויסגענו־מען דעם פינגער און דאָס בוך אינגאַנצן פאַרמאַכט.

— קומט, ווייזט מיר דעם וואַלד, — האָט זי געזאָגט, — איך בין שוין דאָ פינף טעג און נאָך גאָרנישט געזען.

— איך האָב קיין צייט נישט, — האָט ער שטיל געענטפערט.

— וואָס מיר צייט, ווער מיר צייט, — האָט זי אים אָנגע־כאַפּט פאַר אַ האַנט, — קומט.

— אָבער איך קאָן נישט, — האָט ער זיך פאַרלוירן און נאָך שטילער געזאָגט.

— טאָ פירט מיך צו און קערט זיך אַליין אום צוריק, — איז זי געוואָרן ברוגז.

זי האָט אים אין אַ ווייַלע אַרום ווידער אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט:

— פאַרמער, — האָט זי געזאָגט, — קומט!

בען האָט שוין איצט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט און איז איר נאָכגעגאַנגען. נאָך די ערשטע צען טריט איז זי שוין אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט זי אַרויסגעפירט פון סאָד, דורך אַן אָפּגע־צאַמט פעלד איבער דער פּאַשע, צום וואַלד צו.

— עס איז נאָס דאָס גראָז דאָ, — האָט זי זיך אָפּגערופן, — איך וועל זיך נאָך פאַרקילן דאָ.

— עס איז בלויז נאָס אין טאָל, — האָט זיין קול געצי־טערט, — אויפן באַרג איז טרוקן.

אינמיטן דעם פּאַשע־לאַנד האָט געפלאָסן אַ שטראָמיק ריטש־קעלע. איבער דער ריטשקע איז געלעגן אַ שמאָלע קלאַדקע, דריי ברעטער די ברייט און אָן פאַרענטשעס. יוסטעשאַ איז אַרויף אויפן בריקל און מורא געהאַט צו מאַכן אַ טראָט. די קלאַדקע האָט זיך

געבויגן אונטער איר משא. זי האָט אָנגעהויבן שרייען און ער האָט זי געמוזט אָננעמען פאַר א האַנט און זי אַריבערפירן.

א הייסער שטראָם, ווי עלעקטריק, האָט אים א שלאָג גע־טאָן צו זיין הארצן. ער האָט געהאַלטן איר האַנט נישט מער ווי א סעקונדע, אָבער דאָס בלוט האָט שוין דערנאָך געזעצט אין זיין קאָפּ און פאַר די אויגן האָט עפּעס זייער שטאַרק געלויכטן, פּונקט ווי ער וואָלט געקוקט אויף דער זון.

— נאַט, זעט, ווי עס זינקען דאָ די פיס אין בלאָטע, — האָט זי אָנגעהויבן שרייען. — דאָס גראָז איז דאָ נאָך נאַסער.

מיטאַמאָל איז זי געבליבן שטיין אויף איין פוס. זי האָט אין דער ווייכער ערד פאַרלוירן דעם אָפּצאַס פון רעכטן שוך.

— וואָס וועל איך איצטער טאָן? — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן, איז אַרויפגעפאַלן מיט ביידע הענט אויף זיין האַלז און דער פוס איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, שטאַרק אָנגעצויגן מיט א זיידענעם זאָק, און קאָקעטיש, קאַפּריזנע, גלייך דער פוס וואָלט געוווּסט, אַז ער איז בלויז א טייל פון א שיינעם, פאַרכּישופטן מיידלשן קערפּער.

— איר וועט מיך מוזן טראָגן אויף די הענט.

בענען האָבן געציטערט הענט און פיס. אירע הענט אַרום זיין האַלז האָבן געבריט. דער ריח פון אירע האָר האָט געקיצלט אין נאָז. ער האָט ווי א שמיד, וואָס קאָוועט א פערד, געקלאַפּט מיט א שטיין איבער דעם אָפּצאַס.

— איר האָט א שיינעם קאָפּ, — האָט זי אַרונטערגעקוקט אויפן אונטערשטן טייל פון קאָפּ, בשעת ער האָט פאַרריכט איר שוך, — אַזעלכע קעפּ ווי אייערער, באַדייטן גייסטיקע רייפקייט, עקשנות; איר מוזט זיין א קאַרגער. איר וועט זיין א געטרייער מאַן.

זי האָט, רעדנדיק, דורכגעפירט די פינגער דורך זיינע האָר, ווי מען קיצלט אַמאָל מיט דער גאַנצער האַנט א קינדס בייכעלע.

— איך וואָלט לעבן אַזא מאַן משוגע געוואָרן. ווי לאַנג וועט איר זיך שפּילן מיטן שוך?

ווען זיי האָבן אין א ווייַלע אַרום פאַרטגעזעצט דעם גאַנג,

איז זיי אויסגעקומען אריבערצוקריכן א הויכן פּלויט. בען איז גע־בליבן נאָך אין אַ גרעסערער פאַרלעגנהייט. ער האָט זי איצט גע־מוזט נעמען אויף די הענט און אַראָפּטראָגן פון פּלויט. זי איז גע־שטאַנען הויך אויף די אויסגעלייגטע שטיינער. די צעשויבערטע האָר האָבן זיך געוויגט אין ווינט. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט. שטייענדיק נאָענט ביי אירע פיס, האָט ער פאַרנומען אַ ריח פון טויזנטערליי בּישופן און זיינע פּלייצעס זענען אַלץ געוואָרן ברייטער, יינגער, הייסער, און ביידע הענט, אויסגעשטרעקטע, פול מיט שטומער גלוסטונג, האָבן זי אינגאַנצן באַצויבערט. יוסטעשאַ איז מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי איינער, וואָס שפּרינגט אין וואַסער, אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט. און ביידע זענען געווען ביים פולן באַוווסטזיין, אַז אַ ברוסט ליגט אויף אַ ברוסט, הענט זענען גע־פלאָכטן אין הענט, און אַז איין מויל איז נאָענט פון צווייטן.

— לאָמיר זיך דאָ אוועקזעצן, — האָט איר מויל כמעט אָנ־גערירט זיינע אויערן.

ער האָט נישט געהערט, וואָס זי רעדט. ער האָט זי געטראָגן אַלץ ווייטער צום וואַלד צו און נישט געפילט די משא. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער איז געווען אַזוי נאָענט פון אַ פרוי, און דער ריח פון איר לייב, האָר און פנים האָט אים פאַרבּישופט.

— דאָ אויפן שטיין, — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט.

— אָלרייט, — האָט ער זיך ווי אָן עפּעס דערמאָנט.

זי איז געבליבן אויסגעצויגן אויפן שטיין מיטן פנים אַרויף. דער שטיין, אַ צעגליטער קעגן דער זון, האָט געבריט איר לייב. זי האָט אונטערגעלייגט ביידע הענט צוקאָפּנס און כמעט אָן כּוחות, אַ פאַרשמאַכטע, שטיל געמורמלט:

— לאָמיר עפּעס לייענען.

— לאָמיר, — האָט ער נישט געקאָנט רירן מיט אָן אבר. עס האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן. דאָס בּלוט האָט געזעצט אין די שלייפן. ער האָט זיך געשעמט, און דאָך געזען דינע פיס, וווּנדערלעכע עלנבויגנס, אַ חן־גריבל.

— אין אַ באַשטימטן טאָג, — האָט זי אָנגעהויבן, אַז ער

האָט נישט געוווּסט, צי זי רעדט אַזוי, צי זי חלומט, אָדער דעקלאַמירט עפּעס פון אַ בוך, — אין אַ באַשטימטן טאָג איז ער געקומען נאָך מיט שעהן פריער. עס איז געווען נאָך פאַר זון־אויפגאַנג. קוקנדיק אויף די שטערן, וואָס זענען נאָך נישט פאַרשוווּנדן, האָט ער געחשבונט, ווי לאַנג וועט נעמען, ביז זיי וועלן פאַרגיין. ער האָט באַטראַכט די פערד. די פערד, — האָט ער געזאָגט, — זענען יונגע, שטאַרקע, מיט ברייטע בריסט. די פערד וועלן אָן שטרויכלונגען אונז ברענגען קיין אָרלינס.

— וואָס רעדט איר? — האָט בען זי אָנגעקוקט.

יוסטעשאַ האָט געעפנט די אויגן. זי האָט נישט געקאָנט קוקן אין דער זון און אויפגעשטעלט פון אַ צייטונג אַ דעכל איבערן קאָפּ און פון אונטערן דעכל צו אים אַפּירגעקוקט. אירע אויגן זענען איצט געווען הימל־ריין. ס'איז פאַרשוווּנדן פון איר פּנים די נאַר־וואָסיקע אויפרעגונג. אַ ווייטער טרויער האָט זיך צעלייגט אַרום איר מויל. זי האָט אָנגעהויבן רעדן, ווי זי וואָלט עפּעס אַרויסגעלייענט פון אַ בוך:

— ליבע, — האָט זי געזאָגט, — דערנענטערט מענטשן צו גאָט. ווער עס קען ליב האָבן, דער איז געגליכן צו אַ מלאך. אָבער מען דאַרף צוערשט פאַרשטיין און זיך צוגרייטן צו ליבע. איר דאָ, צווישן פעלדער און וועלדער, דאַרפט זיך קענען אויפהויבן צו דער מדרגה פון אמתער ליבע. אַ מענטש, וואָס זעט, ווי עס ווערט פון טאָג נאַכט, פון דער נאַכט אַ נייער טאָג, ווי עס וואַקסט ברויט, בלומען, חיות און אַלערליי שרצים, דאַרף זיך קאָנען דערנענטערן צו גאָט.

עס האָט זי אַרומגענומען אַ גרויסע פרייד פון דעם, וואָס עס האָט געקאָנט ווערן; וואָס איר לייב איז געבליבן אירס און נישט זיינס.

„אָבער אפשר האָט איצט נישט באַדאַרפט אַזוי זיין“,—האָט אַ ווייטער, פאַרנעפּלטער געדאַנק אַ שלאָג געטאָן אין איר מוח.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף בענען און געזען, ווי עס שיינט זיין פּנים. ער איז געזעסן, ווי אַ לויטערע זון, וואָס באַשטראַלט

דעם שטיין, דאָס גראָז, פֿעלד, און די הענט זענען געלעגן אויף זיינע קני, ווי ער וואָלט זיי מורא האָבן אויפצוהויבן.

„אויב זי נעמט אים איצט נישט אָן פֿאַר דער טשופּרי־נע, וועט זי אפשר משוגע ווערן״.

„אָבער פֿאַרוואָס נעמט ער זי נישט אַרום? האָט ער זי אפשר נישט ליב?״

זי איז געוואָרן אין כּעס, זיך פּלוצלינג אויפגעזעצט און אָנ־געהויבן שרייען מיט אַ קול, וואָס האָט נישט געפּאַסט דעם פּנים:

— איר ווייסט, ווען איך קום אַרויס אויפן לאַנד, ווער איך גאָר אַן אַנדערע. אין שטאָט וואָלט איר מיך נישט דערקענט. דאָרט בין איך שלעכט. אַ בייזע בין איך אין שטאָט.

— איך מיין אויף אַן אמת, — האָט זי אַליין העכער גע־שריגן, — אַלע מיינע פֿריינט האַלטן מיך פֿאַר אַ מרשעת, איך וווין מיט אַן עלטערער שוועסטער, איז זי צו מיר גוט ווי אַ מאַמע. זי האָדעוועט מיך, קליידט מיך, גיט מיר נאָך אַלע משוגעתן און איך טו איר ווײ, צולהכעיס, און פֿאַרשאַף איר יסורים.

בעת האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. ער איז געזעסן שווער אָנגעלאָדן. אַלע צען פֿינגער האָבן אים געציטערט און זיך געריסן צו איר פּנים, האַלז, פּיס און ער האָט זיך פּלוצים אויסגעצווינגן לעבן איר אויפן שטיין.

יוסטעשאַ האָט זיך אין איין אויגנבליק אויפגעהויבן. מען האָט געזען, ווי עס ברענט איר פּנים, ווי עס ציטערן די ווייעס אי־בער אירע אויגן און מיט אַ מין סאַדיסטישן פֿאַרגעניגן פֿון שפּילן זיך אי מיט אים, אי מיט זיך אַליין, האָט זי פּלוצלינג אַריינגע־לאַכט אין זיינע אויגן.

— וויפֿל בלעטער, דענקט איר, האָט אַ בוים?

בעת האָט זיך אָנגעצונדן. די באַליידיקונג האָט אים אַ שאָס געטאָן אין האַרצן. ער איז אַזש בלייך געוואָרן.

— איר דאַרפֿט עס וויסן, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — איר זענט דאָך אַ פֿאַרמער. מיינער אַ געליבטער האָט אַמאָל גע־מוזט איבערציילן פֿאַר מיר די ציגל פֿון אַ וואַנט, — און אינמיטן רעדן, בשעתן אָפּשפּעטן פֿון אים, האָט זי אומדערוואַרטעט אים

נאָכאַמאָל אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און פול מיט ליבע אים אַריינ־געקוקט אין די אויגן.

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס איר האָט זיך באַליידיקט. ווען מיך כאַפּט אַמאָל אָן אַ שלאָפלאָזע נאַכט, צייל איך ביז צען טויזנט. מיין טאַטע, וואָס פלעגט אויך נישט קאָנען שלאָפן קיין נעכט, האָט מיך אויסגעלערנט, אַז צו שלאָפלאָזיקייט איז גוט זיך אַריינ־צונעמען אין זינען אַ וואַסער־מיל. מען טראַכט אַזוי לאַנג פון ראָד און פון וואַסער, ביז עס פאַרדרייט זיך דער קאָפּ און מען שלאָפט איין. איך ווייס, אַז איך געפעל אייך סיי־ווי־סיי נישט. איר האָט מיר אפילו קיין איין קוש נישט געטאָן. צו אייך אַפּעלירט מסתּם אַ פאַרמער־מויד.

ער איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. ער האָט אַרויסגעריסן די האַנט.

— און איר דאַרפט מן־הסתּם האָבן אַ שטאָטישן פראַנט, אַ פּוסט־און־פּאַסניק.

— אַזוי, — האָט זי אים טראָציק אָנגעקוקט.

— אַזוי, — האָט ער זי צוריקגעשטאָכן מיט די אויגן.

פאַר אַ סעקונדע האָבן זיי זיך ביידע צונויפגעשטויסן מיט שפּיזיקע בליקן. בען האָט אַרויסגעשפּאַרט דעם שטערן, די ברוסט, דעם גאַנצן כּוח און דעם עקשן.

— איר מיינט טאַקע, אַז איר ווייסט שוין אַלץ, — האָט ער פאַרצווייפלט געזאָגט, — איר מיינט טאַקע, אַז איר קאָנט זיך מיט מיר שפּילן.

— נאַריש יינגל, — איז זי מילדער געוואָרן, דאָס פּנים ליכ־טיקער, דאָס קול רייצנדיקער, — איר פאַרשטייט נישט, וואָס איך רעד צו אייך. ווען איר וואָלט מיך נישט געוועזן פאַרכאַפּן, וואָלט איך מיט אייך קיין איין מינוט נישט פאַרבראַכט. די שענסטע גע־דאַנקען קומען מיר אויפן זינען, ווען איך דערזע אייך. איך ווער היסטעריש, דורך די דריי טעג רעגן האָב איך געמיינט, איך וועל משוגע ווערן. נאָך גאָט צו דאַנקען, וואָס עס זענען דאָ גוטע ביכער אויף דער וועלט און שיינע לידער:

איצטער ווערט מיין בענקשאַפט, גאָלד געצוונדן,
הייסער ווערט מיין בלוט, מיין אויג ברייטער!
איצטער, איצטער ברענען רויטער, רויטער
מיינע רויטע רויזן — מיינע ווונדן!

זי איז געבליבן שטיין, ווי אַן אַקטריסע, די הענט צעשפּרייט, דער קאָפּ פאַררייסן, די אויגן פאַרשטאַרטע, און אים צום סוף אַרומגעכאַפּט.

— גיט מיר אַ קוש. נעמט מיך אַרום. זייט אויף מיר נישט ברוגז. איך בין אַזאַ עלנטע, צעוויינטע, פאַרשטויסענע.

בען איז געבליבן שטיין אינגאַנצן אַ פאַרלוירענער. פון זיינע נאָזלעכער האָט געזעצט הייסע פּאַרע. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט און ווען עס האָט זיך פּלוצלינג צעקלונגען דער גלאָק פון דעם גרויסן הויז, רופנדיק צום מיטאָג, איז עס נאָר געווען ווי אַ נס פון הימל.

— עס איז שוין מיטאָג־צייט, — האָט ער אַ באַפרייטער זיך אַ כאַפּ געטאָן, — מען מוז מיך אַרומזוכן.

זיי האָבן שנעל אָנגעהויבן איילן צוריק צום הויז. אונטערן באַרג האָט זי זיך פאַרנומען צום סאָד צו און ער האָט זיך, ווי אַ גנב, אַריינגעכאַפּט אין הינער־הויז. די הונגעריקע הינער האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן מיט אַ ווילדן פליען. ער האָט זיי צוגעוואָרפן עסן, אָנגעגאָסן פרישׂ וואַסער צום טרינקען. די קליינע ציפּקעלעך זענען געשפּרונגען אויף זיינע אַקסלען, קאָפּ, און ער האָט מיט אַ געפיל פון אַ שולדיקן זיי געכאַפּט אויף די הענט און געקושט אין די שנאָבלען.

## קאַפּיטל פיר

צוויי טעג, פרייטאָג און שבת, האָט זיך בען נישט געוויזן פאַר דעם גרויסן הויז און זונטאָג האָט ער אַרויסגענומען יוסטעשאַן איר ווייזן דאָרפישע וווּנדער.

ביידע זענען געווען יום־טובדיק אויסגעפּוצט. ער האָט גע־

טראָגן די שבתדיק־ברוינע שיך מיט אַ סקריפּ און זי איז געווען אינגאַנצן אין ווייסן. זיי זענען דורכגעגאַנגען אַנזשעלאָ לוצאַראָס גרינגהייזער, דעם קלויסטער, ווו עס האָבן געדאַוונט די סובאָטני־קעס, און זענען צוגעקומען צו דער משוגענער פּיבּים כאַטע, אויף וועלכער שכנים האָבן געזאָגט, אַז מען האָט זי געבויט אין דער צייט פון בירגער־קריג.

די אַלטע מויד איז געזעסן אויפן שוועל פון שטאַל. דאָס ברייט־געפאַלדעוועטע קלייד, שטייף צעשפּרייט, ווי אַ שירעם, האָט ביז דער ערד פאַרדעקט אירע פיס און מיט אַ נאָדל־פאָדעם האָט זי פאַרנייט דעם בויך פון אַ פעטער ראַבער הון.

די הון איז געווען האַלב־טויט. די משוגענע, אַ מויד פון אַ יאָר אַכציק, האָט מיט האַלב־בלינדע אויגן געשטאָכן די נאָדל אין דער ווייכער הויט, אַלעמאָל אומגעקערט צו זיך דער הונס פאַרוואָרפענעם קאָפּ און מיידלש־קאָקעטיש האָט זי בשעת־מעשה געהאַלטן אין איין צורעכט מאַכן די קיילעכדיק־אויסגעפלאָכטענע לאָקן, וואָס האָבן זיך כסדר אַרויסגעשפּאַרט פון אונטערן טשופּיק.

ווען די אַלטע האָט פון ווייטן דערזען מענטשן אָנקומען, האָט זי זיך אַ ריר געטאָן, ווי אַ קליין, שוואַרץ בערגל. זי האָט בתולה־דיק־קאָקעטיש אָנגעהויבן צורעכט מאַכן דעם געל־ראָזעוון באַנעט, אויסגלייכן איבערן האַלז די גרוי־שוואַרצע פלעכטלעך האָר, מכשפהדיק אַרבעטן מיט די אויסגערינענע אויגן, און ווי אַ שניי־דער אין אַ מלבוש, האָט זי געלאָזט שטעקן די נאָדל אין דער הונס הויט, פאַרלייגט דעם ווייז־פינגער לעבן דער נאָז, צוויי פאַרבויגענע פינגער אַרום מויל און זיך צעפּיעשטשעט ווי אַ שוואַך קעצל: „מאַי, מאַי, הום דו אַי סי״.

אָבער דערזעענדיק דאָס גרויס־שטאָטישע מיידל, איז זי כמעט ווילד געוואָרן. אירע טויטע אויגן האָבן ביז אָנגעהויבן אַרבעטן. זיך געעפנט און פאַרמאַכט. מען האָט געקאָנט זען, אַז עס ברענט אונטער איר דאָס האַרץ. זי האָט אינגאַנצן געציטערט, ווי עמעצער וואָלט אויפגעטרייסלט איר צערודערטן מוח און מיט אַ מוראַדי־קער רציחה האָט זי אָנגעהויבן שטעכן די נאָדל טיף אין דער הונס פלייש אַריין.

יוסטעשא האָט אָנגעהויבן שרייען. איר פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קרייד. זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ ווי צום חלשן. בען האָט זי געכאַפּט אונטערן אָרעם און נישט מיט זיין קול האָט ער אָנגעהויבן שרייען אויף דער משוגענער:

— וואָס טוסטו? משוגענע דו! לאָז אָפּ די הון! איך וועל דיר אונטערהאַקן די זייטן!

— וואָס טו איך דען? — האָט די אַלטע געקוקט אויף יוסטעשאַן, זי געשטאָכן מיט די בלינדע אויגן. — איך וויל בלויז צוריק פאַרנייען דעם בויך. די הון האָט געוואָלט דורכקריכן דאָס־אָ לאָך און זיך צעריסן.

— טאָ לאָז זי אָפּ, זעסט דאָך, אַז זי גוססט.

— אפשר וועל איך זי אָפּראַטעווען, — האָט זי ווידעראַמאָל מיט ביטול, מיט האַס אַ קוק געטאָן אויף יוסטעשאַן, — דיין כּלה ווייזט מיר אויס צו זיין אַן איידעלע פּריצטע. גיב נאָר אַ קוק, ווי זי קרימט זיך. ווו האָסטו זיך אויסגעקליבן אַזאַ כּלה?

בען האָט זיך פאַרמאָסטן אויף דער אַלטער און אַרויסגע־ריסן די הון פון איר האַנט.

— זי וועט מער נישט לעבן, — האָט ער געשריגן און אַוועקגעלייגט די הון אויפן גראָז, — משוגענע דו.

— אונזערער אַ מענטש דאַרף נישט נעמען אַזאַ כּלה, — האָט די אַלטע מער נישט געקימערט זיך וועגן דער הון, אָנגעהויבן אויסגלייכן דאָס קלייד, קאָקעטיש צורעכט געמאַכט דעם טשופּיק און זיך אָנגעהויבן שפּילן מיט אַ לאָק איבערן שטערן, ווי זי וואָלט זיך וועלן מיט עפּעס אויספּיינען, — אַ פאַרמער טאָר נישט נע־מען אַזאַ כּלה. דיין פּריצטע ווייזט מיר אויס צו זיין גאָרנישט פון די גוטע. גיב נאָר אַ קוק אויף אירע דינע ליפּעלעך. באַטראַכט נאָר דאָס דינע שטעקל. אַ מיידל אין אירע יאָרן, אַז זי טראָגט נישט קיין פעטס אויף זיך, איז עס אַ סימן פון אַ רשע. זי וועט דיר פאַר־קירצן די יאָרן. זי וועט קיינמאָל קיין קינד נישט קאָנען אויס־טראָגן.

יאָסטעשאַ האָט אָנגעהויבּן וויינען. זי איז געוואָרן היסטע־ריש. מיט בּיידע הענט האָט זי פאַרשטעלט די אויערן.

— משוגענע, משוגענע, — האָט זי אין שרעק אָנגעהויבּן ציטערן, — זאָלן דיינע קללות פאַלן אויף דיין קאָפּ, אויף דיינע הענט און פיס.

— דו וועסט בּלייבּן אַן אייבּיקע עקרה, — האָט די אַלטע באַקומען אַ פּנים פון אַ מכשפה, די געקאַרבּטע, שוואַרצע הויט האָט אָנגעהויבּן ציטערן, די נאָז איז געוואָרן שפּיציק, ווי בּיי אַ רויב־פויגל און זי האָט אָנגעהויבּן שילטן מיט טויטע קללות, — פון דיין טראַכט וועט גאָרנישט אַרויסקומען. דו וועסט אָפּשטאַרבּן, ווי אַ פאַרדאַרטער בּוים. אַזעלכע ווי דו בּרענגען מגפות אויף דער וועלט. דו פאַרדרייסט אַ קאָפּ יעדן מאַן און נאָכדעם שפּייסטו אויף אים. פו, אַוועק פונדאַנען.

יאָסטעשאַ האָט זיך צעוויינט הויך אויפן קול און אָנגעהויבּן לויפן אַרויס פון הויף, ווי פון אַ גיהנום. בּען איז איר נאָכגע־לאָפן און זי נישט געקאָנט איינשטילן.

— רעדט צו מיר נישט, רירט מיך נישט אָן, — האָט זי ווילד פון אויפרעגונג געשריגן, — לאָזט מיך אָפּ.

זי איז געוואָרן אינגאַנצן אַ געבּיטענע. דאָס ווייסע קלייד איז נישט געווען מער ווייס, דאָס פּנים איז געוואָרן חושך. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי איז אין דער קורצער ווײַלע געוואָרן אָפּגעצערט. עס איז מיטאַמאָל פון איר אַוועקגעפאַלן דער גאַנצער גדלות, דאָס שטאָלצישע רחבותדיקייט. זי איז געוואָרן איינפאַך, אמתדיק, אַבּיסל איינגעבּויגן און מענטשלעך זיך געשעמט צו קוקן בּענען אין די אויגן.

זיי האָבּן לאַנג געשפּאַנט שטומע איבּערן וועג און נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. צוקומענדיק צוריק צום קלויסטער, האָט זיך בּען געגריסט מיט זייער אַ סך מענטשן, אָבּער דאָס האָט אויך נישט צעשטרייט איר פאַרלוירנקייט. ער האָט געפּרוווט איר אויסרעדן, אַז אַלע קענען די אַלטע פאַר אַ משוגענער, אָבּער זי האָט אים בּלויז אויסגעהערט, ווי אַ פאַרחושטע, און ער האָט נישט געוווּסט, צי זי הערט אים. ער האָט פונדעסטוועגן נישט

אויפגעהערט צו רעדן. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס בלויזע קול וועט זי צעשטרייען.

— די נאַריסעס, — האָט ער געזאָגט, — זענען אַ גרויסע משפּחה אין דעם געגנט. על נאַרים, פּיט, וויל, פּאַפּ און די משוגע־נע איז אויך זייערע אַ שוועסטער. איר נאָמען איז פּיבי. אַ חוץ על נאַריסן, וואָס פירט אַ באַלעבאַטישקייט, זענען זיי אַלע נישט קיין פּאַרהייראַטע. פּאַפּ נאַרים, דער מוזיקער, איז שוין זיבעציק יאָר אַלט. די משוגענע, זאָגט מען, איז אַריבער אַכציק. וועגן איר גייען אַרום פאַרשידענע לעגענדעס. מען דערציילט, אַז צו פופצן יאָר האָט זי זיך פאַרליבט אין אַ בחור, וועמען מען האָט צוגענו־מ׳ען אין דער אַרמיי. עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען דער בירגער־קריג. דער בחור איז קיינמאָל נישט צוריקגעקומען, און פון דאַן אָן איז זי געווירט פון זינען. זי האָט מיט דעם בחור קיינמאָל נישט חתונה געהאַט, אָבער זי רופט זיך אויף זיין נאָמען — אַטוואָטער. אין די יונגע יאָרן — זאָגט מען — פלעגט זי אַרומקריכן אויף אַלע וועגן און וואָיען ווי אַ הונט. אין ליכטיקע נעכט — דער־ציילט מען — שטעלט זי זיך אוועק אַ נאַקעטע קעגן דער לבנה, אויפן קאָפּ טראָגט זי אַ מיליטערישן הוט און וויינט, ווי אַ וואָלף.

יוסטעשאַ האָט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. זי איז געווען דערשלאָגן, צעבראָכן. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי גייט אַ נאַקעטע אינמיטן גאַס, און אַלע קאָנען זי זען דורך און דורך. די אַלטע האָט אַלע שלייערן פון איר אַראָפּגעריסן, און ביזן קען זי איצט בעסער, ווי זי אַליין קען זיך. זי מוז פונדאַנען אַנטלויפן,— האָט איר געהאַלט אין מוח איין איינציקער געדאַנק, — וואָס גיכער אַנטלויפן. דאָ, אויף דער פאַרם, וועט נאָך גאָט ווייסט וואָס מיט איר טרעפן.

דער משוגענערס בייזע נבואה האָט געשטאָכן איר האַרץ. אימיצער האָט זי, פאַר זיך אַליין, אָפּגעדעקט — אַט דאָס איז זי — אַ רשע, אַן עקרה, אַן אויפגעבלאָזענע, אַ גאָרנישט. אין תוך איז זי אַ גאָרנישט.

זי האָט אויף איין סעקונדע נישט אויפגעהויבן די אויגן. צוקומענדיק צו דעם גרויסן הויז, איז זי אַן אַ ציי־געזונט, אַ הוי־

סטערישע, ווי זי וואָלט שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן אירע טרערן, אַרויף די טרעפּ, צו זיך אין צימער.

---

זי האָט זיך דריי טעג נישט געוויזן פאַר די אויגן. בעת האָט זי אומעטום אַרומגעזוכט און זי נישט געקאָנט געפינען. אויפן פערטן טאָג איז בעת, צוזאַמען מיט שטיינבערגן און דעם פּאָלאַק אַלעקס, געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון הויף, וואָס איז געווען פּונקט קעגנאיבער דער וועראַנדע. מען האָט אין פראָנט־הויז אויפגעשטעלט אַ נייעם טויער. איבערן טויער האָט מען אַרויפגעצויגן אַן עלעקטרישן שילד מיטן נאָמען פון הויז. איבער די אויסגעהוילטע, בלינדע בוכשטאַבן־לעכער האָט מען אַריינגעשטעלט רויטע לעמפּלעך. אַרום און אַרום שילד האָט מען אָנגעפילט צוויי רייען מיט גרינע און בלויע לעמפּלעך. שטיינבערג איז אַן אומגעדולדיקער געשטאַנען אויף דער ערד און זיך געהאַלטן אין איין שאַפן מיט אַלעקסן, אויבן, אויף דער לייטער. ער האָט געהייסן לאָזן, שוין איצט, אינמיטן טאָג, די עלעקטריע. די לעמפּלעך זענען געבליבן ווי נישט קיין אָנגעצונדענע, און שטיינבערג האָט אַן אומצופרידענער פאַרקרימט דאָס מויל.

יוסטעשאַ האָט פון דער וועראַנדע די גאַנצע צייט געקוקט, ווי מען אַרבעט. זי האָט געזען, ווי די לעמפּלעך האָבן אויף אַ ווײַלע אויפגעבליצט און זיך באַלד איבערגעבראָכן, ווען זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן מיט דער ליכט פון דער זון.

קוקנדיק אַזוי אויף די לעמפּלעך, איז איר פּלוצלינג געקומען אויפן זינען איר אייגן לעבן. זינט זי געדענקט זיך, איז זי אין שטענדיקן קאַמף — מיט זיך, מיט די חברים, מיט דער גאַנצער וועלט. זי שטייט שטענדיק ביי אַ שייד־וועג, וווּ וועגן פאַרנעמען זיך רעכטס און לינקס, ברעכן זיך פאַנאַנדער, קומען זיך צונויף, און פירן זי אַוועק צו מיסטעריעזע, בלינדע תהומען — צו איינעם, אַ צווייטן, דריטן — און איצט צום פאַרם־יונג!

צו דעם דאָזיקן בחור וואָלט זי זיך צו יעדער מינוט אָפּגעגעבן. אַלץ, וואָס זי האָט ביז איצט באַגעגנט און געזען —

מענטשן, געליבטע, חברים, הויכגעשעצטע פערזענלעכקייטן, אַלץ האָט איצט צוזאַמענגעבראָכן אין אָנגעזיכט פון בענען, ווי די עלעקטרישע לעמפּלעך קעגן דער שיין פון זון. זי האָט נישט גע־קאָנט פון אים אַראָפּנעמען די אויגן. זי האָט זיך באַהאַלטן אין ווינקל ווראַנדע און געהיט זיין יעדע באַוועגונג. עס איז צוגעקו־מען מילדרעד: אַ יונגע, בלאָנדע, אויסטערליש שיינע, און זי האָט עפּעס דערלאַנגט בענען. יוסטעשאַן האָט זיך אָפּגעריסן דאָס האַרץ. בען האָט געטראָגן נייע אָווראַלס. די אַרבל פון העמד זע־נען געווען פאַרקאַטשעט ביז אַריבער די עלנבויגנס. דאָס פּנים קופּערדיק־גלאַנציק; פון די ברייטע פּלייצעס האָט געשלאָגן די זיכערקייט פון אַ מאַן, וואָס וועט באַוואָרענען זיין ווייב, אירע קינדער, קינדס־קינדער, אַזוי ביז דער אייביקייט אַריין. יוסטעשאַ האָט פון ווייטאָג פאַרקרימט דאָס פּנים. זי האָט זיך מיטאַמאָל פאַרשעמט. זי האָט זיך דערפילט שוואַך, אויסגעלאַכט, דערשלאָגן.

— אַ ליאַדע ווינט קאָן דאָך מיך איבערברעכן, — האָט זי אָן ווער־טער גערעדט צו זיך אַליין, פאַרגלייכנדיק זיך מיטן קופּקעלע גע־זונטע, שטאַרקע, שיינע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אויף יע־נער זייט טויער. — מיט וואָס האַלט איך מיך אַזוי גרויס? וואָס קאָן איך דען עמעצן געבן?

זי האָט דערפילט, ווי עפּעס האָט זיך אין איר איבערגע־בראָכן. זי האָט מורא באַקומען, זי זאָל נישט אָנווערן די קאָנ־טראָל איבער זיך און אַרויספּלאַצן אין אַ געוויין, און האָט זיך שנעל צונויפגענומען, פאַרשלאָסן ביידע דינע ליפּן, און איז אַנט־לאָפן אין סאָד אַריין.

אָבער יעדע זאַך איז איר נאָכגעלאָפן: די משוגענע פּיבי, בען, מילדרעד, די שטאָטישע פריינט — אַלץ, וואָס איז געווען אין איר, אַלץ, וואָס איז געווען אויסער איר, און זי האָט זיך ווידעראַמאָל דערזען אַ טראָציקע, אַ צולהכעיסניצע, אַ שווער־פאַרטראָגענע און מיט מענטשן נישט אויסקומענדיקע.

„קיינמאָל וועל איך נישט קאָנען זיין מיט זיי, — האָט זי גערעדט אָן ווערטער, — קיינמאָל וועל איך נישט קאָנען לעבן אָן זיי. און ווי וואָלט איך אויסגעקומען מיטן פאַרם־יונג?“

„ווען מיין נשמה וואָלט ווינציקער באַגערט“, — האָט זי כמעט אויסגעשריגן אַ געבעט, — „ווען מיינע אויערן וואָלטן ווינציקער געהערט“.

זי האָט אָנגעהויבן זוכן אַ ווינקל אין סאָד, ווו זי זאָל זיין באַהאַלטן און דאָך קאָנען קוקן אויפן בחור. זי האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען צווישן די ביימער. איר קאָפּ איז אַריינגעזונקען צווישן די ביידע אויפגעהויבענע אַקסלען. אין סאָד איז איצט געווען שטיל. דער הימל איז געווען הויך, בלוי און אומעטום, אין אַלע זייטן, איז געווען הימל. זי האָט אויסגעקליבן אַ ווינקל, אויסגעשפּרייט אַ צייטונג און זיך אַוועקגעלייגט.

אָפּגעריסענע געדאַנקען, ווי צעריסענע וואָלקנס האָבן זיך געפּלאָנטערט אין איר מוח. די משוגענע אַלטע האָט מיט קאַלטע, שטאָלענע פינגער געריסן איר לייב. פאַר די אויגן האָט פאַרבייגעשוועבט אַ גרינער הוט — דער בחור, וואָס שרייבט לידער מיט לאַנגע שורות, דער, וואָס האָט זי אַרויסבאַגלייט אויפן פאַרם — אָבער ווו איז ער איצט? דענקט ער פון איר? ער האָט דאָך איר קיין איין וואָרט נישט געשריבן? קאָנען דען אַזעלכע מענטשן ליב האָבן? מער ווי די אייגענע הויט גייט דאָך אַזעלכע מענטשן נישט אָן! און זי איז אַליין דען אַנדערש? גייט איר דען עפּעס אָן אַ חוץ אייגענע הענט, פיס, לייב און איר לעבן?

דער גרינער הוט האָט זי געגעבן. אַלץ בולטער האָט זי דערזען דעם שרייבערס רויט פּנים, זיינע חוצפּהדיקע, דיקע ליפּן, די גרין־גרויע, זשעדנע אויגן, וואָס פרעסן זי אויף און וועלכער האָט זיך אַ באַזונדער מין וועגעלע פון אַרומנעמען — פאַרוואָס איז ער איצטער נישטאָ לעבן איר, אַזוי, אַז זי זאָל אים קאָנען אַריינזאָגן אַ וואָרט, אַן איין־און־איינציק וואָרט, פון וועלכן ער זאָל זי האָבן אויפן גאַנצן לעבן צו געדענקען!

זי האָט זיך מיט יעדער רגע אַלץ מער דערפילט אי דערשלאָגן, אי דערהויבן. צו עמעצן פול מיט האַס און צו עמעצן פול מיט ליבע. זי איז געלעגן מיטן גאַנצן גוף שווער אויף דער ערד און געפלאַטערט אין דער לופטן, ווי אויף פליגל. די שטראַלן פון דער זון זענען געפאַלן אויף איר פּנים. מיט ביידע הענט אויס־

געשפּרייט, ווי אַ צלם אויף דער ערד, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי שוועבט איבערן הימל, דאָרטן, ווו עס גרענעצן זיך וועלטן, ווו עס צעשיידט זיך מזרח פון מערב, צפון פון דרום, און זי אַליין ווערט צעריסן פון אַלע פיר ווינטן. — „וואָלט מיין נשמה ווינציקער באַגערט — האָט זי מיט שרעק און מיט געבעט געמורמלט — וואָלטן מיינע אויערן ווינציקער געהערט".

ווען בען איז פּלוצלינג צו איר צוגעקומען, האָט זי זיך אַ ווילד־צעשראָקענע, אַזאַ צאַפּל געטאָן, אַז מער ווי פינף מינוט האָט זי נישט געקאָנט קומען צו זיך.

— פאַרוואָס זענט איר צוגעקומען צו מיר? — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום אויף אים אָנגעשריגן.

— ווען איך וויים, אַז איר שלאָפט, קום איך נישט צו, — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

— איר האָט באַדאַרפט פון ווייטן זען, אַז איך שלאָף, — האָט זי אָנגעהויבן גענעצן, זיך געצויגן און ווי אַ קאַץ געווישט די אויגן.

זי האָט געמאַכט אַזאַ מינע, אַז זי האָט טאַקע אויף אַן אמת אויסגעזען פאַרשלאָפן. איר קלייד איז געווען צעקנייטשט. זי איז אַליין געווען צעקנייטשט. דאָס פּנים קרענקלעך גרין, די אויגן אָן גלאַנץ, די האָר זענען פאַרחלשטע קרום אַראָפּגעפאַלן. בען האָט געמיינט, אַז זי איז קראַנק.

— וואָס איז אייך? — האָט ער צעשראָקן געפרעגט.

— איר האָט איצט נישט באַדאַרפט צוקומען.

— איר זענט קראַנק? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— קראַנק? פאַרוואָס? — זי האָט מיטן חוש פון אַ פרוי אַ קוק געטאָן אין בענס אויגן, ווי אין אַ שפּיגל, און גלייך דערשמעקט איר אויסזען. עס האָט נישט גענומען מער ווי אַ סעקונדע און זי האָט זיך איינגאַנצן איבערגעביטן. זי איז באַלד געשטאַנען אויף די פיס און געוואָרפן מיט די הענט אין גימנאַסטישער איבונג, אהער און אהין. זי האָט אַרויסגעכאַפּט פון האַנט־טאַש אַ שאַכטעלע פּודער און אָנגעפּודערט דאָס פּנים. מיט די שפּיץ פינגער האָט זי צעשויבערט די האָר (זי האָט שוין בלינדערהייט

געקאָנט צעשויבערן די האָר אַזוי, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען ווי
פאַרקעמטע, און ווי עס האָט איר געפּאַסט) און אויסגעווישט די
אויגן.

— שוין? — האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט און
אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, — שוין? נישט שוין? איצט גע-
פעל איך אייך? פאַרוואָס זענט איר די גאַנצע צייט נישט צוגע-
קומען צו מיר?

— איך האָב אייך נישט געקאָנט געפינען, — האָט ער
שטיל געענטפערט.

— איר האָט מיך דען געזוכט? איר האָט מיך דען ליב?
איר פאַרגעסט, אַז זונטאָג פאָר איך שוין אַוועק. נאָך דריי טעג און
אויס. איר וועט נאָך מיר בענקען?

— זונטאָג פאָרט איר אַוועק! — איז ער געבליבן שטיין
אַ געפּלעפּטער. — פאַרוואָס?

— ווייל מען רופט מיך אַהיים. עס וואַרטן אויף מיר גע-
שעפטן. — זי האָט זיך צעלאַכט, אים צוגעצויגן צו זיך. — איר
וועט נאָך מיר בענקען? מיר וואָלטן באַדאַרפט אַלע דריי טעג פאַר-
ברענגען צוזאַמען. זיך נישט אָפּלאָזן אויף איין מינוט. לאָמיר
איצט אָנהויבן. לאָמיר אַרונטערגיין צום טייך.

— איך בין איצט פאַרנומען. לאָמיר גיין אין אָוונט.

— ניין, איצט, — האָט זי באַפעלעריש אים אָנגעכאַפּט פאַר
אַ האַנט, — איך וועל אייך צושטעלן צוריק אין דער צייט. איך
וועל אייך אַביסל אויסמענטשלען. אַ מענטש דאַרף נישט אַזוי
ציטערן פאַרן באַלעבאָס. אַ מענטש דאַרף נישט שטענדיק זיין נאַ-
ריש. כאָטש פאַר אַ מאַן איז עס שווער נישט צו זיין נאַריש. מע-
נער שטרענגען זיך געוואַלטיק אָן, ווען זיי זענען קלוג.

זי איז מיט יעדער סעקונדע פרייליכער געוואָרן, באַרעדעוו-
דיקער און באַגייסטערטער.

— איר ווייסט, וואָס מיר איז די מינוט איינגעפאַלן? —
האָט זי אַרויסגעשפּאַרט די אויגן, וואָס זענען איצט געווען קלאָר
ווי וואַסער. — מיר איז איינגעפאַלן, אַז געשעפטסלייט זענען אינ-
טערעסאַנטער פון פּאָעטן. פּאָעזיע איז אַן ענין פאַר ווייבער. מע-

נער דאַרפֿן פֿירן געשעפֿטן, פּאָליטיק, מלחמות, אָדער זיין פֿאַר־מער.

— יאָ, פֿאַרמער, — האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ הויך־קלינ־גענדיק קול. — זיין אַ פֿאַרמער איז דאָס אידעאַלסטע פֿאַר אַ מאַן. אָט זע איך איך אויף אייער אייגן לאַנד. איר אַקערט און זייט. מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, קומט איר אַריין אין אַ קליין, גידעריק שטיבל. עס קומט אייך אַנטקעגן אַ בלאָנד ווייב, צוויי בלאָנדע קינדערלעך. דאָס ווייב איז אָנגעטאָן אין ווייסן, דער טיש איז ווייס געדעקט. עס שמעקט אַ ראָסל־פֿלייש; ביים טיש ווישט אייך דאָס ווייב אָפּ די לאַנגע באָרד. — זע, ווי דו פֿאַרגיסט זיך, בען, — זאָגט זי.

יוסטעשאַ האָט אין אייגענער באַגייסטערונג בולט געזען דאָס בילד, וואָס זי האָט ערשט אָפּגעמאָלן. עס איז איר געוואָרן זייער אומעטיק. ווי אויף צו להכעיס, ווי זיך אַליין צו פֿאַרשרייען, האָט זי אָנגעהויבן הויך לאַכן:

— טראַ־לאַ־לאַ, מיין פֿאַרמער מיט אַ שוואַרצער באָרד, מיט אַ בלאָנדער פֿרוי. איך וויל פֿון גאָרנישט וויסן. זונטאָג פֿאָר איך אַוועק און ביז דעמאָלט זענט איר מיינער. קומט, קומט, טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

זיי זענען אַוועק מיטן פֿעלד צום טייך צו. ביים טייך זענען געווען ווייניק מענטשן. בען האָט איר געהאָלפֿן אַריינגיין אין אַ שיפֿל.

— ווען מירן אַריבערשווימען דעם טייך, גייען מיר אין וואַלד אַריין, — האָט זי געזאָגט. עס האָט איר געקלאַפּט דאָס האַרץ. דאָס בלוט האָט געשלאָגן אין פּנים אַריין. אין איר האָט געבריוזט צאָרן. — פֿאַרוואָס איז ער אַזוי פֿרעמד צו מיר? — האָט זי געטראַכט. — איז מילדרעד שענער פֿון מיר? איך, די גרויס־שטאָטישע, די און די, אויף וועמען מען ווייזט אָן מיט די פֿינגער, ווען איך גיי פֿאַרביי די עוועניו, וועל באַזיגט ווערן פֿון אַ קליין, נאַריש, דאָרפֿיש מיידל?

— איך האָב אַמאָל געלייענט אין אַ בוך, — האָט זי פּלוצ־לינג אָנגעהויבן שרייען צו אים פֿון שפּיץ שיפֿל, ווו זי איז גע־

זעסן, — ווי אַ בחור מיט אַ מיידל האָבן זיך געשיפּט איבער אַ טייך. דאָס מיידל האָט פּלוצלינג אַריינגעוואָרפן אַ שוך אין וואַסער און דער בחור האָט זיך אין אָנטועכץ געלאָזט נאָכן שוך. וואָלט איר אויך געקאָנט אַזוי טאָן?

— איך וואָלט אַזוי נישט געטאָן, — האָט ער שווער און כמורנע געאַרבעט מיט די רודערס.

— איר זענט אַ שוואַכלינג. איך וואָלט מיט אַזאַ, ווי איר, מורא געהאַט אַרומצוגיין אין אָוונט.

— איר האָט אַ טעות, — האָט ער מיטאַמאָל געקריגן לשון, — איך טו בלויז נישט נאָך קיין העלדן פון ביכער.

— אָבער איר זענט אַ שוואַכלינג, — האָט זי זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט, — איך וועל אַליין רודערן.

דאָס שיפל האָט זיך אָנגעהויבן וויגן. בען איז געוואָרן בלאַס.

— זעצט זיך אַוועק, — האָט ער אָנגעהויבן שרייען. — מיר וועלן זיך איבערקערן.

— שוואַכלינג! — האָט זי ווייטער געענטפערט. — איך וויל אַליין רודערן.

— יוסטעשאַ, — האָט ער מיט כּעס און צום ערשטן מאָל זי אָנגערופן ביים נאָמען. — זעצט זיך אַוועק.

זיין קול איז געווען בייז און וואָרענענדיק. די אויגן האָבן געגלאַנצט מיט כּעס. זי האָט אַליין שוין געהאַט פאַרגעסן דעם אויסגעטראַכטן נאָמען און דער פרעמדער קלאַנג האָט וווּנדערלעך געקלונגען אין אירע אויערן — יו־סטע־שאַ!!!

— איך וועל זיך נישט אַוועקזעצן, ביז איר וועט מיך נאָכאַמאָל רופן ביים נאָמען, — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן מיט אַ פול מויל פרייד.

— יוסטעשאַ, — האָט ער זיך כּמעט ביי איר געבעטן, —

— איז וואָס, מיינט איר, וואָלט געווען, ווען מיר קערן זיך איבער? — האָט זי זיך אַוועקגעזעצט. — איר קענט דאָך שווימען. און אויב איך וועל דערטרונקען ווערן, וועל איך קיינעם נישט אויספעלן. איך וואָלט געוואָרן אַ וואַסער־נימפע. אַלע נאַכט וואָלט

איר זענט פּונקט ווי אַ קינד, איר ווייסט נישט די געפאַר.

איך געקומען צו אייך מיט צעלאָזטע האָר, מיט אַ קאַלט לייב פֿון אַ פֿיש, און אייך דערציילט אַלע װוּנדער פֿון דער שטומער װעלט. איר װאָלט די װוּנדער איבערדערציילט. װעמען װאָלט איר איבער־דערציילט מיינע מעשׂיות? איר האָט אַ געליבטע?

זי האָט זיך נאָכאַמאָל אויפֿגעשטעלט. עס האָט פֿון איר גע־שפּאַרט פֿרייד. זי האָט נישט געקאָנט איינזיצן.

— זעצט זיך אַװעק! — האָט ער מיט באַנומענע קולות אָנגעהויבן שרייען.

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט און װי אַ שיכּורער אָנ־געהויבן שפּאַנען איבערן שיפֿל. זיין פּנים איז געװען זייער אָנ־געשטרענגט. דאָס שיפֿל האָט זיך געבויגן רעכטס און לינקס און ער האָט איינגעהאַלטן מיט צעשפּרייטע הענט דאָס גלייכגעװיכט, װי איינער, װאָס גייט אויף אַ שטריק. יוסטעשאַן איז איינגעפֿאַלן דאָס האַרץ. זי איז געבליבן זיצן מיט פֿאַרטשעמטע ציין, װי איי־נער, װאָס זעט דעם טויט פֿאַר די אויגן. זי איז געװאָרן אַ פֿאַר־גליװערטע.

— װאָס טוט איר? — האָט זי נישט מיט איר קול געפֿרעגט

דאָס שיפֿל האָט זיך אַ בויג געטאָן און זיך שיער נישט אי־בערגעקערט. בען איז צו איר צו און זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע אייזערנע הענט. ער האָט זי פּלוצלינג אָנגעהויבן קושן און ס׳האָט אים פֿאַרכאַפּט ביים אָטעם.

— װאָס טוט איר? — האָט זי אָנגעהויבן ציטערן. — איר זענט משוגע געװאָרן?

— יאָ, — האָט ער שװער געאָטעמט, — איר מאַכט מיך משוגע. זינט איך האָב אייך באַגעגנט, בין איך קיין איין נאַכט נישט געשלאָפֿן. פֿאַרװאָס שפּילט איר זיך אַזוי פֿיל מיט מיר?

ער האָט געציטערט װי אַ בלאַט, זיין מויל איז געװען היים די װערטער פֿאַרחלשטע.

— יוסטעשאַ, — האָט ער װייטער געזאָגט, — איר האָט מיך אינגאַנצן איבערגעבראָכן. איך בין איצט אינגאַנצן אַן אַנ־דערער.

— אַ װאָסערער? — האָט זי פּלוצים אָנגעהויבן פֿאָזירן,

שפּילן זיך מיט אים, גלעטן אים, ווי זי וואָלט געגלעט אַן אייגע־נעם ברודער, און מיט אַן אומנאַטירלעך קול גערעדט. — אַ וואָ־סערער? וואָס פאַר אַ נאָמען וואָלט איך אייך צוגעטראַכט? לאָמיר נאָר זען: אריה, דער לייב, דער צונאָמען פון יהודה. און אפשר אוריאל, דאָס ליכט פון גאָט. לאָמיר נאָר זען. אוריאל און יוסטע־שאַ. געפעלט אייך אַזאַ פּאָרל? איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט גע־ריכט אויף אייך. איך האָב אייך געהאַלטן פאַר אַזאַ שטילן. איך האָב געמיינט, אַז פאַרמערס זענען באַשיידענער, ווי שטאָט־מענטשן. איר זענט שוין באַלד אַזאַ, ווי מיין פריינט מיט דעם גרינעם הוט.

פון בענען זענען געפאַלן שטיקער. זי האָט אים אָפּגעגאָסן ווי מיט קאַלט וואַסער. ער האָט זיך געשעמט איר צו קוקן אין די אויגן. שאַנדע, שרעק, כעס, געוויסנספּיסן, האָבן אים אינגאַנצן אַרומגעכאַפּט און ער איז געזעסן ווי אַן אָפּגעשמיסענער ייִנגל.

— דער פאָעט מיטן גרינעם הוט איז מיינער אַ צוגעטראַכ־טער נאָמען, פּונקט ווי איך וועל פון היינט אָן אייך רופן אוריאל, — האָט זי זיך געשפּילט מיט זיינע האָר. — יענער איז געווען אַזוי קאָמיש און גרין, ווי איר וואָלט געווען אין אַ צילינדער. איך מיין, אַז קיין מאַן קען זיך נישט גוט אָנטאָן. יעדער מאַן דאַרף מיטנעמען אַ פרוי, אַ מבין, ווען ער גייט עפּעס קויפן. אויב איר דאַרפט עפּעס, באַגעגנט מיך אין שטאָט, וועל איך אייך העלפן אויסקלייבן.

ער איז אַלץ דערשלאָגענער געוואָרן. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער פון איר אַנטלויפן. ער האָט אָנגעהויבן רודערן צום ברעג און זי, גלייך באַמערקנדיק זיין צערודערטקייט, האָט געביטן איר שטימע:

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי צעטראָגן? — האָט זי שטיל געפרעגט. זי האָט אויסגעריסן אַ וואַסער־לילי. די בלום איז גע־ווען קאַלט, נאַס, אָן אַ ריח. — אַזוי קוקט מן־הסתם אויס אַ שיי־נע, טויטע פרוי. איך וועל מן־הסתם אַזוי אויסזען.

זיי זענען צוגעקומען צום ברעג. בעת האָט אַ בייזער איר אַרויסגעהאָלפן פון שיפל.

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי בייז? — האָט זי נאָכאַמאָל גע־פרעגט.

— איר זענט ברוטאַל, — האָט ער זיך אָנגעשטרענגט אַרויסצוברענגען די ווערטער, — איר קאָנט אַ מענטשן אַרויסנע־מען די נשמה.

זיי האָבן זיך ביידע צעשיידט. אינדרויסן איז שוין געווען פינסטער. בען איז אַרונטער צום שטאַל. זיין האַרץ האָט ווייטאָג־דיק געקלאַפּט. דאָס פּנים האָט געברענט. צום ערשטן מאָל, פאַר די קאַרגע דריי יאָר, האָט ער זיך געהיט צו באַגעגענען מילד־רעדן. ווען יוסטעשאַ האָט זיך אומגעקוקט, האָט זי געזען, ווי זיין קאָפּ איז נידעריק געבויגן, די הענט באַוועגן זיך אויטאָמאַ־טיש און זי האָט אַ קלוגן שמייכל געטאָן — ער ווייסט שוין אויך, וואָס ברוטאַל איז.

## קאַפּיטל פינף

עס איז שוין געווען נאָכן עסן, ווען יוסטעשאַ איז אַריין אין עס־צימער. עס איז דאָרטן קיינער נישט געווען און דאָס גרויסע צימער האָט אויסגעזען, ווי נאָך אַ חתונה. אַלע טישן זענען גע־ווען פאַרלייגט מיט פאַרשמירטע טעלער, גאָפּל און מעסער. אי־בערגעבליבן ברויט, שטיקער געבעקס מיט פרעמד־איינגעביסענע ציין, האָבן זיך געוואַלגערט איבער די טישן. אין דער לופטן איז געשטאַנען אַ ריח פון איבערגעפּאַרעט געקעכץ. איבערן דיל האָבן זיך מיט דעם ווינט אַרומגעטראָגן אויסגענוצטע פּאַפּירענע סער־וועטלעך. אין אַ ווייטן ווינקל, ביי אַ טונקל ליכט, זענען געזעסן די אַרבעטער. קיינער האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. דער קעלנער, ביי וועמענס טיש זי איז געזעסן, איז מיט אַ פול מויל אויף איר גאָרנישט העפלעך אָנגעפאַלן, און זי האָט זיך אָנגע־צונדן:

— איך קאָן נישט פאַרשטיין אַזאַ באַהאַנדלונג, — האָט זי געשריגן און צעריסן די צוויי קאָנווערטן פון די צוויי אָנגעקומע־

נע בריוו, און די פאפירלעך ארום די ציימונגען, וואס זי האט דארטן געטראפן, — אז א מענטש פארשפעטיקט אמאל א מאל־צייט, דארף ער שוין הונגערן?!

זי איז ביסטרע דורכגעלאפן די בריוו, די קעפלעך פון די ציימונגען און איז נאך בייזער געווארן. ס'איז נישט געווען דער בריוו, וואס זי האט דערוואַרט. ס'איז נישט דערשינען דאס ליד, וואס זי האט מיט א חודש צוריק ארויסגעשיקט. אירע אויגן זע־נען פארגאסן געווארן מיט טרערן. אירע ליפן האבן זיך געבראכן אין כעס.

— אנטשולדיקט, פריילין, — האט דער קעלנער מיט קעל־נערשער חניפה, מיט אן אנגעשטעלט שמייכעלע אנגעהויבן, — אט שטייט דאך אייער סאלאד. באלד ברענג איך אייך די זופ.

— איך עס נישט קיין סאלאד, — האט זי אזש געציטערט.

— איר מעגט אפראמען דעם טיש.

— זאל איך ברענגען זופ? — האט ער געשמייכלט, זיך גענויגט און זיך געלאזט אוועקגיין.

— איך וויל נישט קיין זופ, — האט זי אים נאכגעשריגן.

— איז וואס פאר אן אייער ווילט איר, פריילין? ווייכע צי הארטע?

ער האט גערעדט ווי אן אויטאמאט. די מעניו האט זיך גע־גליטשט פון זיין מויל. די קוטשעראווע הערעלעך און די פראנ־צויזישע פיאות האבן געגלאנצט, דאס פנים איז געווען געל און דאס שמייכעלע איז געווען אזוי פאלש און מיד, אז ס'האט זיך פלוצלינג אפגעהאקט ביי די ווינקלען פון מויל. יוסטעשאן האט אזש אנגעהויבן שטעכן אין ברוסט.

— הארטע, הארטע, — האט זי געשריגן, — איך וויל נישט קיין אייער. גיט מיר קאווע. שווארצע קאווע.

זי האט אינגאנצן געציטערט. דער פוילער ריח פון איבער־געשטאנען געקעכץ האט איר געקיצלט אין נאז, געקראצט אין גומען. ווען דער קעלנער האט צוגעבראכט א טאס קאפע, האט זי זיך אינגאנצן פארלוירן.

— אזא קאווע גיט מען חזירים, — האט זי ווילד פון צארן

אָפּגערוקט די שאַל, — אַזאַ קאַווע גיסט מען אויס אין פּאַמוי־ניצע.

דער קעלנער איז אויף אַ ווײַלע געבליבן שטיין אַ צעטומל־טער, אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך, זיך מישב געווען, און ווי איינער, וואָס וואָלט באַשלאָסן וויַזן, וואָס ער קען, האָט ער זיך פּלוצים גענומען זעלנעריש אַ ציַ אויס, פאַרוואָרפן דאָס סער־וועטל אויף דער לינקער, פאַרבויגענער האַנט, אַזוי עלעגאַנט און מיט שיק; זיך געגעבן אַ הוסט אויס, צורעכט געמאַכט דאָס פּיצל שוואַרצע קראַוואַטל און האַלב־יידיש, האַלב־דייטש אָנגעהויבן צוקער־זיס:

— ביטע, פרוילײַן, באַרואיקן זי זיך. אַט, ווי זי קוקן מיך אָן, האָב איך שוין אין מײַן לעבן געאַרבעט אין האָטעל אַסטאָר, אין וואַלדאָרף אַסטאָריע. בײַ מיר, געשעצטעס פרײַלין, זענען שוין געווען אַזעלכע געסט, ווי טעדי רוזוועלט און מערי פּיקפאָרד. איך, ווייסן זי, ווייס גראַד יאָ ווי צו סערווירן קאַפע. דאָס, וואָס מען גיט חזירים, גיט מען בײַ אונז נישט צו מענטשן.

זי האָט געפּילט, ווי ער שנײַדט פון איר דאָס פלייש. ער האָט זי געשטאָכן מיט טויזנטער שפּילקעס. עפּעס האָט זיך אָנ־געהויבן שטאַרק רודערן אין איר האַרצן און זי האָט אים פּלו־צים אַ שמיץ געטאָן מיט דער צײַטונג איבערן פּנים.

— דאַנקע שען, — האָט ער זיך פאַרנויגט, — גנעדיקעס פרײַלין.

עס איז איר געוואָרן פינסטער אין די אויגן. אויפהויבנדיק זיך, האָט זי מיטגעשלעפּט אַ שטיק טישטוך און אויף דעם דיל איז צעפּיצלט געוואָרן אַ גלאָז. זי האָט מיט בלינדע אויגן אָנגע־הויבן אַרויסלויפן פון עס־צימער און איבער די טרעפּ אין טונ־קעלן קאָרידאָר איז איר פאַרויסגעלאָפן כעס, צאָרן און דעם קעל־נערס פּנים.

אין צימער איז געווען פינסטער. זי האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין בעט און אָנגעהויבן וויינען. אַרום האַרץ האָבן אָנגעהויבן קנײַפּן קליינע צוואַנגעלעך. אַ ווייטאָג האָט גענומען קריכן איבער די פּלייצעס, קרייזשעס, הענט און פיס. דאָס פּנים איז געוואָרן פאַר־

קרימט. געל־גרין, און אָן שום אורזאך, אינגאנצן נישט אין שייכות מיט דעם, וואָס עס האָט נאָר וואָס פּאסירט, איז איר גאָר פּלוצים געקומען אויפן זינען, אז זי איז שוין זיבן און צוואנציק יאָר אַלט, אז אין בויך וואקסט עפּעס א מין ווייטאָג, וואָס פאַרביטערט אירע יאָרן, און אז זי האָט א שוואַכקייט תּמיד צו געניצן. — און איצט האָב איך שוין קיינעם נישט, — האָט זי אָנגעהויבן וויינען הויך אויפן קול, — מיט אַלעמען בין איך צעריסן. מיט קיינעם קאָן איך נישט אויסקומען. דאָס ליד וועט מען קיינמאָל נישט דרוקן. איך בין א גאָרנישט, א טאַלאַנטלאָזיקייט.

א טיף־נאָגנדיקער ווייטאָג, טאַקע נאָר ווי א מכּה, וואָס האַלט אין אָנרייסן, האָט אָנגעהויבן קרעמפּן אַרום בויך. זי האָט זיך דערשראָקן און אָנגעצונדן די ליכט.

— איך מוז עפּעס עסן, — האָט זי געזאָגט, — איך מוז כאָטש אויסטרינקען א גלאָז מילך.

זי האָט נאָכאַמאָל צעוויקלט די צייטונג. איר חבֿרס א ליד איז דאָרטן יאָ געווען. עס האָט איר אָנגעהויבן קילן אונטערן לע־פּעלע. זי האָט דאָס ליד אַמאָל געלייענט אין מאַנוסקריפּט. — קוואַטש, — האָט זי הויך אויפן קול אויסגעשריגן, — יעדע סענ־טימענטאַלע צעקראָכנקייט איז ביי אים ליריק. ווייבערישע טרערן זענען ביי אים געוויין. ער מיינט, אז דערמיט, וואָס ער לייקנט אָפּ גאָט, באַפרייט ער זיך פון אים; אז דערמיט, וואָס ער שפּעט פון מענטשן, ווערט ער דערהויבענער.

זי האָט זיך געטשעפּעט צו יעדן וואָרט. זי האָט געקעמפט מיט אַלע וווּנדערלעך־אויסגעהאַמערטע שורות, און ווען זי האָט צום סוף דאָך נישט געקאָנט אַרונטעררייסן דאָס ליד, האָט זי, ווערנדיק גרין אין פּנים, מיט א פייערל פון משוגעת אין די אויגן, גענומען א פּען אין האַנט, און ווי א גנבֿ, וואָס קלויבט זיך אָפּצו־טאָן א מיאוסע גנבֿה, שטילערהייט צוגעשריבן צו יעדער שורה א שמוציק וואָרט.

צוועלף מאָל האָט זי געשריבן דאָס זעלביקע וואָרט. דאָס מיאוסע וואָרט האָט זיך אָנגעהויבן קלעפּן צו די פינגער. עס האָט

זי באַגאַסן אַ קאַלטער שווייס. זי האָט אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ און זיך צעיאָמערט הויך אויף אַ קול.

---

ווען זי איז שפּעטער צו צום פענסטער, האָט דער נייער עלעקטרישער שילד געבּרענט אין העלישן גרין און רויט, באַהערשט אַ שטיק פון דעם פינסטערן אָרום און זיך גדלותדיק צעלייגט ביז אַ האַלבן וועג.

— איך וועל דאָ, אין דעם הויז, משוגע ווערן, — האָט זי געזאָגט, — אויב איך בּיים עפּעס נישט איבער, וועל איך חלשן. איך וועל בעטן עסן ביים באַלעבאָס. אַז אַ מענטש פאַרשפּעטיקט אַ מאָלצייט, דאַרף ער שוין הונגערן?

אָבער זי האָט קיינעם נישט באַדאַרפט בעטן. די באַלעבאָסטע איז איר אַליין אַנטקעגנגעקומען. זי האָט געהערט פון אינצידענט און זי איז זי געגאַנגען איבערבעטן.

— איך האָב אים שוין זיין חלק געגעבן, — האָט די פרוי, אַ קיילעכדיקע, אַ שמאַלציקע, מיט אַ ריח פון צעלאָזן שמאַלץ און געפּרעגלטע ציבעלעס, חניפהדיק געזאָגט, — איר מעגט זיך אויף מיר פאַרלאָזן. איך, אַז איך גיב אַ גאָב, איז דאָ וואָס צו הערן.

די באַלעבאָסטע האָט איר געהאָלפן אַרונטערגיין די טרעפּ. זי געפירט אונטערן אָרעם, ווי זי וואָלט געווען אַ קאַליקע.

— איך, פאַרשטייט איר מיך, לאָז זיך נישט שפּייען אין פּנים אַריין, — האָט זי ווייטער גערעדט. — אַ מענטש, וואָס איז צוואַנציק יאָר אַ האָטעל־קיפּער, ווייס ווי צו האַנדלען מיט אַרבעטער. גלויבט מיר, איך בין שוין אין מיין לעבן דורכגעגאַנגען הייס און קאַלטס. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, דאַכט זיך אַ קליינע און אַ גאָרנישט (זי איז געווען אַ צוויי הונדערט־פונטיקע, קורצע, פעטע פרוי), האָב איך שוין געהאַט מיין אייגענעם האָטעל, מיט צוויי הונדערט רומס, מיט פופציק אַרבעטער אויף מיינע הענט. עס איז בלויז איצט, וואָס איך מוז אַרבעטן אויף יענעם, אָבער איך האָף צו גאָט ווידעראַמאָל צו האָבן מיין אייגן ווינקל. איז וויל איך אייך זאָגן, אַז איך האָב דעם ווייטער געגעבן וויפל ס׳איז נאָר אין אים

אריין. בײַ מיר, זאָג איך אים, מאַכט גאָר נישט אויס, ווען אַ מענטש קומט. קומט אַ מענטש שפּעט, זאָג איך, איז שפּעט. אַ באַרדער, זאָג איך, איז שטענדיק גערעכט.

די פרוי האָט אַזוי פון קאָרידאָר אָן, איבערן עס־צימער, און בײַם טיש, נישט אויפגעהערט צו רעדן.

— נעם, מײַן טײַערע, וואָס דײַן האַרץ גלוסט, נעם אַביסל סמעטענע, שמיר אָן פּוטער, ווי עס באַדאַרף צו זײַן. בײַזט דאָך נעבעך אַזאַ אײַדעלע.

די באַלעבאָסטע האָט אַליין אָנגעהויבן שמירן דאָס ברויט מיט פּוטער.

— אַביסעלע פּעטס וועט דיר נישט שאַטן, — האָט זי גע־זאָגט.

יוסטעשאַ האָט זיך געוואָרגן מיט די ביסנס. עס איז איר גע־וואָרן ענג אין האַלז און זי האָט זיך פּאַר דער פרוי אין די אויגן צעוויינט.

— גאָט מײַנער, גאָט מײַנער, — איז זי אַרויס פון עס־צי־מער און נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן. — וווּהין בין איך אַרײַנגעפאַלן? איך וועל דאָך משוגע ווערן! מען קאָן זיך דאָך פון זינען רירן!

אין טאַנץ־זאַל האָט שוין געשפּילט די מוזיק. אויף דער ווע־ראַנדע זענען געזעסן אַ סך מענטשן. יוסטעשאַ איז אַרונטער אויפן פינסטערן וועג און זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן דער משוגענער, ווי זי האָט פאַרנייט דער הונט בויך.

— וווּהין בין איך אַרײַנגעפאַלן? אויף יעדן טראָט ווילדע מענטשן! איבעראַל משוגעים!

עס האָט איר ווײ געטאָן דאָס האַרץ. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי ווערט קראַנק. וואָס ווײַטער זי איז אַוועק פון הויז, אַלץ פינ־סטערער איז געוואָרן און שטילער. זי האָט ממש אָנגעהויבן פילן פיזישע ווייטאָגן. סימנים פון אַ מסוכּנעם חולה. דאָס פּנים האָט געברענט אין פיבער. הענט און פיס האָבן איר ווײ געטאָן. עס האָט זיך איר אָפּגעהאַקט דער אָטעם. — „ווידער אַמאָל פעלדער,

אָבער אַמאָל פעלדער" — האָט זי געמורמלט, געוויינט, און גע־פילט, ווי זי ווערט דערשטיקט.

ווען זי איז צוריקגעקומען צום הויז איז שוין דאָרטן קיינער נישט געווען. עס איז געווען פינסטער, אַלע פענסטער זענען געווען אויסגעלאָשן. זי האָט זיך שטיל אַרויפגעכאַפּט צו זיך אין צימער און אָנגעצונדן ליכט.

---

ווען בען, אַ פאַרבאַהאַלטענער אין סאַד, האָט דערזען ליכט אין איר פענסטער, האָט ער זיך, ווי אַ משוגענער, אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט זי אַ גאַנצן אָוונט אַרומגעזוכט און נישט געקאָנט געפי־נען. צוויי מאָל האָט ער אָנגעקלאַפּט אין איר טיר, און דעם דריטן מאָל איז ער, ווי אַ גנב, אַריין אין איר צימער. זיין האַרץ איז שיער נישט אַרויסגעפאַלן פון אויפרעגונג. עס האָט אים אַרומגע־כאַפּט אַ ריח פון וואַרעמער, זיסער מיידלשקייט, וואָס אַזוינס האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געפילט, און ס'האָט אים אַזש אָנגע־הויבן שווינדלען פאַר די אויגן. ער האָט אין דער פינסטער גע־זען, אַז דאָס בעט איז פאַרבעט מיט דריי קישעלעך, גלייך זי זאָל שלאָפן זיצנדיק. אויף אַ וואַנט האָבן געהאַנגען אַלערליי קליידער. אויף אַ טישל, לעבן שפּיגל, זענען געשטאַנען פאַרשידענע פלעש־לעך, סלאָיעקלעך, קעסטעלעך, און לעבן דער שאַפע, אויף דער ערד — אָן אַ שיעור שיך. עס האָט זיך אים אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ, און מיט נאָך מער שרעק אין האַרצן האָט ער זיך פון דעם צימער אַרויסגעכאַפּט.

ווען ער איז צום סוף מיד געוואָרן אַרומגייענדיק, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין סאַד, אונטער אַ בוים, קעגנאיבער איר פענסטער און געוואַרט אויף איר.

ער איז דאָרטן לאַנג געשטאַנען. דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אויסגעלאָשן. אין סאַד איז געווען שטאָק־פינסטער. דער קלענ־סטער שאָרך האָט אים אויפגעטרייסלט. ער האָט מיט די אויגן, ווי אַ חיה, דורכגעלעכערט די פינסטערניש, טאָמער וועט ער זי דער־זען. איינמאָל איז אַ מאַן מיט אַ פרוי אַזוי נאָענט פאַר אים פאַר־בייגעגאַנגען, אַז זיי האָבן אים שיער נישט אָנגערירט. „דאָ וועט

אונז קיינער נישט זען'' — האָט ער געהערט דעם מאַן זאָגן.. —
,,איך האָב מורא'' — האָט די פרוי געענטפערט. ,,דאַרפסט נישט
מורא האָבן''. ,,קום אַוועק ווייטער פון הויז'', האָט די פרוי גע־
יאָגט.

א ווײַלע שפּעטער האָט ער געהערט א צווייט קול: ,,קום אַריין
אין סאָד אַריין''. אין א ווײַלע אַרום א מיידלש קול: ,,קום אַריין
אין סאָד''. ער איז פּלוצלונג געבליבן שטיין פּנים־אל־פּנים מיט
א נייער פרעמדער וועלט, מיט אַזעלכע אָפענע רייד, מיט אַזוינע
אָפּגעדעקטע תאוות. יעדעס וואָרט האָט געציטערט, געבריט, און זיך
יעשטיקט צווישן ביימער. עס האָט אים אַרומגענומען א שרעק.
ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, — אָט איז ער דאָך אויך אַזא, —
שטייט ער דען נישט שוין צוויי שעה און וואַרט אויף א מיידל?
נאַרט ער נישט אָפּ מילדרעדן? פאַרנאַכלעסיקט ער נישט זיין
אַרבעט?

אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין כּוח זיך צו רירן פון אָרט.
ער איז געשטאַנען, ווי צוגעשמידט צו דער ערד. ווען עס האָט ביי
איר אין צימער א שלאָג געטאָן מיט ליכט, איז ער, ווי א משוגע־
נער, אויפגעשפּרונגען און אין איין סעקונדע פאַרגעסן אַלץ, וואָס
ער האָט נאָר וואָס געטראַכט. דורך די צערוקטע פאָרהאַנגלעך האָט
ער געזען איר שלייכנדיקע פיגור. זי איז אויף א רגע צוגעקומען
צום פענסטער און באַלד פאַרשוואונדן. ער האָט אין מוח אָנגע־
הויבן נאָכפאָלגן, וואָס זי קאָן דאָרט טאָן. ער האָט שוין געקענט
איר צימער און געוווּסט, ווו עס שטייט דאָס בעט און ווו די
קליידער הענגען.

— פאַרוואָס בין איך נישט געשטאַנען ביים טויער און גע־
היט איר אַריינגאַנג? — האָט ער שטיל געזאָגט. — פאַרוואָס
האָב איך זי נישט פאַרהאַלטן ביים טויער?

מיטאַמאָל איז אין צימער געוואָרן פינסטער.

בען האָט אָנגעהויבן ציטערן. ער איז, ווי א חסר־דעה, צו
צום פענסטער.

— יוסטעשא, — האָט ער שטיל אויסגערופן.

קיינער האָט נישט געענטפערט.

— יוסטעשאַ! — האָט ער נאָך העכער אויסגערופן.

זי האָט זיך באַוויזן אין פענסטער. זי האָט ארויסגעבויגן דעם קאָפּ און אַ צעשראָקענע אויסגערופן:

— ווער איז עס?

— איך, בען, — האָט זיין קול געציטערט.

זי האָט זיך אָנגעצונדן. איר קול איז געוואָרן מוראדיק בייז, וואָרנענדיק.

— ווי וואַגט איר אַהערצוקומען אינמיטן דער נאַכט! — האָט זי זיך צעשריגן איבערן גאַנצן דרויסן. — ווער האָט אייך דערלויבט צו קומען אַהער?

עס האָבן אים אָפּגענומען הענט און פיס. ער האָט מורא געהאַט פאַר די פּאָרלעך, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן אין סאָד.

— אַזאַ חוצפּה, — האָט זי ווייטער געשריגן, — ווער בין איך? ווער זענט איר? אַוועק פון דאַנען!

דאָס פענסטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ מוראדיקן קלאַפּ. די שטילע נאַכט האָט זיך אַזש אַ ריר געטאָן. מען האָט געקאָנט הערן, ווי אַ צעשראָקן פויגעלע איז איבערגעפלויגן פון איין בוים צו אַ צווייטן. בען האָט זיך, ווי אַ גנב, ארויסגעכאַפּט פון סאָד, און אָנשטאָט מיט דער סטעזשקע, איז ער ארונטער צום שטאַל דורכן פּעלד. זיינע שיך זענען נאַס געוואָרן פון נאַכטיקן טוי. אין די שלייפן האָבן געהאַמערט העמערלעך. ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. געוואָלט זיך אַליין אָנשפּייען אין פּנים אַריין. און ווען ער איז אַרויף אויפן בוידעם־שטיבל, האָט ער זיך אָנגעטועניערהייט אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין.

### קאַפּיטל זעקס

ווען בען איז אויף מאָרגן געוואָויר געוואָרן, אַז יוסטעשאַ איז מיטן צען־אַזייגערדיקן צוג אַוועקגעפאָרן, האָט ער, מיט אַן אויסרייד פאַר שטיינבערגן, געכאַפּט דעם אויטאָמאָביל און איז אַוועק קיין דיקענסוויל.

אין שטעטל איז געלעגן א פוסטער, הייסער טאָג. אַלץ איז גע־וועזן פאַרחלשט אונטער א ברענענדיקער זון. דער צוג איז שוין געווען אָפּגעגאַנגען. בעו האָט זיך אָנגעהויבן ארומדרייען איבער די גאַסן און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. אין זיין האַרצן האָט זיך געדרילעוועט א לאָך, אַן אויסגעהוילטער לאָך, וואָס ער קאָן איצט מיט גאָרנישט אויספילן. א געמיש פון ווייטאָג, כּעס, אַנטוישונג און שאַנדע האָט אים אינגאַנצן ארומגענומען. ער האָט זיך מורא געהאַט צו באַגעגענען מיט מענטשן, און זיך געהאַלטן ווייט פון מעין־סטריט. — וואָס וואָלט ער געקאָנט ענטפערן, ווען עמיצער שטעלט אים אָפּ און פרעגט אים פאַרוואָס ער זעט אויס אַזוי דערשלאָגן? דערציילן, אַז א מיידל האָט אונטער אים פאַר־האַקט דאָס פענסטער און אָנגעשפּיגן אין פּנים? דערציילן, אַז ער האָט אָפּגענאַרט מילדרעדן? ווי וועט ער זיך איצט קאָנען ווייזן פאַר מילדרעדן?

ווי וואָלט געווען, ווען ער נעמט דעם אויטאָמאָביל און אַנט־לויפט אין שטאָט אַריין? — איז אים פּלוצלינג געקומען א געדאַנק אויפן זינען.

ער האָט אַזוי אַרומגעוואַנדערט א פּאָר שעה, ביז ער איז צו־געקומען צו מיסטער סטעגס אַפּטייק און בייקערס גאַראַזש. לעבן דער אַפּטייק זענען געזעסן אויף א גרינער באַנק שטאָטישע באַלע־באַטים, גערויכערט ליולקעס, געשוויגן און געשפּיגן איינער נאָכן צווייטן, ווי אין א קליינעם כאָר. לעבן גאַראַזש איז געשטאַנען ווי־לי פעלטען מיט א נייעם אויטאָמאָביל. ווילי האָט עס די לעצטע וואָך אויסגעביטן דעם אַלטן פאָרד אויף א נייער „שעווי״, און א האַלבער טוץ מענטשן האָבן אים באַטראַכט מיט מבינות.

— א שעווראָלעי, — האָט געזאָגט מיסטער בעיקער דער גאַראַזש־מאַן, א הויכער, דינער, אין אָוועראָלס, אַן איינגעטונקע־נער אין אייל און דזשעגאַכץ, — א שעווראָלעי קאָן מען שוין אָנ־רופן אויטאָמאָביל. אויף אַזאַ קאַר קאָן מען זיך פאַרלאָזן. א פאָרד איז ביי מיר א „טין קען״.

— און איך קאָן דאָס נישט זאָגן, מיסטער בעיקער, — האָט געענטפערט ווילי פעלטען גרויסהאַלטעריש, מיט ביידע הענט

אין די הויזן־קעשענעס. — איך האָב גאָר נישט אויסצוזעצן קעגן פּאָרדן. דער פּאָרד האָט מיר געטריי געדינט אין אַלע וועטערן.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אַן אַלטער פּאַרמער, וואָס איז געקומען פון אַרום ניוטאָן. זיין פּנים פּאַרוואַקסן האָט אויסגעזען, ווי אַ ריב־אייזן. אין מיטן הייסן טאָג האָט ער געטראָגן הויכע שטיוול, די אָוועראָלס צעפליקטע, און דער הוט, ווי אַ דורכגעשאָסענער, איז געווען פול מיט לעכער.

— איך מיין, אַז אַ פּאָרד איז די איינציקע קאַר, וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר אַ פּאַרמער, — האָט ער געזאָגט. — ווען איך בלייב אַמאָל שטעקן מיט מיין מאַשין, טראָג איך זי מיר אַליין אַרויס פון דער בלאָטע.

— דו מוזט זיין אַ קרעפּקער מאַן, פרעמדער, — האָט אים מיסטער בעיקער אַ טאַפּ געטאָן פאַר אַ האַנט.

— נישט אַזוי שטאַרק, ווי געווען, אָבער אַ פּאָרד קאָן איך נאָך אויפהויבן.

— ביי אונז אין דיקינסוויל זענען שוין נישטאָ די אַמאָליקע גיבורים, — האָט זיך בעיקער צעלאַכט. — אַלע זענען געוואָרן ציוויליזירט, אַלע זענען האָטעל־לייט. מיר גלייבן שוין מער נישט אין שווערער אַרבעט. נישט אַזוי, בען?

— ביי אונז בויט מען אויך האָטעלן, — האָט דער פּאַרמער זיך נישט געלאָזט אָוועקמאַכן, — איין האָטעל האָט אויסגעבויט אַ ייד, און אַ צווייטער ייד בויט די ניוטאָן אינן.

— סאָליוואַן קאַונטי ווערט אַ וואַשנער געגנט, — האָט איינער פון עולם אַריינגעוואָרפן.

— איך מיין אַזוי, — האָט געענטפערט ווילי פעלטען.

— האָטעלס און האָטעלס, — האָט געזאָגט אַ צווייטער, — וווּ מען קערט זיך, פּאַלאַצן. מען זאָגט, אַז די קאַמישע אינגן נעמט אַריין טויזנט מענטשן.

— און די אָווערלוק, — האָט זיך געגרויסט מיסטער בעיקער, — און די פלעגלער, און די הייזער אַרום סעקעט־לעיק.

— אין מיינע צייטן איז אַנדערש געווען, — האָט דער פּאַרמער פון ניוטאָן אַרויסגענומען די ליולקע, זי אָנגעשטאָפּט און

אַ שמיר געטאָן אַ שווערבעלע איבער דעם אוועראָל פון רעכטן פוס, — אַמאָל איז אַלץ אַנדערש געווען.

— אַנדערש און גוט אין דער ערד, — האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול מיסטער בעיקער. — ווען וואָלט זיך אַ פאַרמער געקאָנט דערלויבן אַן אויטאָמאָביל? איצט, פרעמדער, האָבן אַלע עלעקטריק אין הויז.

בעת האָט זיי איבערגעלאָזט איגמיטן שמועס און איז אַוועק צום וואָקזאַל. דאָרטן האָבן שוין געווינט, אי אָרעמע פאַרמער, אי אַרבעטער. די הייזער זענען געווען אָרעמע, איינגעטונקען אין סאַזשע. פון ווייטן איז געשטאַנען מיסטער קיידערס האָלץ־סקלאַד און תבואה־שפּייכלער. די ניו־יאָרקער פירמע בוירנס בראָדערס האָט דאָרטן געהאַלטן איר קוילן־סקלאַד. הויכע, אייזערנע רוש־טאָוואַניעס האָבן זיך געהויבן אין דער לופטן. פון דער הויפּט־ליניע האָט זיך אַהין אַריינגעצווייגט אַ געבויגענע שינע, אויף וועלכער עס זענען געשטאַנען פיר וואַגאָנעס אָנגעלאָדענע מיט קוילן. עס איז דאָרטן געווען הייס, פוסט, די טיר פון וואָקזאַל פאַרשלאָסן און בענען האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז יוסטעשאַ דרייט זיך דאָ ערגעץ אַרום און אַז ער וועט זי דאָ באַלד באַגעגענען.

מיטאַמאָל איז צוגעפאָרן צום וואָקזאַל, מיט רעש און גע־פּילדער, אַ קליין וועגעלע, איינגעשפּאַנט מיט איין פערד. פון וועגל איז פלינק און גרויס־שטאָטיש אַרויסגעשפּרונגען אַ יונגע פרוי און איז פונקט אַזוי רעשיק צו צו בענען —

— ווען גייט אָפּ דער צוג?

— דער מאָרגן־צוג איז שוין לאַנג אָפּגעגאַנגען, — האָט בען מיט דרך־ארץ געענטפערט, — דער נאָכמיטאָג־צוג גייט אָפּ פינף אַזייגער.

—שוין אָפּגעגאַנגען? — האָט זי נישט מיט איר קול אויס־געררופן און אַ בייזע זיך אומגעקערט צום פאַרמער, וואָס האָט געהאַלטן אין אָראָפּטראָגן אירע וואַליזעס. — וואָס וועל איך איצט טאָן? איך מוז דאָך נאָך היינט זיין אין שטאָט!

זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט.

— איך מוז זיין אין שטאָט דאָס שפּעטסטע זיבן אַזייגער. עס איז גאָר נישטאָ קיין אַנדער וועג?

— פון פּאָלסבוירג גייט אָפּ אַ צוג האַלב נאָך צוויי, — האָט געענטפערט בען.

— וווּ איז פּאָלסבוירג? ווי אַזוי קומט מען אַהין? — איז זי אַלץ פאַרצווייפלטער געוואָרן.

— איך גלויב קוים, צי איר וועט קאָנען איינפאָרן מיט אַ פערד ניין מייל אין דריי פערטל שעה, — האָט בען אַ קוק געטאָן אויפן זייגער.

די פרוי האָט אַזש אָנגעהויבן ברעכן די פינגער.

— פאַרוואָס האָט איר מיך פאַרפירט? וואָס קאָן איך איצט טאָן?

— דער איינציקער וועג איז צו נעמען אַן אויטאָמאָביל, — האָט בען געזאָגט.

— וווּ?

— אין גאַראַדזש.

— וווּ זענען די גאַראַדזשעס?

— איך קאָן אייך אַהין צופירן.

— איר זענט דאָ מיט אַ מאַשין? — האָט זי זיך דערפרייט.

— איך האָב אָבער קיין צייט נישט, — האָט בען געענטפערט.

— אָ, טוט מיר אַ טובה, — האָט זי זיך אָנגעהויבן בעטן,— איך וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. איך וועל אייך באַצאָלן וויפל איר ווילט. איך מוז זיין אין שטאָט זיבן אַזייגער.

די פרוי איז געווען אַ שיינע, מיטל־וווּקסיק, מיט יונגע פּיס, האָט מען אויף שנעל איבערגעטראָגן די וואַליזעס אין אויטאָמאָביל און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן בענען.

— מיר זאָלן כאָטש איצט נישט פאַרשפּעטיקן, — האָט זי נערוועז געזאָגט.

— מיט אַ פאָרד פאַרשפּעטיקט מען נישט, — איז בען רויט געוואָרן.

— איך האָב אַ גאַנצן פרימאָרגן זיך געבעטן בײַ אים: זעט, פאַרשפּעטיקט נישט, און ער: — פאַרלאָזט זיך אויף מיר.

— פונוואַנען קומט איר דען?

— אַ שאַנדע צו דערציילן. בין געפאָרן אויף וואַקאַציע, און אַרײַנגעפאַלן אויף אַ פאַרם, ערגעץ לעבן ניוטאָן.

— ווײַט פונדאַנען?

— איך ווייס אַליין נישט. איך ווייס בלויז, כ'האָב געדאַנקט גאָט, ווען איך בין שוין אַנטלאָפן פון דאָרטן.

— איר אויך אַנטלאָפן? — איז בען זייער רויט געוואָרן.

— וואָס מיינט איר? — האָט זי אויף אים אַ וואָרף געטאָן איר שיין פּנים.

בען האָט מער נישט געענטפערט. דער אויטאָמאָביל איז גיך געלאָפן. זיי זענען שנעל פאַרבײַ דערפער, גרויסע האָטעלן און פאַרמס.

— איר זענט אַ היגער? — האָט זי ווײַטער געפרעגט.

— איך אַרבעט דאָ. מײַן באַלעבאָס האָט אַ גרויסן האָטעל.

— אָ, ווען איך ווייס.

זיי זענען אָנגעקומען קיין פאַלסבוירג פונקט צו דער מינוט. דער אויטאָמאָביל און צוג זענען געבליבן שטיין אין דער זעלבער צייט. בען האָט שנעל אַרויסגעטראָגן אירע זאַכן און זי אַרײַנגעזעצט אין אַ באַקוועמען זיץ. די פרוי האָט אים דערלאַנגט אַ פינף־דאָלערדיקן.

— ס'איז צופיל, — האָט ער געזאָגט.

— ס'איז בײַ מיר די ווערט צען מאָל אַזוי פיל, — האָט זי געענטפערט, — אַ צווייטן מאָל קום איך צו אײַך.

זי האָט אים דערלאַנגט איר אַדרעס און געדריקט די האַנט.

— קומט מיך זען, ווען איר וועט זײַן אין שטאָט.

אינדרויסן האָט בען באַהאַלטענערהייט איבערגעלייענט דעם אַדרעס: וויאָלאַ בורסטין, סעקאָנד עוועניו, ניו־יאָרק. — ס'איז דאָך אויפן ווינקל פערטע גאַס, — האָט ער שטיל און מיט פרייד געזאָגט צו זיך אַליין, — נישט ווײַט פון מײַן מאַמען. מיט־אַמאָל האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט פון אַ פענסטער געזען

יוסטעשאַן. ער איז געוואָרן צעטומלט און זיך געלאָזט צוריק צום צוג. דער צוג האָט געריִרט פון אָרט. בעז האָט אָנגעהויבן לויפן. דער צוג האָט זיך שנעלער צעריִרט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעהויבן פייפן הויך און וואָרנענדיק. בעז האָט אַרויסגעכאַפּט אַ טיכעלע פון קעשענע, און ער וואָלט געוועזן קאָנען שווערן, אַז עמעצער האָט צו אים צוריקגעפאָכעט.

## קאַפּיטל זיבן

דריי טעג האָט זיך בעז נישט געוויזן אין שטוב. ער איז אַ קראַנקער געלעגן אין בעט. מילדרעד האָט אים געטראָגן עסן און ער האָט איר נישט געקאָנט קוקן אין די אויגן. אויפן פערטן טאָג איז ער אַרויף צו דעם גרויסן הויז זוכן אַן עלטערן מענטשן, מיט וועמען יוסטעשאַ איז אַ פּאָר מאָל געזעסן אויף דער וועראַנדע.

— איך האָב יוסטעשאַס אַ פּאָר קליינינקייטן, — איז ער רויט געוואָרן פון זאָגן אַ ליגן.

דער עלטערער מענטש האָט נישט געוווּסט, וואָס ער רעדט.

— איך מיין, אפשר האָט איר איר אַדרעס, — האָט ער געשטאַמלט, — איך דאַרף איר עפּעס אָפּשיקן.

— וועמען? ווער? איך ווייס נישט, וואָס איר רעדט, — האָט דער פרעמדער אים אָנגעקוקט.

— דאָס מיידל, וואָס איז מיטוואָך אַוועקגעפאָרן, — האָט זיך בעז אינגאַנצן פאַרלוירן.

— אָ, די אַקטריסע! איר מיינט מיס רובי?

— ניין, איך מיין יוסטעשאַן. די, מיט וועלכער איר פלעגט אַמאָל רעדן.

— די מיין איך טאַקע, — האָט יענער געענטפערט, — די אַקטריסע, וואָס פלעגט גיין שווימען אָנגעטאָן.

— זי הייסט דען רובי? — איז בעז בלייך געוואָרן. — זי איז אַן אַקטריסע?

— אַזוי האָט זי מיר געזאָגט, — האָט דער מאַן געצויגן מיט די אַקסלען, — און ביי אייך הייסט זי ווי? פּעסטעשאַ?

בענ׳ן האָט אַרומגעכאַפּט אַ מוראַדיקע שאַנדע. זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן דעם מאַן אין די אויגן און איז פון אים שנעל אַנטלאָפן.

— זי הייסט גאָר רובי... זי איז גאָר אַן אַקטריסע.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער אויסגעמיטן די שטוביקע. ער האָט זיך געשעמט צו ווייזן דאָס פּנים און מורא געהאַט צו באַגעגענען מילדרעדן. פון אומעטום, האָט זיך אים געדוכט, ווערן אָפּגעדעקט סודות, לויפן אים אַנטקעגן ליגנס. אַלע ווייסן אַלץ. מען האָט אים נאָכגעקוקט, ווען ער האָט זיך מיט איר געשיפט, ווען ער איז געשטאַנען אונטער איר פענסטער. עס איז אים געוואָרן זייער ענג אויפן פאַרם און ער איז ווידעראַמאָל אַנטלאָפן קיין דיקינסוויל.

— איך מוז זי נאָכאַמאָל זען, — איז ער אַרומגעלאָפן איבער די פּאָר גאַסן, — איך מוז אויסגעפינען, ווער זי איז. איך מוז איר וואַרפן אין פּנים אַריין די באַליידיקונג.

די באַליידיקונג האָט אים משוגע געמאַכט. זייענדיק ווייט פון פאַרם, האָט ער איצט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מילדרעדן, אָן זיין אַרבעט. אַ פרעמד, מוראַדיק געפיל פון אויפרעגונג, פון אַ צערודערטקייט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט, האָט אים אינגאַנצן באַהערשט. דאָס, וואָס האָט אין אים געדרימלט אַלע פיר און צוואַנציק יאָר פון לעבן, האָט פּלוצלינג אויפגעוואַכט מיט אַ ווילדן פייער. נישט זעענדיק מער פאַר די אויגן דאָס שטאָטישע מיידל, האָט זי זיך פאַר אים געמאָלן נאָך טויזנט מאָל שענער. אין דער נאָז זענען אים געקראָכן רייצנדיקע ריחות. עס זענען געשטאַנען פאַר די אויגן איר דורכזיכטיק פּנים, אירע ווונדערלעכע הענט.

— ווי אַזוי קאָן ער מיט איר כאָטש נאָך איין מאָל רעדן? אין ניו־יאָרק וואָלט ער זי אפשר אויסגעפונען. ווי אַזוי קומט מען קיין ניו־יאָרק?

אַ ווילד פייער האָט אַלץ העלישער זיך געשפּרייט אַרום זיין האַרץ. זיינע געדאַנקען זענען פיבערדיק געפלויגן אין מוח.

וואָס פאַר אַ תּירוץ קאָן ער אָנגעבן שטיינבערגן אַריינצו־פאָרן אין שטאָט אַריין?

מיט וואָס פאַר אַן אויסרייד קאָן ער אַהיימקומען צו דער מאַמען?

אין פאַרצווייפלונג, אין באַליידיקונג זענען אים געקומען אַלערליי אומזיניקע געדאַנקען אין קאָפּ. ער וואָלט איצט געקאָנט אָפּטאָן אַ מיאוסקייט, פון וועלכער ער וואָלט מיט צוויי וואָכן פריער אפילו נישט געקאָנט טראַכטן. ווען ער איז צוגעקומען צום פּאָסט־אָפיס, איז ער אָן אַ ברעקל באַוווּסטזיין אַריין אינעווייניק און אָנגעהויבן שרייבן אויף אַ געל בייגעלע פּאַפּיר, וואָס איז דאָרטן געלעגן פון דער טעלעגראַף־קאָמפּאַני.

ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער טוט, וואָס ער שרייבט און איז געבליבן אַ פאַרציטערטער שפּעטער אין אָוונט, ווען ווילי פעלטען האָט צו אים אַליין געבראַכט אַ טעלעגראַמע „קאַם האום עט וואָנס".

אין קליינעם שטיבל איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. האַלבּ־נאַקעט איז די גאַנצע משפּחה אַרום אינדרויסן און אויפן ערשטן מאָמענט האָט מען זיך גאָר פאַרגעסן, אַז דאָרטן געפינט זיך אַ בענזשאַמין קעסטין.

— מן־הסתּם זוכסטו עמעצן אין דעם גרויסן הויז, — האָט שטיינבערג אַ צעטראָגענער געענטפערט ווילין.

ווילי פעלטען איז געזעסן אין נייעם אויטאָמאָביל. די צוויי שאַרפע פּראָדזשעקטאָרס האָבן פאַרגאָסן מיט ליכט אַ שטיק לאַנד, די נידעריקע וועראַנדע און אַ האַלבע וואַנט.

— אייער בענען מיין איך! — האָט ער געשריגן.

— אונזער בענען? — האָט שטיינבערג אויסגערופן. — עפּעס אַן אומגליק?

— בענען?! — איז אַרויסגעשפּרונגען מילדרעד. — אַ טע־לעגראַמע פאַר בענען!

— אונזער בען! — איז געבליבן שטיין, ווייס ווי קאַלך, בערטע.

דער טומל איז געוואָרן אַלץ גרעסער. אַרטור איז געלאָפן צום שטאַל. מילדרעד האָט געשריגן אין אָפענעם פענסטער. אין דעם ליכט פון פּראָזשעקטאָר האָט איר פּנים אויסגעזען געל־גרין.

בען איז אין בלויזע אָוועראָלס אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ. זיין פּנים איז געווען ווייס, ווי ביי אַ מת. עס האָט אים געוואָרפן אַ צאָן אין אַ צאָן. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז די טעלעגראַמע וועט טאַקע אָנקומען. ערשט איצט איז אים קלאָר געוואָרן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. — אַ טעלעגראַמע האָט דאָך אַ שטעמפּל, פונוואַנען זי קומט, — האָט אים שנעל אָנגעהויבן האַקן אין קאָפּ. — מען קאָן זיך דאָך כאַפּן, אַז די טעלעגראַמע קומט פון דיקענסוויל.

פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז געשטאַנען ווי אַ געליימטער. מילדרעד האָט אָנגעהויבן לייענען הויך אויפן קול: — „קאַם האום" — און האָט זיך צעוויינט. מיסעס שטיינבערג האָט אויך אָנגעהויבן וויינען. דער אויטאָמאָביל האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעקירעוועט און אַלעמאָל שיינענדיק באַלויכטן אַן אַנדער ווינקל. אַ ווייס ליכט איז געפאַלן אויף אַ בוים, פאַרענטשע, אויף גלייך אויסגעלייגטע בייטן און אויפן קופּקעלע האַלב־נאַקעטע, צעשראָקענע מענטשן.

— אויב עס זאָל זיין אַ פאַל פון קראַנקהייט, — איז דער ערשטער צו זיך געקומען שטיינבערג און אָנגעהויבן אויספּשטלען די טעלעגראַמע, — וואָלט דאָרטן געשטאַנען... און אויב אַן אומגליק — אין צייט פון אַן אומגליק זענען מענטשן נישט אויסגערעכנט און רופן אָן דאָס אומגליק מיטן נאָמען.

ערשט איצט האָט זיך בען געכאַפּט, אַז מילדרעד האַלט די טעלעגראַמע און ער האָט זי אַרויסגענומען פון אירע הענט. זיין פּנים איז געווען אַזוי פאַרענדערט, אַז אַלע האָבן זיך דערשראָקן פאַר אים.

— עס איז זיך נישטאָ וואָס צו שרעקן, — האָט שטיינבערג ווייטער געזאָגט, — נעם דעם פאָרד און פאָר אַרויס מיטן באַגינען.

מילדרעד האָט אָנגעהויבן שטיל וויינען און אין דער שטיל

זיך געשפּאַרט מיטן טאַטן, אַז ס'האָט דאָרטן יאָ געטראָפן אַ גרויס אומגליק.

— און אפשר זאָלסטו שוין פאָרן? — איז שטיינבערגס אויפסניי צעטומלט געוואָרן. — ווי וואָלט געווען, ווען דו פאָרסט איצט אַרויס און קומסט אָן אין שטאָט אַריין מיטן באַגינען?

— פאָרן ביינאַכט? — האָט זיך מילדרעד מער נישט גע־קאָנט קאָנטראָלירן און אַרויסגעפּלאַצט הויך אויפן קול.

— ביינאַכט איז נאָך בעסער צו פאָרן, — האָט זי שטיינ־בערג געטרייסט, — איך אַליין האָב בעסער ליב צו טרייבן אַ קאַר ביינאַכט.

מען האָט מער נישט גערעדט. מען האָט אָנגעהויבן אַרויס־טראָגן פון הויז העמדער, סוועטערס און סענדוויטשעס. בען האָט נישט געוווּסט, אויף וואָסער וועלט ער איז. מען האָט געטופּעט מיט שווערע פיס. יעדע מינוט האָט געקלאַפּט די דראָטענע טיר מיט אַ לייבטן און זייער הויכן קלאַפּ. מען איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ לאַמטערן, באַטראַכט דעם אויטאָמאָביל, באַטאַפּט די גומענע רעדער, געשטופּט בענען געלט אין קעשענע און ווען ער איז שוין געזעסן ביים דריי־ראָד, האָט אים מילדרעד איינגעדעקט די קני מיט אַ קאָלדרע און אַ וויינענדיקע געזאָגט:

— פאָר געזונט!

## קאַפּיטל אַכט

ווען בען איז שוין געווען אויף יענער זייט בריק און אויפן געפּלאַסטערטן וועג, האָט ער זיך מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לאַנגן שלאָף. צוערשט האָט ער נישט געוווּסט, וואָס מיט אים קומט פאָר. ער האָט געהאַט אַ געפיל, אַז אין הויז איז עמעצער זייער קראַנק און אַז ער לויפט ברענגען אַ דאָקטאָר. אָבער ביס־לעכווייז איז ער געקומען צו זיך און עס איז אים באַלד אַלץ קלאָר געוואָרן. אַ פחד האָט אים אַרומגענומען. עס האָט אים אָנגעהויבן וואַרפן אין היץ און אין קעלט — וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטאָן?

וווהין לויפט ער? וואָס וועט ער זאָגן דער מאַמען? ווי אַזוי וועט ער צוריקקומען אויפן פאַרם? נישט אַנדערש, ער איז משוגע געוואָרן, פון זינען געריררט.

מיט דער גאַנצער שווערקייט פון רעכטן פוס האָט ער געטראָטן אויף דעם גאַז־טרעטער און דער אימפעט פון דער מאַשין האָט זיך מיט יעדער מינוט פאַרדאָפּלט. אַ ריזיק שטיק שוואַרצע גבורה, מיט אַן אינעווייניקסטן בלינדן כוח, האָט זיך געריסן און פאַרמאָסטן מיט אַ צווייטער שוואַרצקייט, מיט אַ בלינדער, פינסטערער נאַכט, וואָס האָט אַרומגענומען און איינגעהילט אַלע בערג, טאָלן, משופּעדיקע וועג־בויגן און טיפע אָפּגרונטן. דער ווינט האָט אים געשמיסן אין פּנים אַריין, געריסן דעם דאַך פון דער אָפענער קאַר, געוואָיעט אין די אויערן ווי אַ סטאַדע וועלף און ער, שטאַרק, מעכטיק, יונג, האָט שיכּור, אַזאַרט־מעסיק, געשאָסן גאַז אין עקזילערייטאָר און זיך געשלאָגן מיטן חושך.

ער האָט איצט אינגאַנצן פאַרגעסן אין דעם שטאָטישן מיידל. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען מילדרעד. דער ברייטער, שטאַרקער, פאַרשיכּורטער יונג איז פול געוואָרן מיט רחמנות, ווייטאָג, געוויסנסביסן — ווי אַזוי וועט ער איצט קאָנען קוקן מילדרעדן אין די אויגן? ווי אַזוי קאָן ער זי איבערלאָזן? — ניין! ער מוז זיך אומקערן. ער וועט שוין אויסטראַכטן עפּעס אַ תּירוץ. ער וועט איר זאָגן, אַז ער האָט צוריק טעלעגראַפירט, אַז אין דער היים איז שוין אַלץ אָל־ראַיט.

פונדעסטוועגן האָט ער מיט יעדער מינוט פאַרשנעלערט דאָס פאָרן. ער האָט, ווי אַ ווינט, דורכגעריסן דיקענסוויל. די קראָמען אויף ביידע זייטן מעין־סטריט זענען געווען פינסטער, אויסגעלאָשענע. די גאַס צוויי מאָל אַזוי ברייט. ער איז אַראָפּ דעם משופּעדיקן באַרג און ווי אַ רוח וואָלט אים געיאָגט, איז ער ווידער פאַרשלונגען געוואָרן אין פינסטערניש, צווישן טאָלן, בערג און וועלדער. פאַר אים, אין פראָנט פון דער מאַשין איז געלאָפן דאָס שאַרפע ליכט פון די פּראָזשעקטאָרס און ער האָט געזען, ווי מי־

ליאָגען קליינע פליגעלעך, ווי קליינע כמאַרעס, יאָגן זיך גלייך אין די לאָמפּן און ווערן דאָרטן פאַרברענט.

— איך קאָן אויסטראַכטן אַ תּירוץ פאַר מילדרעדן, — האָט ער ווייטער געטראַכט, — מילדרעד וועט מיר גלויבן.

מיטאַמאָל איז ער אַרויף אויף אַ בריק, וואָס ער האָט פון ווייטן נישט געזען, און גלייך דערביי האָט זיך דער וועג אַ שאַרפן בויג געטאָן, ווי אַן עלנבויגן. ער האָט מיט אַלע כּוחות אַ טראָט געטאָן אויף די ברעיקס, אַז דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַזש אויפגעהויבן פון דער ערד. איין סעקונדע און ער וואָלט זיך איי־בערגעקערט. עס איז אים אַזש געקומען אַ סלינע אין מויל — די פאַרדאַמטע פאָרדס! — האָט זיך אַ קללה אַרויסגעריסן פון זיין מויל. — זיי זענען לייכטער פון פעדערן.

אָבער דעם קאַמף מיט דער שוואַרצער נאַכט האָט ער שוין נישט אָפּגעלאָזט. אַזוי שנעל, ווי ער איז ווידער געווען אויפן גלייכן וועג, האָט ער ווידער צעריסן די פינסטערניש, זיך געיאָגט גלייך אין אָפענעם מויל פון חושך. ווילד, גבורהדיק, און דורכגעריסן דערפער, בריקן, וועלדער און משופּעדיקע וועג־בויגונגען, ווי ער וואָלט געווען אַ געפּאַנצערטער זיגער, וואָס איז געקומען איינגע־מען די וועלט.

ווען ער איז צוגעקומען צו סאָפּערן, האָט שוין אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג. דאָ האָט שוין געשמעקט מיט שטאָט, מיט קוילן און פאַבריקן. דער וועג איז געווען אַ צוויי מאָל ברייטער, אַ מעקעדעם־אויסגעבעטער און געגלאַנצט אין סמאָלע. איבער אַ ווינקל הימל האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעשפּרייט אַ פּאַרטאַגי־קע בלאַסע ליכט. עטלעכע לאָקאָמאָטיוון האָבן ביים ברעג וועג מאַנעווּרירט איבער גלאַנציקע שינעס. אַ שטיין־ און זאַמד־פּאַ־בריק האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן פאַרן טאָג אַרבעט. די הויכע קוימענס האָבן געזעצט מיט שוואַרצן רויך. צעגנדליקער פאַר־שטויבטע מענער מיט בלעכענע טעפּלעך אונטער די אָרעמס זע־נען פאַרחושכטע געקראָכן איבער וועגן. זיי זענען אָנגעקומען פלוצלינג, פון איבער פּלויטן, אונטער בריקן, ווי גייסטער פון פאַרהוילענע היילן.

די קעטסקיל־בערג האָט מען שוין געזען בלויז פון דער ווייטן. דאָ, מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן, זענען געלעגן די צעריסע־נע, שטיינערדיקע הויכקייטן; אָפּגעדעקטע, ווי אָפּענע וווּנדן, אין וועמענס איינגעווייד עס האָבן זיך געראָיעט אַלערליי מאַשינעס, רייסנדיק שטיקערווייז — שטיין, זאַמד, סקאַלעס פאַר די אָנגע־גרייטע לאַסט־וועגענער, וואָס זענען געשטאַנען נאָך פון נעכטן אָן.

בען איז געוואָרן אינגאַנצן אַ צענומענער. שוין עטלעכע יאָר, ווי ער איז נישט געווען אין ניו־יאָרק און די נאָענטקייט פון דער גרויסער שטאָט האָט אים פאַרשיכּורט. ער האָט אין אַלץ פאַרגעסן. ער האָט נישט געטראַכט, וווּהין ער פאָרט, פונוואַנען ער לויפט. אים האָט בלויז געקלאַפּט אין מוח — שטאָט, טומל, גערויש, עפּעס אַזוינס, פונוואַנען ער האָט זיך שוין געהאַט אינ־גאַנצן אָפּגעריסן און וואָס איז איצט גאָר פּלוצים צוריקגעקומען.

ער איז געוואָרן הונגעריק און זיך אָפּגעשטעלט לעבן ערשטן רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן. דער רע־סטאָראַן האָט אויסגעזען ווי אַ וואַגאָן פון אַ צוג און איז גע־שטאַנען אויף רעדער. אינעווייניק איז דער וואַגאָן געווען שמאָל און לאַנג, מיט הויכע בענקלעך, אָן פאַרענטשעס, לעבן אַ לאַנגן טיש, און אַלע בענקלעך זענען געווען צוגעשרויפט צום דיל. דאָס צימער איז געווען אָנגעפילט מיט אַ ריח פון געבראָטן חזיר־פלייש און געפּרעגלטע ציבעלעס. ביים לאַנגן טיש זענען געזעסן אייזנבאַן־אַרבעטער און וועכטער. כאָטש עס איז נאָך געווען פאַ־גינען, האָט שוין הייזעריק געסקריפּעט אַ גראַמאָפאָן.

— העלפּ יור סעלף, — האָט אַ מאַן אין שמוציקן ווייסן, מיט אַ געל־פאַרלאָפן פּנים געזאָגט צו בענען.

בען האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף איינער פון די הויכע שטולן, זיך אַ דריי געטאָן צוזאַמען מיט דער שטול און אויסגע־שטרעקט אַ האַנט צו די אָנגעשטעלטע מאכלים.

— ווי ווייט איז ניו־יאָרק? — האָט ער געפרעגט.

— צוויי און פערציק מייל, — האָט איינער פון די אַר־בעטער געענטפערט.

— עס איז גראָד פינף און פערציק, — האָט דער מאַן אין ווייסן פון אונטערן טיש געענטפערט.

— ווי אַזוי רעכנסטו? — איז צווישן גאַנצן עולם געוואָרן אַ שפּאַרעניש.

— ווי אַזוי? אָט ווי אַזוי, — האָט דער מאַן אין ווייסן געֿנומען ווייזן זיין קענטשאַפט. — ביז העקענסעק איז אַכצן מייל? פון העקענסעק זיבן און צוואַנציק? איז וויפל איז עס צוזאַמען, נישט פינף און פערציק?

— אָ, דו מוזט אוודאי רעכענען ביז צוויי און פערציקסטע סטריט?

— וואָס דען, מיינסטו, וועל איך מאַן? ניו־יאָרק הויבט זיך ביי מיר אָן ביי טאַימס סקוועל.

ער האָט זיך אומגעקערט צו בענען.

— אויב גוט פאָרן, דאַרפסטו זיין אין שטאָט האַלב נאָך זעקס.

אַלע האָבן אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז געווען פונקט פינף.

— עס איז אַביסל צו שנעל צו פאָרן פאַר אַ פאָרד, — איז בען רויט געוואָרן.

— איך מאַך מיט אַ פאָרד פערציק מייל אַ שעה. פונוואַנען קומסטו?

— פון די בערג.

ווידעראַמאָל האָבן אַלע אויף אים אַ קוק געטאָן.

בען האָט אַרויסגענומען אַ קנאַקעדיק פינפערל, עס צעשפּרייט איבערן שמאָלן טיש און עס צוגעהאַלטן מיט אַלע פינף פינגער.

— ביי אונז זענען דאָ אַזוינע בערג, וווּ אַ פאָרד קאָן קוים אַרויפקריכן.

דער מאַן אין ווייסן האָט אים צוריק אויסגעצאָלט פיר קנאַקעדיקע דאָלאַר בילס און זעקס קליינע צען־סענטיקעס.

— קענסטו, בחור, נישט טרייבן קיין פאָרד. דו גיב מיר דיין קאַר און איך וועל מיט איר אַרויפקריכן אויף אַ וואַנט.

דער גאַנצער שמועס, דאָס סקריפּען פון גראַמאָפאָן, די הייסע קאווע, האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ געהויבענער שטימונג. ער האָט ווילינגעריש צוריקגעוואָרפן אַ ווייסן דאַים און זיך מיט אַלעמען צעזעגנט.

— גוד באַי, באָיס, — האָט ער הויך אויסגערופן.

— קאָל עגעין, — האָט דער מאַן אין ווייסן געענטפערט.

---

דעם גאַנצן פרימאָרגן און דורך דעם גאַנצן טאָג, איז בען געווען זייער פאַרנומען. ער האָט זיך זייער שטאַרק געפרייט מיט דער מאַמען און מיטן הויזגעזינד. אַזוי שנעל, ווי ער האָט אָפּגעזאָגט דעם ליגן, — אַז דער באַלעבאָס האָט אים געשיקט איינקויפן זאַכן, וואָס מען קריגט נישט אין די בערג, — איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון הארצן און ער איז געוואָרן זייער פריילעך. עס איז אים אינגאַנצן אַרויס פון זינען דאָס, צוליב וואָס ער איז אַהער, ווי אַ משוגענער, געלאָפן. די מוטער האָט אים געהאַלטן אין איין קושן. זי האָט אים שוין אַ פּאָר יאָר נישט געזען און זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָנפרייען מיט אים. דער בחור איז דורך די עטלעכע יאָר אויסגעוואַקסן אַ מאַן. זי האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז דאָס איז טאַקע איר בעני — אַזעלכע פּלייצעס, אַזאַ הויכע ברוסט, אַזאַ געזעצט, טיף קול, און ווען ער איז געזעסן ביים טיש, האָט זי נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן פון דעם פּנים, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אָפּגעפּוצטער קופּער.

בען האָט גערעדט און גערעדט. זיין קול איז געווען פול מיט פרייד. ער האָט דערציילט, ווי ער האָט אינגאַנצן איבערגעבויטן די פאַרם — עס אַרבעטן ביי אים שטענדיק דריי אינקובאַטאָרן. פון דעם הויז איז געוואָרן אַ האָטעל. מען באַאַרבעט מער, ווי פופציק אַקער לאַנד און איבעראַיאָר, האָפט ער, וועלן ביי אים אַרומלויפן דריי טויזנט הינער.

— איך דאַרף אַרונטערגיין טעלעגראַפירן, — האָט ער זייער וואַזשנע זיך אויפגעהויבן פון טיש.

— לייג זיך צוערשט צו, — האָט די מאַמע געזאָגט, — ביסט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

— וואָס אַרט מיך אַ נאַכט שלאָפן? — האָט ער זיך אויפ־געהויבן.

פול מיט פרייד אין האַרצן, אַ באַפרייטער, אַן אָנגעהויכטער מיט דער מאַמעס ליבע, איז ער אַריין אין אַ טעלעגראַף־סטאַנציע און אַוועקגעשיקט אויפן פאַרם אַ טעלעגראַמע:

„מאָרגן קום איך אַהיים”.

עס איז אים אַפילו נישט געקומען אויפן זינען צו גיין זוכן יוסטעשאַן. זי איז אינגאַנצן אַרויס פון זיין געדאַנק. ער האָט גע־פילט די פרייד פון אַ היים. געשמעקט מיט צעפלאַסענער זשעד־נעקייט די היימישע ריחות. געטראַכט פון מילדרעדן און זיך גע־לאָזט גיין זוכן אַ מתנה פאַר איר.

— פון איצט אָן וועט זיך ביי אונז אָנהויבן אַ ניי לעבן, — האָט ער, ווי איינער, וואָס האָט שוין דערפאַרונג אין לעבן, גע־רעדט צו זיך אַליין, — איך וועל גאַנץ פשוט און פראַסט צוגיין צו שטיינבערגן און אים זאָגן, אַז איך וויל חתונה האָבן מיט מילד־רעדן.

דורכן טאָג האָט ער געפירט די מאַמע אין אַ מוווי, אין אָוונט איז ער געגאַנגען שפּאַצירן. סעקאָנד־עוועניו איז איצט גע־ווען טויזנט מאָל שענער, ווי ער האָט זי געדענקט פון אַמאָל. מיט זשעדנע, אויסגעהונגערטע אויגן האָט ער געקוקט אויף די קראָמען, שויפענסטער, רעסטאָראַנען און געפילט, ווי אין אים שפּרינגט אַרויס דאָס האַרץ פון פרייד. יעדע קלייניקייט האָט גע־מאַכט זיין האַרץ האַסטיקער קלאַפּן. ווי אַ דורשטיקער שלינגט וואַסער, אַזוי האָט ער געשלונגען ליכט, רעש, טומל און זיך גאָר־נישט געקאָנט אָנזעטיקן.

זיין פּנים האָט געשוויצט. דאָס שטאָטישע העמד, פאַרשפּי־ליעט ביזן האַלז און מיט אַ קראַוואַט, האָט אים געשטיקט און איז געווען אויסגעווייקט. זיין פּנים, אין פאַרגלייך מיט די שטאָ־טישע נעל־בלייכע פּנימער, איז געווען ווי דאָס פּנים פון אַן אינ־דיאַנער. מענטשן האָבן פון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן.

— איך וואָלט געוועזן באַדאַרפט מיטנעמען דעם שפּתּדיקן אָנצוג, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, — דעמאָלט וואָלט מען אַזוי נישט געקוקט אויף מיר.

מיטאַמאָל האָט ער דערזען אַ פרעמד, באַקאַנט פּנים. דאָס פּנים איז אים געווען זייער היימיש און דאָך פרעמד. ער וואָלט געשוווירן, אַז ער האָט ערגעץ געזען דאָס קלייד. ווו האָט ער זי געזען? — האָט אין זיין מוח שנעל אָנגעהויבן אַרבעטן. אפשר אַ באַרדעריקע אין דעם גרויסן הויז? ער האָט זיך אונטערגעטריבן שנעלער צו טראַכטן, ווייל די באַקאַנטע האָט צעשפּרייט די הענט, אים פאַרשטעלט דעם וועג און נישט געלאָזט דורכגיין.

— איר דערקענט מיך נישט?

— ניין, — איז ער רויט געוואָרן. עס האָט אים באַגאָסן אַ שוויים און ער האָט געזוכט אַ טיכעלע אין קעשענע.

— איר קאָנט זיך נישט דערמאָנען?

ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע כּוחות, איז געוואָרן צעטומלט, געפּילט, ווי אים ליגט אויף דער צונג אַ נאָמען און דעם נאָמען נישט געקאָנט אַרויסרעדן.

— אַזוי פיל דענקט איר פון מיר, — האָט זי אַ באַליי־דיקטע אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, — איך וועל אייך נישט זאָגן דעם נאָמען, ביז איר וועט זיך אַליין נישט דערמאָנען.

ביידע זענען, ווי צוויי הענער, געשטאַנען איינער קעגן צווייטן. די פרוי זיגעריש, מיט צעשטראַלטע אויגן פון דעם, וואָס זי גיט זיך נישט אַרויס; און ער, אַ דערשלאָגענער, פאַרשעמטער, מגושמדיק־שווערער, מיט אַ נאָס לייב און מיט אַ טומל אין די אויערן פון אַ פרייליך־צעהוליעטער, זומערדיקער נאַכט אין אַ גרויסער שטאָט.

נאָר פּלוצלינג, ווי אַ בליץ וואָלט דורכגעריסן זיין מוח, האָט ער הויך אויסגעשריגן איבערן גאַנצן ווינקל גאַס:

— וויאָלאַ בורסטין! ווי קומט איר אַהער?

אירע אויגן האָבן זיך צעשפּילט, ווי צוויי שפּיגעלעך. זיי זענען געשטאַנען אין פראָנט פון אַ שטאַרק־באַלויכטענער קראָם

און בעז האָט געקאָנט זען, ווי די הויט איבער איר פּנים איז היים און גלאַט.

— ווי קומט איר אַהער? — האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט.

— איך וווין דאָך דאָ, — האָט זי מיט פרייד, מיט אַ קלינגענדיק קול געענטפערט, — ווי קומט איר אַהער?

— איך האָב באַדאַרפט צופאָרן, — האָט ער זיך פאַרלוירן.

— איר האָט מיך אפילו נישט דערקענט, — האָט זי קאָקעטיש, מיט אַ ברוגז חנדעלע, אים נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אין די אויגן, — ווען איך שטעל אייך נישט אָפּ, דערקענט איר מיך אפילו נישט.

— נישט אמת, — איז ער רויט געוואָרן און געלאַכט מיטן גאַנצן פּנים.

— אָט האָבן מיר דאָך געזען.

— ווייל איר האָט מיך צעטומלט.

ער האָט אויף איר נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן. זי איז געווען אַביסל נידעריקער פון אים, אַ דיקלעכע, מיט יונגע, שטאַרקע פיס, און מיט אַ היים פּנים.

— קומט אַריין אַ טרונק טאָן, — האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און געפּרוווט רעדן ווי אַ גרויס־שטאָטישער, — ס'איז אַזוי פאַרדאַמט היים אין אייער ניו־יאָרק. כ'האָב שוין היינט אויסגעטרונקען אפשר צוואַנציק גלעזער סאָדע־וואַסער.

זיי זענען אַריין אין אַן אייז־קרים־פּאַרלאָר. די קראָם איז געווען זייער אַ גרויסע, מיט שפּיגלדיקע ווענט, דער דיל ווייס און גליטשיק. אַ ים ליכט האָט געשלאָגן פון אַלע ווינקלען און איבער די שוואַרץ־מאַרמאָרנע טישן. אַ לוסטיק־זומערדיקער עולם האָט אָנגעפילט דעם פּאַרלאָר. עס האָט געשפּילט אַ גראַמאָפאָן. פון דרויסן, דורך דער אָפענער טיר, האָט זיך אַריינגעריסן גאַסיקער טומל. זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט ביי אַ זייטיקן טישל. בעז האָט געפילט, אַז אין אים שפּרינגט אַרום דאָס האַרץ פון פרייד. ער איז געווען, ווי איינער, וואָס שטעלט אוועק די פיס אויף האַרטן באָדן נאָך אַ לאַנגן אַרומשלעפּן זיך איבער ימים.

— וואָס וועט איר באַשטעלן? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— אַ קאַלטן טרונק, — האָט זי פון אים נישט אַראָפּגע־נומען די אויגן.

— דאָס אַלץ און גאָר! — האָט ער ווי אַ שיכּור אויסגע־רופן. — איך האָב אַ סך געלט.

זי האָט פון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן, געשלונגען זיין יעדע מינע. פּאַר אַלעמען אין די אויגן, ביי דער שאַרפער ליכט, האָט זי אים אויפגעפרעסן.

— קומט מיט מיר צוריק אַרויס אויפן פּאַרם, — האָט ער פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן און זשעדנע געשלונגען גרויסע שטי־קער אייז־קרים, — איך האָב דאָ דעם אויטאָמאָביל.

זי האָט פון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן. עס איז איר געפעלן, ווי ער עסט, ווי ער רויטלט זיך, ווי ער שעמט זיך און ווי ער זיצט אַזוי שטאַרק אויף דער שטול, מיט זיינע שטאַרקע שווער־פאַרהאָרעוועטע הענט.

— זאָגט עס נישט אַרויס אַ צווייט מאָל, — האָט זי שטיל, פאַרשטיקט געענטפערט, — איך קאָן עס נאָך טאָן.

— דאָס וויל איך טאַקע, — האָט ער וווילינגעריש זיך גע־קלינגלט.

— דערנאָך וועט אייך באַנג טאָן.

קעגנאַיבער, אין שפּיגל, האָט זי געזען זיינע פּלייצעס. זיי זענען געווען אפשר אַ יאַרד די ברייט. די אַקסלען זענען געלעגן אונטערן ראָק, ווי אייזערנע. איין שטיק אויסגעוואַקסענע גבורה איז ריזיק געזעסן איבער דער שטול.

— עס וועט מיר נישט באַנג טאָן, — האָט ער יינגליש, נאַ־איוו זיך געפרווווט איבערשרייען, — פאַרוואָס זאָל מיר באַנג טאָן?

זי האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. געשטראַלט אין זיין ליכט, איר פּנים האָט זיך היים גערויטלט.

— קומט אַרויס פונדאַנען, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, טאַקע, — האָט ער זיך אַ פאַרלווירענער אויפגע־הויבן, — לאָמיר אַריינגיין אין אַ מווי.

אינדרויסן האָט אַלץ אַרום געשפּרודלט אין זומערדיקער

פּרייז׳. די גאַס איז געווען נאָך ליכטיקער ווי בײַטאָג. הונדער־
טער קינדער האָבן פאַרהילכט די לופט.

זי האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און שטיל געמורמלט:

— עס איז שוין שפּעט צו גיין אין אַ מוווי, קומט בעסער
אַרויף צו מיר אין הויז. איך וועל מאַכן טיי.

— איצטער טיי? — האָט ער זיך דערשראָקן, פאַר איר,
פאַר אירע רייד און פאַר דער גאַס.

— וועל איך מאַכן אַ קאַלטן טרונק.

זי האָט אים געפירט אונטערן אָרעם און אין אים האָט דאָס
האַרץ געפלאַטערט. וואָס וועט ער טאָן אין אַ פרעמד הויז? וואָס
וועט ער רעדן מיט אַ פרעמדן מאַן? ער וועט זיך דאָך דאַרפן
באַקענען מיט איר מאַן? וואָס וועט ער אים זאָגן?

— איך פויל זיך אַרויפצוגיין אין הויז, — האָט ער שוועך,
פאַרלוירן אײַנגעהאַלטן דעם גאַנג.

— פאַרוואָס?

— עס איז הייס, — האָט ער געבראָמט אונטער דער נאָז, —
איך פויל זיך צו רעדן.

— איך וועל אייך דערלויבן צו שווייגן, — האָט זי גע־
שמייכלט.

— אָבער מיט די איבעריקע מענטשן? — ער האָט מורא
געהאַט צו דערמאָנען דאָס וואָרט „מאַן״, ער האָט געציטערט פאַרן
געדאַנק.

— קיין איבעריקע מענטשן וועלן נישט זיין, — האָט זי אים
שטייפער אָנגענומען פאַרן אָרעם.

אַ שטראָם עלעקטריע האָט דורכגעשאָסן זיין לייב. די הויט
האָט אויף אים אָנגעהויבן ציטערן. עס האָט אים געשראָקן יעדער
ווייטערדיקער טראָט; אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין
אים צעפלאַקערט אַ ווייט פאַרדושעט פייער, אַ יונג־בחורישער
פאַרלאַנג פון זיין מיט לייטן גלייך, און פון אַהיימברענגען עפּעס
פון דער גרויסער שטאָט, וואָס האָט זיך שטענדיק פאַר אים גע־
מאָלן אין פאַרהוילענע, מיסטעריעזע שלייערן.

— איך וועל אַרויפגיין מיט אייך, אָבער בלויז אויף אַ קור־

צער ווײלע, — האָט ער זיך געדונגען מיט איר, און מיט זיך אַליין געמאַכט אַ מין קאָמפּראָמיס, — בלויז אויף אַ פּאָר מינוט.

— איר וועט זיצן אַזוי לאַנג, ווי איר וועט וועלן, — האָט זי געשמייכלט, אים געקוקט אין די אויגן און אים אָפּגעגאָסן מיט פרייד און מיט אַ ליכטיקייט, וואָס שפּרייט זיך פון אַ פאַרליבטער פרוי.

זיי זענען אַרויף אין הויז. דריי טונקל־באַלויכטענע טרעפּ האָבן אַריינגעפירט אין אַ האַלב־פינסטערן קאָרידאָר. הילצערנע שטיגן, ביז אַרויף צום דריטן שטאָק, האָבן הילכיק געסקריפּעט אונטער זיין מגושמדיקן, שווער־צעשראָקענעם טראָט. אינעווייניק איז דאָס הויז באַשטאַנען פון דריי קליינע צימערן. אין איין צי־מער איז געשלאָפן אַ קליין קינד. דאָס צווייטע צימער איז אַרויס־געקומען צו דער גאַס און דורכן אָפענעם פענסטער האָט זיך אַהער אַריינגעשליידערט דער גאַנצער גאַסיקער טומל. דאָס דאָזיקע צי־מער איז געווען באַלויכטן פון די גאַסן־לאַמטערנעס, וואָס האָבן געגרייכט ביז צום פענסטער און ער האָט געקאָנט זען ביים טונ־קעלן שיין אַ קאַנאַפּע, אַ וויקטראָלאָ, אַ שמאָלן טיש, אַ פּאָר בענקלעך און אויף די ווענט אָרעמע בילדער.

— צינדט נישט אָן קיין ליכט, — האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן, ווען די פרוי האָט געוואָלט מאַכן ליכטיק. ער האָט זיך איר געשעמט צו קוקן אין די אויגן. ער האָט מורא געהאַט פאַרן שלאָפנ־דיקן קינד. ער האָט געציטערט פאַרן קלענסטן שאָרך.

— פאַרוואָס? — איז זי אין דער פינסטער צוגעקומען נענ־טער צו אים.

— איך בעט אייך, — האָט ער מער נישט געקאָנט רעדן און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך.

ער האָט מער נישט געקאָנט רעדן. די צונג איז אים געלעגן אַ געליימטע; אין מויל אייליק און קאַלט, ווי אינעווייניק אין אים וואָלט עפּעס געפרוירן.

— קליינער ייִנגל, — האָט זי אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט,— ביסט אַן אמתער פאַרמער. וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען איך זאָג אייך, אַז איך האָב אייך ליב?

— רעדט נישט, — האָט ער שוואַך אַרויסגעבאָמבלט.
זי האָט אָנגעהויבן לאַכן, הויך, פריילעך, קלינגענדיק און פול מיט גליק אין קול.

— דאָס קינד שלאָפט. קיינער וועט איצט נישט אַריינקומען. איר דאַרפט נישט מורא האָבן. ווען איך האָב אייך דערזען ביים סטעישאָן, האָט זיך מיר אָפגעריסן דאָס האַרץ. זייט נישט אַזוי פרעמד. לאָזט מיך מאַכן אַ גלאָז טיי.

— ניין, איך בעט אייך, — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

— וועל איך אָנשטעלן די וויקטראָלע.

ער האָט מער נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן און נישט געקאָנט. ער האָט זיך אַ דערשלאָגענער אַנידערגעוואָרפן אויף דער סאָפע. זיין פנים האָט געברענט. הענט און פיס האָבן אים געציטערט. אין די שלייפן האָבן געקלאַפּט העמערלעך — ווי קומט ער אַהער? וואָס האָט ער דאָ צו טאָן? ווער איז די פרוי?

אָבער די פרוי איז שוין געלעגן לעבן אים אויף דער קאַנאַפּע. מיט איר קערפּער האָט זי פאַרשטעלט די דרויסנדיקע ליכט. זיינע אויגן זענען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ הייסן נעפּל.

— ס'איז אַזוי היים דאָ, — האָט ער קוים געזאָגט.

— טוט אויס דאָס רעקל, — האָט זי שטיל געענטפערט און גענומען אויפשפיליען זיין קאָלנער.

עס האָט אים געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. די געדאַנקען זענען טעמפּ געוואָרן. אַ ווייסע, ווייכע וואַרעמקייט האָט אָנגעהויבן בלענדן פאַר די אויגן. יעדעס מאָל האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז עמעצער גייט. יעדער מינדסטער קלאַנג פון גאַס האָט אים אַריינגעוואָרפן אין נייער שרעק. די שרעק איז געוואָרן אַלץ ווילד־צעגאָסענער. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער שווימט אין אַ פליסנדיקן, רויטן פייער. די שטאַרקע ריחות, וואָס האָבן פון איר געזעצט, האָבן אים שיכור געמאַכט. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט דאָ דערשטיקט ווערן, אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט קאָנען פונדאַנען אַרויספּלאָנטערן.

— רוקט זיך אָפּ! — האָט ער פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן מיט א קול, וואָס איז נישט געווען זיינס.

ווען ער איז צום סוף אַרויס אינדרויסן, האָט ער זיך גע־וואַקלט אויף די פיס, ווי ער וואָלט געווען א שטאַרק אָנגעשיכור־טער. א לאַנגע צייט האָט ער נישט געקאָנט קומען צו זיך. ער האָט מורא געהאַט אהיימצוגיין און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט גאַסן, וואָס האָבן אים אַוועקגעפירט פון זיין הויז.

— וואָס פאַר א מין פרוי קאָן דאָס זיין? — האָט אים געעגבערט אין מוח. — פאַרוואָס האָט ער גלייך ביים אָנהויב נישט פאַרשטאַנען און זיך געלאָזט איר נאָכגיין?

ער איז אַוועק אַלץ ווייטער פון סעקאָנד־עוועניו, איז אַרייף בראָדוויי, אַרויף שטאָט, און אַלעמאָל גערעכנט די צייט, ציי שלאָפט שוין איצט די מאַמע.

— כ'וועל זיך אַרומדרייען, ביז די מאַמע וועט איינשלאָפן, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין.

---

אין גרויען פאַרטאָג האָט בען, ווי א גנב, זיך אַריינגע־שליכט צו דער מאַמען אין שטוב אַריין. ער איז געגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער, אין די זאָקן און געטראָגן די שיך אין די הענט. יעדן טראָט, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט ער באַלד צוריקגע־כאַפּט. אים האָט זיך געדוכט, אַז אַלע פינסטערע ווינקלען קוקן אויף אים; אַז אַלע שטומע ווענט ווייסן, פונוואַנען ער קומט. ער איז געווען מיד. זיין פּנים גרין־געל און די האָר צעשויבערט. דאָס האַרץ פול מיט חרטה און שאַנדע, האָט זיך געבראָכן אין וויטאָג.

— ווי אַזוי וועט ער איצט קאָנען קוקן דער מאַמען אין די אויגן? ווי אַזוי וועט ער איצט קאָנען צוריקפאָרן אויף דער פאַרם? באַגעגענען מילדרעדן?

דאָס געשטאַלט פון דער פרוי איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיינע אויגן. דער ריח פון איר לייב איז אים געקראָכן אין דער נאָז אַריין.

— זי מוז אוודאי לאַכן פון מיר, — איז אים ווידעראַמאָל געקומען אַ געדאַנק אויפן זינען. — אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט מן־הסתּם אַנדערש געהאַנדלט.

— אָבער איך בין סיי־ווי נישט ערלעך, — האָט ער זיך געענטפערט, — דאָס נאָכגיין צו איר אין הויז איז גענוג צו מאַכן מיך אויסזען אין מענטשנס אויגן ווי אַן אויסוואורף.

ער האָט לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן; און אויפן וואָר האָבן זיך אים געחלומט אַלערליי גרויליקע חלומות. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז צוריקגעקומען אויף דער פאַרם און מילד־רעד האָט אים נישט אַריינגעלאָזט. אים האָט זיך געחלומט, אַז שטיינבערג ווייסט אַלץ, וואָס צווישן אים און יוסטעשאַן איז פאָר־געקומען, און אַז ער וויל אים מער נישט האָבן ביי זיך. מיסעס שטיינבערג האָט געוויינט, זיין מאַמע האָט אויך געוויינט, און ער האָט מער נישט ווו זיך אַהינצוטאָן.

— פאַרשאָלטן האָט זי געמעגט ווערן, — האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן אַ קללה.

## קאַפּיטל ניין

ווען בען איז צוריקגעקומען אויף דער פאַרם, איז די גאַנצע משפּחה אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט פאַרבראָכענע הענט. דאָס יונ־גע פערד, די בעיבי, איז געלעגן קראַנק און מען האָט נישט גע־ווּסט וואָס צו טאָן מיט איר.

— איך האָב מיט איר אפילו נישט געאַרבעט, — האָט שטיינבערג אינגאַנצן געציטערט. — דורך די פאָר טעג, וואָס דו ביסט נישט געווען, בין איך בלויז איין מאָל מיט איר געפאָרן קיין דיקינסוויל. נישט אַנדערש, עמעצער האָט זי פאַרסמט.

אַרטור האָט זיך געבייזערט אויפן טאַטן. דער בחור האָט דאָס פערד כּמעט אויסגעהאָדעוועט. זי איז צוזאַמען מיט אים אויסגעוואַקסן.

— האָסט זי באַדאַרפֿט האַלטן אין שטאַל! — האָט ער גע־שריגן. — זי האָט זיך אין פּאַשע מיט עפּעס פאַרסמט.

אַלע זענען אַוועק צום שטאַל. דאָס פערד איז געלעגן אין קילן שאָטן אונטער אַ בוים. די גלאַנציקע, ברוין־רויטלעכע פעל, ווי אַ גוט־אָפּגעפּוצטער ברוינער שטיוול, האָט געציטערט קעגן שאָטן. איר בויך איז געווען געשוואָלן, ווי אַן אָנגעבלאָזענער בלאָז־זאַק. פון מויל האָט געדונען אַ ווייסער שוים. דער לאַנגער האַלז אויסגעצויגן, דער קאָפּ פאַרוואָרפן, האָט מען ממש געזען, ווי דאָס פערד, מיט די גרויסע, קלוגע אויגן, בעט זיך: ראַטעוועט מיך, העלפט מיר אָטעמען!

— פאַרוואָס האָט איר זי אַזוי ווייט געלאָזט גיין? — האָט בען אָנגעהויבן שרייען. — מען דאַרף גלייך ברענגען אַ דאָקטאָר. זי איז פאַרביי.

מען האָט שנעל געבראַכט אַ דאָקטאָר, אָבער דער אַלטער וועטערינאַר האָט רואיק און קאַלט זיך אָפּגעזאָגט, אַז מען קאָן זי מער נישט ראַטעווען.

— דאָס פערד איז פאַרגיפטעט, — האָט ער געזאָגט, — מוטשעט זי נישט. שיסט זי.

אין הויז איז געוואָרן אַ יללה. אַלע קינדער האָבן געוויינט. בען האָט נאָך געפּרוּווט אייגענע מיטלען. ער האָט איר געגאָסן נאַפט אין האַלז אַריין, איר געלאָזט אַן אָדער, זי געפּרוּווט אויפֿ־שטעלן; מיט שטריק אַרום דער ברוסט און פאַר די פאָדערשטע פיס, האָט מען זי געפּרוּווט דורכטרייבן, אָבער אַלץ איז געווען פאַרפאַלן. זי האָט אָנגעהויבן גוססן. פאַרנאַכט האָט אַלעקס דער פּאָליאַק מיט איין שאָס צווישן די אויגן זי אַוועקגעלייגט.

קיינער האָט יענעם נאָכמיטאָג נישט געקאָנט אַרבעטן. קיי־נער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט. מ׳האָט אפילו נישט גע־פרעגט בענען, ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט אין שטאָט. פון יוצא וועגן האָט מען אין אָוונט געגרייט אַ טיש, אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן. אַרטור האָט כּסדר געוויינט. מילדרעד האָט מיט געשוואָלענע אויגן זיך אויסבאַהאַלטן פון אַלעמען. אין אָוונט איז די משפּחה נאָכאַמאָל אַרויס צום פעלד, ווו דאָס טוי־

טע פערד איז געלעגן און מען איז שפּעטער צוריקגעגאַנגען שטו־
מע, יעדער באַזונדער, ווי מען גייט צוריק פון אַ לוויה. בען איז
געווען זיכער, אַז דאָס האָט ער גורם געווען דעם פערדס טויט.
„ווען איך בין דאָ, פּגרט נישט די בעיבי", האָט ער שטיל גע־
רעדט צו זיך אַליין. „איך בין אַ מערדער, אַ רוצח". אים האָט
זיך מיטאַמאָל געגומען דוכטן, אַז לעבן קליינעם שטיבל שטייט די
פרוי פון שטאָט און ווארט אויף אים. זי שטייט אַ נאַקעטע, אַ צע־
שויבערטע, פול מיט חוצפּה און אויסגעלאַסנקייט. ער האָט אָנ־
געהויבן ציטערן מיטן גאַנצן לייב, ווען ער האָט פּלוצלינג פאַר
זיך דערזען שטיינבערגן.

— אָט דאָס איז דער סוף פון אַלע סופן, — האָט שטיינ־
בערג געזאָגט מיט אַ געבראָכן קול.

שטיינבערג האָט מיט אַלע כּוחות געפּרוּווט אָפּטרייבן די
מרה־שחורהדיקע געדאַנקען, וואָס זענען אים געקראָכן אין קאָפּ
אַריין. אָבער יעדעס מאָל איז פאַר זיינע אויגן בולט אַרויסגע־
שווומען דאָס געשטאַלט פון פערד. דער רונדער, עטוואָס רויטלע־
כער, שטאַרקער קערפּער, דער לאַנגער, שיינער האַלז, דער קלו־
גער קאָפּ און ווי דאָס פערד האָט זיך אין גסיסה געמאַטערט מיט
די לעצטע אָטעם־צוגן.

— ס'איז געווען שרעקלעך צו קוקן, — האָט ער ווייטער
געזאָגט, — דו ווייסט נישט, ווי דאָס פערד איז מיר געווען איינ־
געבאַקן אין הארצן. איך האָב זי דאָך אַליין אויסגעהאָדעוועט.
אָט ווי אַ קינד.

בען איז געקומען צו זיך און זיך אַביסל אויסגעגלייכט.

— איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געווען ריכטן אויף אַזאַ
אומגליק, — האָט שטיינבערג ווייטער געזאָגט.

— איר וועט אפשר לאַכן, ווען איך וועל אייך זאָגן, — האָט
בען צום סוף געענטפערט, — אַז איך האָב די גאַנצע צייט גע־
הערט דאָ, ווי אַ קול פון טויט רופן.

שטיינבערג האָט מיט שרעק געקוקט אויף אים.

— שוין אַ פּאָר וואָכן, ווי מיין האַרץ איז מיר שווער גע־

וועֶן, — האָט בען ווייטער געזאָגט, — איך האָב זיך גערינכט אויף אַ גרעסער אומגליק.

טרערן האָבן זיך געשטעלט אין זיינע אויגן. דער שטאַרקער, יונגער בחור איז געוואָרן געהויקערט, ווי אַ זקן. שטיינבערגן זע־נען אויך געקומען טרערן אין די אויגן.

— זאָל עס זיין אַ שיינע, ריינע כפרה, — האָט ער אַרויפ־געלייגט די האַנט אויף בענס אַקסל.

בען האָט אַ ציטער געטאָן. שטיינבערגס האַנט אויף זיין אַקסל איז געווען ווי אַ האַנט פון אַ גוטער מאַמע, וואָס איז אַלץ מוחל. אַ גרויסע ליבע צו דעם מענטשן האָט אַרומגענומען זיין האַרץ.

— מירן דאַרפן זען גוט־מאַכן דעם שאָדן, — האָט ער אַזש געציטערט פון גוטסקייט, פון ליבע, פון געטריישאַפט, און זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן פון אַ ווייטער פרייד.

— יאָ, מירן דאַרפן גוט־מאַכן דעם שאָדן, — איז שטיינ־בערג געווירט געוואָרן פון בחורס געטריישאַפט, — וואָס די ערד דעקט צו, דאַרף מען פאַרגעסן. גיי און באַגראָב זי ערגעץ.

דעם גאַנצן אָוונט האָט מען שוין פאַרבראַכט אין משפּחה־דיקן טרייסטן איינער דעם אַנדערן. עס איז געווען, גלייך ווי דעם פערדס טויט האָט זיי אַלעמען נאָך מער צונויפגעבונדן. איבערן טיש האָט געלויכטן אַ טרויעריק ליכט. אַלע האָבן פאַרטראַכט געשוויגן, און דערנאָך האָט מען זיך דערציילט מעשׂיות פון פערד און מענטשן. די קליינע סיליע האָט מען נישט געקאָנט אָפּטרייבן פון טיש. דאָס קליינע מיידעלע האָט געגלויבט אין שדים, רוחות, און זי איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס פערד וועט אין עפּעס מגולגל ווערן און אַז עס וועט נאָך אַמאָל לעבן.

— הילדאַ לוצאַראָ האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ווען עס שטאַרבט אַ לאָשיקל, ווערט עס שפּעטער נאָכאַמאָל געבוירן ווי אַ קעלבעלע, — האָט זי געזאָגט, — פון דער „בעיבי" וויל איך זאָל ווערן אַ דאָל.

— יאָ, מיין קינד, — האָט די מאַמע טרויעריק געענטפערט. שטיינבערג האָט זיך צום סוף אויפגעהויבן פון טיש. זיין

פּנים איז געווען פאַרקרימט. די וויעס האָבן געציטערט. אַרום מויל האָבן זיך אויסגעלייגט קנייטשן.

— אָט דאָס איז דער סוף פון אַלע סופן, — האָט ער שטיל איבערגעחזרט, איז אָפּגעגאַנגען און מער נישט גערעדט.

דער סוף פון אַלע סופן — עס האָט זיך געדוכט, אַז נישט בלויז דער שמועס האָט זיך געענדיקט, נאָר דער טאָג, די וואָך, אַלע ביז איצטיקע יאָרן, — אַלע יאָרן פון שווערער אַרבעט, פּראַצע, זאָרג, ליגנס און גענאַרעריי, האָט זיך פאַרענדיקט און אָפּגעשלאָסן אין אַ פאַרגאַנגענעם קאַפּיטל. איצט הויבט זיך אָן אַ נייע לעבן. אַלץ וועט זיך פונדאָסניי אָנהויבן — ריין, געטריי, איבערגעגעבן, אָן אַ ברעקל פאַלשקייט פון איינעם צום צווייטן.

ווען בען האָט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין, האָט מיסעס שטיינבערג שטיל געזאָגט:

— וווּ וועסטו קריכן אויפן בוידעם, בען? שלאָף דאָ.

און מען האָט פאַרשפּאַרט די טיר, פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און זיך געלייגט שלאָפן.

ה. געלבוים

# די משפחה שטיינבערג

ראָמאַן

צווייטער באַנד

פאַרלאַג ח. בזשאָזא וואַרשע, 1939

# ה. געלבוים: די משפחה שטיינבערג

ראָמאַן אין פינף ביכער

בוך איינס: אשר שטיינבערג,
בוך צוויי: מילדרעד,
בוך דריי: בען,
בוך פיר: אַרטור,
בוך פינף: סיליע.

די לידער, וואָס סיליע און בערטע זינגען, זענען אַרויסגע-
נומען פון מאַני לייבס לידער, וואָס זענען שטענדיק גע-
לעגן אויף דער משפּחהס טיש און צו וועלכע
זיי האָבן זיך אַליין צוגעפּאַסט, אויף זייער
אייגענעם אופן, ניגונים. די ענגלישע
לידער זענען אַלטע אַמערי-
קאַנער פאָלקס-לידער.

OOOOOOOOOOO
OOOOOO
O

Printed in Poland.




H. Gelbaum: DI MISHPOCHE STEINBERG
Wydawnictwo Ch. Brzoza, Warszawa.
Druk. „Grafia", Nowolipki 7

## קאַפּיטל איינס

„געבענטשט זאָל זיין דאָס נייע פּאָרל; זאָל אויף זיי מקוים ווערן גאָטס ברכה צו ישראל, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך מערן, ווי די שטערן אין הימל און דאָס זאַמד ביים ים. אמן".

אַזוי האָט פּאַפּ נאָריס, דער אַלטינקער, וואָס איז שוין ווייט אין די אַכציקער געווען, געבענטשט מילדרעדן און בענען אויף מאָרגן נאָך דער חתונה. דאָס איז געווען אָנהויב האַרבסט, אַ יאָר נאָכדעם, ווי עס איז אַוועקגעפאַלן די „קליינע בעיבי". דורך דעם יאָר האָט בען פאַרענדיקט ביידע קאָרעספּאָנדענץ־קורסן און אויף דער וואַנט, אין בוידעם־שטיבל, איז ביי אים געהאַנגען אַ דיפּלאָם פון קאָרנעל־אוניווערזיטעט. מילדרעד האָט דורך דעם יאָר פאַרענדיקט דעם קורס אין „האָום־עקאָנאָמיקס" און אויפן פאַרם איז דורך דער צייט צוגעקומען נאָך פיר קי, דריי קעלבער, צוויי לאָשיקעס, הינער, גענז, קאַטשקעס און מען האָט ווידער־אַמאָל, קעגן שטיינבערגס ווילן, צוגעבויט צו דעם גרויסן הויז פיר און צוואַנציק שלאָף־צימערן און אַז עס־זאָל מיט פּלאַץ פאַר מער, ווי צוויי הונדערט געסט.

אַלץ האָט זיך אין יענעם יאָר זייער שטאַרק צעוואַקסן. אין לאַנד איז געווען אַ גרויסע שפע. די מלחמה, וואָס האָט דעמאָלט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע וועלט, האָט דאָ, אין לאַנד, אַריינגעבראַכט מיליאָנען אין פּרנסה. מענטשן זענען איבערנאַכט נתעשר געוואָרן. יעדע זאַך איז געוואָרן מיט גאָלד גלייך. מען האָט אין דער גיך געפּראַוועט חתונות. שטיינבערג האָט מורא געהאַט, מען זאָל

דעם בחור נישט צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט, האָט ער געיאָגט די חופּה. אין דיקינסווילער געריכט־הויז האָט בען מקדש געווען מילדרעדן, און נאָכדעם, ווי מען האָט אויפֿן פֿאָרם אָפּגעהוליעט אַ גאַנצן מעת־לעת, האָט מען ערשט געפּראַוועט די אמתע סעודה פֿאַר די שכנים פֿאַרמער.

די באַזונדערע שמחה פֿאַר די קריסטלעכע שכנים האָט איבערגעשטיגן אין רייכקייט די יידישע חתונה. מען האָט געפּראַוועט די שמחה אונטערן פֿרייען הימל. דער גאַנצער הויף איז געווען באַהאַנגען מיט פֿאָנען און לאַמטערנעס. טישן און בענק זענען געווען צעשטעלט אין סאָד אונטער ביימער. מען האָט ניט דעריק אָפּגעשניטן דאָס גראָז, אַזוי, אַז ווען דער עולם האָט זיך שפּעטער צעטאַנצט, האָט מען געקאָנט אַוועקטאַנצן ביז צום שטאַל צו.

פֿון אינדערפֿרי אָן איז די גרויסע קיך געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. מילדרעד און די מאַמע און אַ געדונגענע פֿרוי האָבן געהאַלטן אין איין שלעפּן אין סאָד אַריין פֿולע טעפּ מיט געבראָטנס, פֿאַנען מאַרינירטע פֿיש, פֿריש־געבאַקענע פּאַמפּקין פּאַיס, און שטיינבערג האָט בסדר געטראָגן בראַנפֿן, ווײַן, ביר, און ברענענדיקן אָקעוויט.

פֿאַר די קליינע קינדער האָט מען אָנגעגרייט באַזונדערע נאַשערייען. איבער טישן זענען געלעגן יידיש־געפֿלאָכטענע קוילעטשן מיט מאָן, קיכעלעך אויסגעפֿורעמט ווי חיות און פֿייגל, און פֿאַרמאַכטע פּאַפּירענע קעסטלעך מיט אַלערליי סיורפּריזן. ווען מילדרעד האָט שפּעטער אויסגעטיילט די מתּנות, האָבן זיך די קינדער נאָך איר אַ שאַט געטאָן, ווי די הינער, בשעת זי פֿלעגט זיי פֿאַרנאַכט האָדעווען.

אַלץ איז געווען גרויסאַרטיק צוגעגרייט. פֿון נאָכמיטאָג אָן האָבן אָנגעהויבן פֿאַרפֿאָרן אין הויף אַריין אויטאָמאָבילן, טראָקס, באָגים און פֿאורסיטערס מיט דעכער און פֿרענזעלעך. די קריסטן זענען געקומען משפּחהווייז. אויף אַלעקסאַנדערס גרויסן טראָק זענען אַריינגעפֿאָרן, שטייענדיק, אַלע נאָדיסעס — על, פּאַפּ, פּיט, דזשעימס, דזשאָן, די משוגענע פּיבי און אַלעקסאַנדערס גרויס־

שטאַטיש ווייב, עלסי. אויף צוויי פאָרסיטערס איז אָנגעקומען דער אַלטער פעלטען מיט אַלע זין און טעכטער. אַנדזשעלאַ לוצאַראַ האָט געבראַכט אַ פולן וואָגן גרינסן, היימיש־געשטעלטן איטאַליענישן וויין און אַלע צוועלף קינדער. עס איז געקומען דער פּרעזידענט פון דער דיקינסווילער באַנק, בייקער דער גאַראַזשמאַן, מיסטער דזשאַלסאָן פון ניוטאָן, און פון אַזוי ווייט, ווי אַרום דיקינסוויל, זענען געקומען די משפחות ווילסאָן, טשיליום, מיי און האָלמס מיט זייערע ווייבער און קינדער.

די אַלע פאַרמער האָבן אָנגעפילט דעם הויף מיט הילכיקן טומל. איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט מען צעפּלאַכטן אַלע קוילעטשן, אויסגעליידיקט פלעשער בראַנפן און מען איז געוואָרן היפשלעך שיכּור. די געשמאַקע יידישע מאכלים האָבן געקיצלט אין גומען, גערייצט דעם אַפּעטיט, האָט מען פאַרטרונקען מיט נאָך מער וויין און נאָך מער ביר. די פּנימער זענען געוואָרן רויט, באַגאָסן מיט שוויס און דער ריינער אָקעוויט האָט אָנגעהויבן קריכן אין די ביינער.

דער טאָג איז גיך פאַרשוווּנדן. אין סאָד איז געוואָרן טונקל. די צערייצטע פּנימער פון די מגושמדיקע מענער האָבן געגליט אַנטקעגן אַ ווייטן, רויט־מערבדיקן הימל. די ווייבער זענען גיך געוואָרן שיכּור, און ווי שיכּורע הינער האָבן זיי געוויגט די קעפּ, אַראָפּגעוואָרפן די היטעלעך, לויז געמאַכט די קאָרסעטן און מיט פולע גלעזער וויין אין די הענט האָבן זיי געקושט איינע די אַנדערע, געטריבן רכילות און זיך באַלעקט מיט די געפּעפּערטע פיש און זיסן פּאַמפּקין פּאַי.

מען האָט הויך אויפן קול געלויבט שטיינבערגן; פרום געבענטשט בענען און גערעדט פון דער מלחמה. די מענער האָבן פּאַטריאָטיש איבערגעשריגן איינער דעם אַנדערן. אַלעקסאַנדער, על נאָריסעס איידעם, אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון די דייטשן, האָט זיך אַ שיכּורער געוואָרפן אויף בענען, פאַרוואָס ער שליסט זיך נישט אָן אָן דער אַרמיי; אָבער אַלע שכנים, מיטן פּרעזידענט פון דער דיקינסווילער באַנק בראש, האָבן זיך אָנגענומען פאַר דער יידישער משפּחה און געשריגן,

אז — אלעקסאנדער איז א שונא פון לאַנד, אז אין אים רינט דייטשיש בלוט, און מיסטער איוועגס האָט געזאָגט, אז ער אליין האָט געלייענט אין די צייטונגען, אז די מענער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט נוצלעכער אַרבעט, זענען פריי פון מיליטער־דינסט.

— ווער איז נאָך אזוי נוצלעך פאַרן לאַנד, ווי א גראַדואיר־טער אַגריקולטוריסט? — האָט דער פּרעזידענט, א צעפּלאַמטער און באַזויפענער, אויסגערופן. — א מענטש, וואָס ברענגט אַריין שפע אין סעקעט וועלי, דאַרף נישט גיין אין מלחמה.

— צווייטנס, דאַרף דאָך בעז אויסהאַלטן א יונג ווייבעלע, — האָט שוין גאָר בגילופינדיק געשריגן פּאַפּ נאָרים. — גלויבט מיר, מענטשן, דאָס ווייבעלע איז זיס, ווי האָניק. איך קען זי. זינט זי איז נאָך געווען א בעיבי.

— אַוודאי אַזוי, — האָט זיך צעשריגן אַנזשעלאָ לוצאַראָ, וואָס האָט שטענדיק געטראָגן א שנאה אויף אַלעקסאַנדערן, — אַוודאי אַזוי. עס זענען דאָ גענוג פּוסט־און־פּאַסניקעס, לאַנדס־שונאים, וואָס מען דאַרף אַוועקשיקן. א מענטש, וואָס שטאַמט פון הונען, וועט אייביק זיין א שונא פון לאַנד.

אַלעקסאַנדער האָט זיך אָנגעצונדן. אין איין מינוט און זיין פּנים האָט געברענט ווי א שטיק פייער. ער האָט ראַפּטום גע־געבן א גיס אַריין א פול גלאָז בראָנפן, זיך אויפגעשטעלט ביים טיש, געוואָרנט אין דער לופטן מיט א געביילטער פויסט און געדונערט מיט א מוראדיק קול.

— איך בין פּונקט אזא פּאַטריאָט, ווי דער גיני, — האָט ער געשריגן, — ווי דער סובאָטניק פון ירושלים. פאַרוואָס שליסט ער זיך נישט אָן אין ארץ־ישראלדיקן לעגיאָן? פאַרוואָס באַהאַלט ער אוים זיין טאָנין?

— מיין טאָני איז נאָך קיין פופצן יאָר נישט אַלט, — האָט לוצאַראָ, א שיכורער, א ווילדער, צוריקגעשריגן, — ווען מיין זון וועט אַלט ווערן אַכצן יאָר, וועט אים קיינער נישט דאַרפן דערמאָנען די פליכטן צום לאַנד.

צווישן עולם האָט זיך אויפגעהויבן א מוראדיקער טומל. דער איטאַליענער מיט דער שוואַרצער באָרד איז געשטאַנען

קעגנאיבער אלעקסאנדערן. אלעקסאנדערס ווייב, עלסי, האט גע־שטופט פייגן אין דער איטאליענערקעס מויל. משפחות האבן זיך אויסגעשטעלט קעגן משפחות. פון אלעמען האט געזעצט הייסער אטעם, ברענענדיקער אקעוויט, חיהשעס, וואס שפארט אזוי פריי און אפן ארויס פון מענטשלעכע אויגן, ווען מען האלט שוין ביים צענטן גלעזל, און איינער האט אריבערגעשריגן דעם צווייטן מיט באנומענע קולות.

— מיסטער שטיינבערג איז ערלעכער ווי איינער פון מיין אייגענעם גלויבן, — האט געדונערט לוצארא, — א סך פון אונ־זערע זענען ערגער פון די יידן!

— וועמען מיינט ער עס? — האט זיך מיט זיין גאנצער ווילדקייט א ריס געטאן אלעקסאנדער, — זאל דער גיני מיט דער יידישער בארד זאגן, וועמען ער מיינט.

— דער, וועמען איך מיין, ווייס עס, — האט צוריק גע־שריגן דער איטאליענער.

— שכנים, גוטע שכנים, — האט זיך ארייגעמישט שטיינ־בערג, — היינט איז ביי מיר א יום־טוב. צעשטערט נישט מיין שמחה.

— האסטו נישט באדארפט איינלאדן דעם סובאטניק, — האט אלעקסאנדער, פול מיט חוצפה, געגרעוועט, — זאל ער גיין מיט זיין יידישער בארד קיין ירושלים. ער איז נישט קיין אמע־ריקאנער.

— איך בין פונקט אזא אמעריקאנער, ווי דו ביסט, — האט זיך מיט געביילטע פויסטן, מיט ברענענדיקע אויגן צו אים א לאז געטאן לוצארא, — דו קומסט ארויס פון די הונען, פון באר־בארן. מיר, איטאליענער, שלאגן זיך צוזאמען מיט די פראנצויזן. מיר האבן באשאפן די מוזיק. ווער האט געגעבן דער וועלט א גאריבאלדי, ווער?

אבער אלעקסאנדער האט שוין מער נישט גערעדט. אנ־שטאט אן ענטפער, האט ער ארייגעשאסן צוויי געביילטע פויסטן אין לוצאראס פנים און אים איבערגעקערט. דער איטאליענער איז שנעל געקומען צו זיך און אים אנגעהויבן צוריקשלאגן. מען

האָט זיך אָנגעהויבן האַקן איבער די קעפּ, פּנימער, מיט טרוקע־נע, האַרטע קלעפּ, ביז בײדע האָבן זיך אָנגעהויבן קײקלען אויף דער ערד.

איבערן הויף האָבן זיך צעטראָגן מוראדיקע געוואַלטן. די געשרייען האָבן געשפּאָלטן דעם הימל. ווייבער זענען געפאַלן אי־בער בענק. קינדער האָבן געקוויטשעט. משפּחות זענען געבליבן שטיין קעגן משפּחות מיט פאַרשאַרטע אַרבל, שטעקנס און שטי־קער האָלץ. אַלעקסאַנדער האָט איצט, ווי א געניטער פּרייז־פאַיטער, מיט פאַרמאַכטע פויסטן, געהאָגלט קאַלטע קלעפּ איבער לוצאַראָס קאָפּ. דער איטאַליענער האָט זיך אויפגעשטעלט, און אויפן היימישן שטיינער, געפּאַטשט מיט פלאַטשיקע, הילכיקע פּעטש, און אים באַלד איינגעשלאָסן ווי מיט אַן אייזערנער רייף. אַלעקסאַנדערס ביינער האָבן געקנאַקט, זיך געבראָכן; לוצאַראָ האָט אים אויסגעצויגן אויף דער ערד, איינגעשפּאַרט זײַנע אייזערנע קני אין בויך און מיט בײדע הענט אַרום האַלז האָט ער אים גע־וואָרגן.

— פאַרוואָס צערייסט מען זיי נישט? — האָט שטיינבערג געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

— זאָלן זיי זיך דורכשלאָגן, — האָט רואיק געענטפערט על נאָרים.

— ער וועט דאָך אים דערוואַרגן, — האָט שטיינבערג נאָך העכער געשריגן.

— דער טייוול וועט אים נישט נעמען, — האָט על נאָרים געשמייכלט, — דעם איידעם מײַנעם קומט שמיץ. דער בחור האָט שוין צופּיל פליי אין דער נאָז.

מיטאַמאָל האָט אַלעקסאַנדער שטילערהייט, אַזוי, אַז קיינער האָט נאָרנישט באַמערקט, זיך געגעבן א ריס אַרויס פון אונטער לוצאַראָס הענט. זײַן פּנים איז געווען ווי ביי א גזלן. די אויגן קאַל־טע, שטאַלענע, האָבן געשפּריצט מיט קאַלטן פייער. ער האָט אין איין סעקונדע אויסגעריסן א שטיק פון לוצאַראָס באָרד, און ווי מיט א פינטל פון אויג, האָט ער אין אים אַרײַנגעשאָסן אַזוינע

צוויי מעכטיקע פויסטן, אז יענער האָט זיך אָנגעהויבן קאַטשען אויף דער ערד.

לוצאַראָ האָט אָנגעהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות. עס האָט פון אים געגאָסן בלוט.ביידע אויגן זענען אים געשוואָלן געוואָרן. אַלעקסאַנדער, ווילד, בלינד, צערייצט, ווי אַ בלינדע חיה, האָט מיט רציחה געהאַקט אייזערנע אָפּצאָסן איבער לוצאַראָס פּנים, בויך און ברוסט.

— לעט גאָו, — האָט ער ווילד, מערדערלעך געשריגן, ווען בען און שטיינבערג האָבן אים געפּרוווט אָפּרייסן, — אײַ'ל קיל יו אָלל! גאָט דעם פאַרעינערס! אײַ'ל קיל יו!

— לאָז אים אָפּ, — איז בען פּלוצים געוואָרן ווייס ווי קאַלך און זיינע פינגער פון די הענט האָבן זיך, ווי אייזערנע גאָפּלען, אָנגעהויבן גראָבן אַרום אַלעקסאַנדערס האַלז, — לאָז אים אָפּ.

— דו ווילסט זיך אפשר אויך שלאָגן? — האָט זיך אַלעקסאַנדער מיט זיין גאַנצער ווילדקייט אומגעקערט צו בענען.

— איך וויל זיך נישט שלאָגן, — האָבן ביי בענען געקלאַפּט די ציין אין מויל און מיט אַן אייזערנער גבורה האָט ער אים איינגעשלאָסן אין זיינע הענט, — לאָז אים אָפּ.

אַלעקסאַנדער איז צו זיך געקומען. בענס שטאַרקע הענט אויף זיינע אַקסלען האָבן אים צעטומלט. דער גאַנצער עולם האָט זיך צו אים אַ לאָז געטאָן און אים אָפּגעריסן פון בענען.

— איר מעגט זיך שעמען, — איז דער ערשטער אַרויסגעשפּרונגען דער פּרעזידענט פון באַנק, — אַ שכן רופט אייך צו אַ שמחה און איר האָט זיך צעיושעט, ווי חזירים.

— אַזעלכע שכנים וויל איך נישט, — האָט אָנגעהויבן שרייען שטיינבערג. — איך שעם זיך מיט אייך.

אין שטיינבערגס אויגן זענען געשטאַנען טרערן. זיינע הענט האָבן געציטערט.

— איך רוף אייך צו מיינעם אַ יום־טוב און איר צעשטערט מיין שמחה.

— גוט געזאָגט, — האָט געענטפערט מיסטער איוועגס, — מען דאַרף זיך שעמען מיט אייך.

דעם פּרעזידענטס רייד האָבן געווירקט ווי פּישוף. אַלע זע־
נען מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. די פאַרמער האָבן איינער נאָכן אַנ־
דערן זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן. פּונקט ווי יעדער האָט פריער גע־
בּרענט מיט רציחה, אַזוי האָבן זיי איצט, ווי שטילע קעצעלעך,
זיך אָנגעהויבן חנפענען צו שטיינבּערגן און בּענען. אייניקע האָבן
אָנגעהויבן וויינען. לוצאַראָ האָט זיך צעוויינט הויך אויפן קול און
געכאַפּט קושן שטיינבּערגן.

— דו בּיסט מיין בּעסטער שכן, שטיינבּערג, — האָט ער
געזאָגט, — איך האָב דיך ליב, איך האָב ליב אַלע יידן. איך האָב
זיך פאַר דיר אָנגענומען.

— איך האָב אויך קיין שלעכטס נישט געמיינט, — האָט
אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט אַלעקסאַנדער, — דער גיני טשעפּעט
זיך שטענדיק צו מיר.

— האָסט זיך געקאָנט שלאָגן ערגעץ אַנדערש, — האָט גע־
ענטפערט דער פּרעזידענט, — נישט בּיי אַ שכנס יום־טוב.

— איך בּין געווען שיכּור, — האָט אַלעקסאַנדער געכאַפּט
מיסטער איוועוסעם האַנט צום קושן, — עס איז נישט מיין שולד.
דעם פאַרדאַמטן יידנס בּראָנפן איז אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב
נישט געוווּסט, וואָס איך טו.

— טאָ אַנטשולדיקט זיך פאַר אים.

אַלעקסאַנדער האָט אָנגעכאַפּט שטיינבּערגס האַנט און אָנגע־
הויבן וויינען.

— גאָט פאַרדאַמטער ייד, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב
אויף דיר קיינמאָל נישט געטראָגן קיין שנאה. דיך האָב איך שטענ־
דיק ליב געהאַט. דו בּיסט נישט קיין ייד. דו בּיסט פּונקט ווי אונ־
זערער. מיין בּרודער בּיסטו.

— און בּעט אויך איבּער מיסטער לוצאַראָן, — האָט דער
פּרעזידענט בּאַפוילן.

דער גאַנצער עולם האָט זיך נאָכאַמאָל אַוועקגעלאָזט צו די
טישן. מען האָט פון דאָס ניי אָנגעהויבּן טרינקען. הויכע, הילכי־
קע לחיימס האָבן פאַרקלונגען די לופט. שטיינבּערג האָט אונטער־
געטראָגן נייעם בּראָנפן. מען האָט פון קיך געשלעפּט נייע טעפּ.

איצט איז עס געווען געפילטע קישקעס, יידישע געשטאָפּטע העלז־לעך, שטאַרק געפעפערט, רויט־צוגעבראָטן און געווייקט אין שמאַלץ.

די צעהיצטע פּנימער און ברייטע פּלייצעס פון די מגושמ־דיקע פאַרמער האָבן זיך געווייקט אין שווייס. איבער סיווע בערד, פאַרוואַקסענע מאָרדעס, שטעכיק, ווי ריבאייזנס, האָט זיך געגאָסן צעלאָזן פעטס. מען האָט גערעדט פון שפעדיקן שניט, פון דער גרויסער הצלחה, וואָס איז געקומען אויפן לאַנד. די ווייבער האָבן צוגעבאַמקעט צו די מענערשע רייד. מיט צעפלאַמטע פּנימער, פויעריש־שבתדיקער פאַרפּוצטקייט האָבן די ווייבער כסדר געזופּט דורך פאַרשלאָסענע ציין הייסן פּאָנטש. דאָס יונגוואַרג האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ קאַראַהאָד. מען האָט אָפּגערוקט בענק, צע־וואָרפן טישן, געפלאָכטן אָרעם אין אָרעם און אַרויסגעהאָפּקעט פון סאָד, אונטערן פרייען הימל, מיט קולות, וואָס האָבן זיך גע־הויבן ביז צו אַלע ווייטן.

מיטאַמאָל איז צווישן יונגוואַרג אויסגעוואַקסן פּאַפּ נאָרים. דער זקן האָט געטראָגן דעם שבתדיקן אָנצוג. האַלבע הענט האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון די קורצע אַרבל. איין הויז איז ביי אים גע־ווען קירצער פון דער צווייטער און מען האָט געזען די רויטע זאָקן, וואָס ער האָט געטראָגן. אַ שטייפע, ברוינע דוירבי, וואָס איז פון אַלטקייט אַריינגעפאַלן אין רויט־גרין, איז געלעגן אויפן שפּיץ גרויסן קאָפּ, ווי ביי אַ קאָמעדיאַנטשטשיק, און זיך געהויבן מיט יעדן מאַך פון מויל. דער אַלטער האָט מוראדיק געשוויצט, זיין פּנים איז געווען רויט, ווי אַ בוריק. די הענט נאָס און שטעכיק; ער האָט זיך פלינק אַריינגעדרייט אין ראָד פון די יונגע, געכאַפּט מילדרעדן און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ ווידזשיניאַ ריל — האָפּ. האָפּ, מיט ווילד־צעוואָרפענע הענט, פיס, קאָפּ און פּנים, ביז ער האָט, אַ ווילד־צעפלאַמטער, אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטן די ברוינע דוירבי, וואָס איז קונציק געבליבן הענגען אויף אַ צווייג פון אַ בוים.

— לאָמיר זען, ווער עס קען מיר נאָכטאָן! — איז ער אַרויס פון רינג.

אַלע האָבן אָנגעהויבן שיסן היטלען אויף די ביימער.

— ווער קען זינגען? — האָט ער ווייטער געשריגן.

מיט אַ הייזעריק קול, אַ שיכּורס, ווי דאָס דריגזשען פון נאָכגעלאָזטע סטרונעס איבער אַ פידל, האָט ער אָנגעהויבן זינגען:

*— Early i rose*
*In the blue morning;*
*My love was up before me,*
*It came running up to me from the doorways*
*Of the dawn.*

דער גאַנצער עולם, שיכּור, פאַרשוויצט, צעכראַסטעט, מיט שווערע, אַלטע באַסן, יונגע טענאָרן, פרוויאַישע, גרילצנדיקע סאָפּראַנאָס און אַלטן, האָבן אין סאָד, אונטער ביימער, אונטערן פאַרנאַכטיק־בלויען הימל, געענטפערט הייזעריק, אָן טאַקט און מיט טרוקענע העלזער:

*— Early i rose*
*In the blue morning;*
*On papago mountain,*
*The dying quarry*
*Looked at me with my loves eyes.*

די קולות האָבן זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן טאָל. סעקעט וועלי האָט אָפּגעקלונגען מיט הילכיקע ווידערקולות. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. מען האָט אָנגעצונדן שטורקאַצן. אין דער פינצטער, צווישן ביימער, האָבן די שטורקאַצן אָפּגעמאָלן אַ בילד פון אַ פאַרצייטיקן ריטואַל. בען און מילדרעד זענען געזעסן אויבנאָן. איבער זייערע קעפּ האָט געברענט אַ פאַקל, וואָס האָט צוגעשמאַליעט די נידעריקע צווייגן און איבער זייערע פּנימער איז אויפגעגאַנגען אַ ליכט, וואָס האָט זיי ביידן בלייך געמאַכט, שווייגנדיק און הייליק.

שטיינבערג האָט געפילט, ווי אין אים צעגייט דאָס האַרץ פון פרייד. אין זיין שווערן, שיכורלעך־פאַרנעפּלטן קאָפּ זענען דורכגעגאַנגען אַלע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט זיך דערמאָנט אין ערשטן טאָג פון זיין אַרויסקומען אַהער. די ווילדע פייגל אין וואַלד און ווי אַזוי זיי האָבן אים דעם ערשטן טאָג באַגעגנט; בערטעס וויינען; זיין נישט קענען אַרבעטן. און איצט — איצט איז זיין שייער פול מיט אַ שפּעדיקן שניט, דאָס הויז איז צוויי מאָל, דריי מאָל, פיר מאָל אַזוי גרויס, און ער גיט שוין אויס אַ טאָכטער.

פון זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן רינען טרערן — טרערן פון פרייד, גליק, ליבע. אַרטור איז שוין אויך אַ גרויסער בחור, סיליע אַ גרויס מיידל און פון מזלדיקן זומער האָט ער אָפּגעשפּאָרט אַ פּאַק מיט געלט, וואָס ער האָט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אַריינגעטראָגן אין דיקינסווילער באַנק.

ער האָט פּלוצלינג, פאַר אַלעמען אין די אויגן, געכאַפּט קושן דאָס ווייב.

— לאָמיר טאַנצן, בערטע, — האָט ער געשריגן, — לאָמיר גיין אַ האָפּקע.

## קאַפּיטל צוויי

דער האַרבסט האָט זיך גערוקט מיט געמאָסטענע טריט, אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, מיט שטיל אויסגעשפּרייטער רו אויף אַלץ און אַלעמען.

אומעטום האָבן זיך צעשפּילט נייע קאָלירן. די זון האָט געשיינט האַרבסטיק־גאָלדיק. דער הימל איז געוואָרן העכער, בלויער, קעלטער, און אַלעביימער האָבן זיך אָנגעטאָן אין נייע בלעטער — רויטע, געלע, קופּערנע און מיט אַ קאָליר ווי געפּרווירענע עפּעלעך. מען האָט נאָכאַמאָל צעאַקערט פעלדער. קעגן דער זון איז ווידעראַמאָל געלעגן ניי־איבערגעקערט לאַנד, ווי געפלאָכטענע שוואַרצע צעפּ; דער וועג איז געוואָרן פריי פון די שטאָטישע מענטשן, צוויי

מאָל אַזוי בּרייט, ווי עמעצער וואָלט מיט אַ גרויסן בּעזעם אויס־געקערט דעם גאַנצן זומערדיקן טומל, און אַן אויסגעבּעטער, מיט ווייכער, גלאַנציקער סמאָלע, שלענגלט ער זיך שטיל און יום־טובֿ־דיק צווישן בּערג, טאָלן, פאַרבּיי שטראָמיקע טייכלעך און ווערט פאַרפאַלן לעבּן שאַרפן עלנבּויגן, ווו עס שטייען ווייסע פאַרענ־טשעס, ווי בּאַוואָרענישן פאַר טיפע אָפּגרונטן, און אַ רויטער גע־זאָלין־סטעישאָן, ווו עס שטעלן זיך אָפּ אָנטרינקען אויטאָמאָבּילן, וואָס לויפן אָן פאַרשטויבּטע פון פענסילווייניע, ניו־דזשוירזי און קאָנעקטיקוט.

עס האָבּן זיך בּאַוויזן נייע פייגל; פעטע, אָנגעפרעסענע, גרויס־בּייכיקע, און מיט אַ קאָליר פון סוף־זומער. עס זענען גע־וואָרן פעטער די קי און פערד; דער שאַרף פון אַקעראייזן — בּלויער, און איבּער דער גאַנצער געגנט האָט זיך צעטראָגן אַ פאַר־סופּותדיקער ריח פון צייטיקע עפּל, ווייכע פלוימען און געפּרעגל־טער פּאָווידלע. אַרום דעם גרויסן הויז זענען נאָכאַמאָל געוואַקסן געראַניאומס; צווישן קוסטעס האָבּן זיך בּאַוויזן שטעכיקע בּע־רעלעך; איבּעראַיאָריקער קאָרן האָט, קוים צו בּאַמערקן, אָנגע־הויבּן אויפגיין אין נייעם גרין און איבּער פעלדער האָבּן אָנגע־הויבּן אַרומלויפן פלעדערמייז, טכוירן, דער פּיקהאָלץ און פון ערגעץ איז פּלוצלינג אָנגעלאָפן אַ בּושעל, וואָס שטייט שעהן־לאַנג אויף איין פוס.

דאָס גרויסע הויז איז שוין געווען אינגאַנצן אָפּגעליידיקט. טיר און פענסטער פאַרהאַקטע. אַלע דריי אויבּערשטע שטאָק זע־נען פאַרשלאָסן און דעם אונטערשטן גאָרן גרייט מען צו פאַר אַ ווינטערדיקער וווינונג. אַלע אַרבּעטן. אַלע זענען פאַרנומען. בּען מאַכט פּלענער, אַז דאָרטן, ווו ס'האָט היי־יאָר געוואַקסן קאַר־טאָפל, זאָל מען איבּעראַיאָר פאַרזייען האָבּער; דאָרטן, ווו ס'האָט געוואַקסן רעטשקע, זאָל מען פאַרזעצן קוקורוזע. שטיינבּערג איז מיט אים מסכּים. אין הויז גרייט מען צו פאַרן ווינטער, אין סלאָיעס, אין קליינע פעסעלעך, אוגערקעס, קרויט, טאָמעיטאָס, פלוימען און פּיטשעס. די אויסגעוואַשענע גלעזערנע סלאָיעס לופ־טערן זיך גרין־בּלויע, מיט די מיילער אַרונטער, אויף הויכע

שטעקנס, אנטקעגן דער זון. מיסעס שטיינבערג און מילדרעד לויפן אַרום מיט פאַרשאַרטע אַרבל און צעשפּרודלטע פּנימער. זייערע הענט זענען אַזוי ריין, ווייבעריש־שמעקעדיק, אַז עס דוכט זיך אויס, אַז אַ חוץ פּיטשעס און פלוימען פאַרקאַרקעווען זיי אויך אַריין אין די סלאָיעס דעם ריח פון הענט, וואָס שמעקן ווי צעבלי־טע רויזן.

אַלץ אָטעמט מיט האַרבסטיקער רייפקייט, מיט פאַר־ווינטער־דיקער צוגרייטונג. שטיינבערג האַלט אין איין לויפן קיין דיקינס־וויל און ליבערטי. הורטאָם קויפט ער איין אַלערליי ווינטערדיקע מכשירים. ער ברענגט צו שלעפּן גאַנצע זעק מעל, צוקער, אַלערליי גרויפּנס, און די גרויסע פירמע בווירנס בראָדערס האָט שוין צוויי מאָל אַרויפגעשיקט פולע טראָקס מיט קוילן. אַלעקסאַנדער, על נאָריסעס איידעם, איז געקומען פאַרהאַנדלען וועגן אָנלייגן דאָס אייז־הויז מיט אייז. שטיינבערג ישובט זיך מיט בענען; שטיינבערג זאָגט, אַז אַלעקסאַנדער איז אַ שלעכטער שכן און מען דאַרף אים פאַרשטופּן דאָס מויל. אָבער בען וויל נישט וויסן פון אַזאַ זאַך.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט ער. — וואָס מיינט איר, שווער, מיט פאַרשטופּן דאָס מויל? אויב ווילי פעלטען נעמט בי־ליקער, גיב איך אַרויס די אַרבעט צו ווילין.

בען האָט אָנגעהויבן צו רעדן אין אַן „איך״־טאָן. ער האָט אָנגעהויבן באַלעבאַטיש היטן יעדן סענט.

— פאַר אַ שלעכטן שכן, — זאָגט ער, — דאַרף מען נישט מורא האָבן. אַז מען וועט דאַרפן, קאָן איך אויך זיין שלעכט.

אָבער מיטן אָפּלייגן אייז האָט מען נאָך צייט. דערווייל זע־נען נאָך וואַרעם די טעג. דערווייל איז נאָך — אַז ווען מען גייט אַרויס אינדרויסן און מען גיט אַ קוק אויף דער ליכטיק־גאָלדע־נער זון, דוכט זיך אויס, אַז ס׳איז גאָר אָנגעקומען אַ נייער זומער.

---

בען און מילדרעד האָבן, ווי ביז איצט, יעדער געטאָן זיין אַרבעט. אַריבערקלייבנדיק זיך צוריק אין דעם גרויסן הויז, האָט בען אויסגעקליבן אַ צימער, וואָס האָט געהאַט צוויי פענסטער צו

מזרח, און איין פענסטער צו דרום. די צוויי בעטן, וואָס זענען דאָרטן געשטאַנען, האָט ער אַרויסגעטראָגן און אַריינגעשטעלט איין גרויס בעט, און אָנשטאָט דער פריערדיקער קליידער־שאַנק, האָט ער אַריינגעטראָגן אַ גרויסע שאַפע, ווו ער וועט קאָנען אין אָרדענונג צעהענגען אַ זייגע, אַ מילדרעדס קליידער.

מילדרעד האָט אים אין אַלץ אַרויסגעהאָלפן. ער האָט גע־קלאַפּט טשוועקעס, געשלעפּט שטיקער מעבל און זי האָט צעהאַנ־גען פירהענגלעך, געשפּרייט סערוועטלעך און באַצויגן דאָס בעט מיט אַ אַליין־אויסגעשטריקטן צודעק.

יעדע זאַך האָבן ביידע געטאָן צוזאַמען. מיט יעדן טאָג האָט ער זי אַלץ מער ליב באַקומען. וואָס מער ער האָט זיך גענורעט אין איר לייב, אַלץ צוגעבונדענער איז ער צו איר געוואָרן. ער האָט אויפגעהערט לייענען ביכער, איז פּטור געוואָרן פון אַלע בחור־שע חלומות, האָט געוווינען אין וואָג, איז געוואָרן שווערער, קאַר־גער, און אַלע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת האָט ער נאָר געטראַכט, ווי אַזוי זי צו באַוואָרענען.

די נעכט זענען פאַר אים געוואָרן אַ קוואַל פון תענוג. יעדעס מאָל, וואָס ער איז געווען מיט איר, האָט אים באַניי געקלאַפּט דאָס האַרץ. ער האָט ליב געהאַט מיט איר צו ליגן אין בעט און ס'איז אים קיינמאָל נישט מיאוס געוואָרן צו שמועסן מיט איר וועגן זאַכן, וואָס זענען פאַר אים בחורוויז געלעגן פאַרשלאָסן אונטער זיבן שלעסער. אַלע מאָל איז איר יעדער אבר פאַר אים געווען אַ נייע אַנטפּלעקונג. ער האָט געגלעט אירע האָר און זיך געוווּנ־דערט, ווי אַזוי זיי וואַקסן. ער האָט געגלעט איר הויט און נישט פאַרשטאַנען, פונוואַנען עס נעמט זיך צו איר אַזאַ גלאַטקייט. ער האָט זיך געראַיעט אין איר לייב, געשטופּט שפּיציקע פינגער אין אירע אויגן, אַריינגעשריגן ווילדע קולות אין אירע אויערן, און ליב געהאַט צו קוקן, ווי איבערן ווייסן ציכל פון קישן מישן זיך אויס אירע ליכטיקע בלאָנדע האָר מיט זיין שוואַרצן טשופּ.

ווען ער איז איינמאָל צוגעקומען צו דעם גרויסן הויז און געטראָפן מילדרעדן אינדרויסן, מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל, די

הענט ראָז־דורכזיכטיקע, אונטער אַ פֿאַרבֿרענטער הויט, האָט ער דערפֿילט, אַז אים גייען אויס די כּוחות.

— ווען איך קען, בוי איך אויס אַ קליין שטיבל אויפֿן באַרג און נעם דיך צו פֿון אַלעמענס אויגן, — האָט ער געזאָגט, — איך קאָן נישט פֿאַרטראָגן קיין זייטיקע מענטשן.

— ביסט צעלאָזן, — האָט מילדרעד איבערגעלאָזט די אַרבעט און אים געכאַפּט פֿאַר דער נאָז, — ביסט אַ קליין יינגל.

— בין איך צעלאָזן, — לאַכט ער מיטן פֿולן מויל ווייסע ציין, — בין איך אַ יינגל. מיר קומט, וואָס מיר קומט.

אין אַ חודש אַרום האָט ער זי איינמאָל אַנגעטראָפֿן אין קיך. ער איז נאָר־וואָס געקומען פֿון דיקינסוויל, וווּ ער האָט באַשטעלט געהילץ פֿאַר נייע הינער־הייזער. זיין פּנים איז געווען ווינטיק־צעשטראַלט. איינדרויסן איז שוין געווען האַרבסטיק־קיל, און ער האָט געטראָגן דעם ברוינעם נאָרפֿאָלק־אַנצוג פֿון שווערן קאָרדעראָי. די גרויסע, פֿון אויבן־צוגענייטע קעשענעס זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט מתּנות. איין פֿולע קעשענע מיט צוקערקעס; אין איין קעשענע צוויי פֿולע שקאַרמיצן מיט געבאַקטע פּיסטאַשקעס. די געפּאַסטע הויזן, איינגעשנורעוועט אַרום די דינע פּיס, האָבן אים צוגעגעבן דעם אָנבליק פֿון אַ יעגער. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מילדרעדן, האָט ער זיך דערשראָקן. איר פּנים איז געווען בלייך, די אויגן פֿאַרוויינט. נאָך איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט די מוטער אַרויסגעפּלאַצט:

— אָט איז בען און לאָז מיך צורו.

מילדרעד איז נאָך מער צעשראָקן געוואָרן. זי האָט זיך נאָך העכער צעשריגן.

— וואָס איז געשען? — האָט זיך בען דערשראָקן.

— פֿרעג זי, — האָט זיך די מוטער צעלאַכט.

מילדרעד איז אַרויס פֿון קיך. בען נאָך איר.

— וואָס האָט געטראָפֿן? — האָט ער זי אַריינגעכאַפּט אין די הענט.

— גאָרנישט.

— טאָ פֿאַרוואָס וויינסטו?

— ווייל פּיסט אַ שלעכטער. דיך קימערט נישט מיין לעבן.
— וואָס מיינסטו?
— דו ווייסט גאַנץ גוט, וואָס איך מיין.

ווען זיי זענען אין אָוונט געבליבן אליין אין צימער, האָט מילדרעד אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין:
— איך וויל נישט קיין קינד.

בען האָט זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע ביידע שטאַרקע הענט. איר דינער קערפּער האָט זיך געבויגן אין ווייטאָג. נישט אַרויס־רעדנדיק קיין איין וואָרט, האָט ער זי אָנגעהויבן קושן, האָט אָנ־געהויבן לאַכן, איז שטיל געוואָרן און געפילט, ווי אים ברעכט זיך איבער דאָס האַרץ. מיטאַמאָל איז אים געקומען אויפן זינען, אַז שטיינבערג באַהאַנדלט אים נישט יושרדיק. דאָס שטיק לאַנד, וואָס מען האָט פאַר דער חתונה אָפּגעקויפט ביים אַלטן פעלטען און וואָס גרענעצט זיך מיט זייער אייגן לאַנד, האָט באַדאַרפט פאַרשריבן ווערן אויף זיין און מילדרעדס נעמען.

— ס'איז אַן עוולה פון טאַטן, — האָט ער זי פּלוצלינג אָפּגעלאָזט און איז געוואָרן ערנסט. — דער טאַטע וואָלט באַדאַרפט אונטערשרייבן די פּאַפּירן.

— וועלכע פּאַפּירן? וואָס איז דיר פּלוצלינג איינגעפאַלן?
— ס'איז נישט פּלוצלינג. איצט־אָ. אייביק אויף קעסט וועל איך דאָך נישט זיצן. איך דאַרף דאָך וויסן, וווּ איך בין אויף דער וועלט.

— איך האָב געמיינט, אַז אַלץ איז שוין אָפּגעשריבן, — האָט זי געענטפערט.

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס ער פאַרשלעפּט עס. איצט — איך דאַרף דאָך וויסן, וואָס ס'איז וועמענס.
— איצט־אָ. איצט־אָ.

ער איז געווען אַזוי צעטומלט, עס איז אויף אים אַרויפגע־פאַלן אַזאַ יאָך, אַז ער האָט נאָר געוואָלט, אַז שוין, אין דער מי־נוט, זאָל דער שווער אים כאָטש איבערשרייבן אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן.

— איך וועל מאָרגן רעדן מיטן טאַטן, — האָט זי אים איינ־געשטילט.

ווי צעפּיעשטשעטע קליינע קינדער האָבן זיי זיך געגרייט לייגן שלאָפן. מילדרעד איז פריער פון אים אַריין אין בעט. בען האָט זיך פריי און באַלעבאַטיש אַרומגעדרייט האַלב־נאַקעט. ווי אַ געטרייער פאָטער האָט ער אויפגעעפנט דאָס פענסטער, וואָס איז געווען ווייטער פון בעט און פאַרמאַכט דאָס פענסטער, לעבן וועלכן מילדרעד איז געלעגן. ער האָט אונטערגעלייגט אונטער איר קאָפּ נאָך אַ קישעלע, פאַרבויגן אונטער אירע פיס די קאָלדרע און גאָרנישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט איר. מילדרעד האָט זיך גע־טוליעט אונטערן קילן ליילעך, געפילט, ווי איר לאָזט זיך אויס דאָס חיות — ווען זי קאָן אַזוי איינשלאָפן אויף לאַנג, לאַנג, זיך אויפכאַפּן ערשט דעמאָלט — זי האָט נישט געוווּסט, ווען זי וויל זיך אויפכאַפּן. זי האָט בלויז געפילט, אַז דאָס געלעגער, אויף וועלכן זי ליגט, איז אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער וועלט; אַז די גאַנצע וועלט גייט איר נישט אָן; אַז אַ חוץ זי און בען איז קיין אַנדער זאַך נישטאָ. זי האָט פּלוצלינג אויסגעשטרעקט אַ האַנט, אים אָנגעכאַפּט פאַרן העמד.

— קום שוין צו, — האָט זי אויסגעשריגן, — לעש שוין אויס דאָס ליכט.

ווען בען איז מיט באַגינען אַרויס אינדרויסן און זיך גע־לאָזט אַרונטערגיין צום שטאַל, האָט אים דורכגענומען אַ נאַסע קעלט. עס האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער מזרח־ווינט. דאָס אויסגע־טראָטענע שטעגל איז פּלוצלינג געוואָרן פאַרשאָטן מיט פאַרדאַר־טע בלעטער, און דאָס נייע מין סקריפּען אונטער די פיס האָט אָנ־געזאָגט, אַז עס האָט זיך געביטן די צייט פון יאָר. דער ווינט איז אים אַריין דורכן אָפענעם פּעלצל, דורכן צעשפּיליעטן העמד און געבלאָזן אויף דער נאַקעטער ברוסט.

— עס ווייזט אויף רעגן, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט איבערגעלאָזט מילדרעדן אַן אָפּגעדעקטע פּונקט אַנטקעגן פענסטער, וואָס קומט אַרויס צו מזרח־זייט — זי קאָן זיך נאָך פאַרקילן.

ער האָט אָנגעהויבן לויפן צוריק צום הויז, איז שנעל אריין אין טונקעלן קאָרידאָר, מיט אימפּעטיקע טריט געשפּרונגען איבער צוויי טרעפּ מיטאַמאָל און זיך אריינגעכאַפּט אויף די שפּיץ־פינגער אין צימער אריין, ווי ער וואָלט געווען אַ גנב.

מילדרעד האָט אים נישט געהערט אריינקומען. זי איז גע־לעגן אַן אָפּגעדעקטע. דאָס נאַכט־העמד איז אַרונטערגעפאַלן פון די אַקסלען. דאָס קלאָרע לייב איז געווען אַנדערש ווייס, ווי דאָס ווייסע ליילעך. מיטן קאָפּ פאַרוואָרפן אין אַ זייט, ביידע הענט צע־שפּרייט איבערן בעט, ווי אַ צלם, האָט זי אויסגעזען ווי די הייליקע מוטער.

בענען האָט אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. אַזוי שיין האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. אַ פלאַמיקע היץ איז אים געקו־מען אין פּנים אריין. ער האָט צוגעלייגט זיין מויל צו איר שטערן, ווי אַ מוטער, וואָס מעסט אַ קינדס היץ, און דערשמעקט אַ ריח פון ווייבלעך־צעפּאַרעטער וואַרעמקייט. דער ריח האָט אים שיער נישט משוגע געמאַכט.

— מילדרעד, — האָט ער פאַרשיכורט שטיל געזאָגט, — ליבע.

און נישט ווייסנדיק אליין, וואָס ער טוט, האָט ער צוריק אַראָפּגעשלעפּט די שווערע שיך, אַראָפּגעוואָרפן דאָס לעדערנע פּעלצל און צוזאַמען מיט דער דרויסנדיקער קעלט, איז ער צוריק אריינגעקראָכן אין בעט אריין.

— וואָס טוסטו? — האָט זיך מילדרעד אויפגעכאַפּט און זיך דערשראָקן פאַרן קאַלטן, בייסיקן ווינטער־העמד.

בען האָט נישט געענטפערט. כּדי זי נישט צו פאַרקילן, האָט ער איבערגעלייגט צווישן איר און זיך דאָס וואַרעמע ליילעך און געהאַלטן ביידע הענט לעבן זיך. אָבער מילדרעד האָט פאַרשלאָפע־נערהייט, ווי אַ בלינד הינטל, אָנגעהויבן זוכן זיין פּנים, שטופּן איר קאָפּ אויף זיין מויל, און ווען זי האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן געפונען דאָס שטיק צעכראַסטעטע ברוסט, האָט זי אהין אריינגע־שטופּט איר קאָפּ און שטיל געמורמלט:

— בען... בען...

דערנאָך האָט אַ גאַנצן טאָג גערעגנט. מען האָט נישט גע־קאָנט אַרבעטן. אַלע זענען געבליבן זיצן אין הויז און מילדרעד האָט צום ערשטן מאָל נאָך דער חתונה צוגעגרייט מיטאָג.

אין הויז איז געווען יום־טובדיק־וואַרעם. צום ערשטן מאָל דעם יאָר האָט געפּאַליעט אַ רויט־צעגליטער אויוון און די שויבן אין קיך זענען געוואָרן פאַרצויגן מיט נאַסער פּאַרע. אינדרויסן האָט געגאָסן אַ דריבנער, שטעכיקער רעגן; צו מיטאָג איז שוין אַלץ געווען ווי איין שטיק צעגאָסן בליי — דער הימל, דער וואַלד און דער גאַנצער הויף; און אין שטוב האָט ליכטיק גע־לויכטן עלעקטרישע ליכט און מען איז אַרומגעגאַנגען מיט צע־שפּיליעטע העמדער.

מילדרעד האָט, אַ צעפלאָסענע, צוגעגרייט דעם מיטאָג. אירע אויגן האָבן אַריינגעבראַכט אין שטוב אַריין די בלויקייט פון אַ הימל, די פרישקייט פון אַ שיינעם טאָג. זי האָט געגרייט דעם טיש מיט די בעסטע סערוועטלעך, מיטן גלאַנצנדיקסטן זילבער און מיט די בלאַנקנדיקסטע גלעזער. זי האָט נישט געלאָזט דער מאַמען זיך צורירן צו דער מינדסטער זאַך און אַליין האָט זי גע־טראָגן פון קיך אַ פעטן, וויניקן באָרשטש, געפילטע קנישקעלעך און אַ שמעקנדיקן ראָסל־פלייש, צוגעדעמפּט מיט קנאָבל און רויטן פעפער.

— צו אַזאַ מיטאָג בעט זיך אַביסל בראָנפן, — האָט שטיינ־בערג זיך געפרעגלט אין נחת, און נישט אַראָפגענומען די אויגן פון דער אויסגעגעבענער טאָכטער.

— דאָס באַלאַנגט צו מאַנסבילן, — האָט די יונגע באַלע־באָסטע געענטפערט.

בען האָט געבראַכט אַ פלאַש בראָנפן, אייגן־געשטעלטן וויין. די פּנימער ביים טיש האָבן זיך רויט צעפלאַמט.

— אָט דאָס הייסט מאַכן פון אַ רעגנדיקן טאָג אַ יום־טוב, — זאָגט נאָכאַמאָל שטיינבערג.

— ווען אין הויז איז דאָ אַ גוטע באַלעבאָסטע, איז יעדן טאָג אַ יום־טוב, — ענטפערט בען.

— זי שטייגט שוין אַפילו איבער די מאַמע.

אַ בּגילופינדיקער הויבט זיך שטיינבערג אויף פון טיש, גייט צו צו דער ווייב, נעמט זי אָן פאַר דער גאָמבע און פול פרייד אין קול שמייכלט ער:

— נו, ווייבל מיינס, וואָס וועסטו איצט זאָגן? מיר מעגן זיך שוין פאַרפּאַקן, האַ?

— עס ווייזט אויס אַזוי, — שטופּט זי שטיפעריש אָפּ זיין האַנט.

בּען האָט געפילט, ווי עס צעגייט אין אים דאָס האַרץ. מילד־רעד האָט געשיינט ווי טויזנט זונען. אינדרויסן וואַרט פאַר אים אַ פולער הארבסט מיט אַרבעט, אָבער ער האָט נישט קיין כּוח אַפילו אַריבערצוטרעטן די שוועל. ער וואָלט געוואָלט כאַפּן מילד־רעדן אויף די הענט, און מיט איר ערגעץ אַוועקפליען. ער וואָלט געוואָלט צוגיין צו שטיינבערגן און אים זאָגן פאַר אַלעמען אין די אויגן, אַז ער איז גליקלעך, אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע, אָבער שטיינבערג שלאָגט איבער זיינע געדאַנקען.

— דו מעגסט זיך רימען מיט אַזאַ ווייב, בּען, — זאָגט ער, — אַזוינע קנישקעלעך קען נישט יעדע פרוי מאַכן, און אַזוי ווי דער טאָג איז סיי־ווי־סיי אַ פאַרלוירענער, קאָן מען אַרונטער־פאָרן קיין דיקינסוויל און אונטערשרייבן די פּאַפּירן.

בּענס אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן. דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך אָנגעצונדן. פאַר אַלעמען אין די אויגן כאַפּט ער קושן דאָס ווייב און זאָגט שנעל, יינגליש פאַרלוירן:

— איך נעם גלייך אַרויס דעם פאָרד, שווער.

— ס'איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן, — שמייכלט שטיינ־בערג, — וועסט נישט פאַרשפּעטיקן. ס'איז דיינס.

אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום שטייט שוין בּען מיטן אוי־טאָמאָבּיל אין פראָנט פון דעם גרויסן הויז. זאַלבּעדריט לאָזט מען זיך אַרונטער קיין דיקינסוויל. בּען זיצט ביים דריי־ראָד, מילדרעד לעבן אים, שטיינבערג אין אַ ווינקל פון הינטן. מילדרעד איז אויס־געפּוצט ווי אַ כּלה. אַ טונקל־בּלוי קלייד מיט ווייסע מאַנזשעטן און קאָלנער, מאַכט איר ליכטיק פּנים נאָך ליכטיקער. איר קער־

פער איז אביסעלע דיקער, דאָס פּנים רונד אויסגעפּילטער און די האָר אויפגעהויבן עטוואָס העכער ביים שטערן.

אין שטעטל איז שוין געווען צעלייגט איבער אַלע ווינקלען דער אָנקומענדיקער האַרבסט. אַלע ביימער שטייען שוין נאַקעט. די גאַס איז פּוסט, טירן פון קראָמען זענען פאַרהאַקט און דער גרויער טאָג איילט זיך ערגעץ, און באַלד וועט ער אינגאַנצן אַנטלויפן.

— ווי שפּעט איז שוין? — האַלט מען אין איין פרעגן איינער דעם צווייטן.

בעת האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן סאָלאָמאָנס סטאָר. שטיינבערג איז אַריין זיך אָפּרעכענען מיט קוריצקין און איידער מען קוקט זיך אַרום, קומט ער שוין אַרויס פון סטאָוועלס אַפּטייק מיט אַ מתּנה פאַר מילדרעדן.

— באַגיס זיך מיט דעם פאַרפיום, מיין טאָכטער, וועסטו נאָך מער שמעקן, — זאָגט ער.

מילדרעד ווערט רויט איבער די אויערן.

— גיב עס בעסער דער מאַמען, — זאָגט זי.

— פאַר דער מאַמען האָב איך נאָך אַ טייערע זאַך, — שלעפּט ער אַרויס פון קעשענע אַ צווייט פּלעשעלע.

באַלד זענען אַלע דריי אַריין צום אַדוואָקאַט. דורכגייענדיק די גאַנצע פּראָצעדור איז מילדרעד צעמישט געוואָרן. מען האָט געהאַלטן אין איין לייענען פּאַפּירן, אַלטע דאָקומענטן, און יעדעס מאָל, ווען דער אַדוואָקאַט האָט אויסגערופן איר נייעם נאָמען, — מיסעס מילדרעד קעסטין, — האָט איר אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ.

— שרייבט אונטער דאָ, — האָט מען איר אַלעמאָל אונטערגערוקט נייע פּאַפּירן, — מילדרעד קעסטין.

מילדרעד האָט זיך געוויטלט, פאַרשעמט געשריבן דעם נייעם נאָמען און ס'איז איר געווען שווער צו מאַכן אַ שיינע K.

ווען זיי זענען צום סוף אַהיימגעפאָרן, האָבן זיי אויפן וועג באַגעגנט דעם אַלטן פּאָפּ נאָרים. דער אַלטער האָט זיך אַריינגע-

זעצט הינטן לעבן שטיינבערגן. ער איז געווען אויסגעווייקט פון רעגן, בייז, צעטומלט, און געציטערט פון אויפרעגונג.

— מיסטער הוירשהאָרן האָט מיר געבראַכט אַ קונה פאַר מיין פאַרם, — האָט זיין קול אַזש געציטערט.

— ס'הויבט זיך שוין אָן דער יאַריד, — האָט שטיינבערג כמורנע געענטפערט, — וועמען האָט ער געבראַכט?

— אַ יידן.

— איז אים געפעלן דיין הויז?

— געפעלן. אויב איך וועל נאָר געבן פאַרן פרייז, קויפט ער.

— וואָסער פרייז?

— אַ גוטן פרייז. צוויי טויזנט. אָבער ווי קאָן איך פאַר־קויפן? וואָס וועל איך טאָן אָן אַ היים?

פּאַפּ נאַרים האָט זיך געבראַכן אין ווייטאָג. דאָס מויל האָט זיך אים געקרימט. פון אויסגעווייקטן הוט האָבן געקאַפּעט טראָפּנס רעגן. כדי אַרויסצורופן צו זיך רחמנות, האָט ער אַרויסגעשטופּט די האַנט אָן די פינגער און געפּרעפּלט צו זיך אַליין, ווי ער זאָל תפילה טאָן:

— אפילו אין דער הייליקער ביבל איז אָנגעשריבן, אַז אַ מענטש איז נישט קיין הונט און אַז יעדער מענטש דאַרף האָבן זיין ווינקל; און איך וועל זיך אויף דער עלטער אַרומוואַלגערן, ווי עס וואַלגערט זיך אַרום אַ פאַרוואָגלטער הונט.

— טאָ צווינגט דאָך דיך קיינער נישט צו פאַרקויפן, — האָט אים שטיינבערג געפּרוּווט טרייסטן.

— אָבער אַזאַ גרויסע סומע. ס'איז ביי מיר אַ נסיון.

— און מיר דוכט, אַז פאַר דיר איז עס אַ גוטער פּלאַן, — האָט שטיינבערג צום סוף אָנגעהויבן, — דיין לאַנד פּוסטעוועט סיי־ווי־סיי. דיין הויז פאַלט איין. פאַר עטלעכע הונדערט דאָלאַר וועסטו זיך קויפן אַ שטיבל.

דעם אַלטן האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— אַ גאַנצן לעבן אָפּגעוווינט אונטער איין דאַך, אפילו אַ הונט האָט אויך ליב זיין היים. האָב איך נישט מיין גאַנץ

לעבן ערלעך געדינט גאָט? פאַרוואָס קומט עס מיר אויף דער עלטער?

זיין פּנים האָט פּלוצלינג זיך געביטן. אַ גרין פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין זיינע אויגן.

— צייטן האָבן זיך געביטן אין אונזערע מקומות, — האָט ער אַביסל העכער אָנגעהויבן. — אַמאָל פּלעגט אַ מענטש לעבן און שטאַרבן אויף זיין נחלה. היינט איז אַלץ אַנדערש. אַלעמענס הייזער זענען ביי יידן. אומעטום האָטעל און באָרדינג־הייזער. מען לאָזט דיך נישט רואיק שטאַרבן. איך מוז דיר זאָגן, שכן — איך האָב ליב די יידן, מיר דינען צו איין גאָט, אָבער זינט איר האָט אָנגעהויבן אַהער אַריבערקומען, האָט זיך אַלץ געביטן. אַלץ.

שטיינבערג האָט מער נישט געענטפערט. זיין האַרץ האָט זיך געבראָכן אין אַ שטילן וויטאָג. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון מי און שווערער אַרבעט, וואַרפט מען אים נאָכאַמאָל אין פּנים אַריין זיין יידישקייט. ער האָט געקוקט אויפן אַלטן, געהערט דעם שלעכטן ריח, וואָס זעצט פון אים.

„וועלן מיר, יידן, שוין קיינמאָל נישט פּטור ווערן פון דער קנאה און שנאה? — זענען פינסטערע געדאַנקען געקראָכן אין זיין קאָפּ. — מיר האָבן דאָך אויסגעבויט פון אַ וויסטן ווינקל אַ בליענדיקע געגנט. ווען וואָלט דער אַלטער אַפילו געקאָנט חלומען פון פאַרקויפן זיין חורבה?”

עס איז גיך צוגעפאַלן דער אָוונט. מיטאַמאָל, און גאָר פּלוצים האָט זיך פון ערגעץ געגעבן אַ רוק אָן אַ געדיכטע פינסטערניש און בען האָט געמוזט אָנצינדן די פראָדזשעקטאָרס פון אויטאָמאָביל.

ווען זיי זענען צוגעקומען נאָענט צום טייך, האָט אויף זיי אַ בלאָז געטאָן אַ נאַסער, בייזער ווינט. די נעץ האָט פייכט גע־מאַכט די הענט און פּנים. בען האָט אַ קוק געטאָן אויף מילדרעדן און זי צוגעדעקט מיט אַ פאַלע פון זיין מאַנטל. ער האָט אַראָפּגע־נומען דעם פוס פון גאַז־טרעטער און זייער פאָרזיכטיק אָנגע־הויבן פירן די מאַשין. דער טייך האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט פאַפירן אין קעשענע, וואָס מאַכן אים פאַר אַ גלייכן שותּף

צום שטיק לאַנד, וואָס ציט זיך פֿונדאַנען ביז זיין אייגענער פֿאַרם. אין זיין מוח האָבן זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן פֿליגלדיקע פּלענער: וואָס זאָל ער איצט טאָן מיט דעם שטיק לאַנד? מיט די דריי הונדערט פֿוס טייך? זאָל ער אפשר אויסבויען ביים סאַמע ברעג אַ קאַסינאָ? אָפּלאָזן איבערן טייך צוואַנציק שיפֿלעך? בויען אַ נייַ הויז? און אפשר זאָל ער איבעראַיאָר אַליין פֿירן דעם האָטעל? פֿאַרוואָס דאַרף ער אַוועקגעבן אַ פֿרעמדן דעם פּראָפּיט, וואָס דאָס הויז ברענגט אַריין?

צענדליקער פֿראַגן האָבן זיך געיאָגט אין בענס מוח. עס איז געווען, ווי אַ שטומער ענטפֿער צו פּאַפּ נאָריסעס רייד, אַז ביי יידן אין די הענט ווערט אַלץ אַנדערש. יאָ. ביי בענען אין די הענט וועט אַלץ אַנדערש ווערן. ער האָט זייער לאַנגזאַם געפֿירט די מאַשין. די אויגן זענען אים געקראָכן פֿון די לעכער און מיט שאַרפֿע בליקן אין דער פֿינסטערניש האָט ער אויסגעמאָסטן יעדן פֿוס נייַע ערד און וואַסער. אַ געוואַלדיקע עקשנות האָט זיך געשפּאַרט פֿון זיין האַרטן שטערן און פֿאַרשלאָסענעם מויל. ער וועט איבערקערן יעדעס פּיצל ערד. ער וועט צוימען דעם טייך. צי דער אַלטער פּאַפּ נאָריס וויל עס, אָדער נישט. בען וועט דאָ בויען גרויסע האָטעלן, קאַסינאָס, און זיינע שיפֿלעך וועלן שווימען איבערן סעקעט לעיק. מיט אָן אַ שיעור ליבע האָט ער שטורמערהייט אָנגערירט מילדרעדס האַנט — ער מוז זי באַוואָרענען, ער מוז אויסטראַכטן אַזאַ מיטל, וואָס זאָל אים און מילדרעדן און די דורות, וואָס וועלן פֿון זיי אַרויסקומען, אויף אייביק פֿאַרזיכערן. פּונקט ווי שטיינבערג האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק אָנגעהויבן אַקערן דאָס ערשטע שטיק פֿאַרלאָזט לאַנד, כּדי באַוואָרענען זיין משפּחה, אַזוי האָט איצט בען אָנגעהויבן טראַכטן פֿון זיין משפּחה — עס איז געווען אַ ציען ווייטער פֿון דעם זעלבן פֿאָדעם, אַ פֿאָרטזעצונג פֿון אַן אַרבעט, וואָס אַ ייד האָט אָנגעהויבן צוריק מיט צוואַנציק יאָר, און וואָס קיינער קאָן שוין מער נישט אָפּשטעלן.

בען האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעכאַפּט, ווי פֿון אַ שלאָף. דער שטאַרקער, ברייט־צעוואַקסענער קערפּער האָט זיך אַ צאַפּל גע־

טאָן. ער האָט אָנגעהויבן שנעלער טרייבן די קאַר. ער האָט זיך פאַרנומען אַרונטער באַרג, אָפּצופירן פּאַפּ נאָריסן און זיך מיט־אַמאָל פאַרהאַקט אין אַ טיפער בלאָטע.

— און דו האָסט נאָך טענות צו די יידן! — האָט ער זיך פלוצלינג צעשריגן. — פאַרוואָס פאַרריכסטו נישט דעם וועג?

— פּאַפּ נאָרים גלויבט נישט אין היינטיקע צייטן, — האָט שטיינבערג אַ שמייכל געטאָן.

דער אַלטער האָט שטום געשוויגן. דאָס פּנים, ווי געקאַרבטע קאָרע, האָט געציטערט. בען האָט געקערעוועט די מאַשין און גע־פרוּווט אַרויסקריכן פון דער בלאָטע. די פּראָדזשעקטאָרס האָבן אַלע מאָל באַלויכטן אַ שטיק איינגעפאַלענע וואַנט, אַן איבער־געקערטן פלויט, אַן אויסגעשלאָגן פענסטערל און ער האָט בייז גע־ברומט:

— מען קאָן דאָ צעברעכן דעם בעסטן אויטאָמאָביל. מיט אָקסן דאַרף מען אַהערצוקומען.

ווען בען איז צום סוף אַרויס פון דער בלאָטע און איז אַרויף אויפן געפלאַסטערטן וועג, האָט ער געהאַט טענות צו שטיינבערגן:

— דער טייוול וואָלט אים נישט גענומען, ווען ער גייט אַרונטער די צוויי מייל.

— און ער האָט נאָך טענות צו יידן, — האָט שטיינבערג געענטפערט, — ווער אַנדערש וואָלט אים געגעבן צוויי טויזנט דאָלאַר? ער וואַרפט זיך נאָך.

— ער וועט בעסער ווערן, — האָט בען געבורטשעט.

## קאַפּיטל דריי

מיט יעדן טאָג האָט זיך אַלץ שנעלער געיאָגט דער הערבסט און דער אָנהויב ווינטער. אַ בייזער, דראָענדיקער דרויסן האָט איינגעשרומפּן די טעג. איבער שפּיצן בוימער האָט זיך אַרומגע־טראָגן אַ בייזער ווינט, פּעסדיק געריסן בלעטער און זיי אָנגע־

ווארפן קופעסווייז לעבן פלויטן, אונטער ווענט, ווו עס ראיען זיך הינער. אלץ ארום איז פלוצלינג געווארן נאקעט, גרוי, און זייער נאענט. די בערג האבן זיך צוגערוקט צום הויז און אריינגע־קוקט דורך די פענסטער. פון קיך זעט מען דעם וואלד. פעלטענס פארם שטייט איצט הינטער דער פלייצע און פון דער ווערענדע קאן מען זען לוצארס ניי הויז.

גאטס וועלט האט איינגעשרומפן. די פעטע סעקעט וועלי־ערד טריקנט, ווערט געפרוירן, ציט זיך צונויף מיט קארבן, פאר־הארטעוועטע שפאלטן, אן זאפט, ווי די הויט פון א זקן און עס דאכט זיך אלץ אויס, אז עמעצער, אן אומזעבארער, האט מיט א גרויסן בעזעם אויסגעקערט, פארשארט און אויף אייביק אפ־געווישט אלע זומערדיקע קאלירן, פריילעכע געזאנגען, די דזשעז־לידער און אויף זייער ארט ארויסגעיאגט פון וואלד גרויקייט, נאקעטקייט, א בייזן יאמער, וואס וויינט און פייפט אריין אין קווי־מענעס, ווי דאס יאמערן פון טשאטעס הונגעריקע וועלף.

אבער אין שטיינבערגס הויז איז ווארעם און ליכטיק. אלע אוונט ווערט יעדעס ווינקעלע אנגעפילט מיט ליכט פון גרויסע עלעקטרישע לאמפן און מיט דער ברכה פון א מזלדיקער שטוב. עס קלינגט אלע מאל פריילעך דער טעלעפאן. מען רופט בענען, מען רופט ארטורן און די קליינע סיליע. א סך מאל קלינגען טעלעפאנען פון ליבערטי און עלענוויל. זינט שטיינבערג איז גע־ווארן סעקרעטאר פון דער דיקינסווילער פארמערס אסאסיאיישאן, קלינגען טעלעפאנען פון ווייטע מקומות.

דאס קלינגען פון א טעלעפאן אין א שפעט־הערבסטיקן אוונט, אויף א פארם, וואס ליגט ווייט פון א ישוב, איז א פרייד, וואס מאכט ליכטיקער די ליכטיקסטע שטוב. ווען עס צעקלינגט זיך דאס גלעקל, שטעלן זיך אויף אלעמענס אויערן. מען לאזט בכיוון דעם טעלעפאן אביסעלע לענגער קלינגען און יעדערנס האריץ הויבט אן שנעלער קלאפן — אפשר איז עס צו מיר, אפשר איז עס פון א ווייטער שטאט; און מען בלייבט דערנאך זיצן ביים טיש אויפגעלויכטענע, זאטע, בארעדעווודיק; און עס צע־יויקלט זיך א היימיש־משפחהדיקער שמועס פון אלערליי נייע דער־

פינדונגען אין אַגריקולטור, פון קומענדיקע יאָרן, פון אַרטורס צוקונפט, מילדרעדס זיין אין דריטן חודש און פון בענס פּלענער.

בען האָט אַ פולן קאָפּ נייע פּלענער און ער האַלט אין איין באַווייזן שטיינבערגן, ווי גערעכט ער איז.

— איך פאַרשטייט נישט, שווער, וואָס עס מיינט אַ קאַסינאָ ביים סאַמע טייך, — זאָגט ער. — איך וואָלט דאָרטן אָפּגעלאָזט צוואַנציק שיפלעך.

— פון אַלע הייזער וועט מען מוזן קומען צו אונז, — העלפט אים צו מילדרעד.

— איר ווייסט נישט, וואָס דאָס מיינט, שווער, — זאָגט נאָכאַמאָל בען, — דורכן זומער פאָרן דאָ דורך הונדערט טויזנט מענטשן. אויף מיילן אַרום איז נישטאָ קיין טייך. אין קאַמישע טאָר מען זיך נישט באָדן. מיר האָבן אַ גאָלדענע געלעגנהייט, שווער!

שטיינבערג ברעכט זיך אין וויטאָג. ער האָט ערשט באַצאָלט אין מזומן צו פעלטענען צוויי טויזנט דאָלאַר פאַרן לאַנד.

— איך וועל אָנפירן מיט דער קאַסינאָ, — שפּרינגט אַרויס אַרטור.

— איך וועל אַכטונג געבן אויף די שיפלעך, פּאַ, — שרייט סיליע.

— ביי מיר וועט קיינער נישט צוקומען צום טייך אָן געצאָלט, — זאָגט נאָכאַמאָל אַרטור.

— ביי מיר, ביי מיר, — הויבט שטיינבערג פּלוצלינג אָן שרייען און לאָזט אויס דעם גאַנצן כּעס צו אַרטורן, — דער עיקר קאָן איך מיך טאַקע אויף דיר פאַרלאָזן. אַזאַ לאָבוס ווי דו וואָלט שוין געמעגט זיין מער מענטש.

— גיב מיר איבער די קאַסינאָ, וועסטו זען, וואָס איך קאָן! — שרייט צוריק אַרטור.

שטיינבערג הויבט אָן שרייען הויך אויפן קול:

— לייג זיך נאָר נישט קיין פויגעלעך אין בוזעם. איך וועל דיר נישט בויען קיין קאַסינאָס. גיי אַרויס אַרבעטן אויפן פאַרם.

— קיין פאַרמער וויל איך נישט זיין! — שרייט אים איבער דער זון.

— איך ווייס, — פאַרענדיקט שטיל און פאַרצווייפלט שטיינבערג, — מיט שיפלעך ווילט זיך דיר שפּילן, מיט בעיסבאָלס.

אַרטור איז געווען פּונקט דער היפּוך פון מילדרעדן און בענען. פּונקט ווי זיי האָבן ליב געהאַט די פאַרם, אַזוי האָט ער די פאַרם פיינט געהאַט. ער האָט טאָג און נאַכט געחלומט פון אַ גרויסער שטאָט. ער איז געווען ריזיק שטאַרק. אַ בחור פון זיבעצן יאָר, האָט ער געהאַט אַ פּאָר מעכטיקע פּלייצעס, אַ הויכע ברוסט, צוויי אייזערנע הענט און שטאַרקע פיס. ער איז געווען דער בעסטער בעיזבאָל־שפּילער אין האַי סקול, און דער אויטאָמאָביל איז געווען זיין לעבן.

אַרטור האָט געקאָנט צענעמען דעם מאָטאָר פון אויטאָמאָביל אויף פּיצלעך און אים דערנאָך, ווי אַ נייעם, צוריק צונויפשטעלן. ער האָט געוווּסט דעם נאָמען פון יעדן טייל פון דער מאַשין. נאָכן קלאַנג פון אַן אויטאָמאָבילס טרובען האָט ער דערקענט, צי די קאַר איז אַ היגע, צי אַן אויסלענדישע, און צווישן די שטוביקע איז ער געווען דער בעסטער טרייבער.

ער איז געזעסן ביים דריי־ראָד, ווי אַ כישופמאַכער. אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג, שטאָלץ, גראַציעז, שיין, האָט ער געמייסטערוועט דאָס רעדל אויף די געפּערלעכסטע וועג־בויגן, רעכטס און לינקס, אַזוי, אַז קיינער האָט גאָר נישט באַמערקט, אַז דאָס פאָרט מען אַרום דעם באַרג נומער זעכצן, איבער דעם זיג־זאַגיקן וועג, וואָס שלענגלט זיך איבער טיפע אָפּגרונטן, ווי אַן אָנגעפרעסענע, זאַטע, גלאַנציקע שלאַנג.

אינסטינקטיוו, ווי אַ מענטש גייענדיק, ווייסט נישט, ווען ער הויבט דעם רעכטן פוס און ווען דעם לינקן, אַזוי האָט ער נישט געוווּסט, ווען ער גיט אַריין מער גאַז און ווען ווינציקער. דער פוס איז פון זיך אַליין געפאַלן אויפן גאַז־טרעטער שווערער און לייכטער און מען האָט בלויז געזען, ווי דער מיילנמעסטער שפּרינגט רעגלמעסיק אַרויף און אַראָפּ, גלייך ביידע וואָלטן גע־

ווען איינס — ער און די מאַשין, און אַז ער זיצט בײַם ראָד
אַ מעכטיק־ליכטיקער, גאָר אַ נײַ מין יידיש פּנים.

אַרטור האָט געהאַט אַ נײַ יידיש פּנים. עפּעס אַ געמיש פון אוקראַינע און אַמעריקע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס יידיש־דורותדיקע וואַנדערן, דער געמיש פון אַלערליי קלימאַטן, ווינטן און זונען, האָבן זיך איצט, אין דעם בחור, נאָכאַמאָל אויסגעפורעמט אין עפּעס, וואָס איז נײַ, פרײַ, ליכטיק, מעכטיק־שטאַרק, וואָס האָט מער פאַר קיינעם נישט קיין מורא און וואָס האָט אָן אַ שיעור גלויבן אין די אייגענע כּוחות.

דער יונגער בחור האָט פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט. ער איז געווען פרײַ, ווי דער ווינט. האָט זיך פאַרמאָסטן מיט יעדן, וואָס האָט אים מיטן קלענסטן וואָרט אָנגערירט, און ער האָט געחלומט צו ווערן דער בעסטער בעיזבאָל־שפּילער אין אַמעריקע.

אין דעם גרויסן הויז האָט ער געהאַט אַ באַזונדערן צימער. דאָס צימער איז געווען פאַרלייגט מיט ביכער וועגן אַלערליי ספּאָרטס און באַהאַנגען מיט בילדער פון פאַרשידענע באַוווּסטע מענטשן. עס האָבן דאָרטן געהאַנגען פּאָרטרעטן פון באַרימטע בעיזבאָל־שפּילער, שווימער, פּראַיזפאַיטערס, אויטאָמאָביל־יאָגער און אַ בילד פון אַ שפּאַנישן טאָרעאַדאָר, בשעת ער שטעכט אַרײַן אַ קליין שווערדל אין אָקס׳ ברוסט. די דאָזיקע אַלע העלדן האָט אַרטור כּמעט פאַרגעטערט. שעהן־לאַנג האָט ער געקאָנט שטיין און שטודירן די פּנימער פון די פּאָרטרעטן, זייערע פאַרשידענע פּאָזעס, און מיט אַ רעליגיעז פייערל אין די גרויסע, בלויע אויגן, מיט אַ ציטעריק האַרץ, זיך באַשווערן, אַז ער מוז ווערן איינער ווי זיי.
ער איז שוין איצט געווען דער בעסטער בעיזבאָל־שפּילער אין דער דיקינסוווילער האַי־סקול און זײַן אָפּשלאָגן אַ באָל האָט געשמט איבערן גאַנצן געגנט.

אין טעג פון נאַציאָנאַלע שפּילן, וואָס פלעגן שטענדיק אויספאַלן סוף זומער, ווען אויפן פאַרם איז מען פאַרלייגט מיט אַרבעט, איז ער קיינמאָל נישט אַהיימגעקומען פון שול. שטיינבערג האָט נעשריגן, די מאַמע האָט זיך געבעטן מיט גוטן, אָבער אַרטור איז צוזאַמען מיט אַנדערע בחורים אָפּגעשטאַנען גאַנצע טעג אין פראָנט

פון דער רעדאַקציע פון דער „דיקינסוויל־גאַזעט", געקוקט אויף אַ טאַפל, וואָס איז געווען צוגעשלאָגן צום וואַנט פון דער איין־שטאָקיקער רויטער מויער, אויף וועלכער מיסטער ליאָ וואַן לאָן, דער רעדאַקטאָר, האָט אַלע מאָל אויפגעשריבן די רעזולטאַטן פון דער שפּיל, און ווי אַ שיכּור געוועט אין געלט.

אין יענע טעג פלעגט אַרטור אַרומגיין, ווי אַ משוגענער. ער איז אַ צעדולטער אַרומגעלאָפן צווישן די דיקינסווילער קראָמען לייען געלט און איינגעשטעלט יעדן סענט. ער האָט געקענט פאַר־זענלעך דעם רעדאַקטאָר. ווען ער איז איינמאָל אין אַזאַ טאָג גע־שטאַנען לעבן דער רעדאַקציע, איז ער פּלוצלינג צוגעלאָפן צו מיסטער ליאָ וואַן לאָן און אַ צעפּלאָמטער אויסגעשריגן:

— איך האָב נעכטן פאַרגעזאָגט פּונקט דעם זעלבן אויס־גאַנג פון דער שפּיל.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו וועגן דעם נישט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל? — האָט אים, פאַר אַלעמען אין די אויגן, געפרעגט דער רעדאַקטאָר.

אַרטור איז געוואָרן רויט איבער די אויערן. פון אַלע זייטן האָבן אויף אים געקוקט דיקינסווילער באַלעבאַטים. פון אויפרע־גונג האָט אים אַזש אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ.

— איך וועל פּרוּוון, — האָבן אים געציטערט די ליפּן.

— איך וועל עס דרוקן, — האָט אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע מיסטער ליאָ וואַן לאָן.

פון דעמאָלט אָן איז דער רעדאַקטאָר אויסגעוואַקסן אין זיינע אויגן, ווי אַ גאָט.

דער דאָזיקער ספּאָרט האָט אין קאָרנעל־אוניווערזיטעט, וווּ ער האָט זיך געלערנט, אָנגעפירט מיט דעם דאָרטיקן בעיזבאָל־טים. דאָ, אין דיקינסוויל, האָט ער איינגעפירט אין „גאַזעט" אַ גאַנצע זייט מיט ספּאָרטס, געשריבן פּלאָמיקע אַרטיקלען צו דער יוגנט, וווּ ער האָט געוועקט זייער פּאַטריאָטיזם, זיך צו אָרגאַניזירן אין אַן אייגענעם בעיזבאָל־טים, און ער האָט דאָס איינגעפירט דעם טאַפל אויפן וואַנט, מיט רויטע און גרינע לעמפּלעך, וואָס האָבן אָנגע־זאָגט צו דער מינוט דעם אויסגאַנג פון די נאַציאָנאַלע שפּילן.

אויף דיקינסאוויל האָט דער אויפטו געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק. דאָס שטעטל איז נעגאַנגען כּאָדאָראָם. פֿאַרמער פֿון נאָענט און ווייט האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט און זיך געצויגן צו דער רעדאַקציע. די גאַסן זענען געווען פֿאַרשטעלט מיט אויטאָמאָבילן און וועגענער. דער ווינקל אָרמשאַרד־לעין און מעין־סטריט, איז געווען באַהאַנגען מיט אַמעריקאַנער פֿענער. דער איינ־ציקער דיקינסאָווילער פּאָליסמאַן, מיסטער בּרעדלים רויטער זון, מיטן פֿאַרמערישן פֿאַרבּרענטן פּנים, האָט געטראָגן שניי־ווייסע הענטשקעס אויף זיינע גרויסע לאַפּעס און אַלע מאָל געפּייפֿט מיטן פּייפֿעלע. ווייבּער און מיידלעך זענען געווען יום־טובדיק אויסגע־פּוצט. עלטערע באַלעבאַטים האָבן זיך אויסגעזעצט לעבן סטאָוועלס אַפּטייק, און מיסטער סטאָוועל האָט אַלעמען געטיילט ציגאַרן. די יונגוואַרג איז געווען ווילד פֿון שמחה. זייערע קולות האָבן גע־שפּאָלטן די לופֿט. ווי ווילדע ציגן זענען זיי געשפּרונגען פֿון אָרט צו אָרט, זיך געפּלאָנטערט אונטער די פֿיס און באַגעגנט יעדן נייעם אויפֿשריפֿט מיט משונהדיקע העוויות.

אַרטור איז ווילד געוואָרן פֿון באַגייסטערונג. די שפּיל איז מיט יעדער מינוט געוואָרן אָנגעשטרענגטער. אַלע מאָל האָבן זיך געביטן די לעמפּלעך — רויט—גרין, רויט—גרין.

— איך דאַכּל דעם געוועט, — איז צו אים צוגעלאָפֿן רעד וויליאַמס און פֿון באַגייסטערונג אַ וואָרף געטאָן דאָס היטל אין דער לופֿטן, — דיינע יענקס זענען אַלטע קוועטשער.

אַרטור האָט איינגעשטעלט דעם לעצטן סענט.

— די יענקס האָבן נאָך קיינמאָל נישט פֿאַרלוירן, — האָט ער רואיק און מיט זיכערקייט געענטפֿערט.

אויפֿן זיבעטן טאָג זענען בּיידע טימס געשטאַנען גלייך אויף גלייך. דיקינסאָוויל איז געווען צעטיילט אין צוויי צדדים. אַלע האָבן געכאַפּט דעם „גאַזעט", הערן, וואָס מיסטער ליאָ וואַן לאָן האָט צו זאָגן, אָבער אַרטור האָט אַן איינגעשפּאַרטער איינגע־שטעלט געלט אַנטקעגן יעדן איינעם. ער האָט מיט אַלערליי קונצן, מיט פֿאַרשידענע דריידלעך געליען אין גראָסערי, ביים בּוטשער, אין קענדי סטאָר.

— איך וועט מיין גאַנץ געלט, — האָט ער געשריגן.

— וויפיל האָסטו?

— וויפיל דו ווילסט.

— צען דאָלאַר?

— צען דאָלאַר.

ער איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ביזן בלויען פאַרטאָג האָט ער זיך געקאַטשעט אין בעט און איז מיט באַגינען אוועק פון הויז.

דער טאַטע האָט געמאַכט געוואַלטן. די מאַמע האָט זיך גע־בעטן מיט גוטן. בען האָט אַריינגעוואָרפן בייזע, באַלעבאַטיש־וואָרגדיקע ווערטער און מילדרעד האָט אים געזידלט. אָבער ער האָט קיינעם נישט געהערט, איז מיטן פאָרד אַרונטערגעפאָרן אין דיקינסוויל און איז צוריקגעקומען שפּעט אין אָוונט. — די יענקס האָבן געוווּנען. ער האָט אָפּגעצאָלט אַלע חובות און אַהיימגעבראַכט געוווּנענע דריי און צוואַנציק דאָלאַר.

## קאַפּיטל פיר

פון יענעם טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אַרטורן אַ ניי לעבן. ער האָט זיך אָנגעהויבן פירן ווי אַ גרויסער. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין ספּאָרטס און זיך גענומען גרייטן ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער בעיזבאָל־שפּילער.

ווען ער איז אויף מאָרגן אַרונטערגעקומען אין שולע, האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן אין קלאַסצימער. ער האָט אַלע מאָל אונטערגעשאַרט געשריבענע צעטעלעך צו די בחורים, זיך געדרייט אויף דער באַנק, געקוקט אויף די גרויסע, פאַרמעריישע יונגען, ווי ער זאָל וועגן זייערע כּוחות און ביי דער ערשטער געלעגנהייט פלוצלינג אַרויסגעשאָסן:

— איך וואָלט געוואָלט עפּעס רעדן מיט מיסטער האַרדין.

דער לערער, מיסטער האַרדי, אַ הינקעדיקער, מיט איין זייער

הויכן אָפּצאָס, מיט אַ מאָגער פּנים, ווי אַ גלח, האָט אָפּגעשטעלט דאָס לערנען.

— איך וויל פאָרלייגן צו אָרגאַניזירן אַן אמתן, פּראָפעסיאָנעלן בעיזבאָל־טים, — האָט זיך אַרטור אויפגעשטעלט.

אין קלאָס איז געוואָרן זייער שטיל. מיסטער האַרדי האָט אוועקגעלייגט דאָס ביכל פון האַנט און צוגעהונקען ביז אין מיטן קלאָס־צימער.

— ווי אַזוי מיינסטו, אַרטור? — האָט ער געפרעגט.

— איך וויל אויסקלייבן די בעסטע שפּילער פון דיקינסוויילער האַי־סקול.

דער לערער האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעביטן. ער האָט זיך צוריקגעהאָקעט צו דער קליינער פּלאַטפאָרמע און זיך אוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע פון אַ רעדנער.

— איך האָב שוין לאַנג געטראַכט דערפון, — האָט ער אָנגעהויבן. — מיסטער ליאָן וואַן לאָן וואָלט אונז אַ סך אַרויסגעהאָלפן.

מיט יעדער מינוט האָט זיך זיין מאָגער פּנים אַלץ מער צעפלאַמט. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איבער דער פּלאַטפאָרמע און דער הויכער אָפּצאָס האָט הילכיק געקלאַפּט. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ער פירט אַ קלאָס און אָנגעהויבן אַ פּלאַמיקע דרשה.

— מיסטער ליאָ וואַן לאָן קאָן אונז אַ סך אַרויסהעלפן. מיט מיסטער וואַן לאָנס הילף וועלן מיר מיט דער צייט קאָנען האָבן אַ טים, וואָס וואָלט זיך פאַרמאָסטן אפילו מיט פאָרט דזשוירווים.

דער לערער האָט געקוקט אויף אַרטורן, געקלאַפּט מיט אַ פויסט אין דער צווייטער אָפענער דלאָניע און זיך צעשריגן הויך אויפן קול:

— פאַרוואָס דען נישט? מענטשן־מאַטעריאַל האָבן מיר. באָים מיט אַן ערלעכן געוויסן האָבן מיר. אַ גרויס, גוט פעלד צו פּראַקטיצירן האָבן מיר. פאַרוואָס זאָלן מיר זיך נישט אָרגאַניזירן אין אַן אמתן בעיזבאָל־טים? ביז וואַנען נאָך וועלן מיר זיך שפּילן

אין אמאטאָרן? ביסט גערעכט, אַרטור; ביסט אַן אמתער פּאַט־ריאָט.

אין קלאַס־צימער איז געוואָרן שטיל. אַלע בחורים זענען גע־בליבן זיצן מיט אָפענע מיילער. דער לערער האָט אַראָפּגעקוקט פון דער פּלאַטפאָרמע, באַטראַכט אַלע שילער, זיי געוויזן און געמאָסטן, און פּלוצלינג אָנגעהויבן אויסרופן נעמען.

— וואָס דענקט וועגן דעם ביג איוועַנס? — האָט ער דיפּלאָ־מאַטיש קלוג געשמייכלט צום פּרעזידענטס זון. — ווי איז ערגעץ אַלעקסאַנדער נאָרים דזשוניאָר?

אַרטורן האָבן אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. אַ צעפּלאַמ־טער האָט ער נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון לערער. ווען ער שעמט זיך נישט, שטעלט ער זיך אויף פאַרן גאַנצן קלאַס און דערציילט דעם לערער, אַז זיין גאַנצן לעבן חלומט ער ווערן אַ בעיז־באָל־שפּילער. אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט קיין איין וואָרט. אַלע בחורים זענען געבליבן זיצן צעטומלטע און צעפּלאָמטע.

— רעדט זיך דורך, — האָט דער לערער געזאָגט, — שמו־עסט זיך דורך צווישן זיך, אפשר וועלן מיר דאָך קאָנען עפּעס אויפטאָן פאַרן געגנט. איך בין זיכער, אַז מיר קאָנען אויפטאָן עפּעס גאָר גרויסעס, מיט אַ פייער ווי אַרטור וועלן מיר אַ סך אויפטאָן.

ווען דער לערער האָט צעלאָזט דעם קלאַס, האָט זיך איבערן צימער אויפגעהויבן אַ מוראדיקער טומל. אין קאָרידאָר האָבן זיך די קולות געטראָגן ביז צו דער סטעליע. גרויסע בחורים, מיט פאַרמערישע, געזונטע פּלייצעס, גרויסע הענט, שטאַרקע פיס זע־נען געשפּרונגען אין דער לופטן. אַלע האָבן צוזאַמען געוואַלדע־וועט און איינער האָט געפּרוווט אַריבערשרייען דעם צווייטן. „רעד" וויליאַמס האָט גלייך פאַרגעלייגט גרינדן אַ בעיזבאָל־טים. אַרטור איז געשפּרונגען, ווי אַ יונגער לאָשיק פון איינעם צום צווייטן און געפּרוווט אַלעמען אַריבערשרייען.

— לאָמיר רופן אַ מיטינג, — האָט ער געשריגן, — ביי אַ מיטינג וועלן מיר אַלץ קאָנען אַרומרעדן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער נישט צוגעמאַכט מיט אַן אויג. זיין

פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט ביז קאָפּ־דרייעניש. ער האָט אין גערדאַנק אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ בעיזבאָל־קאָמפּאַניע, האָט צו־זאַמענגערופן אַלע בחורים פון געגנט און פאַר זיי געהאַלטן אַ פּלאַם־פּייערדיקע רעדע. מיט אָפענע אויגן אין דעם פינסטערן צימער האָט ער הויך, אויפן קול, אָנגעהויבן אויסרעכענען די שפּילער — דזשאָ־דזש פּעלטען, אַלעקסאַנדער נאָרים דזשוניאָר, מילטאָן פרידמאַן, ביג איוועגס, ,,רעד" וויליאַמס און דעם קליינעם איטאַליענער טאָני לוצאַראָ. וועגן טאָנין האָט ער זיך לאַנג גע־ישובט מיט זיך אַליין און נישט געקאָנט באַשטימען, וואָס צו טאָן מיט אים. טאָני איז געווען אַ קליין דאַר בחורל מיט אַ גרין־געל פּנים און מיט צוויי פלינקע שוואַרצע אויגן. ,,טאָני איז צו קליין — האָט ער ליגנדיק אין בעט, גערעדט צו זיך אַליין — ער האָט נישט קיין כּוח." אָבער באַלד האָט ער געפונען אַ תּירוץ: — טאָני איז גרינג אויף די פיס. ווען טאָני וועט לויפן פון איין בעיז צום צווייטן, וועט אים קיין באַל נישט דעריאָגן.

ביזן ליכטיקן פרימאָרגן האָט ער זיך געקאַטשעט אין בעט, געחלומט, געטרוימט און קוים דערלעבט די מינוט, ווען ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון הויז.

אין שול איז ער אַרונטערגעקומען פריער ווי שטענדיק. זיינע גלאַטע, בלאָנדע האָר זענען געווען פאַרקעמט אויף אַרויף. די בלויע אויגן האָבן ליכטיק געגלאַנצט. עפּעס וואָס איז נאָענט צו גוויאישעס איז געלעגן אויף זיין פּנים.

אַרטור האָט זיך קוים דערוואַרט אויף מילטאָן פרידמאַן, אויף ביג איוועגס, רעד וויליאַמס און מיט אַ פול מויל רייד האָט ער אַרויסגעשאָסן זיין פּלאַן.

— אָבער ביז מיר וועלן נישט זיין זיכער מיטן גאַנצן טים, רעדן מיר נישט קיין וואָרט, — האָט ער צעפּלאַמט געשריגן.

— דערנאָך גייען מיר צום לערער, — האָט געענטפערט מיל־טאָן פרידמאַן.

— און ביז דעמאָלט, שאַ, שטיל, — האָט פון פרייד אַזש אונטערגעשפּרונגען רעד וויליאַמס, אַן איבערגעוואַקסענער יונגער ריז, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ פּנים פול מיט פריסטשעקלעך, און

וועלכער פלעגט שוין איצט, צו 16 יאָר, קומען אין שול מיט אַן אייגענעם פֿערד.

— דערנאָך גייען מיר צו מיסטער ליאָ וואַן לאָן, — האָט אַרטור ווייטער געזאָגט.

— דערנאָך קיין האַקסבורג, — האָבן אַלע מיטאַמאָל, ווי צעיושעטע לאָשיקעס, אָנגעהויבן טאַנצן.

די גאַנצע צייט פון לערנען זענען די בחורים געזעסן מיט סודותדיק־פאַרשלאָסענע מיילער. זיי האָבן זיך כסדר געהאַלטן אין איבערוויַנקען, כסדר געמאַכט פאַרשידענע העוויות, אַריבערגע־שיקט איינעם צום אַנדערן צעטעלעך און נאָכן קלאַס האָט מען אַרויסגענומען דעם קליינעם טאָני לוצאַראָ אויף אַ פאַרוואָרפענעם, אָפענעם פעלד און מען האָט אים אָנגעהויבן יאָגן, ווי פערד, וואָס מען קויפט אויפן מאַרק.

טאָני האָט באַדאַרפט כאַפּן דזשאַן סטרעטאָן, אַלעקסאַנדער נאָרים און מילטאָן פרידמאַנען. מילטאָנען האָט ער געכאַפּט, אָבער ער האָט נישט געקאָנט כאַפּן אַלעקסאַנדערן. די בחורים האָבן זיך צו אים אַ לאָז געטאָן, ווי אַ טשאַטע בייזע הינט. פון אַלע זייטן האָבן זיך אויף אים אַ שאָט געטאָן בייזע זידל־ווערטער און קללות און מען האָט אים שיער נישט צעריסן.

— יו גאַד דעם וואָפּ, — האָט דזשאָרדזש פעלטען אויפגע־הויבן אַ האַנט.

דער קליינער טאָני איז געשטאַנען אַ פאַרסאַפּעטער און נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. זיינע נאָזלעכער זענען געוועזן צעשפּרייט און נאַס, ווי ביי אַ צעיושעטן פערד, די אויגן אַרויסגעסטאַרטשעט, מיט אָפּגעהאַקטן אָטעם האָט ער געשריגן:

— יו גאַד דעם פולס, גיוו מי עי טשענס!

מען האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן אַרומלויפן. איצט האָט מען שוין געשפּילט באָל. אַרטור האָט אַ וואָרף געטאָן די פּילקע צו רעד וויליאַמס, רעד האָט זי בליץ־שנעל איבערגעשיקט צו דזשאַן סטרעטאָן און דורך דער צייט האָט טאָני באַדאַרפט דורכלויפן דאָס גאַנצע אָנגעצייכנטע פעלד.

טאָני איז אַריבער דאָס פעלד, האָט געגעבן אַ פאַל צו צו

דער ערד, ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל און מיט די שפּיץ פינ־
גער אָנגערירט דעם בעיז.

— ער וועט זיך איינבּרעכן, — האָט געזאָגט ביג איוועגס,
וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מיט אַ זייגערל אין האַנט און
געהיט טאָניס יעדע בּאַוועגונג. — מיט דער צייט וועט ער זיין
אָלראַיט.

— אָבּער מען דאַרף מיט אים אַרבּעטן, — האָט געענטפערט
רעד וויליאַמס.

די בּחורים האָבּן ווידעראַמאָל אָנגעהויבּן אַרומיאָגן דעם
קליינעם טאָני. מען האָט אים געטריבּן כּאַפּן אַרטורן. מען האָט
געוואָרפן שטיינער סתם אַזוי אין דער לופטן און ער האָט דערווייל
געמוזט לויפן פון בעיז צו בעיז. די חבֿרה איז מיט יעדער מינוט
געוואָרן בּרוטאַלער, גרויזאַמער און יעדער האָט זיך באַזונדער
אויסגעטראַכט אַ מיטל, ווי אַזוי אים וואָס מער מאַטערן.

ווען זיי האָבּן אויף מאָרגן נאָכן לערנען געהאַט אַ מיטינג,
האָבּן זיי באַשלאָסן אַרויסוואַרפן טאָנין פון דער קאָמאַנדע.

— ס׳איז אַ ריזיקע, — האָט געזאָגט דזשאַן סטרעטאָן, —
ער איז צו שוואַך.

— מיר קאָנען זיך נישט דערלויבּן שפּעקולירן, — האָט גע־
ענטפערט רעד וויליאַמס.

טאָני האָט געציטערט מיטן גאַנצן לייבּ. טרערן זענען גע־
שטאַנען אין זיינע אויגן.

— גיט מיר נאָך איין געלעגנהייט, — האָט ער זיך גע־
בּעטן, — איר וועט זען, ווי גוט איך וועל היינט זיין. איך האָבּ
אַ גאַנצן פרימאָרגן פּראַקטיצירט.

אַלעקסאַנדער נאָריס, דזשוניאָר, האָט אים נישט געלאָזט
רעדן. די אַלטע שנאה, וואָס האָט פאַר יאָרן־לאַנג געבּרענט צווישן
די צוויי משפּחות, האָט איצט אויפגעפלאַקערט צווישן די קינדער.
אַלעקסאַנדער האָט פאַר אַלעמען אין די אויגן אויסגעשריגן:

— ווער, צום טייוול, וויל דאָס האָבּן אַ וואַפּ אין אונזער
טים!

טאַני האָט זיך אָנגעצונדן. זיינע שוואַרצע אויגן האָבן אָנגעהויבן ברענען.

— און אַ פאַרדאַמטער ייד איז בעסער? איך בין פונקט אַזוי שטאַרק, ווי מילטאָן פרידמאַן!

— מילטאָן קאָן דיך מיט איין פינגער אַנידערלייגן, — האָט אַלעקסאַנדער צוריקגעשריגן, — יעדער איינער קאָן אַוועקלייגן אַ וואַפּ!

טאַני האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט געביילטע פויסטן צו מילטאָנען. ער האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות:

— איך וועל דיר צעשפּאַלטן דעם קאָפּ! דו גאָט פאַרדאַמטער!

— לאָמיר טאַקע זען, — האָט זיך מילטאָן נישט פאַרלוירן.

טאַני האָט געברענט אין רציחה. די אויגן האָבן אים כּסדר געפינטלט. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט ביידע הענט אין דער לופטן און ווי אַ פייל פון בויגן האָט ער אַריינגעשאָסן די רעכטע האַנט אין מילטאָנס פּנים.

עס איז געוואָרן אַ טומל. מילטאָן איז אומגעפאַלן און זיך באַלד צוריק אויפגעשטעלט. שפּרינגענדיק אַרום און אַרום אין אַ ראָד, האָט ער מיט פאַרמאַכטע פויסטן, ווי אַ געניטער פייטער, מאַנעווורירט די פּאָזיציע. מיטאַמאָל האָט ער מיט איין האַנט אַ וויג געטאָן אין דער לופטן, מיט דער צווייטער פאַרשטעלט דאָס פּנים און בליץ־שנעל אַ שאָס געטאָן אין טאָניס פּנים.

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָבן אַלע אַרויסגעשאָסן.

מילטאָן האָט זיך אָנגענומען מיט נאָך מער מוט. ער איז אים פאַרפאָרן אין די אויגן, אין מויל, אין די אויערן. טאַני האָט זיך איינגעדרייט ווי אַ יאַזשעק און אים צוריקגעשלאָגן אין בויך אַריין. אויסגערעכנט, ווילד, מיט אַ טריפהנער רציחה, האָט ער כּסדר געהאַקט אין איין און דעם זעלבן פונקט, — אין בויך אַריין.

— הרגע אים, הרגע אים, — האָט געשריגן אַלעקסאַנדער, — דער וואַפּ שלאָגט זיך נישט ווי אַ ספּאָרט, ער קריכט צום בויך. לייג אים אַוועק.

ביידע זענען געוואָרן ווי צוויי ווילדע חיות. זייערע אויגן זענען געוואָרן רויט און געשוואָלן. פאַר אַ מינוט זענען ביידע געשפּרונגען איינער קעגן אַנדערן, ווי צוויי הענער, און איינער האָט געהיט דעם צווייטנס באַוועגונג. ביז צום פּלאַצן איז געוואַקסן זייער אָנשטרענגונג; און ווען טאָני האָט אויף איין סעקונדע פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט, האָט מילטאָן, ווי אַ בליץ, אַריינגעשאָסן ביידע געבײַלטע פויסטן אין טאָניס פּנים און אים אוועקגעלייגט.

פון טאָניס מויל האָט גערונען בלוט, זיין רעכט אויג איז געוואָרן געשוואָלן און פאַרמאַכט. ער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד און אָנגעהויבן וויינען. ער האָט זיך מער נישט געקאָנט רירן.

אַרטור האָט אים געהאָלפן זיך אויפהויבן און מיט זיין נאָזטיכל אָפּגעווישט דאָס בלוט.

— מילטאָן האָט דאָך דיך אַפילו נישט געטשעפּעט, — האָט ער געזאָגט, — ס'איז דאָך געווען אַלעקסאַנדער, וואָס האָט דיך געזידלט. פאַרוואָס שלאָגסטו זיך מיט אים?

— ווייל ער איז אַ שמוציקער ייד, — האָט טאָני געוויינט, — אַ גאָט־פאַרדאַמטער. איך ווייס, ס'איז דו און מילטאָן, וואָס ווילן מיך נישט אין טים.

— ווי קאָנסטו אַזוי רעדן, אַז איך האָב דיך אַליין פאַרגעשלאָגן?

— ביסט אַ פאַרדאַמטער ליגנער. איך קען אייך. אַלע יידן זענען ליגנער.

אַרטור איז געוואָרן רויט ווי פייער און זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער מוראַדיקער הויך.

— זאָלסט אויפהערן אַזוי רעדן, — האָט ער אים אונטערגערוקט אַן אייזערנע פויסט אונטערן האַרצן, — אויב רעדסט נאָך איין וואָרט אויף יידן, צערייב איך דיך ווי אַ וואַנץ.

טאָני האָט זיך דערשראָקן פאַר אים און זיך נאָך מער צעוויינט.

— מעגסט מיך אַפילו קוילען. איך האָב מיר מיין מיינונג.

— קאָנסט דיר האָבן דיין מיינונג, — האָט אים אַרטור אָפּ־

געשאַרט, ווי אַ שמאַטע און מיט ביטול אויף אים אַ שפּיי געטאָן, — גיי און האַלט זיך מיט דיין מיינונג.

ווען אַרטור איז יענעם פאַרנאַכט אַהיימגעקומען איז אים געווען ביטער אין מויל. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַזאַ שווערע באַליידיקונג, אַז ס'האָט אַזש געבויגן זיין קאָפּ. ער איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין זייער דערשלאָגן, מורא געהאַט זיך באַגעגענען מיטן טאַטן און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע שרייען אַריין אין זיינע אויערן: יידן זענען ליגנער! ער איז נישט אַוועק ווי געוויינלעך, צו דזשאָרדזש פעלטען שפּילן באָל. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין ווינקלען, זיך מיט קיינעם פון די שטוביקע נישט צו באַגעגענען, און ווען ס'איז שפּעטער צוגעקומען אַלעקסאַנדער נאָרים דזשוניאָר, האָט ער צו אים נישט געוואָלט אַרויסגיין.

— עפּעס ביסטו מיר געוואָרן אַ גאַנצער סטאַטעק, — האָט אים בען אָנגעטראָפן לעבן שטאַל, — וואָס האָט געטראָפן?

— ס'איז קיינעמס נישט עסק, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן, — האָט ער בייז געענטפערט.

— ס'איז קיינעמס עסק. אַ בחור קומט אַהיים פאַרנאַכט און ווייזט זיך נישט פאַר די אויגן.

— איך וויל נישט זאָלסט מיר זאָגן דעות, — איז ער נאָך מער אין כעס געוואָרן, — ביסט נאָך נישט קיין באַלעבאָס דאָ.

— אַזוי פיל באַלעבאָס, ווי דו, — האָט בען אָנגעהויבן שרייען, — אַזאַ לאָבוס, ווי דו, וואָלט געמעגט אויסמעלקן אַ קו.

— זאָלסט צו מיר מער אַזוי נישט רעדן, — האָט זיך אַרטור אים אַנטקעגנגעשטעלט, — ביסט נישט מיין טאַטע.

— טאַקע דאָס איז די צרה. ווען איך בין דיין טאַטע, וואָלסטו אַנדערש געווען. איך וואָלט שוין פון דיר געמאַכט אַ לייט.

— אַזוי, — האָט אַרטור אַלץ דראָענדיקער זיך אַנטקעגנגעשטעלט, — דו וואָלסט פון מיר געמאַכט אַ לייט. וואָלסט מיך אפשר געשלאָגן?

— ווען מען וואָלט געדאַרפֿט, וואָלט איך געשלאָגן.

אַרטור האָט זיך אויף אים פֿאַרמאָסטן. בען האָט זיך פֿון אים אָפּגעקערט. פֿון ווייטן האָט זיך באַוויזן שטיינבערג און אַר־טור איז אַוועק מיטן פֿעלד צו פֿעלטענס פֿאַרם צו.

קאַפּיטל פֿינף

אין אַ וואָך אַרום, ווען דער לערער האָט אין קלאַס־צימער דערציילט פֿון די זיטן ביי מענטשן אין אַ פֿרעמדן לאַנד, האָט זיך אַרטור אויפֿגעהויבן פֿון באַנק און געגעבן אַ צייכן, אַז ער וויל עפּעס זאָגן.

דער לערער האָט איבערגעהאַקט דעם שמועס, און מיט אַ גוטן שמייכל אויף די ליפּן, האָט ער צירלעך־מאַנירלעך אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס ווילסטו זאָגן, מיין זון?

אַרטור איז געוואָרן רויט, פֿאַרשעמט און פֿאַר אַ מינוט נישט געוווּסט, ווי אַזוי אָנהויבן.

— אָלראַיט, מיין זון, רעד, — האָט דער לערער ווייטער גע־זאָגט.

— מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט, — האָט אַרטור אין איין אָטעם אַרויסגעשאָסן.

אַלע בחורים האָבן אויסגעדרייט די קעפּ צו אַרטורן.

— אין אַ בעיזבאָל־טים.

דער לערער האָט אַרויסגעלייגט דעם בוך פֿון האַנט, האָט איבערגעריסן די לעקציע, און מיט אַ פּנים, וואָס האָט אָנגעהויבן שטראַלן פֿון פֿרייד, האָט ער צוגערופֿן אַרטורן.

— דערצייל מיר, ווער זענען די שפּילער.

אַרטור האָט זיך ווידעראַמאָל פֿאַרלוירן. דער גאַנצער קלאַס האָט זיך אויפֿגעשטעלט און פֿון אים נישט אַראָפּגענומען די אויגן. דער לערער האָט אים צוגעגעבן מוט.

— רעד, שעם זיך נישט, איך שטאָלציר מיט דיר. ווער זע־

נען די שפּילער? ווער איז דער פּיטשער? אַ פּיטשער, מיין זון, איז דער קאָפּ פון אַ טים, אין זיינע הענט ליגט אַמאָל דער שיקזאַל פון דער שפּיל.

אַרטור האָט אָנגעהויבן רעדן. דער קאָליר פון זיין פּנים האָט זיך אַלע מאָל געביטן. ער האָט דערציילט, וואָס די חברה האָט שוין ביז איצט אָפּגעטאָן, ווער די שפּילער זענען, און אַז אויפן אָרט פון טאָני לוצאַראָ האָט מען אַריינגענומען דעניעל האָלמסטעט, דעם געזונטן ניינצן־יאָריקן בחור, וועלכער פּאַלט אַלע יאָרן דורך ביי די עקזאַמענס, אָבער וועלכער האָט אַ האַנט ווי אַ האַמער.

— מיר האָבן אויסגערעכנט, — האָט ער געזאָגט, — אַז כאָטש דעניעל איז מיט אַזוי פיל עלטער פון אונז, וועט ער אָבער זיין וויכטיק פאַרן טים. ער וועט זיין אונזער פּיטשער.

אין צימער איז געוואָרן אַ פּלעסקעריי פון הענט. די בחורים האָבן זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן טומלען.

— זייער גוט אויסגערעכנט, — האָט דער לערער איינגע־שטילט דעם עולם און מיט אַ גלאַנץ אין די אויגן, ווי ער וואָלט געווען גליקלעך, וואָס ער האָט אַ געלעגנהייט אָנטיילצונעמען אין אַזאַ נאָבעלער אַרבעט, האָט ער מיט אַ טאָן פול ווירדע אָנ־געהויבן, — זייער פיין אויסגערעכנט, מיין זון. מיט דעניעל האָלמסטעט אַלס פּיטשער וועלן מיר האָבן דערפאָלג. איך קען דעם באָי שוין פאַר די לעצטע צען יאָר. ער איז אפשר נישט אַזוי פעאיק אין לערנען, אָבער וואָס מאַכט עס אויס. איך ווייס, אַז ער איז אַן ערלעכער. אַ באָי מיט געוויסן, אַ שטאַרקער, און ער וועט טאָן די אַרבעט ווי עס באַדאַרף צו זיין. איך גראַטוליר אייך — איך גראַטוליר דעם נייעם בעיזבאָל־טים — די דיקינסוויל דזשייענטס.

אין קלאַס־צימער איז געוואָרן אַ מוראַדיקער טומל. מען האָט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז מען איז אין אַ סקול. הענט האָבן גע־קלאַפּט, פיס געטופּעט, אַ פייפעריי פון צענדליקער מיילער האָט פאַרהילכט דאָס צימער און די קולות האָבן זיך צעטראָגן ביז אין דרויסן אַרויס.

— דיקינסוויל דזשייענטס, דיקינסוויל דזשייענטס, — ביז איצט האָבן חברה גאַרנישט געטראַכט פון אַ נאָמען. זיי זענען

צעטומלט געוואָרן פון דעם לערערס פלוצלינגדיקן איינפאַל. יעדער פון טים האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער איז געוואָרן אַ דזשייענט פון דיקינסוויל.

— יו אַר גרעיט, — האָבן זיך אַלע בחורים אַ לאָז געטאָן צום לערער און אים געוואָלט אויסקושן, — ס'איז אַ וווּנדערלעכער נאָמען. מיר פּאַראייביקן דיקינסוויל. מירן פּאַראייביקן אונזער לערער.

מיטאַמאָל האָט עמעצער אַ ווינק געטאָן און ניין געזונטע בחורים, אַלע הויכע, ברייטע, שטאַרקע, האָבן זיך געגעבן אַ שטעל אויס אין אַ ראָד און מיט פאַרפלאַמטע פנימער אָנגעהויבן זינגען, ווי זיי וואָלטן גענומען אַ שבועה. הענט האָבן זיך געפלאָכטן אין הענט. האָר האָבן זיך צעשויבערט, געוויגט אין דער לופטן. ביז איוועניס, דעם פּרעזידענטס זון, האָט אָנגעהויבן ציילן די בוכשטאַבן פון וואָרט דיקינסוויל, און דער גאַנצער קלאַס איז אַריינגעפאַלן אין אַ מעכטיקן כאָר:

— די־אַי־קעי־אַי־ען־עס־דאַבעליו־אַי־על־על.

צוערשט האָט מען די אותיות געציילט לאַנגזאַם, יעדן בוכשטאַב באַזונדער, צעצויגן, און מיט שטאַרקע קולות; אָבער ביסלעכווייז איז מען איבערגעגאַנגען אין אַ שטורעם, אָן אימפּעט, איינמאָל, צוויי מאָל, אַז ס'האָבן אַזש געציטערט די שויבן:

— די־אַי־קעי־אַי־ען־עס־דאַבעליו־אַי־על־על — דיקינסוויל — דיקינסוויל!

---

ווען אַרטור איז אין אַ וואָך אַרום, אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן, געזעסן ביים פרישטיק, זיין קאָפּ שבתדיק ליכטיק פאַרקאַמט, דאָס פנים האָט געלויכטן און דאָס ווייסע העמד איז געווען ווייס ווי שניי, האָט ער מיטאַמאָל דערזען אויף דער אינעווייניקסטער זייט פון „דיקינסווילער גאַזעט" דאָס אַרטיקל, וואָס ער האָט אָנגעשריבן און איבערן אַרטיקל אַ גרויסן קאָפּ, וואָס דער רעדאַקטאָר, ליאָ וואַן לאָן, האָט צוגעשטעלט: „ענדלעך האָבן מיר אַן איינגענעם בעיזבאָל־טים".

עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן. ער האָט געגעבן אַ שפּאַר די צייטונג דעם טאַטן אין פּנים אַריין און נישט מיט זיין קול אויסגערופן:

— גיב אַ קוק, פּאַפּאַ, איך האָב עס אָנגעשריבן!

— אַ געוואַלדיקער יחוס... — איז שטיינבערג נישט נתפּעל געוואָרן. — אַ מלאָכה צו שרייבן אין דעם בלעטל...

עס איז געווען פּונקט, ווי דער טאַטע וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

— איך וואָלט געוואָלט זען, אַז דו זאָלסט עפּעס אָנ־שרייבן, — האָט ער מער נישט געקוקט אויפן טאַטן און זיך פאַר־טיפט אין דעם אַרטיקל.

מיט יעדער מינוט איז ער אַלץ אויפגערעגטער געוואָרן. ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען אָפּגעדרוקט זיין נאָמען און יעדער אות באַזונדער איז געווען אַ וווּנדער. די „עי", די „אַר", די „טי" און די איבעריקע אותיות — ווי פליענדיקע פייגל. ער איז געוואָרן איבערפולט מיט פרייד, מיט אַזאַ גרויסער פרייד, וואָס פאַרהאַקט מיטאָמאָל אַלע חושים און ער האָט מער נישט געקאָנט עסן.

— גיב נאָר אַ קוק, ווי צעטראָגן ער איז דאָס געוואָרן, — האָט שטיינבערג אָנגעהויבן צו וואָרטשען.

אַרטור האָט געפילט, ווי עס פאַלט אים אַרויס דאָס האַרץ פון ווייטאָג.

— פאַרוואָס טרינקסטו נישט די קאַווע? — האָט דער פאָ־טער ווייטער געפרעגט.

אַרטור האָט פאַרביסן די ליפּן און ווייטער געקוקט אין דער צייטונג.

— איך וויל נישט דו זאָלסט זיין אַזוי צעטראָגן, — האָט שטיינבערג פּלוצלינג אַרויסגעריסן די צייטונג פון האַנט. — ביי מיין טיש וויל איך נישט הערן פון בעיזבאָל, פון חברים שקצים.

אַרטור איז געוואָרן בלייך, ווי די וואַנט. מען האָט געקאָנט זען, ווי אין אים קאָכט דאָס בלוט און אַז ער האַלט זיך איין מיט אַלע כּוחות נישט אָנצופאַלן אויפן טאַטן.

— גיב מיר אָפּ די צייטונג! — האָט ער שטיל, אָנגע־שטרענגט געזאָגט.

— איך וואָלט דאָס בלעטל נישט גענומען אין האַנט אַריין,— האָט שטיינבערג אַ שמיץ געטאָן דעם גאַזעט.

אַרטור האָט שטום געשוויגן.

— שוין גענוג זיך נאַריש געמאַכט, — האָט דער פאָטער זיך אַליץ מער צעקאָכט, — ביסט שוין מער נישט קיין יינגעלע. אַזאַ בחור, ווי דו, מעג שוין טראַכטן וועגן אַ תּכלית.

אַרטור האָט געשוויגן. די מוטער האָט אים נאָכאַמאָל אונ־טערגערוקט די קאַווע. אַרטור האָט די קאַווע צוריק אָפּגערוקט.

— זע נאָר זע, ווי דאָס בלאָזט זיך נאָך, — איז שטיינבערג אויפגערעגט געוואָרן, — זאָלסט מיר שוין אויסטרינקען די קאַווע! דו הערסט! קיין משומד וויל איך נישט ביי מיר אין הויז.

ביים טיש איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. אַנשטאָט שרייען אויף אַרטורן, האָט איצט שטיינבערג אָנגעהויבן שרייען אויפן ווייב.

— ס'איז דיין שולד, — האָט ער געשריגן, — דו אַליין צע־לאָזסט אים. ווען נישט דו, וואָלט ער שוין איצט ביי מיר גע־אַרבעט אויפן פעלד. ער וואָלט געמאָלקן קי. און לאָמיר דיר טאַקע זאָגן — פון היינט אָן הויב איך אָן אַכטונג געבן אויף דיין קדיש.

מיט יעדער מינוט האָט שטיינבערגס קול זיך געהויבן אַליץ העכער. זיין פּנים האָט אָנגעהויבן פלאַמען. צאָרן האָט געברויזט פון זיינע אויגן. ווען מיסעס שטיינבערג האָט דערלאַנגט דעם זון מילך, אַנשטאָט קאַווע, האָט ער ביין אַרויסגעריסן דאָס גלאָז מילך פון אירע הענט.

— איך וועל אים נישט נאָכגעבן, ביי מיר וועט ער נישט אויספירן. איך וועל אים אָפּגעוווינען פון די שקצים. פון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ קינד?

אַרטור האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. די הויט איבערן פּנים האָט זיך יעדע מינוט געביטן און מען האָט געזען, ווי ער האָט קאָנטראָלירט זיך מיט אַלע כּוחות נישט אויפהויבן זיך פון טיש

און מיט זיין יונג־איבערוועלטיקטן פּוח אַלץ נישט איבערקערן. אַ שטומער האָט ער אונטערגעשפּאַרט מיט איין האַנט די מאָרדע און שטומערהייט האָט ער זיך צום סוף אַרויסגעשאַרט פון עס־צימער.

— פאַרוואָס פאַרשטייט מיך נישט דער טאַטע? — האָט אין אים אָנגעהויבן ברויזן צאָרן. — פאַרוואָס איז מיין אייגענער פאָטער פרעמד צו מיר?

זיצנדיק שטומערהייט אין אַ צווייטן צימער און הערנדיק דעם טאַטנס רייד, האָט אים אַרומגענומען אַ קנאה צו זיינע חברים־שקצים.

— אַלעקסאַנדער נאָריסעס טאַטע איז געווים צופרידן, וואָס ער האָט געזען זיין זונס נאָמען אין דער צייטונג, — האָט ער מיט ווייטאָג פאַרגליכן זיך צו זיי, — און דער פּרעזידענט פון באַנק וואָלט אַוודאי שטאָלצירט, ווען ער זעט זיין זונס אַן אַרטיקל אין אַ צייטונג. פאַרוואָס פרייט זיך דערמיט נישט מיין טאַטע? מיין טאַטע וואָלט דאָך באַדאַרפט זיין שטאָלץ מיט מיר. אַלע זענען דאָך מיך מקנא. צי איז דען דזשאָרדזש פעלטען, „רעד" וויליאַמס, ביג איוועגס ערגער פון מילטאָן פרידמאַן? פאַרוואָס טאָר איך זיך מיט זיי נישט חברן? וואָס איז דער חילוק צווישן ייד און גוי? פאַרוואָס שטייט אָן דעם פּרעזידענט פון אַ באַנק, אַז זיין זון זאָל זיין אַ בעיזבאָל־שפּילער? און ביג איוועגס וויל דאָך אויך ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער שפּילער. איז עס דען אַ שלעכטע פּראָפעסיע? איז אַ פאַרמער בעסער צו זיין?

אין זיין מוח האָבן זיך געיאָגט טויזנטער געדאַנקען. יעדער נייער געדאַנק האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיינע גערעכטע טענות.

— אַ גוטער בעיזבאָל־שפּילער איז דאָך אַ גרויסער כּבוד. אַ בעיזבאָל־שפּילער פאַרדינט דאָך אַ סך געלט. זיין נאָמען קלינגט איבער דער גאַנצער וועלט. זאָל ער אַ קוק געבן אויף בעיב רוטה, אויף בעני לעאָנאַרד. בעני לעאָנאַרד איז דאָך אויך אַ ייד; אַ סך בעיזבאָל־שפּילער זענען יידן.

אַרטור האָט געוואָלט צוריק אַריינגיין אין עס־צימער רעדן מיטן טאַטן. ער האָט אים געוואָלט דערקלערן. זאָל דער טאַטע

נישט מיינען, אז ער גייט אוועק אין שלעכטע וועגן. פארקערט, ער וועט אים נאך באשיינען. דאס גאנצע שטעטל וועט באלד רעדן פון ארטור שטיינבערג, און דערנאך מידעלטאון און פארט דזשוירווים. צי זעט דען נישט דער טאטע, וואס מיסטער ליא וואן לאן שרייבט וועגן אים?

אבער די אלע טענות האט ארטור געקאנט רעדן בלויז צו זיך אליין. צום טאטן האט ער נישט געהאט די העזה צו רעדן איין ווארט. ער איז בלויז געזעסן א בלייכער און שווייגנדיקער. מיט אלע כוחות האט ער זיך איינגעהאלטן נישט ווידערשפעניקן דעם טאטער׳, און ווען ער האט שוין מער נישט געקאנט הערן דעם טאטנס געשרייען, איז ער ארויס אין דרויסן.

אין אפענעם דרויסן איז אים מיטאמאל אראפ א שווערער שטיין פון הארצן. א פרישער, אנהויב־ווינטערדיקער ווינט האט ארומגענומען זיין לייב און אים אפגעפרישט. עס האט געשיינט א בלייכע, פארשפעטיקטע זון. זיין הויכע ברוסט האט זיך נאך העכער ארויסגעשפארט. די ברייטע אקסלען זענען זיך ברייטער צעוואקסן. ער האט אנגעהויבן מוטיק שפאנען איבערן פעלד. אין זיין מוח האבן זיך אנגעהויבן פלינלען נייע געדאנקען. ער האט דערזען פאר די אויגן דעם גרויסן קאפ אין דער „דיקינסווילער גאזעט׳׳, מיט זיין נאמען צווישן די וויכטיקסטע מענטשן פון גאנצן געגנט און א צעשפרודלטער האט ער אנגעהויבן רעדן צו זיך אליין: — איך, ארטור שטיינבערג, האב ארגאניזירט די דיקינסווילער דזשייעגטס. די דיקינסווילער דזשייענטס וועלן זיך פארמעסטן מיט די מידעלטאונער אטלעטן, דערנאך מיט פארט דזשוירוויסער „ברוטס׳׳. פאר די „ברוטס׳׳ האט ער אביסל מורא געהאט. די „ברוטס׳׳ האבן אמאל געשפילט מיט די קינגסטאנער „רעד סאקס׳׳, וועלכע האבן זיך פארמאסטן מיט א פילאדעלפיער טים. דארט, ביי די „ברוטס׳׳, זאגט מען, געפינען זיך שוין צוויי פראפעסיאנעלע שפילער און אלע זענען זיי שוין אריבער צוואנציק.

— אבער ביז מירן אנקומען צו די „ברוטס׳׳ וועט נאך נע־

מען געגנוג צייט, — האָט ער זיך געטרייסט, — דעמאָלט וועל איך אויך אַלט זיין צוואַנציק יאָר.

ער האָט אַזוי געשפּאַנט איבערן אָפענעם פעלד. דאָס לאַנד איז געווען אויפגעאַקערט, צוגעטריקנט און ערטערווייז פאַרצויגן מיט געפרוירענעם שפּינוועבס. פון טייך האָט געבלאָזן אַ פייכטער ווינט. פון וואַלד האָט אַרויסגעקוקט נאַקעטע גרויקייט. עס איז נאָך נישט אמתער ווינטער, אָבער היינט־מאָרגן קאָן אויספאַלן אַ שניי און אַליץ צודעקן מיט אַ ווייסן ליילעך.

ער איז פאַרגאַנגען צו דזשאָרדזש פעלטען, אַרויסגענומען פון באַהאַלטענעם ווינקל אין שייער צוויי אויסגעבעטע גרויסע הענטשקעס און ביידע זענען זיי אַוועק אויף אַ פּלאַץ, ריין אָפּגעשניטן שטיק פעלד נישט ווייט פון הויז, וווּ זיי האָבן אָנגעהויבן שפּילן באָל.

## קאַפּיטל זעקס

אָנהויב דעצעמבער, ווען אַליץ אויפן לאַנד איז שוין געווען גוט איינגעפרוירן און מען האָט מער נישט געקאָנט טאָן קיין דרויסנדיקע אַרבעט, האָט בען אַרויסגענומען פון שטאַל דריי קי, זיי צוזאַמענגעבונדן מיט אַ שטריק אַרום די הערנער און זיי אַוועקגעפירט צו קעי סמיטס בוהאַי.

קעי סמיטס בוהאַי האָט געשמט מיט זיין גבורה איבערן גאַנצן געגנט. דער אָקס איז געווען פון ריינעם אָפּשטאַם, איז אַרויסגעקומען פון אַ באַוווּסטער אָקסן־משפּחה און דער אַלטער וועטערינאַר, דאָקטאָר סטרעטאָן, וואָס האָט געוווּסט דעם יחוס פון יעדן פערד און קו, האָט געזאָגט, אַז אין דעם אָקס רינט דאָס בלוט פון די ערשטע אַלסטינס און אַז 15 דאָלאַר פאַר לאָזן אָפּלויפן אַ קו מיט סמיטס בוהאַי איז אַ גרויסע מציאה.

בען איז יענעם פרימאָרגן געווען זייער ביין. ער האָט באַדאַרפט אַוועקלייגן אין מיטן ווינטער פינף און פערציק דאָלאַר אין מזומן. ער האָט זיך געקריגט מיט אַרטורן, ער זאָל אים העלפן

טרייבן די קי און ער האָט באַדאַרפט פּטרן דעם גאַנצן טאָג, ווייל קעי סמיטס פאַרם איז געלעגן העט ווייט, אויף יענער זייט בוש־קיל, ווו עס הויבט זיך שוין אָן שטאָטישער טראַקט און ווו עס ליגט די אייזנבאַן.

אינדרויסן האָט געבּרענט אַ פראָסט. דער הימל איז געווען נידעריק. אַ שטאַרקער צפון־ווינט האָט געסמאַליעט אין די אויערן, געטריבן די נידעריקע וואָלקנס און ס'האָט געוויזן אויף אַ גרויסן שטורעם. די קי האָבן זיך געריסן פון וועג, זיך געבוצקעט איינע די אַנדערע מיט די געפּענטעטע הערנער, און בען און אַרטור, ביידע בּייזע, שווער אָנגעלאָדענע, ווי דער בייזער דרויסן, האָבן כּסדר געדונערט מיט דראָענדיקע קולות — העי, בעסי! העי, קעדי! געט־אָווער, גלאָרי!

זייערע קולות האָבן געשפּאָלטן די לופט. לעבן וואַלד איז דער שטורעם געוואָרן נאָך שטורעמדיקער. אויפן רוקן פון ווינט האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן פּלאַטשיקע, נאַסע שנייעלעך, וואָס זענען געפאַלן פלאַך און נאַס אויף דער נאָז, ברעמען און גלייך אין מויל אַריין. דער כּעס האָט זיך אַלץ מער צעשפּילט אין בענס האַרץ. זיין פּנים איז געוואָרן פינסטער און אין מוח האָבן זיך שווער געפלאָנטערט קנוילן — צווייפלען — צי וועלן זיך אַלע דריי קי צונעמען, צי וועט נישט אַמאָל געבוירן ווערן אַ ביקל און צי וואַרפט ער נישט אַרויס אין מיטן ווינטער פינף און פערציק דאָלאַר.

— דאַרפסט נישט אַזוי קנאַקן מיט דער בייטש, — האָט ער פּלוצים, נאָר אָן אַ פאַרוואָס, אָנגעהויבן שרייען אויף אַרטורן, — הער זיך אויף צו שפּילן!

זיין שטימע האָט געבּרויזט מיטן אָנקומענדיקן שטורם. אַר־טור האָט אויפן מאָמענט נישט געקאָנט צוריקכאַפּן דעם שמייכל, וואָס ער האָט פאַרמאָסטן אויף אַ קו און אַלע דריי קי האָבן זיך אָנגעהויבן ווילד יאָגן, בוצקען און רייבן די קיילעכדיקע בייכער איינע אין דער אַנדערער. בען איז געוואָרן ווילד פון צאָרן. די קי זענען ביי אים געווען טייערער פון זיין לעבן. זיין פּנים איז געוואָרן צונטער רויט, און אָן דער מינדעסטער וואָרנונג האָט ער

גענעבן א שאס אריין פינף אויסגעשפרייטע פינגער אין ארטורס פנים.

— נא, אט האסטו דיר, — ווייס ווי זיך צו שפילן מיט א בייטש.

ארטור איז געווארן מלא רציחה. ער האט גיך אפגעטרייסלט דעם הילכיקן פאטש און איז געבליבן שטיין מיט געביילטע פויסטן אנטקעגן בענען.

— פארוואס שלאגסטו מיך?

— פאר נעכטן, — האט זיך בען פאר אים ווינציק גע־שראקן, אים רואיק באטראכט און איז געבליבן שטיין שטייף און פארזיכטיק.

— וואס האב איך דען געטאן? — איז ארטור צוגעקומען נענטער.

— פרווו זיך טאקע פארמעסטן, — האט בען נאך אלץ רו־איק געענטפערט און מען האט געקאנט זען, ווי ער זאמלט כוחות, צילט זיך, — לאמיר טאקע זען ווי דו שלאגסט אן עלטערן.

ארטור האט זיך איינגעבראכן, אפגעטראטן אויף צוריק און איז באלד צוריקגעקומען.

— ווען דו ביסט נישט מיין שוועסטערס מאן, וואלט איך דיר אלע אברים צעבראכן.

זיינע הענט זענען געווארן אזוי שטייף געביילט, אז די נעגל האבן איינגעשניטן די הויט.

— דו הויב זיך נישט אן מיט מיר. ווען דו ביסט נישט עלטער פון מיר, וואלט איך דיר געוויזן.

— און דו מיין נישט, אז איך בין דער טאטע, — האט בען געסאפעט, — איך וועל דיר נישט, ווי ער, אלץ מוחל זיין. איך קאן זיך מיט דיר פארמעסטן.

— א, העל, —האט ארטור אראפגעלאזט די הענט און אנ־געהויבן שעלטן די קי.

די קי האבן ווילד אנגעהויבן לויפן איבערן וועג. בען און ארטור זענען זיי נאכגעלאפן און ביידע האבן מער נישט ארויס־גערעדט אווארט ביז זיי זענען אנגעקומען אויף קעי סמיטס פארם.

אויפן הויף זענען געווען נאָך צוויי פאַרמער. די פאַרמער
זענען געקומען פון אַן אָרעמען געגנט אַרום ניוטאָן. זייערע קי
זענען געווען קליינע און זיי האָבן נישט געהאַט קיין כּוח צו טראָגן
דעם שווערן אָקס.

בען האָט פּלוצים אַרויסגעשאָסן אַ הילכיק געלעכטער.

— ס'איז אומזיסט דיין געלט, מיסטער פאַרמער, וואַרפסט
אַרויס אין מיסט ווינטער פופצן דאָלאַר.

— און דו מעגסט זיך געזעגענען מיט דיינע פינף און פערציק, — האָט דער פאַרמער געענטפערט, — אויב איך וואַרף אַרויס
פופצן דאָלאַר, וועסטו אַרויסוואַרפן דריי מאָל אַזוי פיל.

— נישט מיט אונזערע קי, — איז אַרויסגעשפּרונגען אַרטור און זיין פּנים איז רויט געוואָרן, וואָס ער רעדט מיט פרעמדע מענטשן.

— אַזוי, — האָט דער פאַרמער באַטראַכט דעם יונגן בחור,
די ברייטע פּלייצעס, — אַזוי מיינסטו!

— אַזוי מיין איך, — איז אַרטור דרייסטער געוואָרן, —
וועסט באַלד זען.

בען האָט אַ קוק געטאָן אויף אַרטורן און אַ ברייטן שמייכל
געטאָן:

— אַט, וואַרט אויס אַביסעלע. וועסט באַלד זען, וואָס עס
מיינט סעקעט וועלי סטאַק.

— סעקעט וועלי קי זענען נישט קיין ניוטאָנער פּאַדלעס, —
האָט אַרטור ווייטער געזאָגט.

אָבער ווען מען האָט צוגעלאָזט די ערשטע בהמה צום ריזיק־
ווילדן אָקס, האָבן אירע פיס אָנגעהויבן ציטערן, די קני זיך בויגן
און זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אונטער דער שווערער משא.
ביידע פאַרמער האָבן אַרויסגעשאָסן אַ הילכיק געלעכטער.

— שפּיי גוט אָן אויף די פיר צענערלעך, מיסטער מאַן. גע־
זעגן זיך מיטן געלט.

— און אויפן פינפערל אויך? — האָט זיך געקאַטשעט פון
געלעכטער דער צווייטער.

בען איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. אַרטור איז געבליבן שטיין

אַ פֿאַרלוירענער און נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. אָבער אין צווייטן מאָמענט, גלייך אים וואָלט עפּעס איינגעפֿאַלן, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אין אָפֿענעם פֿעלד, גלייך צו דער ווילדער חיה.

דער אָקס האָט ווילד אַנגעשטעלט די הערנער, אָנגעבויגן דעם קאָפּ, גרייט אים דורכצוזיין. בעת האָט זיך אַ דערשראָקענער אָפּגערוקט. ביידע פֿאַרמער זענען אַנטלאָפֿן ביז צום פּלויט צו. אָבער אַרטור איז געבליבן שטיין שטייף און וואַכזאַם. זיין פֿיגור, הויך און ברייט, איז געוואָרן ווי אויסגעגאָסן פֿון שטאָל. יעדער מוסקול איבער זיין לייב איז געוואָרן שטייף אָנגעצויגן און מיט זיין שאַרף אויג האָט ער געהיט יעדע מינדסטע באַוועגונג פֿון דעם צעיושעטן אָקס.

— גיי אַוועק פֿון דאָרטן, — האָט בעת געשריגן. — די חיה וועט דיך דערשטעכן.

אַרטור האָט זיך פֿייל פֿון בויגן אַ לאָז געטאָן צום אָקס, מיט ביידע אייזערנע הענט האָט ער אים אָנגעכאַפּט פֿאַר די הערנער און ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן ראַנגלען. יעדעס מאָל האָט אים דער אָקס אַ שליידער געטאָן און יעדעס מאָל איז ער נאָך שטאַרקער צוריקגעקומען. עס איז געווען מוראדיק צוצוקוקן, ווי ביידע אָנגעשפּיצטע, וואַכזאַמע, הימן איינער דעם צווייטן. די מענטשן אַרום האָבן געמאַכט געוואַלדן. קעי סמיט איז אַריבער דאָס פֿעלד און געפּרוּווט אים צונעמען; אָבער אַרטור איז מער נישט אָפּגעטרעטן ביז ער האָט נישט איינגעשטילט די צעווילדע־וועטע חיה, ביז דער אָקס איז געבליבן שטיין שטיל און סאַפּענ־דיק, מיט אַ הייסער פּאַרע פֿון די נאָזלעכער; און ווען ער האָט אַ רואיקער נאָכאַמאָל גענומען אַרומשמעקן די קי, האָבן ביידע, קעי סמיט און ער, אונטערגעהאַלטן זיינע פֿאַדערשטע פֿיס.

אַלע אַרום זענען געבליבן שטיין געפּלעפֿטע. ביידע פֿאַרמער האָבן זיך נישט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אַז אַ יונגער בחור זאָל האָבן אַזוי פֿיל כּוח. מיסטער קעי איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן און בעת האָט געלאַכט, געבורטשעט און זיך באַרימט מיט אַרטורן.

— איר וואָלט באַדאַרפט זען, ווי ער נעמט צו אַ פּאַטש, — האָט ער געזאָגט.

— איך וואָלט זיך מורא געהאַט מיט אים צו פאַרמעסטן, — האָט איין פאַרמער געענטפערט.

— נישט איך — האָט בען געוויזן אַ געבײַלטע פויסט.

אַהיימגייענדיק זענען בען און אַרטור געווען זייער אויפגע־לייגט. אַלע דריי קי זענען זעטיק־מונטער געשפּרונגען איבערן וועג. איינע האָט געלעקט דער צווייטערס פּעל און אַלע דריי האָבן זיך כּסדר געקושט. אין דרויסן האָט געשאָטן אַ שניי. ס׳איז געוואָרן ליכטיקער, לייכטער די לופט און אַלע בוימער, וועגן און פּלויטן זענען געוואָרן אַלץ מער ווייס. בען האָט אַ צעפלאָסענער גערעדט צו אַרטורן, ווי צו זיינס אַ גלייכן און פאַר אים אויסגערעדט דאָס האַרץ.

— דו מיינסט אַוודאי, אַז איך האָב דיך אומזיסט געטשע־פּעט, — האָט ער געזאָגט, — אַוועקלייגן אין מיטן ווינטער פינף און פערציק דאָלאַר איז נישט קיין קליייניקייט.

— טאָ וואָס בין איך שולדיק? — האָט אַרטור געפרעגט.

— אַלע זענען מיר שולדיק. דו מיינסט, דער טאַטע איז נישט גערעכט? אַזאַ בחור ווי דו קאָן זיך ניצלעך מאַכן אויף אַ פאַרם.

— אַז איך האָב אָבער פיינט אַ פאַרם. ס׳איז דיין גליק, וואָס דו ביסט מילדרעדס מאַן. ווען דו ביסט אַ פרעמדער, צעברעך איך דיר די ביינער.

— אַזוי? — האָט זיך בען נאָכאַמאָל אַנטקעגנגעשטעלט. — מיינסט טאַקע, אַז דו ביסט אַזאַ גבור.

— ווען דו ביסט נישט מיין שוואָגער, וואָלסטו געזען.

— בין איך נישט דיין שוואָגער, — האָט זיך בען אָפּגע־שטעלט. — פאַרגעס אַז איך בין עלטער. לאָמיר זען, וואָס דו קענסט.

אַרטור האָט אים מיט חוזק אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס

— בין איך נישט, — האָט בען אים ווייטער געבייזט, גע־שטופּט אַ פויסט אונטערן האַרצן און אים צום סוף אַ שטויס גע־טאָן, אַז דער בחור האָט זיך איבערגעקערט.

אַרטור האָט זיך פלינק געגעבן אַ הויב אויף. ליכט, ווי אַ הירש איז ער צו צו בענען און נישט מיט זיין קול אָנגעהויבן שרייען: — ביסט נישט מיין שוואָגער! איך בין דיר אַ פרעמדער!

— און ווי מיט אַ פינטל פון אויג האָט ער אים געגעבן אַ שליס איין אין זיינע הענט, ווי מיט אַן אייזערנעם רינג.

— ביסט יאָ מיין שוואָגער, צי נישט?

בען האָט זיך געפרואווט ווערן. ווי אַן אָקס האָט ער איינגע־שפּאַרט געאַרבעט מיטן קאָפּ, עלנבויגנס, זייטן, אָבער אַרטור האָט אים אַלץ מער איינגעשלאָסן. מען האָט געהערט, ווי עס קנאַקן ביי־נער, ווי עס זשיפּעט אַן אָפּגעהאַקטער אָטעם; אָבער דער יונג האָט אים שוין מער נישט אָפּגעלאָזט. מיט זיין גאַנצן יונגן כּוח האָט ער אים געשלעפּט אַרונטער צו דער ערד, און ווען ביידע האָבן זיך דורך אַ לאַנגער ווילע געוואַלגערט אין שניי, האָט בען קוים אַרויסגערעדט:

— אָלרייט, אָלרייט, איך גיב זיך אונטער.

ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער משוגענער פּיבּים הויז, האָבן זיי מיטאַמאָל דערזען, אַז די טיר שטייט אַ צעפּראַלטע. דער שניי האָט אַריינגעבלאָזן גלייך אין הויז אַריין. דער ווינט האָט גע־ריסן אַ זומערדיק־שמוציקן פּאָרהאַנג, וואָס האָט געהאַנגען איבער דער טיר, און ווען אַרטור איז צוגעלאָפן אַ קוק טאָן פאַרוואָס די טיר שטייט אַן אָפענע, האָט ער דערזען ליגן אויף דער ערד, לעבן בעט, די הונדערט־יאָריקע משוגענע, אַ פּיצעלע, אַ שפּיציקע און פאַרשטאַרטע.

אַרטור איז מיט אַ געשריי צוריק אַרוים אין דרויסן. בען האָט די טויטע אַריינגעלייגט אין בעט. זי איז געווען גרינג ווי אַ פעדער און זי האָט גאָר קיין אָרט נישט פאַרנומען. אַ פּאָר אינטשעס אין דער ברייט און דאָס גאַנצע בעט איז געווען ליידיק. בען האָט זי איבערגעדעקט מיט אַ שווערער קאָלדרע, איבערגעגעבן אַרטורן די דריי קי און זיך געלאָזט לויפן צו די ברידער נאָרים.

דער שניי איז געפאַלן אַלץ געדיכטער. דער ערשטער שניי פון יאָר. גרויסע פלאַכטעס זענען געפלויגן אין קוואַר פון צפון־מזרח צו מערב צו. אַלץ איז שנעל פאַרדעקט געוואָרן. עס האָט אָנגעהויבן

בלאָזן אַ שאַרפער ווינט. פונדערווייטנס האָט מען געזען, ווי אויף די בערג צעשפּילט זיך אַ ווינטערדיקע מלחמה. דער הויכער באַרג, קעגנאיבער, האָט אָנגעהויבן קריכן אין די וואָלקנס, פאַרשטעקט דעם קאָפּ אין די הימלען און אָנגעהויבן פינסטער וואָיען, בייז שיסן מיט ווינטן און קווערקן שניי, אַז ס'האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

אַרטור און די בהמות האָבן אָנגעהויבן שנעל לויפן אַהיים. דער וועג איז געוואָרן גליטשיק, פאַרשלייערט און דעם בחור האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז ער זעט די משוגענע טויטע אַרומגיין איבערן פעלד. דערנאָך האָט ער זי דערזען אויפן שפּיץ באַרג, נאָענט ביים הימל, אַ קליינע, איינגעשרומפּענע, שפּיציקע, דעם קאָפּ פאַרהוילן צווישן די וואָלקנס און זי ווינקט צו אים. פּלוצים האָט די אַל־טיטשקע באַקומען פליגלען, ווי אַ גרויסער שוואַרצער פויגל און אָנגעהויבן פליען — פּאַך, פּאַך, איבער בערג, טאָלן, וועלדער און איז אַרויף אויפן הימל.

עס האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. דער שטאַר־קער יונג איז געוואָרן צעשראָקן, ווי אַ קינד. אין דרויסן איז גע־וואָרן פינסטער. דער ווינט האָט זיך מוראַדיק צעשפּילט. מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן וואָיען הינט מיט געוויין אויפן טויט פון אַ מענטש. דער שניי האָט פאַרדעקט די קים פּלייצעס, די שטערנס צווישן די אויגן, אַרטורס הוט און פעלצל און ביז ער איז אָנגע־קומען אויפן הויף איז ער געווען מער טויט ווי לעבעדיק.

— ווו ביסטו געווען אַזוי לאַנג? — איז שטיינבערג אויף אים אָנגעפאַלן.

— עס איז געשטאָרבן פּיבי נאָרים.

— ווען? — איז צו אים צוגעלאָפן די מאַמע, — ווו איז בען?

— בען איז אַוועק רופן די ברידער.

אַ גאַנצן אָוונט האָט מען זיך אָנגעשטרענגט אויסצומיידן צו רעדן פון טויט. בען האָט נישט געוואָלט מילדרעד זאָל הערן די מעשה, ווי זיי האָבן געטראָפן ליגן די משוגענע אויף דער ערד.

שטיינבערג האָט געטריבן די שוואַנגערע טאָכטער גיין שלאָפן און אַרטורן האָט זיך די גאַנצע נאַכט געחלומט, אַז ער זעט מענטשן פליען אַרויף צום הימל.

## קאַפּיטל זיבן

אין דער וואָך פון ניי־יאָר זענען זיך ביי שטיינבערגן אין הויז צונויפגעקומען די יידישע פּאַרמער פון גאַנצן געגנט און מען האָט דאָרטן אָפּגעהאַלטן דעם יערלעכן מיטינג פון דער דיקינסוויי־לער פּאַרמערס אַסאָסיאיישאָן.

אין הויז האָט מען זיך שטאַרק געגרייט צו דעם דאָזיקן יום־טוב. דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז אויפגעשטאַנען מיט באַגינען. גאַנץ פרי האָט מען אָנגעהויבן שלעפּן פון קעלער פעסער קוואַס און אַליין געשטעלטן וויין און ביר. דער קוואַס און ביר האָבן גע־שמעקט אין אַלע ווינקלעך. ווען מען האָט אויפגעדרייט די קראַ־נען האָט דער אָנגעזאַמלטער ריח, וואָס האָט זיך אַ האַלבן ווינטער געקנוילט אין די פאַרשטאָפּטע פעסער, אַ זעץ געטאָן מיט שוים און פרייד און זיך צעלייגט איבער דער גאַנצער שטוב זיס־זויער־לעך און פאַרשיכּורנדיק.

פון פאַרטאָג אָן האָט מען געוואַרעמט דאָס גרויסע, זומערדי־קע עס־צימער און פון גאַנץ פרי אָן האָט מען געגרייט טישן. בערטע האָט נישט אָנגעגרייט קיין געקאָכט מאַכלים, אָבער אַלע טישן זענען געווען אָנגעשטעלט מיט כּל־טוב. איבער פלאַכע פּאַלומעס־קעס זענען געלעגן געראייכערטע צונגען. אין טיפע טעלער זענען מיט אַ ווערך געווען אָנגעלייגט געפּעפּערטע פליישן, קנאָבלדיקע ווורשטן, געזאַלצענע פיש, געפילטע קישקעס און אַלערליי זויערע אוגערקעס, טאָמעיטאָס און קרויט.

די פּאַרמער פלעגן צום דאָזיקן יום־טוב קומען מיט זייערע ווייבער און קינדער, האָט מען פאַר זיי אָנגעגרייט אַ באַזונדערן טיש מיט נאַשערייען, מיט איינגעמאַכטן, פּאָווידלעס, צוקערלעך

און געפרוירענע זיסקייטן פון אויבן באַשאָטן מיט צעמאַלענע ניס און מאַנדלען.

פּונקט אַזוי האָט מען זיך געריכט אויף די פערד. אַלעקס האָט אָפּגערוימט אַ באַזונדער ווינקל אין שטאַל און אָנגעגרייט אַ סך האָבער און היי. דער פּאַליאַק האָט די פרעמדע פערד צוגענומען, ווי מען נעמט צו געסט. ער האָט זיי געגלעט איבער די קעפּ, גע־רעדט צו זיי און בגנבה, דער באַלעבאָס זאָל נישט זען, האָט ער זיי מכבד געווען מיט ביסלעך שמעקעדיקער אַלפּאַלפּאַ.

די פערד האָבן הילכיק געקלאַפּט איבער דער פּאָדלאָגע, גע־שטרעקט לאַנגע העלזער איינער צום צווייטן, פריילעך געהירזשעט, און פון גרויס הנאה, ווי זולל־וסובאניקעס, האָבן זיי צעגאָסן פון נאַסע פּיסקעס, פון ווייכע, נאָכהענגענדיקע ליפּן, איבערגעפרעסע־נעם, זאַפטיק־צעקייטן האָבער, איבער אַלע קאָרעטעס.

אַלץ איז געווען באַלעבאַטיש רייך צוגעגרייט. דער טאָג איז געשטאַנען אַ ווינטערדיק שיינער. נידעריקער פון בערג און העכער פון דעכער האָט געוואַרעמט אַ געל־ווייסע זון. דער שניי האָט גע־בלענדט אין די אויגן, ווי אָנגעשאָטן מיט מילימיליאָנען אוצרות און געטריי געוואַרעמט דאָס איבערגעאַקערטע לאַנד, דאָס אויסגע־שפּרייטע מיסט און דעם פאַרזייעטן ווינטער־קאָרן.

די פאַרמער זענען געווען מגושמדיקע מענער, אין שאָפּענע פעלצלעך, פוטערנע היטלען, הויכע וואַליקעס און מיט פּנימער אַזוי רויט און צעהיצט, ווי צעגליטע אויוונס. די ווייבער זענען אַלע גע־ווען דיקע, מיט שווערע פיס, אָנגעפּעלצטע, און דאָס יונגוואַרג, פון רעגן געוואַשענע, פון זון פאַרברענטע, האָבן זיי אַלע געקלונ־גען מיט שטימען, ווי ווידער־קולות אין אַ וואַלד און האָבן באַוויזן דעם יונגן יידישן דור אויף נייער ערד, וואָס איז גאָרנישט יידיש, וואָס איז הויך געוואַקסן, ברייט, ליכטיק, זאָרגלאָז, מיט סימנים אויף די פּנימער פון אַלערליי אָנגעלאָפענע פעלקער, וואָס האָבן זיך דאָ אויף דער נייער ערד איבערגעשמאָלצן, איבערגעפורעמט און געשאַפן אַ נייע ראַסע.

דער גאַנצער וויים־באַדעקטער לאַן אין פראָנט הויז איז געווען פאַרשטעלט מיט אויסגעשפּאַנטע שליטנס און אויסגעזען ווי אַ

קליינשטעטלדיקער מארק אין טאג פון א יאריד. שטיינבערג איז ארומגעלאפן איבערן דרויסן און אויפגענומען די געסט. ער איז שוין איצט געווען א מאן ווייט אין די פופציקער. א ברייט־צעוואקסענער, הויכער, מיט א קופערדיק־ברוין פנים, מיט גרויע האר ביי די שלייפן און מיט א קליין נאקעט רעדעלע אין סאמע מיטן קאפ. די ארבל פון קהעקי העמד זענען געווען פארשארט, די וועסט אונטערגעניינט מיט א שאפן פעלכל, צעשפיליעט, אבער ער האט נישט געפילט די קעלט. זיין פנים איז געווען צעפלאמט, דער קאפ בארוישט, און מיט א בערגיק, עכאדיק קול האט ער געהאלטן אין איין באגריסן דעם עולם — סקאצל קומט, מיסטער גאלדמאן, ברוך הבא, מיסטער פידלער, גלייך ער וואלט אויסגעגעבן די צווייטע טאכטער.

בערטע איז פונקט אזוי ארומגעלאפן. זי איז געווען יום־טובדיק פארפוצט. אין א ניי, שווארץ, זיידן קלייד. די האר, שוין גרוי זענען געווען הויך פארקעמט און ארויסגעוויזן א הויכן, שיינעם שטערן, א גביריש, איידל־פארטרויערט פנים, און מיטן אנבליק פון היימיש־משפחהדיקס האט זי געקלונגען מיט שליסעלעך און אלעמען אונטערגעטראגן א ווארעמען „סקאצל קומט".

אזוי אויך בען און מילדרעד. די דארפישע גאסטפריינדלעכקייט האט אראפגעשיינט פון זייערע פנימער. מילדרעד האט געפרוווט מיט אלע כוחות פארדעקן דעם קיילעכדיק אויסגעבעטן בויך און די היפשע היפטן, וואס האבן זיך די לעצטע פאר וואכן שטארק געווארפן אין די אויגן, און רויטלענדיק זיך, האט זי פונקט ווי די מאמע, געשטרעקט הענט, זיך געקושט מיט די ווייבער און, ווי דער טאטע, געשריגן: — וואס מאכט איר, מיסטער גאלדמאן? און ברוך הבא, מיסטער פידלער!

מיסטער גאלדמאן און מיסטער פידלער זענען געווען אנגעזעענע פארמער. איינער איז געווען דער פרעזידענט פון דער אסאסיאיישאן און דער צווייטער דער סעקרעטאר.ביידע זענען געווען רייכע יידן, מיט גרויסע משפחות, מיט רייכע האטעלן, באלעבאטים פון אלט־איינגעפונדעוועטע פארמס און שטעטלדיקע דעה־זאגער. דערנאך זענען געקומען פארמער פון סענטערוויל, פוירנדעיל,

מעיפעלווד, ליווינגסטאָן מענאָר, און אפילו פון אזוי ווייט ווי דזשעפערסאָנוויל.

אַ סך מענטשן האָט שטיינבערג נישט געקענט, אָבער ער האָט זיי אויפגענומען פונקט ווי די, וועמען ער האָט יאָ געקענט. אַרום דזשעפערסאָנוויל איז געווען טיפער שניי און די מענטשן האָבן זיך געשלעפּט פון פאַרטאָג אָן; האָט מען יענע פאַרמער גלייך מכבד געווען מיט בראָנפן, מיט הייסער טיי און די קינדער מיט געברי־טער מילך.

אַרום מיטאָג איז שוין געווען אַ פול הויז מיט מענטשן. אַ שטוב פול מיט געגאָלטע, רויטע פּנימער, מיט שווער פאַרהאָ־רעוועטע הענט, מיט ריחות פון שטאַל, שייער, זיסער מילך, און באַלד האָט זיך צעלייגט אַ פרייער שמועס וועגן געקעלבטע קי, פו־לע אייטערס מילך, סוף־זומערדיקער שניט און ערדס ברכה.

אין גרויסן, זומערדיקן עס־צימער האָבן געקנאַקט צוויי צע־גליטע אויוונס מיט טרוקענע שייטלעך האָלץ. עס האָבן געשוויצט די פענסטער, און אינמיטן העלן טאָג האָט מען אָנגעצונדן אַלע צוועלף גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן. באַראָן הירש און משה מאָנ־טעפיאָר, וואָס מען האָט געבראַכט צו טראָגן פון דער אַסאָסיאיישאָן, האָבן פאַרנעבלטע אַראָפּגעקוקט פון דער מזרח־וואַנט. דער שמע־קעדיקער קוואַס האָט אָנגעפילט אַלע ווינקעלעך. דער עולם האָט זיך צעוואַרעמט, צעשפּיליעט וועסטן, לויז געמאַכט פּאַסקעס, און איין ייִד, אַ רויטער, פאַרשוויצטער, וואָס איז געקומען פון אַרום סוואָן לעיק און כסדר געמישט קוואַס מיט בראָנפן, האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט, און מיט אַ קול ווי מען רופט עמיצן פון אַ וואַלד אַרויס, האָט ער אָנגעהויבן שרייען:

— ברידער פאַרמער, אויב מען וועט טאָקע אויסבויען אַ וועג לעבן מיין פאַרם, בין איך מנדר פופציק דאָלאַר פאַר דער אַסאָסיאיישאָן.

דער גאַנצער עולם האָט צוריקגעשריגן. איבערן לאַנגן טיש האָט מען אָנגעהויבן טרינקען אַ לחיים, געגאָסן הייסן פּאָנטש אין אָפענע מיילער און געשטופּט די ליידיקע גלעזער מיט איבערגעבלי־בענע טראָפּנס אין זיי צו די ווייבער און קינדער.

ווי נאָר ס'איז אַריבער דער ערשטער טומל פון עסן און טרינ־קען, האָט מען אָנגעהויבן רופן דעם מיטינג. בעת האָט פון ערגעץ געבראַכט צו טראָגן אַ שטענדער מיט אַ האַמער און אים אַוועקגע־שטעלט אויבן־אָן. דער פּרעזידענט, מיסטער פידלער, האָט פאַרנו־מען זיין אָרט און עמיצער האָט אַוועקגעזעצט שטיינבערגן צו זיין רעכטער האַנט.

מיסטער פידלער האָט געעפנט דעם מיטינג. ער איז שוין גע־ווען אַן עלטערער מענטש. אַרום די מידע אויגן איז געווען אַ נעץ פון קליינע קנייטשעלעך; די האָר, גרויע, שיטערע, האָבן אָפּגע־דעקט אַ געקאַרבטן קאַרק, די נאַקעט־אָפּגעשטאַנענע, גרויסע אויערן; און ווען ער האָט אַוועקגעלייגט ביידע הענט אויפן שטענ־דער, האָט מען געזען, ווי זיי זענען איבערגעצויגן מיט אַן אויסגע־טריקנטער הויט און זענען געל־גרוי.

אָבער דערפאַר האָט ער געהאַט אַ גביריש, שטאַרק, וואָרנדיק קול. ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט מען געקאָנט זען, אַז דער מענטש איז אַ גרויסער עקשן און דעה־זאָגער. ער איז געווען פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין הוירלוויל, און איז מיט דער צייט געוואָרן אַן עושר, מיט אַ גרויסער משפחה, וואָס איז זיך צעוואַקסן ווייט און ברייט איבערן גאַנצן געגנט. צוויי זין זיינע האָבן פאַרמאָגט גרויסע האָטעלן, אַ דריטער, לואיס ב. פיד־לער, איז געווען אַן אַדוואָקאַט, טאַקע דאָ אין דיקינסוויל, און די פיר איידעמס האָבן איינגעטיילט צווישן זיך די אַפּטייק, פאָרדס מאָ־טאָר־אַגענטור, די מעבל־הויז און דאָס גרויסע מעבל־געשעפט, וואָס פלעגט צושטעלן מעבל פאַר די באָרדינג־הייזער.

ווען מיסטער פידלער האָט זיך אויפגעשטעלט רעדן, איז אין עס־צימער געוואָרן זייער שטיל. זיין שטאַרקע שטימע האָט זיך אָפּ־געשלאָגן אין אַלע פיר ווענט און אין אַלעמענס אויערן. מיט אַ קלאָרקייט אין קול, ביז אויפגערעגט, האָט ער דערציילט פאַר די פאַרמער, ווי די שטאָט דיקינסוויל קלייבט זיך אָפּצושליסן דעם קאַ־מישע לעיק פאַר די זומערדיקע געסט, ווייל פאַראיאָרן האָט מען דאָרטן געכאַפּט צוויי ניו־יאָרקער זיך באָדן. ער האָט גאַליק איבער־געחזרט דעם קלאַנג, וואָס אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז די פייער־

פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן ווילן העכערן דעם פּרייז פאַר פאַרזי־כערונג, מחמת יידן זענען פייער־מאַכער, און אַז איבעראַיאַר וועט מען נישט דערלויבן די פאַרמערס אָפּנעמען זייערע געסט ביי די וואַקזאַלן.

— בלויז די גרויסע האָטעלן, — האָט ער פאַרביטערט אויס־גערופן, — די וואָס האָבן באַסעס, וועלן מעגן שטיין ביי די וואַק־זאַלן. איז וואָס־זשע בלייבט אונז איבער צו טאָן? וואָס וועלן טאָן די פאַרמערס, די קליינע באָרדינג־הייזער? ווי אַזוי וועט זיך איצט אַ ייד קאָנען באַוואָרענען, אַז זיין שייער וועט זיך אָנצינדן?

— אָבער איך האָב אַ גוטע עצה, מיינע ברידער, — האָט ער גבֿיריש הייזעריקלעך זיך אויסגעהוסט, — איך מיין ס׳איז שוין צייט מיר זאָלן זיך אַרומקוקן און זען, ווו מיר זענען אין דער וועלט. מיר זענען דאָ קיין עין־הרע אַ גרויסע קהלה, אַ גאַנץ היפּ־שע געמיינדע, און מיר דאַרפן זיך שוין נישט שעמען מיט אונזער יידישקייט. מיין פּלאַן איז, אַז אונזער אַסאָסיאיישאָן זאָל אַרויס־שטעלן ביי די וואַלן אַן אייגענעם קאַנדידאַט, וואָס זאָל אַכטונג געבן אויף אונזערע אינטערעסן.

אין עס־צימער איז געוואָרן אַזוי שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. אַלע זענען געבליבן זיצן געפּלעפטע. דורך אַ פּאָר מינוט האָט קיי־נער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. נאָר פּלוצים האָט זיך פון אַ ווינקל אויפגעהויבן אַ ייד פון ליווינגסטאָן מענאָר, אַ וויטער קרובֿ פון מיסטער פידלער, און אָנגעהויבן שרייען:

— גערעכט, מיסטער פידלער, אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי קלוג איר זענט. ווען איך האָב אַזאַ קאָפּ, ליג איך נישט אויף מיין פאַרם; ס׳איז גאָלדענע ווערטער; מיין פּלאַן איז, אַז אונזער אַסאָ־סיאיישאָן זאָל אַרויסשטעלן אַן אייגענעם קאַנדידאַט. איך שלאָג פאָר טאָקע מיסטער פידלערס זון, קאָנסילאָר לואיס ב. פידלער.

פאַר אַ מינוט איז ווידער שטיל געוואָרן, אָבער אין דער צוויי־טער מינוט האָט זיך אויפגעשטעלט אַ ייד פון מייפּעלוווּד; אַ ייד, וואָס ביז איצט פּלעגט ער בלויז דינגען האָטעלן איבערן זומער און דערפאַר גאָר קיין דעה נישט געהאַט; אָבער איצט האָט ער איינגע־

צאָלט אין מזומן פינף טויזנט דאָלאַר פאַר אַ גרויסן האָטעל און זיין קול איז גאָר פּלוצים הויך־תקיפדיק געוואָרן.

— דערוויילֿ, ר׳ ייד, האַלטן מיר נישט ביי פּאָליטיקע, — האָט ער שנעל אָפּגעשמיסן דעם ליווינגסטאָנער. — מיסטער פידי־לערס רייד זענען אויסער אָרדער. וואָס אונז איז נוגע איז, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון בלבול, אַז יידן זענען פייער־מאַכער!

— זענט איר דאָך אַ שוטה, — האָט דער פאַרמער פון לי־ווינגסטאָן מענאַר אָנגעהויבן מיט אַ ניגון — פאַרשטייט איר דאָך נישט, וואָס מען רעדט צו אייך. טאַקע די פראַגע ווילֿ דאָך מיס־טער פידלער פאַרענטפערן.

— איז אויב איך בין אַ שוטה, — האָט דער מייפּעלוווּדער צוריקגעענטפערט, ווי ער וואָלט לערנען אַ בלאַט גמרא, — טאָ זאָגט מיר טאַקע, חכם מיינער, מה ענין שמיטה אצל הר סיני? מען וועט עס אַריינברענגען אין דער אַסעמבּלי אַ געזעץ, אַז מיר זענען נישט קיין פייער־מאַכער? צווייטנס, ר׳ ייד, אויב ס׳וועט שוין יאָ קומען אַרויסצושטעלן אַ קאַנדידאַט, זענען מיר בילכער. ביי אונז אין מייפּעלוווּד איז די שול און תלמוד־תורה. אונזערער אַ קאַנ־דידאַט וועט נישט זיין איינער, וואָס איז חצי גוי און חצי ייד.

— גערעכט! — האָט אונטערגעכאַפּט דער ייד, וואָס איז גע־קומען פון אַרום סוואַן לעיק. — גערעכט! איך האָב מנדר געווען פופציק דאָלאַר פאַר דער חברה אויב מען בויט לעבן מיין פאַרם אַ וועג און איך ווילֿ נישט קיין קאַנדידאַט, וואָס איז מחלל שבת.

— גערעכט! — האָט אין אַ כאָר אָנגעהויבן שרייען גאַנץ מייפּעלוווּד. — מיר ווילן אונזערן אַ מענטשן. ביי אייך אין דיי־קינסוויל זענען די יידן אַנטיסעמיטן, ווי די גוים זענען.

אין גרויסן עס־צימער האָט זיך אויפגעהויבן אַ געוואַלדיקער טומל. קולות האָבן זיך געריסן ביז דער סטעליע. מענטשן, וואָס זענען געזעסן ביי דער טיר, האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן צום אויבן־אָן. ווייבער זענען געקראָכן אויף שטולן. דער גאַנצער עס־צימער האָט זיך געקאָכט, אַלע האָבן געשריגן און עס האָט זיך געדוכט, אַז אַלע האָבן בלויז געוואַרט, אַז עמיצער זאָל אָנהויבן דעם בונט

קעגן דעם רייכן מיסטער פידלער, וועמען אַלע האָבן פיינט געהאַט, און אַז איצטער וועט מען זיך אָן אים נוקם זיין.

אָבער דאָ האָט זיך געגעבן אַ הויב אויף מיסטער פידלערס צד. געזונטע יונגען, אַמעריקאַניש פאַררויסן, סנאָביש אָנגעבלאָזן, מיט געביילטע פויסטן. אַלעמענס פנימער זענען געווען צעפלאַמט און אין ענגליש האָבן אַלע מיטאַמאָל אַ שאַס געטאָן:

— וואָס ווייסט איר, גרינהאָרנס פון מייפּעלוווּד, וועגן פּאָליטיקס?

— פּונקט אַזוי פיל, ווי די געלע יענקים פון דיקינסוויל!

— האָט גאַנץ מייפּעלוווּד אַ דונער געטאָן.

— איר זענט דאָך אפילו נאָך נישט קיין סיטיזענס!

— כ'האָב אַרויסגענומען מיינע סיטיזען־פּעיפּערס ווען דו ביסט נאָך געלעגן אין דער מאַמעס בויך, — האָט אָנגעהויבן שרייען דער רויטער ייד פון סוואַן לעיק.

ס'האָט געהאַלטן ביי קלעפּ. פידלערס איידעם, דער אַפּטייקער, האָט זיך געריסן צום רויטן ייד. דער צווייטער איידעם, דער פון מעבל־געשעפט, צום מייפּעלווודער. מיסטער פידלער איז געשטאַנען אויבן־אָן, געקלאַפּט מיטן האַמער, געוואָרנט, אַז ער וועט צעברעכן די גאַנצע אַסאָסיאיישאָן, אַז ער וועט מער מיט זיי נישט האָבן צו טאָן.

נאָר דאָ האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט שטיינבערג. זיין פּנים איז געווען זייער בלייך, און מיט אַ ציטערדיק קול האָט ער אָנגעהויבן אַלעמען איינצושטילן.

— ברידער און שוועסטער! — האָט ער אָנגעהויבן. — צו־ערשט וויל איך אייך דערמאָנען, אַז איר זענט מיינע געסט, אַז ביי מיר איז היינט אַ יום־טוב, און איך בעט אייך צוליב מיר זיך צו באַרואיקן און נישט צעשטערן מיין שמחה.

דער עולם איז אַביסל רואיקער געוואָרן.

— צוערשט דאַרפן מיר זיך משמח זיין, — האָט ער ווייטער גערעדט. — צום אַלעם ערשטן דאַרפן מיר זיך אָפּגעבן כבוד איי־

נער דעם אַנדערן. מיר קומען זיך צונויף איין מאָל אין יאָר, טאָ פאַרוואָס זאָל פון דער שמחה ווערן אַ בהלה? איך וויל, אַז אַלע זאָלן נעמען נאָכאַמאָל אַ טרונק בראָנפן און טרינקען לחיים.

— גערעכט! גערעכט! — האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן.

— ברידער און שוועסטער! — האָט ער נאָכאַמאָל אָנגעהויבן, ווען אַלע זענען שוין געזעסן אויף זייערע פּלעצער און אַלע זענען שטיל געוואָרן. — מיר דוכט, אַז איר מאַכט אַלע אַ טעות; אַז אין אויפרעגונג זענען מיר אַלע אַרונטער פון טאָג־אָרדענונג. די פראַגע, וואָס מיר באַהאַנדלען, איז נישט וועגן אַרויסשטעלן אַ קאַנדידאַט. דאָס, גלויב איך, איז געווען נישט מער ווי מיסטער פידלערס אַ זייטיקע באַמערקונג. עס איז נישט וויכטיק צו היצן זיך איצט וועגן דעם. וואָס אונז קימערט, איז די עקאָנאָמישע זייט פון אונזער לעבן. אָט הערן מיר, אַז די פייער אינשורענס קאָמפּאַני טראַכט אויף אונז אויס אַ בלבול, אַז מיר זענען פייער־מאַכער. אין קאַמישע טשעפּעט מען זיך צו אונז, אַז אונזערע באָרדערס האַלטן זיך נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין. מיר ווייסן, אַז אַלץ איז שקר וכזב. יידן זענען פּונקט אַזעלכע פייער־מאַכער, ווי קריסטן זענען. אויב ביי אונז מאַכט זיך אָפּטער אַ פייער, ווי ביי זיי, איז עס דערפאַר, ווייל ביי אונז הייצט מען אַן אויוון אין דער צייט, וואָס זיי זיצן אין דער קעלט און פאַרגינען זיך נישט אויסצוברענען אַ שייטל האָלץ.

אין צימער איז געוואָרן אַ הילכיקער געלעכטער.

— איז, וויל איך אייך זאָגן, אָט וואָס, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — איך בין אַהער אַרויסגעקומען צוליב אַן אידעאַל. איך האָב געוואָלט ווערן אויס לופט־מענטש. איך האָב געוואָלט מיינע קינדער זאָלן אויסוואַקסן געזונטע, ערלעכע מענטשן. איך בין אַנטלאָפן פון אַנטיסעמיטיזם און געחלומט אַז אויף אַ פאַרם וועט מיך קיינער נישט טשעפּען. איצט זעען מיר, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט דאָ פּונקט ווי דאָרטן. די אַלטע, ערלעכע שכנים אונזערע, שטאַרבן אויס און דער יונגער דור האָט פיינט אַ ייד. איז וואָס דאַרף מען דערצו טאָן? זיך דערנעענטערן איינער צום צווייטן. זיך אָרגאַניזירן. פאַרוואָס קאָנען מיר נישט האָבן אַן אייגענע פיי־

ער אינשורענס קאָמפּאַני? פאַרוואָס קאָנען מיר נישט האָבן אַן אייגענע באַנק, ווו אַ ייִד זאָל בײַ אַ ייִדן קאָנען באָרגן געלט?

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָבן אַלע מיטאַמאָל אַרויסגע־שאָסן. — הוראַ פאַר מיסטער שטײַנבערג!

שטײַנבערג האָט זיך אַביסל פאַרלוירן, פאַרשעמט, אָבער זײַן פּנים האָט זיך נאָך מער צעפלאַמט.

— אָרגאַניזירטערהייט קאָנען מיר זײַער אַ סך אויפטאָן. שוין יאָרן אַז איך טראָג זיך אַרום מיט דעם געדאַנק. מיר קאָנען האָבן אַן אייגענע באַנק, אַן אייגענע פײַער אינשורענס קאָמפּאַני. מיר זענען, גאָט צו דאַנקען, אַלע פאַרמעגלעכע מענטשן. זאָל יעדער געבן נאָך זײַן כּוח נאָך, און מיר קאָנען דאָ אויפן אָרט צונויפלייגן הונדערט טויזנט דאָלאַר. איך גיב צוויי טויזנט דאָלאַר, מיסטער פידלער, ווייס איך, קאָן געבן פינף טויזנט, מיסטער גאָלדמאַן, פינף טויזנט, מיסטער בערגער פינף טויזנט — זיי זענען גאָט צו דאַנקען גבירים אדירים, איך ווייס עס. ווער רופט זיך אָפּ ווײַטער?

אַלע זענען געבליבן זיצן מיט אָפענע מײַלער. אין צימער איז געוואָרן זייער שטיל. שטײַנבערגס קול האָט געקלונגען הויך און שאַרף. מיטן טשעק־בוך אין דער האַנט, גרייט אויסצושרײַבן אַ טשעק, האָט ער נאָכאַמאָל געשריגן — ווער גיט דעם צווייטן טשעק?

מיסטער פידלער איז געוואָרן ווייס, ווי קאַלך. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די חרפּה. שטײַנבערג האָט כּמעט אַרויסגעכאַפּט די פירערשאַפט פון זײַן האַנט. מיט אַ פּנים וואָס איז געווען ווי בײַ אַ מת, האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט, זיך צעשריגן מיט אַ באַפעלעריש קול, און פול מיט ביטול אָנגע־הויבן:

— וואָס רעדט איר נאַרישקייטן, וואָס? וואָס פּלוידערט איר, וואָס? ווער וועט אײַך געבן טויזנטער, ווער? ווער וועט אײַך גע־טרויען? מיט וואָס וועט איר מיר גאַראַנטירן מײַן געלט? ווער זענט איר? פאַנטאַזיאָרן, פאַרמער, איר וועט פירן אַ באַנק? איר וועט דאָס קאָנקורירן מיט אינשורעס קאָמפּאַניס? פּע, מיט אַזעל־כע וויל איך אינגאַנצן נישט האָבן צו טאָן.

און ער האָט זיך אַ בייזער אויפגעהויבן פון טיש, איז אַרוים אין דרויסן. נאָך אים די גאַנצע משפּחה, געכאַפּט פערד און שליטן און אַוועקגעפאָרן.

אין שטוב איז געוואָרן אַ מוראדיקער טומל. איינער האָט איבערגעשריגן דעם צווייטן. איינער האָט געהייסן אים גיין איבערבעטן און אַ צווייטער האָט זיך געקריגט מיטן מייפּעלוואודער, וואָס האָט אָנגעמאַכט דעם גאַנצן טומל. מיסטער הוירשהאָרן, דער אַגענט, וואָס האָט מיט אַלעמען געלעבט בשלום, האָט געשריגן, אַז מען טאָר זיך נישט איינרייסן מיטן עלטסטן און רייכסטן ייד פון געגנט. אָבער דער רויטער ייד פון סוואַן לעיק האָט זיך נישט פאַרלוירן. איבער אַלעמענס קעפּ האָט ער הויך געשריגן און פאָרגעשלאָגן שטיינבערגן פאַר פּרעזידענט.

— מיסטער פידלער איז שוין צו אַלט, — האָט ער געדונערט און אַלעמען איבערגעשריגן. — מיר דאַרפן האָבן אין אונזער אַסאָסיאיישאָן יונגע מענטשן, ניי בלוט. מיסטער שטיינבערגס פאָרשלאַג איז דאָך אַ גאָלדענער פאָרשלאַג. אָט ווי פאַרענגט איך בין נישט, גיב איך פינף הונדערט דאָלאַר. איך גלויב אַז ס'וועט זיין מיין בעסטער מסחר. ווער גיט אַ צווייטן טשעק?

— און ער וועט צוריקקומען, — האָט אַ צווייטער געשריגן, — זאָרגט זיך נישט. ער וועט צוריקקומען.

— וווּ דען וועט ער גיין? — האָט דער רויטער ייד געענטפערט און אָנגעהויבן אַרומגיין צווישן עולם פאַרקויפן אַקציעס, ווי מען פאַרקויפט עליות אין אַ שול, — וווּ וועט ער גיין? צו די גויים אפשר? ער וועט צוריקקומען!

מען האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן טרינקען בראָנפן. דער עולם האָט זיך אויפסניי צעוואַרעמט. שטיינבערג, דער נייער פּרעזידענט, האָט געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע. ער האָט געשילדערט דעם פאַרמערס לעבן, אָנגעוויזן די שוועריקייטן, וואָס אַ פאַרמער האָט מיט די אונטערוואַקסנדיקע קינדער; געמאָלן אַ טרויעריק בילד פון דעם, וואָס ביי די קריסטלעכע פאַרמער גייען די קינדער אין די עלטערנס וועגן, און ביי יידן רייסן זיך די קינדער אָפּ פון די פאַרמס. ער האָט גערעדט פון אייגענעם ווייטאָג. עס האָט זיך אין אים צע-

שפּילט דער גאָר אַמאָליקער יונגערמאַן, וואָס פלעגט אין ניו־יאָרק חלומען פון אַ ריין אידעאַל לעבן אויפן לאַנד. דאָס ווייב און קינ־דער האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין. ביי בערטען זענען גע־שטאַנען טרערן אין די אויגן. זי האָט געזען דעם גרויסן כּבוד, וואָס מען טוט אָן איר מאַן, ווי עס פליען אויסגעשריבענע טשעקן אויפן טיש, און אַז ביי איר אין שטוב ווערט געגרינדעט די ערשטע יידי־שע באַנק, די ערשטע יידישע פייער־פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט אין די קעטסקיל בערג.

— אָ, דזשי, פּאַפּאַ, — איז אַרטור צוגעלאָפן צום טאַטן, אַ בליק געטאָן מיט זיין הויכער ליכטיקער שטאַרקייט און פּאָר אַלע־מען אין די אויגן אויסגעשריגן: — דו ביסט דער פּרעזידענט פון דער אַסאָסיאיישאָן! דאָס הייסט געווונען אַ פייט.

— דיין טאַטע וועט נאָך זיין אונזער פּרעזידענט פון דער באַנק, — האָט עמעצער אויסגערופן.

— אָ, דזשי, — האָט אַרטור אָוועקגעטאַנצט צו דער שוועס־טער סיליע, — דער טאַטע איז געוואָרן פּרעזידענט.

שפּעט אין דער נאַכט זענען געשטאַנען אַ פולער הויף מיט אָנגעפּעלצטע מענער, פרויען און קינדער און געטומלט איבערן ווייסן דרויסן. עס האָט געשיינט אַ פולע לבנה. דער ווייסער לאַן האָט זיך אַלץ מער אָפּגעלייזט. אַלעמאָל איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אַ צווייטער אָנגעפּאַקטער שליטן אין דער שטילער נאַכט אַריין. מען האָט זיך ברידערלעך געדריקט הענט, געווונטשן גליק, פאַרבעטן איינער דעם אַנדערן אויף שמחות און קיינער האָט נישט געפילט, ווי אינדרויסן ברענט אַ פראָסט.

## קאַפּיטל אַכט

איצט איז אַלץ געגאַנגען זייער שנעל. דורכן חודש יאַנואַר האָט הווירשהאָרן פאַרקויפט דריי פאַרמס. אַ ייד פון ברוקלין האָט אָפּגעקויפט דער משוגענער פיבים לאַנד און זיך דאָרטן גענומען בויען אַ באָרדינג־הויז. אַ צווייטער ייד פון בראָנקס האָט איבער־

גענומען פון אנדזשעלאַ לוצאַראָ דאָס הויז און צוואַנציק אַקער לאַנד און דער איטאַליענער האָט זיך אַריבערגעקליבן טיפער, צום וואַלד־צו; און דער אַלטיטשקער פּאַפּ נאַריס האָט פאַרקויפט זיין פאַרם דעמזעלבן יידן, מיסטער שאַפּיראָ, וואָס איז שוין דאָרטן געווען דריי מאָל.

מיטן אַלטן איז דער מסחר צוגעגאַנגען זייער שווער. פּאַפּ נאַ־ריס איז שוין איצט געווען אַן איינגעשרומפּענער זקן, קוים וואָס ער האָט געקאָנט רעדן, און יעדעס מאָל, וואָס מיסטער שאַפּיראָ האָט אים עפּעס געפרעגט, האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו ענט־פערן.

— וויפל קעלבער, מיינסטו, קאָן מען אויסהאָדעווען אויף אַן אַקער לאַנד? — האָט אים דער בוטשער מר. שאַפּיראָ געפרעגט אויף דו.

דער אַלטער האָט געשוויצט, איז געוואָרן צעטומלט און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— למשל, ווען מיר ווילן האָדעווען דאָ קי, כּדי זיי צו פאַר־קויפן אין שלאַכט־הייזער? — האָט דער קצב געפּרוּווט דערקלערן דעם ענין איינפאַכער.

דער אַלטער האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון אים.

— איך מיין, וויפל פּאַשע גיט אַרויס אַן אַקער לאַנד?

דער אַלטער האָט אַפילו אויף דעם נישט געקאָנט ענטפערן.

— איך ווייס נישט, — האָט ער געבאַבלעט, געווישט מיט דער רעכטער האַנט דעם שווייס פון פּנים און געוויזן די לינקע האַנט מיט די אָפּגעהאַקטע פינגער, כּדי אַרויסצורופן רחמנות, — איך ווייס, אַז דער פאַרם גיט מיר צוויי וועגענער היי.

ווען עס קומט נישט אָן צו פליען צומאָרגנס גאַנץ פרי מיסטער הווירשהאָרן און מיסעס גורמאַן און די אַגענטקע הויבט נישט אָן צו רעדן און שרייען און טומלען, וואָלט פון מסחר מן הסתם גאָר־נישט געוואָרן. אָבער מיסעס גורמאַן האָט זייער ענערגיש אַריינגע־נומען אין די הענט אַריין דעם קצבס ווייב, און ביז מיטאָג איז שוין די קצבטע געווען אַ צעפאַרעטע, אַ צעשוויצטע און מיט צי־

טערנדיקע הענט האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון אַ זאַק אַ קניפּל מיט הונדערטער און אָנגעהויבן וויינען:

— עס זאָל כאָטש זיין אין אַ מזלדיקער שעה.

פאַרנאַכט איז דער אַלטער צוריקגעקומען פון דיקענסוויל און איז אַריינגעפאַלן צו שטיינבערגן.

— איצט בין איך שוין געבליבן אינדרויסן, — האָט ער גע־קלאָגט, — מיך פאַרדריסט, וואָס כ'האָב פאַרקויפט צו די יידן. איך מיין נשמה חלילה עפּעס שלעכטס. צי זענען מיר דען נישט אַלע גאָטס באַשעפענישן? צי דינען מיר נישט אַלע איין גאָט? אָבער זיי זענען נישט אַזוי פיין ווי דו ביסט. וועסט מיך לאָזן שלאָפן ביי דיר אין שטאַל?

— קאָנסט דיר נעמען אַ צימער אין דעם קליינעם הויז, — האָט שטיינבערג געענטפערט. — וויפל האָסטו באַקומען פאַרן פאַרם?

— טויזנט דאָלאַר איינגעצאָלט, — האָט דער אַלטער אָנגע־הויבן צו ציטערן, — אָבער איך שווער ביים הייליקן, אַז איך האָב נישט קיין איין סענט. איך האָב עס אַוועקגעגעבן אין דער באַנק. וועסט מיך לאָזן ביי דיר וווינען?

— וואָס וועט מיסטער שאַפּיראָ דאָ טאָן? — איז אַרויסגע־שפּרונגען בען.

— בויען אַ האָטעל, — האָט דער אַלטער געענטפערט, — פּאַשען קי.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מיסטער שאַפּיראָ אַריינגעקומען צו שטיינבערגן. דאָס איז געווען אַ נידעריקער, קיילעכדיקער מאַן, מיט אַ פאַרוואַקסן קיילעכדיק פּנים, מיט אַ צוגעשוירענער קיילעכדי־קער באָרד און עס האָט זיך געדוכט, אַז די קורצע, פעטע הענט זענען אויך קיילעכדיק. שוין איצט איז זיין פּנים געווען פאַרסמאַ־ליעט פון ווינט און זון און ער האָט מיט זיך אַריינגעבראַכט דעם קצבישן ריח פון געקוילעטע קעלבער, פון פאַרטריקנט בלוט, וואָס האָט זיך גלייך צעלייגט איבער דער וואַרעמער שטוב. זיין ראָק האָט געגלאַנצט, דאָס פּנים האָט געגלאַנצט און מיט שיך פול שניי, האָט ער זיך גלייך אַריינגעריסן אין עס־צימער.

— װעלן מיר, הייסט עס, זײַן שכנים, — האָט ער אָן צערע־מאָניעס געשטופּט שטיינבערגן אַ קורצע, פּעטע האַנט און אַרײַנגעשריגן מיט אַ גראָב, הייזעריק קול אין זײַן פּנים אַרײַן, — מיר זענען דאָך די איינציקע ייִדן דאָ!

— װער זאָגט עס? — האָט אים שטיינבערג איידל געדריקט די האַנט און אים באַלעבאַטיש צוגענומען. — אָט האָבן צוויי ייִדן ערשט דעם חודש דאָ געקויפט פאַרמס. ייִדן פעלן אין ערגעץ נישט.

— אַבי איך האָב געמיינט, אַז מיר זענען דאָ די איינציקע צוויי ייִדן, — האָט ער הויך געלאַכט, מיט אַ באַסאָווע, הייזעריק קוויטשעלע, מיט אַזאַ קול, וואָס זאָגט אָן חוצפה און כּוח, — אַבי איך האָב געמיינט, אַז מירן זיך ביידע דאַרפן שלאָגן מיט די גוים דאָ, כאַ־כאַ־כאַ. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, מײַן ייִדענע האָט מורא געהאַט זיך צו באַזעצן צווישן גוים. איך האָב מיט מײַנער געננוג צרות געהאַט, איידער כ׳האָב זי אַהער אַרויסגעבראַכט. אײַער רע איז עפּעס נישקשה פון אַ באַבע?

שטיינבערג איז אָפּגעטרעטן אַ טריט צוריקוועגס.

— אָבער מיך שרעקן די זאַכן נישט אָפּ, — האָט ער ווייטער געלאָזט זיך. — איך האָב שוין אין מײַן לעבן געננוג קעלבער איבערגעטרייבערט, מיט געננוג דרייוועס זיך אויסגעשלאָגן. איך בין נישט מײַן ייִדענע.

— אָבער פונוואַנען דרינגט איר, אַז מען דאַרף זיך דאָ שלאָגן? — האָט שטיינבערג שטיל געזאָגט. — מיר האָבן דאָ פיינע שכנים, באַלעבאַטישע פאַרמערס.

— אַי, ר׳ ייִד, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, — האָט זיך מר. שאַפּיראָ גאַנץ הויך צעשריגן, געמאַכט זיך גאָר היימיש און איצט האָט מען געקאָנט הערן ווי זײַן קול איז ברוטאַל און רוי, — אַי, ר׳ ייִד, זאָגט עס נישט. גלייבט מיר, איך ווייס וואָס איך רעד. איך האָב שוין מײַנע ציין אויפגעגעסן.

שטיינבערג האָט זיך אַ קרים געטאָן.

— איצט זענען אַנדערע צײַטן.

— איך האָב געננוג געהאַנדלט מיט עמלקן, גלייבט מיר, איך

ווייס וואָס איך רעד. און וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אַ מנין? איר האָט דאָ אַ מנין?

— דאָ נישט, — האָט שטיינבערג געענטפערט. — אין מעזעפּעלוווד האָבן זיי אַ גרויסע שול.

— וואָס הייסט עפּעס מעזעפּעלוווד? — האָט זיך דער ייד אָנגעצונדן, די צוויי קליינע, פאַרגאָסענע אויגעלעך האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן. — איר זענט גאָר קיין ייד נישט? עפּעס רעדט איר מיר קורח. ווי זאָגט עס אַ ייד „זיי"? נו, און איר ווו זענט? איר לייקנט דאָך נישט אין גאָט! איר זענט דאָך נישט פון די ציציליסטן.

שטיינבערג האָט זיך אײדל אַרויסגעדרייט פון אַן ענטפער. דער ייד האָט אָנגעהויבן באַטראַכטן די שטוב, איז אַריין אין אַ צווייטן צימער, אין קיך אַריין, אַזוי זייטיק, כיטרע, אָנגעהויבן פירן אַ שמועס פון באָרדינג הייזער און פונקט ווי פון פּאָפּ נאָריסן, אַזוי האָט ער איצט געפּרוּווט אַרויסנאַרן אַלערליי סודות פון שטיינבערגן.

— איר האַלט גאָר נישט קיין באָרדער ווינטער? — האָט ער אָנגעהויבן גנביש זיך אַרומקוקן, ווי דער אָפּיס איז געבויט, ווי דאָס עס־צימער איז אויסגעלייגט און ווי עס קוקט אויס אַ שלאָף־צימער. — קיין עין הרע, אַזאַ גרויס הויז און עס פּוסטעוועט גאָר? איר מיינט צו זאָגן, אַז דער זומער טראָגט אַריין גענוג פאַרן ווינטער? עפּעס פאַרשטיי איך נישט. איר מוזט זיין אַ רייכער מאַן אויב איר לאָזט פּוסטעוועֶן אַ הויז. קינדער האָט איר עפּעס? וויפל, למשל, קאָסט בויען אַ בעד־רום? און ווי טייער איז מעבל אין אייערע מקומות?

שטיינבערג האָט געענטפערט איין ענטפער אויף צען פראַגעס. ער האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן הויז־געזינד און שפּעטער אים אײדל אַרויסבאַגלייט אין דרויסן. ווען אַרטור איז אַהיימגעקומען פון שולע, האָט ער דערציילט, אַז מיסטער שאַפּיראָס זון האָט זיך געשלאָגן מיט על נאָריסעס אײדעם אַלעקסאַנדער — און שטיינבערג האָט זיך ביי אים געבעטן ער זאָל אויסמיידן יענע הויז.

— ס׳איז מיר שוין מער ניחא זאָלסט זיך חברן מיט דזשאָרדזש פעלטען איידער מיט מיסטער שאַפּיראָס בנאָק.

מיטאַמאָל האָט אָנגעהויבן קלינגען אין דיקענסוויל מיט מיס־טער שאַפּיראָס עשירות. איינער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַרויס־געבראַכט מזומנע צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, אַ צווייטער האָט גע־זאָגט, אַז ער האָט אַריינגעלייגט אין דער דיקענסווילער נעשאָנאַל באַנק איין טשעק אויף צען טויזנט דאָלאַר און אַז מיסטער אַי־ווענס, דער פּרעזידענט, פירט אים אַרום אין זיין אויטאָמאָביל. קוריצקי, דער גראָסערי־קרעמער, האָט דערציילט, אַז ער ווייס אויף זיכער, ווי ס׳איז זיכער, אַז ביי טאָג שיינט די זון, אַז מיסטער שאַ־פּיראָ איז אַרויסגעקומען אַהער מיט פופציק טויזנט דאָלאַר און אַז ער גייט בויען אַ האָטעל מיט הונדערט שלאָפצימערן, פון ציגל, אָט פונקט ווי מען בויט אין ניו־יאָרק.

שטיינבערג האָט זיך צו די אַלע מעשיות אַפילו נישט צוגע־הערט. אָבער בען איז געוואָרן בייז, אָנגעכמורעט; און איינמאָל ביים אָונטבברויט האָט ער שווער אַרויסגעברומט — און אויב ס׳איז אַפילו אמת, וואָס מען זאָגט, איז וואָס גייט עס אונז אָן? פאַרקערט, זאָל ער בויען, דאָס וועט בלויז פּאָפּולערער מאַכן דעם געגנט.

פונדעסטוועגן האָט שוין דאָס גאַנצע הויז־געזינד אָנגעהויבן אַרונטערקוקן אונטערן באַרג; און יעדעס מאָל ווען מען איז פאַר־ביי־געפאָרן פּאַפּ נאָריס׳ס פאַרם, האָט מען פאַרלאַנגזאַמט דאָס פאָרן און געדרייט דעם קאָפּ פון אַלע זייטן, גלייך מען וויל אויס־קוקן דעם געגנט.

— איך האָב געזען, ווי מען האָט שוין אַרונטערגעריסן די שטאַל, — איז אַרטור איינמאָל געקומען צו לויפן.

— די שטאַל איז אַליין איינגעפאַלן, — ענטפערט בען.

— מ׳זאָגט, אַז זיי שטעלן זיך שוין בויען.

— דזשי, פּאַפּאַ, — שפּרינגט אַרום אַרטור, — איך זע נישט, פאַרוואָס מיר קאָנען נישט בויען! איך וועל קיינמאָל נישט דערלאָזן, אַז דער בוטשער זאָל אונז אויסביטן!

## קאַפּיטל נײַן

אָנהויב פעברואַר איז אין הויף אַריינגעפאָרן הוירשהאָרן מיט אַ פולן שליטן יידן.

הוירשהאָרן איז שוין געווען ווייס, ווי אַ טויב, מיט קישע־לעך אונטער די אויגן, אָבער זיין פּנים איז נאָך אַלץ געווען ליכ־טיק־מונטער און בשעת די גלעקלעך האָבן נאָך געקלונגען איבער די פערדס העלזער, איז ער אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין מיט אַ פריילעכן האַ־דו־יו־דו.

— כ׳האָב אייך געבראַכט, מיסטער שטיינבערג, פּרע־זידענט פון דער דיקענסווילער אַסאָסיאיישאָן, אַ מנין יידן, — האָט ער ווי אַ חזן אויסגעזונגען, — מיר ווילן דאָ אַריינכאַפּן אַ מנחה־מעריב. מיר האָבן דאָ אַ ייד, וועט ער אויסטרעלן אַ יתגדל, אַז ס׳וועט קנאַקן.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — האָט שטיינבערג גע־שמייכלט.

— און אַ יקום־פּורקן, וואָס וועט פאַרטרייבן אַלע שדים און בייזע רוחות; אַלע פינסטערע שונאים אונזערע.

— עס איז שוין באַלד נישטאָ, וועמען צו פאַרטרייבן, — האָט שטיינבערג נאָך העכער געלאַכט.

— מיר וועלן זיי עוקר מן השורש זיין, — האָט הוירשהאָרן אָנגעהויבן דעקלאַמירן און טרעלן, ווי אַ חזן, — מיטן וואָרצל אויסרייסן. מיר האָבן, יו נאָו, באַשלאָסן, אַז דיקענסוויל זאָל ווערן אַ יידישע מלוכה. קיין שריד ופּליט זאָל פון זיי נישט בלייבן. ימח שמם וזכרם. איר געדענקט כאָטש, מיסטער שטיינבערג, ווי די־קענסוויל האָט אויסגעזען, ווען איר זענט צוערשט אַרויסגעקומען? און סעקעט לעיק, געדענקט איר?

— איך געדענק שוין גאָר. עס ליגט מיר אין די ביינער.

— יידן! — האָט הוירשהאָרן אויסגערופן. — אָט דאָ שטייט פאַר אייך אַ „פּאַיאָניר״! אַ מאַרטירער! דאָ, וווּ מיר שטייען איצט, איז געווען וואַלד. דאָרטן אָ, וווּ עס שטייט דער באַרן, האָבן זיך אויפגעהאַלטן ווילדע חיות — בערן, לייבן, הקדשן, פּיפּערנאָ־טערס און ווייזלטירן. ווען אַ ייד איז דעמאָלט אַהער אַרויסגעקו־

מען, האָט ער זיך געמוזט אַנגורטן מיט צוויי פּאָר תּפילין, איבער־קוקן די ציצית און האַלטן גרייט אויף דער צונג דעם שם המפורש. איך זאָג אייך, יידן, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל.

אַלע האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

— איז די מעשה אַזוי, מיסטער שטיינבערג, — האָט הוירש־האָרן געביטן דעם טאָן, — די יידן ווילן דינגען אַ גרויסן האָ־טעל. יעדער פון זיי איז אַן עקספּערט אין האָטעל־קיפּער, פוירסט קלעס פּיפּעל.

— איך בין אָבער נאָך נישט גרייט צו פאַרדינגען, — ענט־פערט שטיינבערג.

— פאַרוואָס נישט? — איז הוירשהאָרן ערנסטער גע־וואָרן. — עס איז דאָך שוין נאָך נייעיאָר. איך האָב שוין פאַר־דונגען דעם „קעפּיטעל", די „מעלראָוז", די „מאַדזשעסטיק".

— ווייל מיר ווייסן נאָך נישט, וואָס מיר וועלן האָבן צו פאַרדינגען, — מישט זיך אריין בען.

— וואָס מיינט איר?

— מעגלעך, מיר וועלן בויען, — ענטפערט ווייטער בען.

— אַזוי, — שפּאַרט אַרויס הוירשהאָרן אַ פּאָר אויגן, — וואָס דענקט איר צו בויען?

— מעגלעך, אַ גרויס הויז. נאָך דרייסיק צימערן.

— וואָס הערט איר זיך צו, — שמייכלט ביטער און פאַר־קרימט שטיינבערג.

— יאָ, עס איז זייער מעגלעך, — שטייט דער עקשן בען און ציילט די ווערטער.

— מען זאָגט, אַז אייער נייער שכן, מיסטער שאַפּיראָ, בויט אַ גרויסן האָטעל, — וואַרפט אריין אַזוי, זייטיק, הוירשהאָרן.

שטיינבערג ווערט בלייך, ווי די וואַנט.

— דערמאָנט מיר נישט זיין נאָמען. מיך קימערט נישט, וואָס ער טוט.

אָבער שטיינבערג ווערט ביסלעכוויַיז אַרויסגעשטויסן פון שמועס. הוירשהאָרן רעדט שוין בלויז צו בענען. ער קוקט דעם יונג גלייך אין די אויגן און האַלט אים כּסדר אין חנפענען.

— אַזוי, — זאָגט ער, — נאָך דרייסיק בעדרומס. אַי, אַי,

אי. דרייסיק בעדרומקעס! וועט איר דאָך דעמאָלט דאַרפֿן אַ נייעם ראַנינג־רום.

— יאָ, מיר פּלאַנעווען צו בויען אַ ניי עס־צימער און אַ נייעם טאַנץ־זאַל, — זאָגט ווייטער בען.

שטיינבערג ברעכט זיך אין ווייטאָג. זיין פּנים ווערט חושך. ער גייט אויף אַ ווײַלע אַרויס פֿון צימער. אָבער בען רעדט ווייטער:

— דאָס איצטיקע עס־צימער וויל איך איבערבויען אין שלאָף־צימערן.

— אַ פֿיינער פּלאַן, — קוקט הווירשהאָרן מיט אַלץ מער דרך־ארץ אויפֿן יונג, — זייער אַ פֿיינער פּלאַן.

ווען שטיינבערג האָט זיך אומגעקערט צוריק אין צימער, האָט בען פֿאַרענדיקט רעדן, — וועלן מיר דעמאָלט, הייסט עס, זען. ביז דעמאָלט, הייסט עס, איז נישטאָ וואָס צו ברענגען קיין מענטשן.

פֿונדעסטוועגן איז הווירשהאָרן נישט אַוועקגעגאַנגען. מען איז נאָך לאַנג געשטאַנען אין אַ רעדל, אין שווערע ווינטער־מאַנטלען, צעפּלאַמטע, ווינטערדיקע פּנימער און מיט היים־געפֿרוירענע אויערן. הווירשהאָרן האָט אַליין, קיינעם נישט פֿרעגנדיק, אויפֿגעעפֿנט די טיר פֿון פֿאַרמאַכטן, זומערדיקן עס־צימער און אַלע פֿרעמדע זענען אַהין אַריין. אַ שאַרפֿע קעלט, ווי פֿון אַן אייז־הויז, האָט זיי אַלעמען געגעבן אַ זעץ אין פּנים אַריין. דאָס גרויסע צימער איז געווען פֿינסטער, די פֿענסטער פֿאַרקלאַפּט, די טישן, איינער אויפֿן אַנדערן, זענען געלעגן מיט די פֿיס אַרויף, צווישן די פֿיס־בענקלעך, און דער עס־זאַל האָט אויסגעזען אפֿשר צען מאָל אַזוי גרויס.

— מען וועט פֿונדאַנען לייכט קאָנען מאַכן צוועלף בעדרומס, — האָט הווירשהאָרן געזאָגט.

— יאָ, מען וועט קאָנען, — איז בען אונטערגעקומען.

— איז ווען וועט מען עס וויסן? — האָט הווירשהאָרן ווייטער געפֿרעגט.

— מען וועט שוין וויסן, מיסטער הווירשהאָרן, מען וועט אייך לאָזן וויסן.

הווירשהאָרן האָט אָנגעכאַפּט שטיינבערגן און פֿאַר אים אָפּ־

געזונגען אן אויסגעטערעלטן מי־שברך. שטיינבערג האָט אומעטיק־שווער אָפּגעדרייט דעם קאָפּ:

— איר ווערט גאָרנישט עלטער, מיסטער הוירשהאָרן. דער זעלבער הוירשהאָרן, וואָס איך האָב באַגעגנט צוריק מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר. איר געדענקט דעם טאָג, ווען איך האָב אויף אייך געוואַרט אויפן וואָקזאַל? איך האָב געמיינט, אַז כ'וועל פאַר־פּרוירן ווערן.

אין אַ וואָך אַרום, אין אַ וואַרעמען אָוונט, ביים גליענדיקן אויוון, איז די גאַנצע משפחה געזעסן בײַם טיש, און ביי שטאַר־קע גלעזער טיי האָט מען דורכגעקוקט די גרויסע בויגנס בלויע פּאַפּיר, ווו עס זענען געווען אָנגעצייכנט די פּלענער פון דעם נייעם הויז.

אין צימער איז געווען וואַרעם און ליכטיק. בען איז געווען פאַרטיפט אין די פּאַפּירן. מילדרעד, אַ צעוואַקסענע, מיט ברוסטן, וואָס האָבן זיך צעלייגט אונטער דער גאַנצער ברייט פון דער בלו־זע, האָט שווער געאָטעמט, און יעדעס מאָל האָט זי געפרעגט אַן אַנדערע פראַגע.

— פון איצטיקן עס־צימער וועט מען מאַכן זעקס דאָפּלטע שלאָף־צימערן, מיט פּריוואַטע באַטהס, — האָט בען געלייענט פון פּאַפּיר, — דאָס וועט זיין פאַר פרויען און קינדער, וואָס קאָנען נישט קריכן אויף קיין טרעפּ. אין רעכטן פליגל וועט מען צובויען פיר און צוואַנציק שלאָף־צימערן און אונטער זיי וועט זיין דאָס נייע עס־צימער. איך רעכן, אַז דאָרטן זאָל זיין פּלאַץ פאַר פיר הונ־דערט מיט פופציק מענטשן.

ביי שטיינבערגן האָט אָנגעהויבן ציטערן די הויט איבערן פּנים. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז צו דער מאָרדע.

— וויפל וועט עס קאָסטן? — פרעגט ער אַ פאַרקרימטער און צעוויטאָגטער. — דו פליסט אין די הימלען, איידעם מיינער.

— איך פלי נישט אין די הימלען, שווער, — נעמט בען אַרויס דאָס פּנים פון די פּאַפּירן און טראָגט עס אונטער, אַן איינ־געשפּאַרטס, פאַרעקשנדיקס, גלייך שטיינבערגן אין די אויגן, — איך שטיי מיט ביידע פיס אויף דער ערד, שווער. איך האָב אויס־

בּיז צוועלף פון קאָסטן אונז וועט עס. פּיצעלע יעדעס גערעכנט פופצן טויזנט דאָלאַר, אָבער איך גיב נישט אַוועק דעם האָטעל פאַר ווינציקער, ווי אַכט טויזנט דאָלאַר פאַרן סיזאָן.

— ביסט משוגע געוואָרן! — האָט שטיינבערג אָנגעהויבן ציטערן. — ווו וועסטו נעמען אַזוי פיל געלט?

— מיר האָבן געלט, שווער, — האָט בען נאָך מער איינגעשפּאַרט געענטפערט, — איך האָב אַלץ באַוואָרנט. מיסטער איווענס לייט מיר אַכט טויזנט דאָלאַר. נאָכן סיזאָן גיב איך אים עס אָפּ.

— און אַז דו וועסט נישט פאַרדינגען דאָס הויז? — איז שטיינבערג רויט געוואָרן, בלייך, שוואַרץ, און ס׳האָט אים אַזש באַגאָסן אַ שווייס. — אַזוינע רענטערס וואַלגערן זיך נישט אין די גאַסן.

— וועל איך אַליין פירן דאָס הויז.

שטיינבערג איז אויפגעשפּרונגען. זיין קול האָט זיך פון אויפרעגונג איבערגעריסן. דאָס פּנים פאַרקרימט אין יסורים.

— נישט אַנדערש, ביסט פון זינען געריירט. דו ווילסט מיך רואינירן. דו ווילסט מיינע פינף און צוואַנציק יאָר פּראַצע אַוועקלאָזן מיטן רויך.

עס האָט זיך געדוכט, ווי ער וואָלט. שרייענדיק, געוויינט. זיין קול איז אַרויסגעקומען מיט אַ מאָדנע פרעמד קוויטשיקל.

— זיי וויסן, אײדעם, אַז איך לעב נאָך. זיי וויסן, אַז כּל־זמן איך לעב, וועל איך זיך נישט לאָזן פאַרפירן אין אַ בלאָטע. וואָס ווייסטו פון פירן אַ הויז? ווו וועסטו נעמען באָרדערס? מיט וועמען וועסטו אָנפילן אַזאַ הויז?

אין שטוב איז געוואָרן אַן איבערקערעניש. ביידע האָבן הויך געשריגן און ביידע זענען זיך צעגאַנגען ברוגזע.

— איך וועל זיך רירן פון זינען, — האָט שטיינבערג, שפּעט ביינאַכט, זיך געקלאָגט פאַר דער ווייב, — איך פיל, ווי מיר שפּאַלט זיך דער קאָפּ. איך וועל זיך אַ מעשה אָנטאָן.

אָבער אויף מאָרגן האָט בען ווייטער געקלאַפּט אין קאָפּ אַריין אייזערנע ווערטער. ווי אַ שטאָלענער האַמער, האָט ער געהאַמערט קלאַפּ נאָך קלאַפּ, מיט גוטן און מיט בייזן, און ווידער־

אמאָל געמאַכט אַ פּשוטן חשבון: דאָס געלט, וואָס וועט קאָסטן בויען דאָס הויז, נעמט ער אַרויס אין צוויי זומערן.

פּונקט אַזאַ פּשוטן חשבון האָט ער שפּעטער געמאַכט, ווען ער האָט פּלוצלינג באַשלאָסן אויפצוהערן האַנדלען מיטן דיקינס־ווילער גראָסערימאַן און מיט די אַנדערע קרעמער.

— אַז די „עי און פּי" פאַרקויפט יעדן אַרטיקל ביליקער! — האָט ער געשריגן.

— אָבער מענטשן, מיט וועמען איך האָב געהאַנדלט אַזוי פיל יאָרן, — האָט זיך שטיינבערג געבראָכן, — ווען זיי רעכענען אפילו מיט אַ סענט מער, איז וואָס? פאַרגעס נישט, וואָס זיי האָבן געטאָן פאַר מיר!

— דאָס זענען סענטימענטן, שווער. ביזנעס איז ביזנעס.

— ביסט ברוטאַל, — האָט זיך שטיינבערג פאַרלוירן, — האָסט נישט קיין האַרץ.

אָבער די געשרייען האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן. בעז האָט אַרויסגענומען דאָס ביכעלע, וווּ עס איז געווען פאַרשריבן די גאַנצע הוצאה און ער האָט שוואַרץ אויף ווייס באַוויזן, אַז זינט ער קויפט ביי דער „עי און פּי" און ביי די הורטאָוונע סוחרים אין מידלטאַון, שפּאָרט ער פופציק דאָלאַר אַ חודש.

— זעקס הונדערט דאָלאַר אַ יאָר איז געלט, — האָט ער אָפּגעשלאָגן אַלע אַרגומענטן.

שטיינבערג האָט מער נישט געענטפערט. אַ דערשלאָגענער האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין הויז און זיך נישט געקאָנט נע־מען צו קיין אַרבעט. זיין פּנים איז געווען געל און מיד. ער איז פּלוצלינג, ביי זיך אין הויז, געוואָרן זייער עלנט.

## קאַפּיטל צען

דער טים, וואָס אַרטור האָט אָרגאַניזירט, די דיקינסווילער דזשייענטס, האָט זיך געגרייט צום שפּיל מיט די מידעלטאַונער אַטלעטן. טאָג און נאַכט האָט מען געהאַלטן אין איין פּראַקטי־צירן. עס איז נאָך געווען חדשים צום פרילינג, עס איז געווען טי־

פער שני, אָבער די בחורים האָבן געשפּילט אין דער גרויסער „דזשים“, אין שטאַלן, און אויב מען האָט נישט געקאָנט שפּילן קיין אמתן בעיזבאָל, האָט מען זיך געגרייט מיט פאַרשידענע איבונגען, וועלכע אַנטוויקלען די מוסקולן פון די הענט, פיס, אויגן און אויערן.

אַרטור פלעגט אויף שעהן־לאַנג זיך פאַרקלייבן אויפן בוי־דעם און זיך שלאָגן מיטן אייגענעם שאָטן. דער בוידעם איז ביי אים געווען איינגעשטעלט, ווי אַן אמתער דזשים. ער האָט אויסגע־געבן אַ סך געלט אויף אַלערליי ספּאָרט־זאַכן. פון אַ באַלקן אינ־מיטן בוידעם האָט אַראָפּגעהאַנגען אויף אַן אייזערנער ספּרוזשינע אַ גרויסע, אָנגעבלאָזענע פּילקע, אין וועלכער ער פלעגט קלאַפּן מיט דער רעכטער און לינקער פויסט, כּדי ער זאָל אַנטוויקלען די מוסקולן פון די הענט. דער דיל איז געווען אויסגעצייכנט מיט ווייסע פאַסן, איבער וועלכע ער פלעגט שפּרינגען. אין אַ וואַנט זענען געווען אַריינגעשרויפט צוויי אייזערנע ספּרוזשינעס, אין וועלכע מען טוט אַריין די פיס, און די פיס האָבן דעמאָלט פון זיך אַליין זיך געמוזט בויגן, פאַרקאַטשען, אויסגלייכן און אויס־ציען זיך. ער האָט דאָרטן געהאַט אַן עלעקטריש פערד, ציל־ברע־טער, שווערע האַלצערנע פּילקעס, אייזערנע שטאַנגען און אַ גראַ־מאָפאָן, וועמעס פּליטן פלעגן הייזעריק געבן אינסטרוקציעס וועגן אַלערליי איבונגען.

אינמיטן ווינטער האָט ער געטראָגן אַ פאַרשייטן ביידינג־סוט. אין אַ פּאָר פּיצלעך הויזן, אָן אַ העמד, דאָס גאַנצע, ריזיק־שנאַרקיק לייב אָפּגעדעקט צום פראָסט און קעלט, האָט ער ווי אַ יונג פערד געבריקעט, געטאַנצט, געוואָרפן זיך, ביז דאָס בלוט אין די אָדערן האָט געשלאָגן היים און ברויזנדיק.

ווען מען איז איינמאָל געזעסן אין קיך ביים וואַרעמען אויוון און שטיינבערג איז דערביי נישט געווען, האָט אַרטור גע־זאָגט דער מאַמען, אַז זייער טים פאַרט קיין מידלטאַון.

בערטע איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך.

— איצט, אינמיטן ווינטער, שפּילט מען דען באָל? — האָט זי אַ צעשראָקענע אויסגערופן.

— די מידעלטאַונער האַלטן ריין דאָס פעלד. זיי האָבן עס אונדז אויסגעליען אויף אַ טאָג פּרעקטים.

— אָבער אין אַזעלכע פּרעסט, — איז זי נאָך מער צע־שראָקן געוואָרן, — דו וועסט זיך דאָך פאַרקילן.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, — האָט ער העכער אָנגע־הויבן, — איך בין נישט קיין בעיבי.

ביי דער מוטער זענען געקומען טרערן אין די אויגן.

— דו וועסט נישט פאָרן. איך וויים, ווי צעהיצט דו ווערסט. אין אַזעלכע פּרעסט וועל איך דיך נישט לאָזן פאָרן.

— עס פאָרן דאָך אַלע באָיעס. עס איז דאָך נישט קיין רע־געלע געים.

— דו האָסט גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט די באָיס, — האָט זי געשריגן.

— דו רעדסט שוין אויך אַזוי? — האָט אַרטור זיך אויפ־געהויבן פון טיש און זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג.

— איך רעד אויך אַזוי, — האָט זי אָנגעהויבן וויינען, — דער טאַטע איז גערעכט. עס איז מיין שולד. איך האָב דיך צע־באַלעוועט.

— וועל איך דיך הערן, פונקט ווי דעם טאַטן, — האָט ער אָנגעהויבן געוואַלדעווען, — דו וועסט פון מיר קיין לעמעשקע נישט מאַכן. איך וועל אַנטלויפן פונדאַנען. דו וועסט נישט וויסן, וואו איך בין אַהינגעקומען.

בערטע האָט זיך דעם גאַנצן איבעריקן אָוונט געבראָכן אין וויטאָג. זי האָט געוואָלט פאַרפירן אַ שמועס מיט שטיינבערגן און מורא געהאַט. זי האָט געוואָלט רעדן מיט בענען און געציטערט, אין שטוב זאָל נישט ווערן קיין טומל.

— עס איז מיין אייגענע שולד, — האָט זי געפרעסן זיך אַליין, — איך האָב דאָס באַדאַרפט פאַרשטיין פון ערשטן טאָג אָן. אַ קינד דאַרף זיך האָבן מיט וועמען צו שפּילן. ווען אַ קינד האָדע־וועט זיך צווישן שקצים, מוז עס אַליין אויך אַזוי ווערן.

זי האָט געפילט, ווי איר הויבט זיך דער מוח. זי איז געווען זיכער, אַז אַרטור וועט זיך דאָרטן אין מידלטאַון פאַרקילן, קראַנק

ווערן. עמעצער וועט אים מיט אַ באָל טרעפן אין קאָפּ אַריין. זי איז אַ דערשלאָגענע צו צום פענסטער און אַרויסגעקוקט אינ־דרויסן. אינדרויסן איז געלעגן טיפער שניי. אַלץ איז געווען ווייס און שטום. אַ פולע לבנה האָט אַראָפּגעשיינט אויפן הויף, אויף אויסגעשפּרייטע ווייסע שטרעקעס, אויף די פּלויטן און וועגן און פון אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן רינען גרויסע, קיילעכדיקע טרערן.

— און מען בויט ווייטער, — האָט זי שטום, אָן לשון, מיט פאַרשלאָסענע ליפּן געזאָגט צו זיך אַליין.

---

מען האָט ווייטער געבויט. איצט איז שוין געקומען צו דער אַרבעט על נאָרים, זיין איידעם אַלעקסאַנדער, ווילי פעלטען מיט זייערע פערד און שליטנס און מען האָט נאָכאַמאָל געהאַקט דעם וואַלד.

די זעג־מאַשין האָט ווידעראַמאָל געאַרבעט. איבערן שטילן, ווייסן דרויסן האָט די זעג געזעגט מיט דינעם ציטער, שאַרפן גרילץ, אַזש ביז אַרונטער אין טאָל אַריין. דער פראָסט האָט גע־ברענט, דער ווינט האָט געסמאַליעט אין די אויערן, מען האָט נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם, אָבער איינגעשפּאַרטערהייט האָט זיך אויסגעלייגט פון וואַלד ביזן הויף אַ גוט־איינגעפּרווירענער, ווייסער וועג. מען האָט געפירט פולע שליטנס אויסגעהאַקטע ביי־מער און די פערד האָבן געלעקט געפרוירענעם שניי.

בען איז אַלעמאָל געלאָפן קיין דיקינסוויל, קיין מידעלטאַון, קיין פּאָרט־דזשוירוויס און אָן שטיינבערגס וויסן האָט ער באַ־שטעלט טירן, פענסטער, טשוועקעס און ברעטער.

— עפּעס זעט מען נישט דעם שווער לעצטנס, — האָט מען אים אַלעמאָל אָפּגעשטעלט אין דיקינסוויל.

— דער שווער איז לעצטנס פאַרנומען אין שטוב, — האָט ער אַלץ געענטפערט.

איינמאָל איז אינמיטן טאָג פאַרפאָרן אויפן הויף מיסטער איוועגס. דער פּרעזידענט פון באַנק איז פאַרפאָרן מיט אַ נייעם

אויטאָמאָביל און פאָרגעלייגט בענען זיך מיט אים אַביסל דורכ־פאָרן.

— איך וויל דיר געבן אַ ראַיד אין מיין נייעם ביואיק, — האָט מיסטער איוועגס געזאָגט און געקוקט בענען גלייך אין די אויגן.

אין שטוב זענען אַלע צעטומלט געוואָרן. אויף אַזוי פיל כבוד האָט זיך קיינער נישט געריכט.

— איך האָב נאָר־וואָס איבערגענומען די ביואיק איידזשענ־סי, — האָט מיסטער איוועגס שפּעטער געזאָגט, ווען זיי זענען אַרויסגעפאָרן אויפן וועג, — איך וויל, דו זאָלסט זען, וואָס פאַר אַ קאַר עס איז.

בען האָט באַוווּנדערט דעם נייעם אויטאָמאָביל, די שטיל־קייט פון מאָטאָר, די זיכערקייט פון פאָרן.

— איך מיין דיר צו פאַרקויפן אַ קאַר, — האָט מיסטער איוועגס ווייטער געזאָגט.

— אָבער איצט־אָ, ווען מיר בויען?

— עס מאַכט גאָרנישט אויס, — האָט דער פּרעזידענט פון באַנק געלאַכט מיט אַ גאַנץ מויל פריידן, — שטיינבערגס איידעם איז ביי מיר אַ באַגלויבטער מענטש. דאַרפסט קיין געלט נישט.

ווען בען האָט שפּעטער דערציילט אין הויז, אַז ער דענקט אויסצובייטן די אַלטע קאַר אויף אַ נייעם ביואיק, האָט זיך שטיינ־בערג אָנגעצונדן.

— דו טרייבסט שוין צו ווייט די שפּיל, זון מיינער.

בען האָט אים, ווי שטענדיק, באַוויזן אַ פּשוטן חשבון.

— אויב איך בייט איצט אויס די קאַר, קריג איך פאַר איר דריי הונדערט דאָלער. אין אַ יאָר אַרום האָט זי נישט די ווערט קיין סענט.

— אָבער איך וויל נישט פאָרן מיט קיין ביואיקס, — האָט שטיינבערג געגוואַלדעוועט, — איך וויל נישט רייסן מענטשנס אויגן.

— אָ, דזשי, פּאַ, — איז אַרויסגעשפּרונגען אַרטור.

שטיינבערג האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. אָן אַ בּרעקל קאָנטראָל האָט ער געגעבּן אַ שאָס, אַ פּאַטש אַרטורן אין פּנים אַריין.

— איך זאָל פון דיר מער נישט הערן דאָס וואָרט דזשי.

— פאַרוואָס? — האָט זיך אַרטור אַנטקעגנגעשטעלט.

— דערפאַר, — האָט אים שטיינבּערג דערלאַנגט אַ צווייטן פּאַטש. — קיין משומד וויל איך נישט האָדעווען. קיין שגץ וויל איך נישט אין מיין הויז.

שטיינבּערגס פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט. די הענט האָבּן אים געציטערט.

— זאָלסט שוין אַרויס פון מיין שטוב. איך וויל דיך נישט זען פאַר מיינע אויגן.

אַרטור איז מיט אַ קלאַפּ פון דער טיר אַרויס פון הויז. בּערטע האָט אָנגעהויבּן וויינען.

— איך וויל נישט הערן קיין געוויין, — איז שטיינבּערג מיט יעדער מינוט ווילדער געוואָרן, — איך וויל אייך קיינעם נישט קענען.

— אשר, — איז דאָס וויבּ צוגעגאַנגען, — איך דערקען דיך נישט!

— איך וועל דאָ משוגע ווערן, — האָט זיך זיין קול געבּראָכן, אין האַלז האָט אים געשטיקט און ס'האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט זיך באַלד צעוויינען. — איך וועל זיך פון זינען רירן. אין מיין אייגענעם הויז בּין איך געוואָרן אַ פרעמדער. מען טוט, וואָס מען וויל.

דער גאַנצער טאָג איז שוין געווען ווי תשעה־בּאב. בּערטע האָט געוויינט. שטיינבּערג האָט זיך געראָיעט אין די בּיכער, געמאַכט חשבּונות, ווי ער זאָל זיך גרייטן מיט אַלץ אָפּצושניידן. סיליע, דאָס אונטערוואַקסנדיקע מיידל, וואָס האָט נישט אויסגעזען, נישט ווי דער טאַטע און נישט ווי די מאַמע, האָט כּסדר נעבּונטעוועט און גערעדט אין דער מאַמעס אויערן אויף שטיל־לשון:

— אַ בּאָי מעג שפּילן בּאָל. אַלע האָבּן דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר אַרטורן.

צוויי טעג איז אַרטור געווען בײַ מילטאָן פרידמאַן און נישט געוואָלט אַהיימקומען. שטיינבערג האָט אים נישט געוואָלט איבער־בעטן, און ווען סיליע איז אויפן דריטן טאָג אַרונטערגעפאָרן קיין מעיפעלווּד מיט אים איבעררעדן, איז זי אַליין געבליבן דאָרטן נעכטיקן.

## קאַפּיטל עלף

אָנהויב פעברואַר האָבן זיך אָנגעהויבן אַרטורס עקזאַמענס. דער טאָג איז געווען אַ פראַסטיקער, קאַלטער, אָבער אויפן הימל איז שוין געשטאַנען אַ הויכע זון און אין שטוב איז געווען אַ סך ליכטיקער.

בערטע איז אויפגעשטאַנען מיט באַגינען. אַ גאַנצן פרימאָרגן איז זי געווען פאַרזאָרגט. זי האָט אַ שטילע, צאַרט־פאַרטרויערטע, געפרעסטע העמדער, איבערגעקוקט זאָקן און אויף די שפּיץ־פינגער, קיינעם נישט אויפצוּוועקן, האָט זי צוגעגרייט פרישטיק.

אַרטור איז יענעם פרימאָרגן געווען פריש אָפּגעשוירן. די האָר געדיכטע, גלאַטע, זענען געווען פאַרקעמט אויף אַרויף. דער הויכער שטערן האָט געבלענדט אין ליכטיקייט. די אויבערשטע ליפּ איז געווען באַצויגן מיט גאָלדענע פּיצינקע הערעלעך, און דאָס מויל, האַלב־מענלעך שטאַרק, האַלב־יינגליש ווייך, איז געווען אייפערדיק אָפן.

ווען די משפּחה איז צום סוף אַרונטערגעפאָרן אין שטעטל, איז שוין דער הויף פון דער האַי־סקול געווען פול מיט אויטאָמאָבילן און וועגענער. דער זאַל איז געווען ענג געפּאַקט מיט געסט און מיט עלטערן פון קינדער. אַלע זענען געווען יום־טובדיק אויסגעפּוצט. אַלע האָבן פייערלעך געשוויגן. מיט קעפּ, אַרויסגעשפּאַרטע פאָרויס, נישט צו פאַרפעלן אַ וואָרט, איז דער גאַנצער עולם געזעסן רויט צעהיצט און געקוקט די רעדנער אין מויל אַריין. עס האָבן גערעדט מיסטער האַרדי, דער לערער; ליאָ וואַן לאָן, דער רעדאַקטאָר; מיסטער איוועגס, דער פּרעזידענט פון באַנק, און מיסטער קיידער, דער פּרינציפּאַל פון סקול.

— שוין באַלד פערציק יאָר, ווי איך טייל אוים דיפּלאָמען, — האָט דער אַלטער דזשענטעלמאַן, דער פּרינציפּאַל, גערעדט אין אַ פּשוטן, גוטן ענגליש, אַזוי, אַז די פּאַרמער זאָלן אים פאַרשטיין, — און יעדעם מאָל קלאַפּט מיר אויפסניי דאָס האַרץ. יעדעס מאָל, וואָס איך דערלאַנג אַ סטודענט זיין דיפּלאָם, פרעגט מיין האַרץ: וויסט דער ניי־צוגעקומענער מאַן אָדער פרוי זיין אַ געווינס פאַר אונזער לאַנד? וועט ער באַשיינען אונזער געזעלשאַפט? תמיד, ווען איך שטיי פאַר די ניי־צוגעקומענע דורות, קלאַפּט מיין האַרץ. עס איז דאָך דער נייער דור, וואָס וועט פאַרזיכערן אונזער עקזיסטענץ. וועט איר, סטודענטן פון דיקינסאָווילער האַי־סקול, זיין פּאַטריאָטן פון לאַנד ווי אייערע עלטערן זענען געווען?

אין זאַל איז געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערן אַרונטערפאַלן אַ שפּילקע. דער פּרינציפּאַל האָט אָנגעהויבן רופן נאָ־מען נאָך נאָמען. מיט יעדן סטודענט האָט ער געדריקט הענט. יעדן האָט ער דערלאַנגט אַ געוויקלטן דיפּלאָם, אַרומגעבונדן מיט אַ סטענגע און אים פאַרגעשטעלט פאַרן עולם.

— אַרטור סטיינבוירג, — האָט ער פּלוצים אויסגערופן.

בערטע האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. גלייך מען וואָלט זי אַליין גערופן צו דער פּלאַטפאָרמע, אַזוי האָבן איר אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס.

אַרטור האָט זיך אויפגעהויבן פון אַ ריי יונגע, ליכטיקע, יום־טובדיק־צעשטראַלטע פּנימער, וואָס זענען געזעסן אויף באַזונדערע בענק. זיין פּנים האָט געצוקט אין נערוואָזיטעט. אַ צאַרטער, מיל־דער שטראַל האָט באַלויכטן זיין ליכטיקן שטערן. די גרויסע, בלויע אויגן זענען געווען צעשראָקן און אין דעם נייעם בלויען אָנצוג, מיט אַ בלום אין לאַץ, איז ער געווען הויך, ברייט, מאַיעסטעטיש־שיין, ווי אַ יונגער גאָט.

— אַרטור סטיינבוירג, — האָט דער פּרינציפּאַל ווייטער גע־זאָגט, — איך האָב דעם כּבוד דיר איבערצוגעבן אַ דיפּלאָם פון דיקינסאָווילער האַי־סקול און נאָך מער פאַרגעניגן איז ביי מיר, דיר צו געבן דער סקולס העכסטע באַלוינונג — אַ גאָלדענעם מעדאַל.

בערטע האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ הויכן געוויין. אין שטילן

זאָל, אין דער פאַרשטיקטער, הייסער לופט, האָט איר קול געוואַנ־דערט, ווי דאָס וואָיען פון אַ פאַרווונדעטער חיה, ביז צו אַלע ווינ־קעלעך. זי האָט פון שוואַכקייט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף שטיינ־בערגס אַקסל.

— רבונו של עולם, — האָט זי געמורמלט.

ווען אַרטור איז צוגעקומען מיט דעם דיפּלאָם, האָט אים שטיינבערג אַריינגערוקט אין האַנט אַריין אַ גאָלדענעם זייגער.

— דאָס איז פון מיר און דער מאַמען.

— אָ, דזשי, — האָט אַרטור אויסגעשריגן.

בערטע האָט נישט געקאָנט רעדן. זי האָט געדריקט אַרטורס האַנט צו איר האַרץ און שטיל געכליפּעט.

— זון מיינער.

אַהיימפאָרנדיק, איז שטיינבערג געזעסן אַ צעפּלאָסן־באַ־רוישטער. די פייערלעכקייט פון דעם געשעעניש איז נאָך געלעגן אויף זיין פּנים.

— איצט, זון מיינער, ווערסטו אַ מענטש פאַר זיך, — האָט ער גערעדט אָן האַרץ, פול מיט גוטסקייט אין קול, — איצט דאַרפ־סטו טראַכטן פון אַ תּכלית. די היינטיקע צערעמאָניע דערמאָנט מיך אין יידישן מנהג — בר־מצווה. עס זענען דיר פרעמד, זון מיינער, יידישע מנהגים, אָבער ס'איז מיין אייגענע שולד. איך אַליין בין אוועק אויף פרעמדע וועגן.

בערטע, אינעווייניק אין אויטאָמאָביל, האָט געפילט, ווי עס פאַלט איר אַרויס דאָס האַרץ פון פרייד. שטיינבערגס קול איז גע־ווען פול מיט פאַרגעבונג, פול מיט מחילה און גוטסקייט.

— בר־מצווה פאַרן יידישן יינגל איז געווען אַ שייד־וועג. פון דעמאָלט אָן האָט דאָס יידישע יינגל אָנגעהויבן טראָגן זיינע עבירות אויף זיין אייגענעם קאָפּ, איז געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך אַליין. דאָ אין אַמעריקע האָט זיך אונזער לעבן געביטן. אפשר זאָלן מיר פון אַ גראַדוּאיישאָן מאַכן אָט דעם שייד־וועג.

אַרטור איז געזעסן ביים דריי־ראָד און גראַציעז, לייכט־שפּילעוודיק געפירט די קאַר. מיט אָן אַ שיעור דרך־ארץ האָט ער זיך צוגעהערט צום טאַטנס רייד.

— פון היינט אָן, זון מיינער, ווייל איך, זאָל זיך בײַ דיר אָנהויבן אַ נײַ לעבן, — האָט דער פֿאָטער ווײַטער געזאָגט, — איך בין דיר פֿאַר אַלץ מוחל. וואָס געווען איז געווען. לאָמיר אָן אַלץ פֿאַרגעסן. איך וויל, זאָלסט מיר געבן דײַן וואָרט, אַז וועסט ווערן אַ מענטש.

— ביז איצט בין איך דען קיין מענטש נישט געווען? — האָט אַרטור שטיל געפֿרעגט.

— דו ווייסט, וואָס איך מיין, — האָט שטיינבערג געענט־פֿערט.

דער בחור האָט געשוויגן.

— איך וויל זאָלסט אָנהויבן טראַכטן פֿון אַ תּכלית. מײַן פּלאַן איז, זאָלסט איצט אַרײַן אין דער באַראָן הירש אַגריקולטור־סקול.

אַרטור האָט זיך אַ קרים געטאָן.

— וואָס פֿאַר אַ סקול איז עס? גרינהאָרנס גייען דאָרטן. וואָס קאָן איך דאָרטן זיך אויסלערנען?

— זײַן אַ פֿאַרמער, ווי בען איז.

— איך וויל נישט זײַן קיין פֿאַרמער. איך האָב נישט ליב קיין פֿאַרם.

— וואָס דען ווילסטו זײַן? — איז שטיינבערג טרויעריק גע־וואָרן.

— איך ווייס נישט. אָבער אויפֿן פֿאַרם וויל איך נישט בלײַבן.

— אָבער דו דאַרפֿסט דאָך וויסן, וואָס דו ווילסט יאָ זײַן.

ביידע זענען אַ ווײַלע שטיל געבליבן. די שטימונג האָט זיך בײַביידן געביטן.

— הער איצט אויף מיט דײַנע פּלענער, — האָט זיך פֿון אײַ־נעווייניק פֿון אויטאָמאָביל אָנגערופֿן בערטע, — וועסט נאָך צײַט האָבן צו רעדן.

— אויב גיין אין אַ קאַלעדזש, וויל איך פֿאָרן קיין אינדיאַנאַ, — האָט געזאָגט אַרטור.

— וואָס עפּעס אינדיאַנאַ? — איז שטיינבערג צעטומלט גע־וואָרן.

אַרויספּאָרנדיק אויפֿן הויף, איז זיי אַ צעטראָגענער אַנטקעגנ־געלאָפֿן בען.

— איך וואַרט שוין אויף אײַך, שוועער, מער ווי צוויי שעה, ווו האָט איר אַהינגעטאָן די לייסטלעך?

שטיינבערג איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרלוירענער. די פֿרייד פֿון זיין פּנים איז אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. אויף רישטאָוואַ־ניעס זענען געשטאַנען סטאָליאַרעס. מ׳האָט געטראָגן איבער ליי־טערס ברעטער. מען האָט געשלעפּט באַלטשאַסעס. איבערן הויף האָבן געהילכט קלעפּ, קולות, געשרייען און פּאַפּ נאָריס, אַ זקן, אַ געבויגענער, מיט ציטערדיקע הענט און איינגעשרומפּן מויל האָט פֿון אַ דריי־גאָרנדיקער הויך אַרונטערגעשריגן:

— נעילס! נעילס!

— ווו האָט איר באַהאַלטן די לייסטלעך? — האָט געשריגן בען.

שטיינבערג איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער. די קולות האָבן אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן הויף. יעדער קלאַפּ איז געווען אַ ריס אין האַרצן. אָט נעמט מען אַלץ אַרויס פֿון זיינע הענט. קלאַפּ, קלאַפּ. אַרטור וועט אוועקפֿאָרן אין אינדיאַנאַ. קלאַפּ, קלאַפּ. אַ ניי הויז.

— העלף אַ הויב טאָן דעם באַלטשאַס, — האָט בען געשריגן.

— דערלאַנג אַהער דאָס פֿענסטער, — האָט מען אַראָפּגע־שריגן פֿון אויבן.

אַ פּאָר פֿערד מיט אַ שליטן האָבן אַריינגעקירעוועט אויף דער סאַמער ווערענדע און אָפּגעריסן אַ שטיק פּאַרענטשע. אַ ברעט איז פֿון אויבן אַראָפּגעפֿאַלן, פּלאַך אויפֿן שניי, און שיער נישט געטראָפֿן מילדרעדן. מילדרעד איז געשטאַנען אַ ברייטע, מיט אַ הויכן בויך, שוועער געפּראַכניעט און עס האָט זיך געדוכט, אַז זי קאָן יעדע מינוט אָנהויבן גיין צו קינד.

— קלאַפּ, קלאַפּ. העי! העי! זיי פֿאָרזיכטיק!

שטיינבערג איז געשטאַנען אומבאַהאָלפֿן. אַלץ איז איצט גע־

װען אַריבער זײַנע כּוחות. אַלץ איז אַרױס פֿון זײַן רשות. קײנער קוקט זיך אױף אים נישט אום. מילדרעד טראַכט בלױז פֿון איר גרױסן בױך. בען בױט. אַרטור פֿאָרט אין אינדיאַנאַ.

— טראַך—טראַך. קלאַפּ—קלאַפּ.

מיטאַמאָל, װי מיט אַ פֿינטל פֿון אױג, װי אַ בליץ, האָט פֿון דער הױכער רישטאָװאַניע געגעבן אַ פֿאַל אַראָפּ דער אַלטער פּאַפּ נאָרים און אין אײן סעקונדע האָט זיך אָפּגעשטעלט זײַן האַרץ. איבערן הױף האָבן אַ פּלאַץ געטאָן קולות, פֿאַרדומפּטע, אַרױס־געריסענע, װי אַ טשערעדע בהמות װאָלטן מיטאַמאָל אַ רעװע געטאָן. פֿון אַלע זײַטן האָבן אָנגעהױבן לױפֿן מענטשן. מען איז װילד געשפּרונגען אײנער איבערן אַנדערן. מילדרעד איז געבליבן שטײן אינמיטן רעדל, אַ פֿאַרענדערטע, אַ האַלב־פּאַראַליזירטע, מיט אַ פּנים אַזױ פֿאַרקרימט, גלײַך עס װאָלט זי מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט געבורט־װײען. שטײנבערג איז געװאָרן װײַס װי דער מת. ער האָט געריסן דעם אַלטנס הענט, אים געטרײסלט און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז דער אַלטער איז נאָך געװען טױט שטײענדיק אױבן אױף דער רישטאָװאַניע.

— נעם זי אַװעק פֿונדאַנען, — האָט שטײנבערג פּלוצים אָפּגעלאָזט דעם טױטן און זיך אומגעקערט צו דער טאָכטער.

ער האָט אָנגעהױבן רעװען, װי אַ געשטאָכענער אָקס.

— בען! נעם זי צו פֿונדאַנען!

אַלע קריסטן האָבן אַראָפּגענומען די היטלען און זיך אָנגע־הױבן צלמען. בען האָט אַװעקגעפֿירט מילדרעדן. עס איז פּלוצים געװאָרן זײער שטיל, װי מען זאָל זיך גרײטן צו עפּעס אַ ריטואַל. דער אַלטער פֿעלטען האָט אַראָפּגענומען זײַן רעקל און איבערגע־דעקט דעם מת.

— עס איז שטענדיק אַזױ געװען און ס׳װעט תּמיד אַזױ זײַן,

— האָט ער שטיל געזאָגט און נאָכגעקוקט מילדרעדן, — װען אַ מענטש דאַרף געבױרן װערן, שטאַרבט אַ מענטש.

מען האָט דעם מת אַרײַנגעטראָגן צום ברודער, על נאָרים. דרײַ טעג איז ער געלעגן אין אַן אָפּגעדעקטער טרומנע. ער איז גע־װען שענער אָנגעטאָן, װי בײַם לעבן. שטײנבערג האָט אַרײַנגעשיקט

אַ סך בראָנפן און יידישן לעקעך און דאָס צימער איז געווען טונקל באַלויכטן און מיט אַ שווערן ריח פון טריפנדיקע ליכט. מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען און מיט זייערע צעשוויבערטע קעפּ, שווער־שטומע, האָבן זיי אויסגעזען, אין טונקעלן חלל, ווי צעשוווּ־מענע שאָטנס.

## קאַפּיטל צוועלף

עס איז שנעל געקומען פרילינג, אָנהויב זומער. שטיינבערגס האָטעל איז איצט געווען דער גרעסטער ביים סעקעט לעיק און בען האָט אים פאַרדונגען פאַר אַ פּרייז, וואָס ער האָט פריער באַשטימט. די גאַנצע משפּחה האָט זיך צוריק אַריינגעקליבן אין קליינעם שטיבל, אונטערן באַרג, און פאַר דער נייער מוטער מיטן קליינעם קינד האָט בען אַרומגעקלאַפּט די וועראַנדע מיט דין־געוועבטער דראָט, אויסגעלייגט אַ טיפן טעפּיך, און דאָרטן איינגעשטעלט אַ זומערדיק שלאָף־צימער.

דאָס קינד איז כּסדר געשלאָפן. אַ רוי, רויט פּנימל, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, צעאַקערטן שטערן, ווי ביי אַ מאַלפּע, איז דאָס קינד אַלץ געווען פאַרטראָגן אין דער אייגענער וועלט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז עס האָט נאָך אַלץ עסקים מיט יענעם לעבן, פונוואַנען עס איז געקומען. מילדרעד האָט דאָס קינד געהאַלטן אין איין וועקן. מיט פול־אָנגעגאָסענע בּרוסטן, מיט טריפנדיקער מילך, האָט זי געהאַלטן אין איין שטופּן די ניפּלען אין עופּעלעם מיילעכל און מיט צוויי פינגער אַרום ניפּל האָט זי אַרויסגעצויגן פון זיך דאָס חיות און די נשמה.

— צוציק, פּוסיק, הילדאַ, זשילדאַ!

ווען דאָס קינד איז אַלט געוואָרן דריי חדשים, האָט זיך אײַנ־גאַנצן געביטן איר אויסזען. זי איז געוואָרן פעט, מיט געקאַרבטע פּיצלעך פיס און הענט. די האָר זענען געבליבן שוואַרץ, אָבער דער שטערן האָט זיך אויפגעהויבן הויך און ווייס און מיט אַ פּאָר אויגן צווישן שוואַרץ און בלוי, גלאַנציקע, מיט וואַסערדיקע, גרוי־

סע ווייסלען און מיט אַ מיילעכל אַזוי רונד און קליין, מיט צוויי ליפּן, ווי צייטיקע קאַרשן — גיי האַלט זיך איין און פּרעס נישט אויף אַזעלכע צוויי ליפּן.

שטיינבערגן איז מער קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען, ווי נאָר דאָס אייניקל. בערטע האָט פון איר געחלומט, און איז גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן.

— פאַרגעס נישט זויגן דאָס קינד, — האָט מען אַלעמאָל געשריגן.

מילדרעד איז אַרומגעגאַנגען מיט לויזע קליידער, גרייט יעדע מינוט זיך צעשפּיליען און אָפּדעקן. אירע ברוסטן זענען שטענדיק געווען גרייטע. דאָס קליינע, וואַרעמע מיילעכל האָט זשעדנע געצויגן, ביזן בלוט אַריין, ווי אַן אָנגעזויגטע פּיאַווקע.

— נאַ, פּרעס, קליינער חזיר, — האָט מילדרעד געהאַלטן צווישן די פינגער דעם ניפּל און זיך נאָכגעגעבן, זיך געמאָלקן, — פּיגי, פּיגי.

דאָס קינד האָט זיך פאַרכלינעט, נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם, איז פאַרפלייצט געוואָרן מיטן איבערפליסיקן שטראָם מילך.

— מיר פאַר דיר, — האָט שטיינבערג פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן.

— דער באָבען פאַר דיין קעפּעלע, — האָט בערטע געענטפערט.

צו זעקס חדשים האָבן שוין מאַמע און קינד גערעדט. דאָס קינד האָט געפּיסטשעט ווי אַ קליין קעצל, ווי אַ פויגעלע, און מילדרעד האָט געענטפערט מיט ניי־אויסגעטראַכטע קלאַנגען, מיט אַליין־באַשאַפענע ווערטער, וואָס קיינער אַ חוץ קינד האָט נישט פאַרשטאַנען, — פּיגי, מיגי, ציגי. — ווערטער אָן אַ זין, אָן אַ מיין, אָבער ווייכע, וואַרעמע, מאַמעשע, וואָס האָבן דערציילט מעשיות פון אַ בת־מלכה, פון גזלנים, פון בעטלער און דאָס קינד האָט פאַרשטאַנען יעדעס וואָרט.

— בען, בען, — האָט מילדרעד געשריגן, — גיב אַ קוק, דאָס קינד פאַרשטייט, וואָס איך רעד צו איר!

אויף דער גרויסער וועראַנדע שטייט אַ גאַנצן טאָג דאָס וועג־

געלע, ארומגענומען ארום און ארום מיט ווייסן טיול. דאָס קינד, אינגאַנצן אָפּגעדעקט, וויל כאַפּן דאָס רויטע קלאַפּערל, וואָס הענגט איבערן וועגעלע און קאָן עס נישט דערלאַנגען. עס וואַרפט מיט די פיסלעך, צאַפּלט זיך, זשומעט ווי אַ בין און הויבט אָן וויינען.

—וואַרט, מאַמעלע, — שרייט מילדרעד אַרויס פון הויז.

דאָס קינד וויינט העכער.

— מאַמעלע, מוסיקל, איך קום שוין!

אין דעם קומט אָן בען. דאָס פּנים פאַרשוויצט, די הענט אויסגעשמירט אין בלאָטע און איינגעטונקען אין פּעדערן.

— מילדרעד! מילדרעד! — שרייט ער בייז און אויפגערעגט.

— איך קום שוין, איך קום שוין!

— דו דאַרפסט נישט לאָזן אַליין דאָס קינד, — שוייט ער אַריין אין שטוב אַריין, — דאַרפסט נישט אַוועקגיין פון קינד.

— איך בין די מינוט אַריין צושטעלן סאַפּער.

— דאַרפסט ביי מיר נישט קאָכן קיין סאַפּערס, — בייזערט ער זיך, — אויב די מאַמע האָט קיין כּוח נישט, קאָן איך צונעמען אַ דינסט.

— אַ קינד מעג אַמאָל אַ וויין טאָן, — קומט זי ענדלעך אַרויס.

— אַ קינד דאַרף קיינמאָל נישט וויינען, — רעדט ער, ווי אַ באַלעבאָס, אַ שטרענגער, אַ זיכערער, אַ באַפעלנדיקער, וואָס האָט מיטאַמאָל אָפּ אַלע אַרגומענטן און מען קאָן אים שוין מער נישט ענטפערן.

ער האָט אַזוי, איינמאָל אין אַן אָוונט, אָפּגעהאַקט דעם שמועס, ווען מען האָט גערעדט פון אַרטורס אַוועקפאָרן.

— איר זעט דאָך, שווער, — האָט ער קורץ געזאָגט, — אַז איר קאָנט ביי דעם בחור גאָרנישט אויספירן. זאָל ער פאָרן קיין אינדיאַנאַ.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך אַרטור אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס און געוואַרט אויפן טאָג, ווען ער וועט אַוועקפאָרן. קיינער האָט אים מער גאָרנישט געזאָגט. די מאַמע האָט אין דער שטיל אָפּגעשפּאַרט, וואָס זי האָט געקאָנט, און אַלץ אַריינגעפּאַקט אין טראָנק נייע זאַכן:

סוועטערס, ניקערס, זאָקן, העמדער און נאָזטיכלעך. די שוועסטער סיליע האָט צוגעגייט צו אַלע סוועטערס, אויף דער סאַמע מיטן פּליִיצע, אַ גרויסן בוכשטאַב I. סיליע האָט אים פאַרן אייגן געלט געקויפט אַ פּאָר שיך מיט טשוועקעס אין די זוילן, אַ פּיצל מיצעלע און מיט וואַטע אויסגעבעטע הויזן, וואָס מען באַנוצט אין אַ פוט־באַל־שפּיל.

— דאָס איז מיין מתּנה, אַרטור, — האָט זי געזאָגט.

— איך ווייס, אַז דו ביסט די איינציקע אין הויז, וואָס פאַר־שטייסט מיך, — האָט זי אַרטור געכאַפּט קושן.

# קאַפּיטל איינס

אין דריי יאָר אַרום, דעם דריטן יולי, איז אַרטור אַהיימגעקומען אויף וואַקאַציע. פאָרנדיק מיט דער באַן, אויף דער הויפּטליניע ביז קינגסטאָן, ווו ער האָט באַדאַרפט בייטן פאַר דיקינסוויל, איז ער געווען פריילעך־אויפגעלייגט. אַ יונגער סטודענט, מיט אַ פאַרנעם פון גרויס־שטאָטישער צעלאָזנקייט, האָט ער זיך בדרייט צעלייגט איבערן וואַגאָן, פריי געשטרעקט די פיס איבערן קעגנאַיבערדיקן זיץ, פסדר געריוכערט אַ מערשוים־ליולקע און נאָכלעסיק, באַלעבאַטיש־רייך, ווי בלויז צוליב לאַנגווייליקייט, אַלע מאָל אַ בלעטער געטאָן אַ זשורנאַל.

אַלץ האָט אין דעם יונגן בחור געשפּרודלט. איבער זיינע אַטלעטישע פּלייצעס האָבן זיך ווייך געקנייטשט די גוט־גענייטע קליידער פון ענגלישן שניט. דאָס פּנים סטודענטיש, מיט אַ מינע פון שטאַרקן גלויבן אין זיך, מיט אַ גוט־אויסגעכאָוועטער טשאַרליטשאַפּלין־וואָנסע, האָט געלויכטן אין גבירישער לויטערקייט און ווי אָנגעזאָגט, אַז דאָ זיצט אַ יונג, וואָס איז שוין מער נישט קיין פרעשמען, אַז ערגעץ אין די בערג ווערט אַמאָל בלייבן פאַר אים אַ גרויסע ירושה און אַז ער מעג שוין איצט, אויף דעם חשבון, זיך לאָזן ווילגיין.

אינדרויסן, פאַרן פענסטער, האָט זיך אַלעמאָל געביטן די פּאַנאָראַמע. אַרום באָפאַלאָ, באַטעוויע, ראָטשעסטער און סיראַקיוז, איז דער געגנט געווען רייך קולטיווירט, מיט גוט אויסגעלייגטע פאַרמס, סעדער און ווייגערטנער. עס האָבן פאַרבייגעשוועבט אָן

אַ שיעור קאַרטאָפֿל־פֿעלדער, קרויט, רעטשקע, האָבער, ווייץ און הויכער, צייטיקער ווינטער־קאָרן. אַלע הייזער זענען געווען באַלע־באַטיש ריין, פֿאַרמעגלעך גרויס, מיט רויטע סיילאָס, שייערן און שטאַלן. נאָר באַלד איז דער צוג אַריבער אַלבאַני און אַלץ איז מיט־אַמאָל שמעלער געוואָרן. דאָס ברייטע, פֿלאַכע לאַנד איז ווי איינגע־שרומפּן. פֿון ווייטן האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן, ווי איינגעהילט אין שלייערן, פֿאַרנעפּלטע בערג און לעבן שטעטל קעטסקיל איז שוין מער נישט געבליבן, ווי אַ שמאָלער פּאַס איינגעשלאָסן צווישן צוויי בערג.

עס איז איצט געווען פּונקט די זעלביקע נסיעה, ווי זיין טאַטנס, צוריק מיט דרייסיק יאָר. זיין האַרץ האָט פּונקט אַזוי גע־פּלאַטערט. ער האָט אומגעדולדיק געהיט די נעמען פֿון שטעטלעך און שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין דער היים. אין קאָפּ האָבן זיך געמישט אַלערליי געדאַנקען. דער צוג איז געלאָפֿן פּאַזע טייך. דער האָדסאָן האָט זיך מאַיעסטעטיש, גדלותדיק געשפּילט מיט די ראַנדן פֿון די הויכע, גרינע בערג און אַלעמאָל פֿאַרגאָסן ברעגן, וואָס זענען צו נאָענט צוגעקומען צו זיין מלוכה. אויפֿן צווייטן זייט טייך, אין רוקן פֿון אַ באַרג, איז געשטאַנען אַ זאַמד־מיל, אַ שטיין־האַקעריי, מיט הויכע רישטאָוואַניעס, און באַלד איז דער צוג אַריין אין בויך פֿון אַ באַרג און עס האָט זיך זייער בולט געהערט אַ פֿאַר־טערם שטימע: — קאַליפֿאָרניע עפּעלס, קאַליפֿאָרניע פּערס! — פּונקט ווי דעמאָלט, ווען זיין טאַטע, אין זיינע יאָרן, איז צום ערשטן מאָל אַרויפֿגעפֿאָרן אין די קעטסקילס זוכן אַ פֿאַרם.

אַרטור איז געזעסן אַ פֿאַרגאַפֿטער ביים פֿענסטער און נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פֿון דער דרויסנדיקער שיינקייט. אַ גרוי־סע, ווייסע שיף איז געפֿאָרן אַרויף־טייך. אַ בחור אין אַ קליין שיפֿל האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די אויפֿגערודערטע וואַסערן, וואָס די גרויסע שיף האָט איבערגעלאָזן, און זיך געוויגט, ווי אויף אַ הוידלקע. קינדער האָבן זיך געבאָדן ביי אַ ברעג. מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן די וווּנדערלעכע געגנט פֿון אַרום קינגסטאָן.

אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ גרויסער גערודער. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צונויפֿקלייבן זייער באַגאַזש. הויכע מענער, מיט שמאָ־

לע, בערגיקע פנימער, מיט דינע, געוויקלטע פיס, האָבן זיך אָנגע־הויבן שלייכן צו דער טיר. קינגסטאָן איז דער טויער צו די בערג. פון דאַנען שניידן זיך אוועק וועגן קיין עלענוויל, מידעלטאַון און דיקינסוויל, און פון דאַנען זעט מען שוין גאַנץ קלאָר די נאָענטע בערג.

ארטור איז אריבער אויף א צווייטער פּלאַטפאָרמע, אויף דער ליניע, פון וואַנען עס גייט אָפּ א צוג קיין דיקינסוויל און עס איז אים מיטאמאָל געוואָרן זייער שווער דאָס הארץ. צוויי וואַגאָנען, איינער פּאַר פראַכט און איינער פּאַר פּאַסאַזשירן, זענען געווען צו־געטשעפּעט צו א קליינעם, אַלטמאָדישן לאָקאָמאָטיוו. דער לאָקאָ־מאָטיוו איז געשטאַנען שטיל, אָן רויך, אָן פּארע, פארשלאָפן, און דער גלאָק האָט נישט געקלונגען. פונקט אזוי שטיל און פארשלאָפן זענען געשטאַנען דערביי דער קאָנדוקטאָר און מאַשיניסט. דער קאָנדוקטאָר האָט נאָך געטראָגן ציווילע קליידער און ער האָט בנעימותדיק געזופּט קאווע פון א קליין בלעכל.

— האַלאָ, מר. האינס, — האָט ארטור זיך דערפרייט מיט א היימישן פּנים, זיך דערמאָנט אין אַלטן קאָנדוקטאָר, מיט וועמען ער פּלעגט אָפט פאָרן פון דיקינסוויל קיין האקסבורג.

— עפּעס א באַקאַנט פּנים, — האָט דער אַלטער נישט אויפ־געהערט זופּן די קאווע.

— דערקענסט מיך נישט? דאָס בין איך, ארטור! ארטור סטיינבורג!

— אָ, יאָ, איצט דערמאָן איך זיך. ווי דו האָסט זיך געביטן.

— ווי קומט עס, וואָס ס'איז דאָ אזוי שטיל? איצט, פאַרן פערטן דזשולאי?

— מיר וואַרטן אויף דער שיף, — האָט דער אַלטער געזאָגט, — די שיף האָט זיך פארשפּעטיקט.

מיטאמאָל איז אויפן וואָקזאַל געוואָרן א גרויסער טומל. פון דער אָנקומענדיקער שיף, און פון ניו־יאָרקער צוג, זענען אָנגעקו־מען א סך יידישע פרויען, אַלטע און יונגע, און איבער דער שטי־לער פּלאַטפאָרמע איז געוואָרן א גרויס גערדרענג. מען האָט אָנגע־הויבן שרייען הויך אויפן קול. מען האָט געשלעפּט וואַליזעס און

קערב פון איין טרעק צו דער אנדערער. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנ־
געהויבן פריילעך פייפן. צו די צוויי איינגעשלאָפענע וואַגאָנעס האָט
מען צוגעטשעפּעט נאָך צוויי. דער אַלטער קאָנדוקטאָר איז פּלוצים
אויסגעוואַקסן אין אַן אוניפאָרם, מיט מעשענע קנעפּ און מיט
בענדלעך אויפן אַרבל. און ער האָט מיטאַמאָל גענומען קאָמאַנדע־
ווען מיט די יידישע פּאַסאַזשירן, ווי מיט סאָלדאַטן:

— מאָנטעגנדעיל, — האָט ער געשריגן, — סענטערוויל,
הוירלוויל, פּוירנדעיל, דיקינסוויל, — נעם בעסער און פאַרכאַפּ
אַ פּלאַץ, — האָט ער זיך אומגעקערט צו אַרטורן. — עס איז נישט
אַמאָליקע יאָרן.

אַרטור איז אַריין אין וואַגאָן. דער צוג האָט זיך גערירט פון
אָרט. באַלד זענען אַנטקעגנגעקומען באַקאַנטע בילדער, היימישע
פּלעצער, וואָס זענען שוין געווען פאַרשוווּנדן פון זיין זכּרון. —
אַ סטעיט־סאַניטאַריום פאַר קראַנקע אַרעסטאַנטן; אַ קאַטוילישער
מאָנאַסטיר; אַ גרויסער יידישער האָטעל; ווידער אַ האָטעל. עס האָט
אים אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. די בערג האָבן זיך געהויבן איי־
נער אויפן אַנדערן אַלץ העכער און העכער. עס האָט אַריינגעקלאַפּט
אין פענסטער דער ביווערקיל ברוק; עס האָט זיך באַוויזן דער
וואָודסבאָראָ־טאָל, געשלענגלטע וועגן, פינסטערע וועלדער, און
באַלד — דיקינסוויל, די האַי־סקול, דאָס שטעטלשע שפּיל־פּלאַץ און
ער האָט זיך אַזש אויפגעהויבן פון זיץ.

— צי געדענקט אים נאָך מיסטער ליאָ וואַן לאָן, — האָט ער
געפּלאָטערט, — און מיסטער האַרדי, דער לערער?

דאָס, אין וואָס ער האָט שוין כּמעט געהאַט פאַרגעסן, איז
איצט שאַרף אַרויסגעטרעטן פאַר די אויגן און געריסן ביים האַרצן.

— און מילטאָן פרידמאַן? און רעד וויליאַמס? ביג איוועגס?
טאָני לוצאַראָ?

ווען אַרטור איז צום סוף אַרויס פון צוג, האָט ער נישט דער־
קענט דעם וואָקזאַל. דאָס אַלטע, הילצערנע שטיבל, איז איצט גע־
ווען אַ ליכטיק ברוינע סטאַקאָ. די פּלאַטפאָרמע צוויי מאָל אַזוי
לאַנג, מיט אָפּגעצוימטע פּלעצער פאַר אויטאָמאָבילן און באָסעס,
וואָס זענען געשטאַנען מיט שילדן, אָנזאָגנדיק די האָטעלס, צו וועל־

בע זיי באַלאַנגען. יונגע בחורים אין אוניפאָרמס, מיט קאַסטאָרענע היטלען, זענען פאַרשמייעטע אַרומגעלאָפן אַהין און אַהער און פאַר־הילכט די לופט: — דעיזי־וויו, מאַונטען בריז, האָטעל לאָרעין, די וועננוס. — אָן אַ שיעור נייע נעמען זענען געפלויגן פון אַלע זייטן. אַ געדרענג פון מענטשן, קולות, בחורים, ווייבער און קינדער האָבן זיך געקנוילט אין דער לופט. עס האָבן געשווינדלט פאַר די אויגן פיס, ניקערס, קאָלירנדיקע קליידער און היטעלעך.

— האוז אָוו דזשאָי! — האָט עמיצער אויסגעשריגן.

אַרטור האָט זיך אומגעקערט.

— האוז אָוו דזשאָי! — האָט אַ נעגער אין אַן אוניפאָרם נאָכאַמאָל אויסגערופן — קען אי העלפּ יו, סער?

אויפן מאָמענט האָט ער נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך געריכט, אַז עמעצער פון דער היים וועט אים קומען באַ־געגענען. אָבער איידער ער האָט זיך נאָך אַרומגעקוקט, האָט דער נעגער געשלעפּט זיינע זאַכן אין אַ גרויסן נייעם באָס.

— האָוז אָוו דזשאָי! — איז דער שוואַרצער צוריק אַוועק צו דער פּלאַטפאָרמע.

אַלעמאָל האָט דער נעגער צוגעבראַכט נייע מענטשן. מייד־לעך, בחורים, יונגע, שיינע, מיט צעפלאַמטע פּנימער און גיריק אַרויסגעשפּאַרטע אויגן. יונגוואַרג האָט גלייך געשלאָסן באַקאַנט־שאַפט.

אַרטור איז געשטאַנען אַ שטילער ביי דער זייט, אויסגעמיטן דעם טומל.

— פאַרוואָס האָט אים קיינער נישט באַגעגנט? — האָט זיין האַרץ געקלאַפּט. — האָט עפּעס געטראָפן אין דער היים? האָט מען נישט באַקומען זיין טעלעגראַמע?

— ווי לאַנג אַרבעטסטו אין האָטעל? — האָט ער געפרעגט דעם נעגער.

— עי מאָנטה, סיר.

— קענסטו די מענטשן פון קליינעם שטיבל?

— נאָו, סיר.

— איז עמעצער פון דאָרטן אין שטעטל?

— איך ווייס נישט, סיר.

מיטאמאָל האָט זיך צו אים אַ לאָז געטאָן אַ יונג מיידל, אין אַ גוט־געפּאַסטן קאָרדערוי, מיט אַ בלויער טאַמאַשענטע אויפן קאָפּ.

— אַרטור!

— סיליע? — האָט ער נישט זיכער געפרעגט.

— דו דערקענסט מיך נישט? — האָט זי איהם געכאַפּט קושן.

— איך וואָלט דיך קיינמאָל נישט דערקענט, דו האָסט זיך אַזוי געביטן. ווער נאָך איז דאָ?

— קיינער נישט, — האָט זי אים ווייטער געקושט, — טייערער, ליבער, ביסט אַזוי אויסגעוואַקסן.

— פאַרוואָס איז נישט געקומען די מאַמע? וואָס מאַכט דער טאַטע?

ער האָט זי פאַרשאָטן מיט פראַגן, נישט געלאָזט ענטפערן, געהאַלטן אין איין רעדן.

— ווי גרויס דו ביסט, ווי דו האָסט זיך געביטן. ווען ביסטו אויסגעוואַקסן?

זיי האָבן זיך ווידער געכאַפּט קושן.

— פאַרוואָס איז קיינער נישט געקומען? וואָס מאַכט די בעיבי?

— די בעיבי איז שוין אַ גרויס מיידעלע. מילדרעד האָט שוין נאָך אַ קינד.

זי האָט צוגערופן דעם פּאָליאַק, אים איבערגעגעבן די וואַליזעס.

— דאָס איז דאָך אַרטור, — האָט זי געשריגן, — דו דערקענסט אים נישט?

אַלעקס האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס קעפּקעלע, אַריינגעשטופּט אַרטורן אַ פּאַרמאַזאָליעטע, שאָרסקע האַנט.

— נאָך ווי אַזוי דערקענט, — איך וואָלט דעם פּאַניטש צווישן טויזנט דערקענט, — עס איז דאָך מיין האָדעוואַניע.

אלעקס האָט איבערטראָגן די זאַכן פון באָס אין אויטאָמאָביל אריין. די קאַר איז געווען אַ גרויסע, נייע, און אָפּגעפאַרבט אין אַ גלאַנציקן אַליוון־גרין.

— ווען האָט איר געקויפט דעם פּעקאַרד? — האָט אַרטור ארויסגעשפּאַרט די אויגן.

— אָנהויב פּרילינג.

— אָ, דזשי. דער טאַטע איז געוואָרן אַ ספּאָרט.

— נישט דער טאַטע. בען האָט אים געקויפט.

— וואָס נאָך איז צוגעקומען אין הויז?

— וואָס קאָן צוקומען אויף אַ פאַרם? קי, קעלבער, הינער...

אריינזעצנדיק זיך אין אויטאָמאָביל, האָט אַרטור איבערגע־נומען דאָס רעדל. די נייע קאַר האָט אַ שטילן זשומע געטאָן און אונטער זיינע הענט זיך אוועקגעקאַטשעט, ווי זי וואָלט זיך אויפ־געהויבן אויף פליגל.

— האָסט נישט פאַרגעסן ווי צו טרייבן, — האָט סיליע גע־גלאַנצט מיטן גאַנצן פּנים פרייד.

— איך האָב דאָרטן געטריבן פּונקט אַזאַ קאַר.

— ווו האָסטו גענומען אַן אויטאָמאָביל?

— מיינער אַ פריינט האָט אַ פּעקאַרד.

— אַ פריינט? אַ מיידל? אַ בחור?

— אַ מיידל.

— ביסט אַ חתן? — האָט זי אויף אים אָנגעשטעלט די אויגן.

— איך וויים נישט, וואָס דאָס הייסט, — האָט ער קוים אַ שמייכל געטאָן.

— דערצייל מיר, — האָט זי זיך נענטער צו אים צוגערוקט.

— מירן נאָך צייט האָבן דערפון צו רעדן.

ער האָט אָפּגעהאַקט דעם שמועס, וורייל אין ווינציקער ווי צען מינוט האָט ער דורכגעריסן די ניין מייל פון דיקינסוויל ביז דעם פאַרם און זיך געגעבן ראַפּטאַם אַ שטעל אָפּ אויפן הויף.

## קאפיטל צוויי

אויף דער וועראַנדע פון קליינעם שטיבל האָט שוין אויף אים געוואַרט די מאַמע, די קליינע הילדאַ, און מילדרעד מיט אַ קינד אויף די הענט. אַרטור איז פלינק אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָמאָ־ביל, איז אַריינגעפאַלן אין דער מוטערס אָרעמס, האָט זיך אַרומגע־כאַפּט מיט מילדרעדן און זיינע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן.

די מאַמע האָט זיך דורך די דריי יאָר שטאַרק געביטן. זי איז געווען איינגאַנצן גרוי, מיט קליינע קישעלעך אונטער די אויגן און אַ סך דיקער, ווי בשעת ער האָט זי איבערגעלאָזט. עס האָט זיך אויך זייער געביטן מילדרעד. אַ צעוואַקסענע, מיט ברייטע היפטן, מיט פאַרהאָרעוועטע הענט, פאַרברענט פּנים, האָט זי אויסגעזען אַן אמתע פאַרמערקע.

— וווּ איז דער טאַטע? — איז ער נאָכאַמאָל אַריינגעפאַלן אין דער מאַמעס אָרעמס. — וווּ איז בען?

— דער טאַטע וועט באַלד קומען, — האָט אים בערטע גע־קושט, געהאַלזט, געוויינט און אַריינגעפירט אין הויז אַריין, — ווי דו ביסט אויסגעוואַקסן. קיין בייז אויג זאָל דיר נישט שאַטן.

אַרטור האָט געכאַפּט אויף די הענט די קליינע הילדאַ און באַ־טראַכט דאָס צווייטע פּיצל קינד אין מילדרעדס הענט.

— דאָס איז אָנקל אַרטור, — האָט מילדרעד גערעדט צום דריי־חדשימדיקן קינד, — פּייגעלע, גיב אַ קוק אויפן אָנקל.

דאָס קליינע הויז איז אויך געווען אַנדערש, ווי בשעת ער איז פון דאַנען אַוועקגעפאָרן. אַלץ, האָט זיך אים געדוכט, איז זייער נידעריק.

— ווי אַלץ האָט זיך דאָ געביטן, — איז ער געלאָפן פון איין ווינקל צום אַנדערן, און אַרויסגעקוקט דורך אַ פענסטער אינ־דרויסן אַרויס, — עס זענען, דוכט זיך, צוגעקומען נייע טשיקן קופּס?

— עס זענען צוגעקומען טשיקען קופּס און הינער, — האָט די מוטער מיט אָנגעגאָסענע אויגן, מיט אַ פול מויל פרייד שטיל

געזאָגט, — עס זענען צוגעקומען קי. בען גיט שוין אכטונג, אַז אַלץ זאָל צוקומען.

— ווו איז בען?

נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט רעדן, איז אָנגעקומען שטיינבערג און בען.

— טאַטע! — איז ער אויף אים אַרויפגעפאַלן, — בען!

ווי פון אַ שפּרודלדיקן וואַסער האָט זיך געגאָסן איין פראַגע נאָך דער צווייטער.

— נעם, וואַש זיך אַרום און קום עסן.

סיליע האָט אַריינגעפירט אַרטורן אין זיין צימער.

— דאָ וועסטו שלאָפן. איך בין אַזוי גליקלעך מיט דיין אַהיימקומען. איך האָב אַזויפיל מיט דיר צו רעדן.

אַרטור האָט אָנגעהויבן אויספּאַקן דעם וואַליז. אין איין מינוט, און דאָס צימער איז פול געוואָרן מיט אַ ריח פון אַ יונגן סטודענט, — אַ ריח פון שמעקעדיקן טאַבאַק, פרישן לעדער, זייף און פּודער און אַלערליי וואַסערלעך נאָכן ראַזירן זיך. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ראָק, דאָס אויבערהעמד און איז געבליבן שטיין אין טיף־אויסגעשניטענע אונטערוועש, פון וועלכן עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ קלאָרע, הויכע ברוסט, שטאַרק מוסקולירטע אָרעמס, ווי עמעצער וואָלט אונטערגעלייגט אונטער דער הויט קליינע שטיינדלעך.

— איז וואָס מאַכסטו, שוועסטער? — האָט ער געפרעגט. — ווי אַזוי לעבט זיך דיר?

— אָט אַזוי, — איז סיליע פּלוצים אומעטיק געוואָרן, — דו ווייסט דאָך, ווי עס לעבט זיך אויף אַ פאַרם.

— וואָס דענקסטו צו טאָן?

— נאָכן זומער פאָר איך קיין ניו־יאָרק.

— קיין ניו־יאָרק? וואָס וועסטו דאָרטן טאָן? גיין אין אַ קאַלעדזש?

— ניין, איך וויל ווערן אַן אַקטריסע.

— אַן אַקטריסע, — האָט ער אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער,

— וואָס ווייסטו פון טעאַטער?

ער איז געשטאַנען מיט אַ פול אָנגעזייפט פּנים, די האָר נאַס צעשויבערט און זי אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר ארויסגעשפּארטע, גרויסע אויגן.

— פונוואַנען ווייסטו, אַז דו האָסט טאַלאַנט?

— איך האָב אַ סך מאָל געשפּילט טעאַטער, — האָט זי אַ באַגייסטערטע אָנגעהויבן גיך רעדן, — אין האַי־סקול האָב איך שטענדיק די גרעסטע ראָלן. איך האָב מיך פאַרהערט אין אַ ניו־יאָרקער סטודיע און מען האָט מיך צוגענומען.

— שוין צוגענומען? — איז ער נאָך מער צעטומלט געוואָרן. — דער טאַטע ווייסט דערפון?

— קיינער ווייסט נישט. איך וויל קיינעם נישט דערציילן. דו זאָלסט קיינעם גאָרנישט זאָגן.

ער האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט.

— דו וועסט דאָך מוזן אָנקומען צום טאַטן!

— איך וועל אים זאָגן, אַז איך גיי אין אַ קאָלעדזש.

— מען טאָר עס נישט טאָן, — האָט ער געבעטן דעם טאָן, — מען טאָר אַזוי נישט ווי טאָן דעם טאַטן. מיין נישט, אַז דאָס לעבן אין שטאָט איז אַזוי גרינג.

— איך זוך נישט קיין גרינג לעבן, — איז זי אויפגעשפּרונגען, — איך וויל שווער ארבעטן. מיך אַרט נישט, אויב איך וועל זיך דאַרפן פּלאָגן.

— דו האָסט נישט קיין באַגריף, וואָס עס מיינט אַ פרעמדע שטאָט.

— וואָס קאָן עס מיינען? — האָט זי געהעכערט איר קול אַלץ איינגעשפּאַרטער, עקשנותדיקער. — וואָס קאָן דאָרט זיין?

אַרטור איז געשטאַנען מיט דעם האַנטוך אין די הענט און פון איר נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן. זי איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע, ווי די איבעריקע קינדער. גאָרנישט געראָטן אין טאַטן צי אין דער מאַמען. אַ הויכע, דינע ברונעטע. אירע האָר זענען געווען אויסגעלייגט מיט אַ פאַרשייטן טשופּ, וואָס האָט זי געמאַכט אויסזען נאָך העכער, ווי זי איז געווען. זי האָט געהאַט

שטאַרקע קינבאַקן און אַ קליין מויל, וואָס איז געווען פֿול מיט ווייבערשן חן.

— וואָס קאָן דאָרטן זיין, — האָט זי שנעל, אויפגערעגט, איינגעשפּאַרט, נאָכאַמאָל געזאָגט, — וואָס האָב איך מורא צו האָבן פֿאַר דער גרויסער שטאָט? פּאַרקערט, די שטאָט האָט אַלע מעגלעכקייטן.

אַרטור האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. ער האָט זי אָנגענומען פֿאַר די לאַנגע, ווייסע הענט און איר געקוקט אין די אויגן.

— ס'איז אַ רחמנות אויפֿן טאַטן, — האָט ער געזאָגט.

— מיר קאָנען דאָך אייביק נישט לעבן צוליב עלטערן, — האָט זי געענטפֿערט.

אין צימער איז אַריינגעקומען די מאַמע.

— כ'האָב געמיינט, ביסט הונגעריק, — האָט זי אַ צע־שטראַלטע נאָכאַמאָל אַרומגעכאַפּט דעם זון, — ווילסט גאָרנישט גיין עסן?

אַלע דריי זענען אַריין אין קליינעם עס־צימער. דער טיש איז שוין געווען יום־טובדיק געגרייט. אויבנאָן, ריכטנדיק זיך אויף גוטע זאַכן, איז געזעסן איינע אַליין די קליינע הילדאַ. אַרטור האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און צום ערשטן מאָל האָט ער דערזען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון איר טאַטן. אים האָט זיך אַפֿילו געדוכט, אַז ער זעט אין קינד דאָס, וואָס ס'איז אים שטענדיק שווער געווען צו כאַפּן אין בענען.

— הילדאַ, — איז ער צו איר צוגעלאָפֿן, — ווייסט, ווער איך בין?

— אָנקל אַרטור, — האָט דאָס קינד שאַרף אַרויסגערעדט.

נאָכן עסן זענען אַרטור און סיליע אַרויס אויפֿן הויף. עס האָט זיך געזעצט די זון. אַלעקס האָט דורכגעטריבן די טשערעדע. עס איז געווען אַ גרויסע טשערעדע מיט שיינע, פֿעטע, געזונטע קי, און דער פּאָליאַק האָט כּסדר געקנאַקט מיט דער בייטש.

— לאָמיר זיך אַביסל דורכגיין, — האָט אַרטור געזאָגט. — ווי זעט איצט אויס דער שטאַל, דאָס גרויסע הויז?

לעבן דעם גרויסן הויז איז געווען אַ מוראַדיקער טומל. דער יום־טוב, דער פערטער יולי, האָט אַהין אַרויסגעבראַכט אַן אַ שיעור מענטשן. דער סאָד איז געווען באַהאַנגען מיט העמאַקס. וויג־שטולן זענען געווען צעשטעלט איבער אַלע לאַנען. די גרויסע ווערענדע איז געווען געפּאַקט מיט אַ יום־טובדיקן עולם, און פון אומעטום האָט געשאַלט יובל, געלעכטער, געזאַנג און גראָב־פּרעכע רייד.

— פאַרוואָס דערלויבט דער טאַטע העמאַקס אין סאָד? — האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט. — זע, ווי אויסגעטראָטן עס איז דער לאַן.

— אַלע יאָר האָבן מיר די זעלבע צרות, — האָט סיליע געענטפערט.

— איך וואָלט דאָס נישט דערלויבט.

נאָך דריי יאָר לעבן אין אַ קאַלעדזש, אין אַ סביבה פון מאַניר־לעכער אָנגעצויגנקייט, צווישן וועסטערנער און יענקים, צווישן יונגע מענטשן, וואָס גייען שטענדיק אַרום מיט פאַרריסענע קעפּ, איבערשאַצן יעדעס פּיצעלע, איז אים איצט געווען דערווידער דער גאַנצער שרייענדיקער טומל.

— איך וואָלט עס נישט דערלויבט, — האָט ער ווידעראַמאָל געזאָגט, — לאָמיר אַוועקגיין פון דאַנען.

זיי זענען אַרויף אויפן וועג, אַריבער דעם בריק און אַוועק אַרויף־באַרג, וואָס האָט געפירט צו באָרדענס קרימעריי.

— דוכט זיך, דער זעלבער וועג, די זעלבע בריק, און דאָך איז אַלץ אַזוי אַנדערש, — האָט ער שטיל געזאָגט.

— וואָס מיינסטו אַנדערש? — האָט סיליע געפרעגט.

— איך ווייס נישט. עפּעס איז אַלץ אַזוי קליין געוואָרן, איינגעשרומפּן. אַפילו דאָס צימער מיינס איז קלענער געוואָרן.

— עס געפעלט דיר נישט דיין צימער?

— ניין, נישט דאָס. מיך אַרט נישט, צי ס'איז קליין אָדער גרויס. איך מיין בלויז די דיסאילוזיע. איך בין געווען אונטערן איינדרוק, אַז אַלץ איז דאָ ברייט, רייך, גרויס. זייענדיק אין קאַ־

לעדזש, האָב איך שטענדיק געחלומט פון פאַרם, וועלכער איז אין מיינע אויגן שטענדיק געווען דער שענסטער.

עס איז זיי אַנטקעגנגעקומען על נאָרים.

— דו קוקסט מיר אויס, ווי אַרטור, — האָט על נאָרים, אַן עלטערער, אַפּגעלאָזענער, פאַרוואַקסענער, געזאָגט.

— אוודאי בין איך אַרטור, — האָט אַרטור זיך דערפרייט מיטן שכן און צו אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט. — האָסט זיך אַ סך געעלטערט, שכן. וואָס מאַכט אַלעקסאַנדער נאָרים דזשוניאָר?

— על איז אַוועק אין פּאָרט דזשווירוויס, אַרבעט אין אַ מאַשין־שאָפּ.

— און וואָס מאַכן די איבעריקע באָיעס?

על נאָרים האָט אויסגערעכנט אַ לאַנגן צעטל. אַן אַלטינקער, אַן צאָין, די האָר ווייס, ווי ביי אַ טויב, האָט ער איצט דערמאָנט אַן פּאַפּ נאָריסן.

— דזשאָרדזש פּעלטען, טאָני לוצאַרא, רעד וויליאַמס, דעניעל האָלמסטעד, אַלע זענען אַוועק אין שטאָט אַריין. מ׳זאָגט, אַז ביג איוועגס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי. קיינער וויל דאָ מער נישט זיצן.

— איז קיינער דאָ נישט געבליבן?

— קיינער, מיין זון. די יונגוואַרג וויל נישט בלייבן אויפן פאַרם.

ער האָט אָנגעהויבן ביטער לאַכן, געקלאַפּט מיטן נאַקעטן מויל.

— דו מוזט שוין באַלד זיין אַ דאָקטאָר!

— דערווייל נאָך נישט.

— ס׳האָט זיך ביי מיר גענומען זעצן אַ וואַנט, — האָט על נאָרים געזאָגט, — די, וואָס איבערן קעלער. דענקסט, אַז אונטערגעשפּאַרטע באַלקשאַסעס איבער אַ קעלער וועלן האַלטן?

— בויען הייזער לערן איך נישט, — האָט אַרטור געשמייכלט.

צעגייענדיק זיך מיט על נאָריסן, האָט ארטור געזאָגט צו סיליען:

— מאָדנע מענטשן די פּאַרמער. איך וואָלט דאָ איצט, צווישן זיי, משוגע געוואָרן.

— און מיר, מיינסטו, איז בעסער?—האָט זי געענטפערט.— צייטנווייז מיין איך נאָר, אַז איך ריר זיך פון זינען. איך בין דיך אַזוי מקנא.

זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם, זיך געטוליעט אין אים.

— פאַרוואָס דערציילסטו מיר גאָרנישט? ווער איז דיין פריינט? האָסט שוין אַ כלה?

ארטור האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— דערצייל מיר, — האָט זי זיך נאָך מער אין אים איינגע־גראָבן, — פאַרוואָס שווייגסטו? ביסט אַ חתן?

— יאָ, — האָט ער שטיל געזאָגט.

— טאַקע, — האָט זי אים אָפּגעלאָזט, אָפּגעשפּרונגען, די גרויע אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן, ווי צוויי שפּיגעלעך, און זי איז פול מיט פרייד אויף אים צוריק אַרויפגעפאַלן, — ארטור! טייערער, פאַרוואָס האָסטו נישט געשריבן וועגן דעם? ווען ביסטו אַ חתן געוואָרן? ווער איז דאָס מיידל? אַ שיינע? אַ געבילדעטע? אַ רייכע?

— זי גייט צוזאַמען מיט מיר אין קאָלעדזש.

— טאַקע! — איז זי אַלץ צעפלאַמטער געוואָרן. — פאַרוואָס זאָגסטו גאָרנישט? ווען איז עס געשען? פאַרוואָס דערציילסטו נישט דעם טאַטן, דער מאַמען?

— דעם טאַטן מיט דער מאַמען קאָן איך גאָרנישט דער־ציילן, — האָט ער שטיל געענטפערט.

— פאַרוואָס? איז זי אַ שיינע? קומט זי אַרויס פון אַ פיינער משפּחה?

— זי איז זייער שיין. איר פאָטער איז זייער אַ רייכער. איר פאָטער איז אַ וויים־פּרעזידענט אין אַ גרויסער אינשורענס־קאָמפּאַניע.

— אַרטור, טייערער! פאַרוואָס ווילסטו נישט דערציילן? עס איז נאָך נישט אָפּיציעל?

— זי איז נישט קיין יידישע, — האָט ער גאָר שטיל געענטפערט.

— נישט קיין יידישע? — איז סיליע געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, — אַ קריסטלעכע?

— יאָ, אַ קריסטלעכע.

עס האָט זיך איר אָפּגעריסן דאָס האַרץ. זי איז געוואָרן גרין און געל. די גאַנצע ווילקענעוודיקע, די צעלאָזענע, ווידערשפּעניקע, איז געבליבן שטיין מיט ציטערדיקע הענט און פּיס.

— דער טאַטע וועט עס נישט אַריבערטראָגן, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— דערפאַר האָב איך גאָרנישט געשריבן, — האָט ער געענטפערט, — זאָלסט קיינעם גאָרנישט זאָגן.

אַ פּאָר מינוט איז זי געשטאַנען אַ פאַרטשמעליעטע, ווי אימיצער וואָלט איר מיט אַ שווערער זאַך דערלאַנגט איבערן קאָפּ. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג און ביידע האָבן זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. איר פּנים האָט זיך אַלץ געמיניעט. דער שטאַרקער קינבאַקן האָט זיך פאַרקרימט, געבראָכן, ווי צום וויינען.

— און זי איז נאָך אַ קאַטוילישע, — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום פאַרטגעזעצט, — זי וויל, איך זאָל מיט איר חתונה האָבן אין אַ קלויסטער.

סיליע האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

— דו וועסט זיך דאַרפן שמדן?

איר אויסזען האָט זיך אין איין מינוט איבערגעביטן. איר הויכער, דינער קערפּער האָט זיך ווי איינגעקאָרטשעט. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי איז געוואָרן קלענער.

— דער טאַטע וועט עס נישט אַריבערטראָגן, — האָט זי אָנגעהויבן יאָמערן.

## קאפיטל דריי

נאָך דער ערשטער וואָך זיין אין דער היים האָט שוין אַר־טור נישט געהאַט דאָרטן וואָס מערער צו טאָן. פוסט און פּאָס איז ער אַלעמאָל אַרומגעפאָרן מיטן אויטאָמאָביל, געלאָפן אין פּאָסט־אָפיס אָפּנעמען בגנבה בריוו, זיך געסודעט מיט סיליען, אַריינגעפאָרן קיין ניו־יאָרק און צוריקגעבראַכט אַ פריינט, וועל־כער איז צוזאַמען מיט אים געגאַנגען אין קאַלעדזש.

דער פריינט זיינער איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון אים, פון דעם זעלבן שניט, וואָס ער, אַ הויכער, אַטלעטיש־געבוי־טער, מיט אַ שמעקעוודיקן, גלאַטן פּנים, אַ געענדיקטער אַדוואָ־קאַט און ער האָט שוין געהאַט אין ניו־יאָרק אַן אייגענעם, קליינעם אָפיס.

— מיסטער עטקין וויל נעמען אַ צימער אין דעם גרויסן הויז, — האָט אַרטור אים פאָרגעשטעלט פאַר דער משפחה. — ער וויל דאָ פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן.

— מיסטער עטקין וועט נישט נעמען קיין צימערן אין דעם גרויסן הויז, — האָט בערטע מאַמיש־גליקלעך צוגענומען דעם זונס פריינט, — מיר האָבן נאָך, גאָט צו דאַנקען, פּלאַץ פאַר אַ מענטשן.

— מיסעס סטיינבוירג, — האָט דער בחור געלאַכט הויך, פריי, גרויסשטאָטיש, צעעפנט אַ מויל און באַוויזן געזונטע, שטאַר־קע, ווייסע ציין.

זי האָט אים נישט געלאָזן רעדן.

— אַרטורס פריינט וועלן ביי מיר נישט איינשטיין אין קיין באָרדינג־הייזער.

די מאַמע איז געשטאַנען אין צימער, ווען אַלעקס האָט אַרויסגעטראָגן דאָס שמאָלע בעטל און אַהין אַריינגעשטעלט אַ גרויס בעט. זי האָט קאָמאַנדעוועט מיטן פּאָליאַק, ביז אַלץ האָט זיך איינ־געשטעלט אַזוי, ווי זי האָט געוואָלט, און סיליע האָט אויסגעפּוצט דאָס צימער מיט קלייניקייטן.

— פארגעס נישט, טאָכטער, אַ גלאָז אריינצושטעלן, — האָט די מאַמע געזאָגט.

סיליען האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. דער בחור איז געווען אַ שיינער. ער איז אַ געענדיקטער אַדוואָקאַט מיט אַן אייגענעם אָפיס אין סאַמע ניו־יאָרק. זי האָט אַריינגעפּלאָכטן אַ רויטע סטענגע אין די שוואַרצע האָר און איבערגעביטן דאָס קלייד. זי האָט אָנגעטאָן אַ פּאָר שיך מיט די העכסטע אָפּצאַסן, איז אַרויס אויף דער וועראַנדע און אַזוי זייטיק, ווי גאָרנישט, אָנגעהויבן דעקלאַמירן אין ענגליש: „ענד אַי שעל געיז נאָט אָן דהי דידם וויטש מעיק מאַי מאַינד אָבסקיור וויטה סאָראָו".

אויף דער וועראַנדע איז קיינער, אַ חוץ הילדאַן, נישט געווען. דאָס קינד איז געווען פאַרנומען מיט מאַכן פון בלאָטע אַ פּאַי. איר קליידעלע איז געווען איינגעטונקען אין שטויב, דאָס פּנים און הענט שמוציק, ווי אַ חזירל. סיליע האָט זי מורא געהאַט צוצולאָזן צו זיך.

— ווו האָסטו זיך אַזוי אויסגעשמירט? — האָט זי אָנגעהויבן לאַכן, קוויטשען, און עפּעס האָט זיך איר זייער געוואָלט, אַז דער פרעמדער און אַרטור, אַלע, אַלע זאָלן הערן איר קול.

מיטאַמאָל האָט זי דורכן פענסטער דערהערט דעם פרעמדן בחורס קול. ער האָט הויך געלאַכט, הילכיק גערעדט, מיט גרויסשטאָטישע ווערטלעך געחוזקט.

— ווי, צום טייוול, קאָנסטו זיצן דאָ?

— עס איז דאָך בלויז מיין וואַקאַציע, — האָט זיך אַרטור פאַרענטפערט.

— אַ שיינע וואַקאַציע, — האָט דער בחור צוריקגעשריגן, — מען קאָן כאָטש האָבן עפּעס פאַן?

— אין דעם גרויסן הויז זענען דאָ שיינע מיידלעך, — האָט אַרטור געזאָגט.

— זיי וועלן זיך לאָזן? — האָט דער בחור אַרויסגעשאָסן.

— ששש, ששש, — האָט אַרטור אָוועקגעלייגט אַ פינגער אויפן מויל.

סיליע איז געשטאַנען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. איר

פּנים האָט אָנגעהויבן פּלאַמען. מיט פּאַרשפּיצטע אויערן האָט זי זיך איינגעהערט אין יעדן וואָרט.

— דו האָסט עפּעס געטאָן דאָ? — האָט דער בחור שטי־לער געפרעגט.

— איך בין דאָרטן אפילו נישט געווען, — האָט ארטור שטיל געענטפערט.

— דו ביסט, בחורל, אזוי גוט פאַרליבט, — האָט דער בחור ווייטער געחוזקט, זיך ווידעראַמאָל הויך צעלאַזן און פריי גע־לאַכט, — איבער די אויערן. וואָס מאַכט זי דאָרט, דיין שיקסע?

— ששש, ששש, — האָט אים ארטור איבערגעשלאָגן. — וואָס איז דער מער מיט דיר? ביסט משוגע!

— וואָס איז? מען ווייסט דען נישט?

— קיינער ווייסט נישט. א חוץ מיין שוועסטער, ווייסט קיי־נער נישט. זאָלסט זיך נישט ארויסכאַפּן מיט א וואָרט.

— א שיינע שוועסטער האָסטו, — האָט ער פּלוצים געביטן דאָס קול, — ווייזט אויס צו זיין גאָר א פיין מיידל.

— זי איז אַן אַקטריסע, — האָט ארטור געזאָגט.

— טאַקע! — האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן, — איך האָב אָבער באַלד געזען, אַז זי איז אַנדערש ווי אַלע מיידלעך. אין וואָס־זשע זאָגסטו וועגן דעם גרויסן הויז? מירן האָבן פאַן? דעם איט, איך וויל זיך אַמוזירן!

— דו קאָנסט טאָן, וואָס דו ווילסט, — האָט ארטור גע־ענטפערט, — איך גיי נישט אהין.

— פאַרוואָס?

— איך וויל זיך נישט באַשמוצן אין טאַטנס אויגן.

— יו דעם פּול, — האָט יענער זיך צעשריגן, — ווער וועט וויסן? מיר נעמען זיי אַרוים אין וואַלד.

— דו קאָנסט טאָן, וואָס דו ווילסט, — האָט ארטור זיין געזאָגט דאָס זעלביקע.

— אַי שור סעי, אַי וויל. צוליב וואָס, מיינסטו, בין איך אַרויסגעקומען אהער? קוקן אויף דער לבנה? דאָ, באַי, פאָלן זיי

ווי פליגן. עס קאָסט נישט קיין געלט. מען דאַרף זיי בלויז אַרויס נעמען אויף אַ שפּאַציר.

סיליע האָט שוין מער נישט געקאָנט הערן זיינע רייד. אירע אויגן זענען פול געוואָרן. אויף די שפּיץ־פינגער איז זי אַראָפּ פון דער וועראַנדע און אַוועק אין פעלד אַריין.

ביים אוונט־ברויט האָט זי זיך געשעמט צו קוקן דעם בחור אין די אויגן. זיינע מיאוסע רייד האָבן איר כסדר געקלונגען אין די אויערן. זי האָט פאַר אים מורא געהאַט. נאָר מיטאַמאָל האָט זי דערזען זיינע הענט און עס האָט איר נאָכאַמאָל אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. אַזוינע שיינע הענט ביי אַ מאַן האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. ווען ער האָט באַשמירט דאָס ברויט מיט פּוטער, האָט זיך איר נאָר געדוכט, אַז דאָס מעסער שוועבט עפּעס אַרום פון אויבן, מיט אַזאַ מין איידלקייט, גלייך זיינע הענט וואָלטן גע־ווען פון פעדערן. אויפן טאַטנס פראַגן האָט ער געענטפערט אַזוי קלוג, אַזוי איידל און מיט אַזאַ טיפער, זינגענדיקער שטימע, ווי עס וואָלט זיך צעשפּילט אויף די נידעריקע סטרונעס אַ פידל.

— געזעץ, — האָט ער געענטפערט אויף שטיינבערגס אַ פראַגע, — איז זייער עלאַסטיש. מען קאָן עס אויסטייטשן אויף אַלערליי אופנים.

„געזעץ איז זייער עלאַסטיש'', האָט לאַנג געקלונגען אין סי־ליעס אויערן. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און אויף אים פרייער אַ קוק געטאָן. דערנאָך, ווען ער האָט פון עפּעס זייער לאַנג גע־רעדט, אַלץ מיט דעם ווייכן קול, זייער קלוג און איידל, האָט זי זיך איינגאַנצן פאַרגעסן, אַרויסגעשפּאַרט אַ פּאָר גרויסע, גרויע אויגן, געשאָטנט מיט שוואַרצע בריעמען און אויף אים געקוקט, גע־גאַפט, זיך געוווּנדערט, ווי זי וואָלט שוין געווען פאַרליבט ביז איבער די אויערן, ווי קיין זאַך וואָלט איר שוין מער נישט אָנגעגאַנגען — נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע, קיינער נישט, און זי וויל נאָר, ער זאָל רעדן, רעדן און רעדן.

אין אָוונט איז זי איינע אַליין אַוועק מיטן וועג שפּאַצירן. זי האָט געוואָלט זיין מיט זיך אַליין. זי האָט ווידעראַמאָל געביטן דאָס קלייד, איינגעפלאָכטן אַן אַנדער סטענגע אין די האָר. זי האָט

זיך אויסגעפיינט מיט אַלע אירע אויסגעלערנטע דעקלאַמאַציעס קעגן דער נאַכט, דעם הימל, דער לבנה מיט אַלע מיליאָנען שטערן אַלע מאָל האָט זי געהעכערט איר קול, עמעצער זאָל זי הערן — „ענד אַי שעל נעיז נאַט אָן דהי דידס וויטש מעיק מאַי מאַינד אַבסקיור וויטה סאַראָו״. — מן־הסתם האָט ער זיך בלויז גע־וואָלט אַזוי אויספּיינען פאַר ארטורן, — איז איר געקומען אויפן זינען אַן אויסגעלייגטער תירוץ וועגן דעם בחורס גראָבע רייד, — בחורים אין די יאָרן ווילן זיך שטענדיק אויספּיינען מיט דעם, וואָס זיי זענען נישט.

אינדרויסן איז געווען שטיל און שאַ. איבערן הימל האָט געשוועבט די לבנה. נאָך לבנות, גרויסע שטערן האָבן זיך געדרייט אין די גאָר הויכע הויכן און געלאָזט באַווייזן אַלע מאָל זייערע שטערנדיקע עקן. די ביימער האָבן שוואַרץ געשוויגן. דער גע־פלאַסטערטער וועג האָט געגלאַנצט קעגן דער אויסגעשטערנטער נאַכט. די לופט איז געווען פּונקט ווי ביי איר אויפן האַרצן — פול אין יעדן ווינקעלע מיט ריחות, מיט ציטער, מיט סודות — „ענד אַי שעל נעיז נאַט...״ מיטאַמאָל איז זי אַרויף אויף דער בריק, וואָס איז געווען מיט ווענט און אַ דאַך און זייער פינצטער. אינמיטן בריק האָט זי זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ און איר האַרץ האָט אָנגעהויבן מוראדיק קלאַפּן. איר האָט זיך געדוכט, אַז ביי דער סאַמער זייט פון וואַנט, אין דער געדיכטסטער פינסטערניש, זיצן צוויי געשטאַלטן, פאַרגליווערטע, רירן זיך נישט, אָטעמען נישט, אַזוי ווי צוויי געהרגעטע. זי האָט נישט געקאָנט צוריקכאַפּן דעם גאַנג, האָט מורא געהאַט צו אָטעמען, און מיט אַלע כּוחות, אַזוי ווי אַ משוגענע, איז זי אַריבער די בריק.

אירע פיס האָבן זיך אונטער איר געבויגן. די הענט האָבן געציטערט, אין מויל איז איר געוואָרן ווי אָנגעגאָסן מיט אַ זויער־קייט און זי איז קוים אַריינגעפאַלן צום אַלטן פעלטין.

— איך האָב שיער נישט געחלשט פון שרעק, — האָט זי קוים אַרויסגערעדט.

— וואָס האָט געטראָפן? — איז איר אַנטקעגנגעלאָפן פעל־טענס שנור.

סיליע האָט דערציילט, וואָס ס'האָט מיט איר געטראָפן.

— איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז די שטאָטישע פֿאַר־פּאַטשקען אונזער געגנט, — איז שווער צוגעקומען דער אַלטער פעלטען, — ס'איז אַ שאַנדע.

— נישט אַלע שטאָטישע זענען גלייך, — איז סיליע געקו־מען צו זיך.

— אַלע, אַלע, — האָט דער אַלטער זיך געבייזערט, — איך זע דאָ זאַכן, וואָס איז אַ שאַנדע איבערצורעדן. אפשר ווילסטו, איך זאָל דיך אַהיימפירן?

— אַ דאַנק, מיסטער פעלטען. קאָנסט מיר אָבער לייען דיין בליץ־לעמפל. אויף דער בריק איז זייער פינסטער.

אויף דער בריק האָט זי שוין איצט קיינעם נישט געטראָפן, אָבער אַביסל ווייטער, אין שיין פון דער לבנה, האָט זי געזען דעם בחור און אַ מיידל פון דעם גרויסן הויז. דער בחור האָט גאָר שטייף געהאַלטן דאָס מיידל אַרום דער טאַליע און זי האָט פאַר־וואָרפן איר אָרעם אַרום זיין האַלז, גאָר היימיש, אַזוי ווי אַרום אַ מענטשן, מיט וועמען מען איז שוין זייער נאָענט.

סיליע האָט, ווי אַ קאַץ, געגעבן אַ שפרונג אַריין אין אַ רינ־ווע און אין איין סעקונדע פאַרשוווּנדן פון די אויגן. זי האָט דעם שפרונג געמאַכט אַזוי קונציק, ווי נאָר אַ רוח וואָלט אין איר גע־אַרבעט. אַלע אירע חושים זענען מיטאַמאָל זייער וואַך געוואָרן. די אויגן האָבן דורכגעשפּיזט די פינסטערניש און זי האָט אַלץ גע־קאָנט זען. די אויערן האָבן, אָנגעשפּיצטע, אויפגעכאַפּט דעם קלענסטן שאָרך. זי האָט געשמעקט מיט דער נאָז, געטאַפּט מיט די פינגער און טאַקע באַלד אויסגעטאַפּט אַלץ, וואָס זי האָט נאָר גע־וואָלט וויסן.

— ענד נאַו יו אַר גאָאינג טו ליעוו מי אַלאָון, — האָט זי אויפגעכאַפּט דער מיידלס פּיעסטשען זיך.

— אַי וויל סי יו אין די סיטי, — האָט אין דער שטיל אָפּ־געקלונגען דעם בחורס זאַטער און באַפרידיקטער קול.

— וויל יו? — האָט דאָס מיידל, נישט זיכער, פאַרלוירן, געפרעגט.

— אי שורלי וויל.

— רעמעמבער.

— אי סוועיר, — האָט ער געלאַכט, אוועקגעלייגט צוויי פינ־גער אויפן מויל, ווי אין אַ שבועה, און דאָס מיידל האָט די פינ־גער אַ קוש געטאָן, ווי אַן אָפּגעמאַכטן תּקיעת־כּף.

איינגעבויגן, אויף אַלע פיר, ווי אַ געפּלעפּטער הונט צווישן קוסטעס, האָט סיליע דורכגעפּויזעט אַ שטיק וועג און איז אַ צע־פּלאָמטע, פאַרשעמטע, אַרויסגעקומען נישט ווייט פון דעם גרויסן הויז. דאָרטן, אין האָטעל, איז געווען דער געוויינלעכער טומל. אַלע פענסטער האָבן געברענט אין צעגליטן ליכט. טומלדיקער דזשעז האָט אַרויסגעשריגן ביז אין וועג אַריין. קולות, הויכע, פּרעכע, פון בחורים, מיידלעך, ווייבער, האָבן זיך אויסגעמישט מיטן דזשעז. סיליע האָט מורא געהאַט אויפצוהייבן די אויגן. איר יונגער, געצערטלטער קערפּער האָט זיך געבראָכן אין ווייטאָג — די ערשטע באַליידיקונג פון אַ יונג, שיין מיידל, וואָס האָט געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט שטייט מיט אָפענע אָרעמס און וואַרט אויף איר.

## קאַפּיטל פיר

סוף וואָך איז דער בחור אוועקגעפאָרן. אין לעצטן טאָג פון אויגוסט איז אַרטור צוריקגעפאָרן קיין אינדיאַנאַ.

עס האָט זיך אָפּגעליידיקט דאָס גרויסע הויז. אַ פרייַ־האַרבסטיקע שטילקייט האָט זיך אויפסניי צעלייגט איבערן הויף. יעדע זאַך איז געווען ווי נאָך אַ חתונה. דאָס גראָז צעטראָטן, די בלומען אויסגעריסן, דער האַלב־קיילעכדיקער אַריינפאָר פול מיט גריבער און מען האָט זיך ווידעראַמאָל גענומען פאַרריכטן שאָדנס, צענעמען די זומערדיקע וואַסער־רערן, פאַרקלאַפּן די אויבערשטע גאָרנס און נאָכאַמאָל שלעפּן פון קליינעם שטיבל אין דעם גרויסן הויז אַריין קליידער, מעבל, חפצים און קינדערשע שפּילעכלעך.

— איך האָף, אַז אין פרילינג זאָל איך שוין מער נישט

דארפן שלעפן מיינע זאכן, — האט א פארטרוויערטע געזאגט סיליע.

— וואס מיינסטו? — האט די מאמע אויף איר אנגעשטעלט א פאר אויגן.

— איך פאר אוועק קיין ניו־יארק.

די מוטער איז געבליבן שטיין א געפלעפטע. זי האט אין דער שטיל געשלונגען צער און א דערשלאגענע זייער שטיל געזאגט:

— אויב וועסט פועלן ביים טאטן.

— וואס מיינסטו, פועלן? — איז סיליע אויפגעשפרונגען. — וואס דען ווילסטו, זאל איך טאן? אפשר בלייבן א פארמערקע?

— איך זע נישט, וואס עס פעלט מילדרעדן אויפן פארם.

— איך און מילדרעד זענען צוויי באזונדערע מענטשן, — האט סיליע אנגעהויבן שרייען.

— איך ווייס עס, טאכטער מיינע, — האט זיך ביי בער־טען געבראכן דאס קול, — איך זע עס.

נאך אזעלכע איבעררעדענישן פלעגט סיליע אויף א גאנצן אוונט זיך פארמאכן ביי זיך אין צימער און זיך נישט ווייזן פאר די אויגן. זי האט אויסגעמיטן דעם טאטן, האט געלייענט ביכלעך און געשריבן לאנגע בריוו צו ארטורן.

אין די בריוו צום ברודער האט זי אויסגעגאסן איר פארבי־טערט הארץ.

א סך מאל, ווען זי איז שוין געלעגן אין בעט, אויסגעלאשן דאס עלעקטרישע לעמפל און שוין פארמאכט די אויגן צום שלאפן, האט זי נאך אלץ געשריבן דעם בריוו. זי האט דעמאלט אליין נישט געוווסט, צי זי שלאפט, צי זי זיצט ביים טיש, ווייל אלץ האט נאך אזוי קלאר געשוועבט פאר די אויגן, געקלונגען אין די אויערן — די דרויסנדיקע, אומעטיקע שטילקייט, דער פרי־הארבסטיקער, קאל־טער רעגן, דער שווער־כמורנער שרעק, וואס האט איצט געשפארט פון די הויכע בערג און דאס טרויעריקע קול, וואס האט אין איר בסדר געוויינט.

אין האלב־שלאף האט זי צוריק געעפנט דאס טיש־קעסטל, ארויסגענומען פאפיר און פעדער און נאכאמאל אנגעצונדן דאס ליכט. אירע געדאנקען זענען געווען קלארע, ווי אויפן וואר. ליגנ־

דיק אין בעט, האָט זי געהאַט דאָס אָנגענעמע געפיל, אַז זי זיצט ביים טיש און שרייבט אַרויס צום ברודער יעדעס פּיצעלע, וואָס האָט געדריקט אויף איר האַרצן. זי האָט אים געמוסרט מיט זייער קלוגע רייד, פאַרוואָס ער טוט ווי טאַטע־מאַמע און קלייבט זיך חתונה האָבן מיט אַ שיקסע, און אים דערציילט בסוד־סודות, פאַר זיך אַליין בלויז אַ מורמלען מיט די ליפּן, אַז כאָטש זי ווייסט, אַז דער בחור, זיין פריינט, איז אַזעלכער און אַזעלכער, האָט זי אים פונדעסטוועגן ליב.

דורך די טעג, וואָס זענען נאָך געווען געגנוג לאַנג און טרויעריק־טריבע, האָט זי זיך אַרומגעדרייט אַ נישט־דאָיִקע און פון לאַנגווייליקייט אַלעמאָל געגענעצט. איר פּנים איז געווען קרענקלעך גרין. די קינבאַקן האָבן העכער ווי שטענדיק אַרויסגעשפּאַרט. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן בענס רייד מיט זיינע פּלענער נאָכמער צו פאַרגרעסערן די באַלעבאַטישקייט. זי האָט פיינט געהאַט דעם ריח פון שטאָל, מורא געהאַט איינצוריכטן די הענט און איר קאָפּ האָט אַ גאַנצן טאָג אומגעשוועבט צווישן וואָר און חלום, איבער גרויסע שטעט, אויף בינעס און פּלאַטפאָרמעס.

דאָס אַלץ האָט זיך ביי איר אין מוח אויסגעמישט מיטן געשטאַלט פון בחור, מיט נאָך איינעם, וואָס זי האָט אַמאָל ערגעץ געזען, און מיט אַזעלכע, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט געזען.

דער פאָטער האָט זיך מיט איר שטענדיק אַרומגעקריגט, איר אויסגעוואָרפן אַלערליי חטאים און זי האָט אים אַן אויפגערעגטע שטענדיק צוריקגעענטפערט:

— אַז איך האָב דאָ שוין מער נישט וואָס צו טאָן; אַז איך האָב שוין אַפילו קיין ביכל נישט צום לייענען.

— עס פעלן שוין אויס ביכער אין דער דיקינסווילער לאַיברערי? — האָט שטיינבערג מיט חוזק געשריגן.

— עס פעלן. די, וואָס איך וויל לייענען, גיט מען מיר נישט. פאַר אַ מיידל פּאַסט נישט צו לייענען אַזוינע ביכער, ענטפערט מען מיר.

— און די ביכער אין הויז האָסטו שוין איבערגעלייענט? — איז דער פאָטער אַלץ מער צוגעשטאַנען.

— דיינע ביכער האָב איך געלייענט, ווען איך בין געגאַנגען אין פּאַבליק־סקול.

— או־וואַ! — האָט ער מיט ביטול אַ קנאַק געטאָן מיטן מויל.

סיליע האָט מער נישט געענטפערט. אויב דער טאַטע קאָן צו איר רעדן אין אַ טאָן פון חוזק, קאָן זי זיך אָנבלאָזן מיטן גאַנצן משפחהדיקן גדלות, מיטן יחוס, וואָס די מאַמע קלאַפּט איר שטענדיק אין קאָפּ אַריין און אַ פּאַרריסענע, אַ גדלותדיקע זיך אַוועקגיין צו זיך אין צימער און אַ פּאָר טעג מיט אים נישט רעדן.

אין איינעם אַזאַ טאָג האָט מען איר געלאָזט וויסן, אַז דער קלוב פון די דיקינסווילער גראַדואירטע גרייטן זיך פאַר אַן עקסקורסיע. געמליעל איוועגס, דער יינגסטער זון פון פּרעזידענט פון דער באַנק, איז אַריינגעפאָרן אויפן הויף מיטן טאַטנס רייכן אויטאָמאָביל און האָט אַזוי פּלוצימדיק איינגעהאַמעוועט די רעדער, אַז די גרויע שטיינדלעך האָבן אַ שאָס געטאָן מיט שטויב.

— דער גאַנצער קלאַס פאָרט קיין וואַשינגטאָן, — איז ער געבליבן פאַר איר שטיין.

דער בחור האָט געהאַט אַן אומהיימלעך פּנים. אַ נידעריקן שטערן. האָר אויפגעשטעלטע, האַרטע, און טיף־אַריינגעזעצטע, קליינע, גרויע אויגעלעך. עס האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט אַלץ און אַלעמען פיינט, און אַ סך מאָל האָט שוין געטראָפן, אַז דער טאַטע האָט אים, נאָך געשלעגן, באַדאַרפט אויסקויפן פון פּאָליצייאישע הענט.

— פּופּציק אונזערע פאָרן, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — דיך וועט גאָרנישט קאָסטן.

סיליע האָט אים געבעטן אַריינקומען אין שטוב אַריין, און מיט אַ האַלב מויל אים אויף אַלץ אָפּגעענטפערט אַזוי, אַז דער בחור האָט ביז צום סוף אַלץ נישט געוווּסט, צי פאָרט זי יאָ מיט אים, צי פאָרט זי נישט.

— עס איז פּאַטריאָטיש מיטצופאָרן מיט די גראַדואירטע,— האָט זי עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. — מען דאַרף טאַקע זען, אַז דער עולם זאָל פאָרן.

ווען געמליעל איז צום סוף אוועקגעפאָרן, נאָך אַלין נישט קיין זיכערער, אַז זי פאָרט מיט אים, האָט זי באַלד צעטראָגן די גייעס איבער דער שטוב מיט אַזאַ פרייד און נייגיר, גלייך דער אַרויספאָר וואָלט איר ממש געגאַנגען אין לעבן.

— דער היינטיק־יאָריקער קלאַס וויל דורכאויס, אַז איך זאָל מיט זיי מיטפאָרן, — האָט זי געקלאַפּט מיט אַ פול מויל פרייד,— דעם פּרעזידענטס זון איז מיך ספּעציעל געקומען איינלאַדן. איך וויל אָנקוקן וואַשינגטאָן. עס פאָרט אויך מיט דער לערער, מיסטער סטעג. דו דענקסט, מאַמע, אַז איך קאָן פאָרן אין מיין שוואַרצן קלייד?

זי איז שוין גאַנצע טעג אַרומגעפלויגן מיטן אויטאָמאָביל, איבערגעלעגן אין קראָמען, געמאָסטן שיך, אויסגעטראַכט היטע־לעך, און אַליין גענומען איבערנייען צוויי קליידער, אין דער צייט, וואָס זי האָט אפילו נישט געקאָנט האַלטן אַ נאָדל אין האַנט.

— מיסטער סטעג פלעגט מיך שטענדיק אין קלאַס אָפּשטעלן און רעדן מיט מיר, — האָט זי אַלעמאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

די רייזע איז געווען אַ גאָר גרויסאַרטיקע. רייכע, פאַרמערי־שע זין, טעכטער פון דיקינסווילער קרעמער, האָבן געבראַכט זייע־רע טאַטעס אויטאָמאָבילן. מיסטער סטעג איז געפאָרן מיט געמ־ליעל איווענס און סיליע איז געזעסן אינמיטן. ביים דריי־ראָד איז געזעסן קאַלווין אַרמסטראָנג, דער געענדיקטער פון קאָרנעל אוני־ווערזיטעט און ביי זיין זייט מיס עליזאַבעט קאָקס, די, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס אומגעקערט פון אַ פאָרט דזשווירוויסער מאָנאַסטיר, וווּ זי האָט זיך געלערנט זיין אַ לערערין. אין אַלע אויטאָמאָבילס האָט מען מיטגעפירט קליינע פעסעלעך ביר און פלעשער בראָנפן. די משקה איז געווען פרימע. די אויטאָמאָבילן זענען געפלויגן זעכ־ציק מייל אַ שעה, האָבן דורכגעריסן דערפער און שטעטלעך און ווען מען איז אַרויסגעקומען אויפן אָפענעם וועג, אַריבער טרענטאָן און פּרינסטאָן, האָט זיך דער חשק צום יאָגן אַזוי צעשפּילט, אַז חברה איז געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, מיט ווייט־לייכטנדיקע פּראָ־זשעקטאָרן, איבער אַ ווייט־ציענדיקן וועג, שנעלער און שנעלער, ווי אַ פּראָצעסיע אויפגעוואַכטע טייוואָלים, וואָס האָבן געוואָלט

אריבעריאָגן די נאַכט, די פינסטערניש און אַלע ברייט־אויסגעליי־
טע וועגן, וואָס פירן אוועק צום צווייטן ברעג לאַנד.

דעם גאַנצן וועג האָט געמליעל איוועגס איר געשעפּטשעט
אין אויער ליבעס־ווערטער, דעקלאַמירט הויך אויפן קול ליבעס־
לידער, און זי האָט אַלעמאָל געזאָגט אַ וואָרט צו מיסטער סטעגן.

— איך האָב צו אייך אַ טענה, — האָט זי געזאָגט, — איר
האָט מיר אין פראַנצויזיש געגעבן בלויז 94.

— ווייל איך מיין, אַז אייער געביט איז דראַמע, — האָט
ער איר צוריקגעוואָרפן אַ קאָמפּלימענט.

סיליען האָט שוין דעם גאַנצן וועג געקלונגען אין די אויערן
בלויז איין פראַזע, — „אייער געביט איז דראַמע", און זי האָט
קיין אַנדער זאַך נישט געזען, ווי בלויז מיסטער סטעגס קליינע וואַנ־
צעלעך, זיינע פראַנצויזישע פּיאות, און פראַנצויזישע מאַניערן.

אין וואַשינגטאָן איז מען אויסגעפאָרן די גאַנצע שטאָט. די
חברה איז ווילד אַרומגעלאָפן פון קעפּיטאָל צום ווייסן הויז, פון
איין מאָנומענט צום צווייטן און דער הויפּט־לערער האָט שוין
אַכטונג געגעבן, אַז דעם פּרעזידענטס אַ באַדינער זאָל דריקן די
האַנט פון יעדן דיקינסווילער זון און טאָכטער.

סיליע איז די גאַנצע צייט געווען ווי אין אַ הינערפּלעט. די
גרויסע שטאָט, די ברייטע גאַסן, די רייכע ארכיטעקטור האָט זי
אינגאַנצן צענומען. ווען דער עולם איז זיך פאַרנאַכט צונויפגעקו־
מען אין האָטעל, האָט זי נאָך אַלץ נישט געקאָנט איינשטיין אויף
אַן אָרט, זיך אָפּגעגנבעט פון עולם און אַליין נאָכאַמאָל אוועק
שפּאַצירן איבער די בולוואַרן, גאַסן און זיך נישט געקאָנט אָפּ־
רייסן פון די קראָמען און שויפענסטער.

ווען זי איז שפּעט אין אָוונט צוריקגעקומען, איז זי געבליבן
זיצן איינע אַליין אין צימער און אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער.
אַ זיסע מידקייט איז געווען צעשפּרייט איבער אירע גלידער. די
שטאָט איז איצט, אין אָוונט, געווען באַהאַלטן אונטער אַ שלייער.
אַלץ איז געווען סודותדיק פאַרנעפּלט. סילועטן־מויערן זענען גע־
היימנישפול געקראָכן צום הימל, מיט ווייטע פייערלעך — אוצרות,

מיט באהאלטענעם צויבער אונטער שווערע פאָרהאַנגען, וואָס מאַכן נאָך סודותדיקער דאָס סודותדיקע. זי האָט געפילט, ווי עס צעגייט איר דאָס האַרץ פון אַ בלינדער בענקעניש נאָך עפּעס אומבאַוווּסטס, נאָך אַ יונגן חלום, וואָס ווערט אין איר טיפן איך מיט יעדער וואָך רייפער, מיט יעדן טאָג בולטער, וואָס וועט היינט אָדער מאָרגן אַרויספּלאַצן אין אַ פייער און וועט זי אפשר אינגאַנצן פאַרברענען.

דאָס ווערן פאַרברענט האָט זי ווינציק־וואָס געקימערט. זי האָט, פאַרקערט, מיט אַלע יונגע בלוטן אין אירע אָדערן זיך געריסן צום אומבאַוווּסטן פלאַם, געגאַרט נאָך דעם, און איז געזעסן אַ גרייטע, אַן אָפענע, — קום, נעם מיך, איך בין גרייט מיט לייב און לעבן.

ווען געמליעל איוועגס האָט אָנגעקלאַפּט אין צימער און איז פאַר איר געבליבן שטיין מיטן נידעריקן, טונקל־טעמפּן שטערן, האָט זי זיך אַ צאַפּל געטאָן. זיינע אויפגעשטעלטע, האַרטע האָר האָבן זי געשטאָכן און איר האָט זיך געדוכט, אַז זיינע קליינע, בייזע אויגעלעך האָבן דורכגעשטאָכן אַלע פאַרצויגענע פאָרהאַנגען איבער די ווייטע פענסטער און צעריסן אַלע חלומות.

— איך זיץ און טראַכט, צי זאָל איך בלייבן דאָ, צי זאָל איך פאָרן קיין ניו־יאָרק — האָט זי זיך אָנגעשטרענגט שמייכלען.

— לאָמיר בלייבן דאָ, — האָט ער זי געפּרוּווט אַרומנעמען.

— מיר? — האָט זי אַרויסגעשפּאַרט אַ פּאָר אויגן.

— יאָ. דו געפעלסט מיר.

זי האָט אין שרעק אָנגעהויבן לאַכן.

— עס זענען דאָ פאַראַן אַזויפיל מיידלעך פון דיין גלייכן.

געמליעל האָט זיך צו איר אַ לאָז געטאָן, זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און זי געשלעפּט אַוועק פון דער טיר.

— דו געפעלסט מיר בעסער ווי אַלע אַנדערע מיידלעך. יידישע מיידלעך זענען קליגער, ווי אונזערע.

— און דו ביסט מיר קיינמאָל נישט געפעלן, — האָט זי זיך פון אים אַ ריס געטאָן.

דער בחור האָט זי מיט געוואַלט אַריינגעכאַפּט אין זיינע שטאַרקע הענט, זי אָנגעהויבן קושן, בלאָזן אויף איר פּרעמד־גוייאישן אָטעם, אַ ריח פון ביליק פּאַרפומירטע האָר און עפּעס וואָס האָט געשמעקט מיט מאכלים, וואָס זי האָט ביי דער מאַמען אין הויז קיינמאָל נישט געפילט.

— לאָז מיך אָפּ, — האָט זי אָנגעהויבן שרייען, הויך, צע־שראָקן, — איך וועל מאַכן אַ געוואַלט!

מיטן גאַנצן גוף, ראַנגלענדיק זיך, האָט זי זיך פון אים באַ־פרייט, און מיט אַלע כוחות אים דערלאַנגט אַ פּאַטש, אַז ס׳האָט אַ קלונג געטאָן איבערן גאַנצן צימער.

— אַרויס פון דאַנען, — האָט זי געעפנט די טיר און אַליין אָנגעהויבן לויפן די טרעפּ אַרונטער אין דער גרויסער לאַבי.

אַהיים איז זי געפאָרן מיט דער באַן. וויפל דער לערער, מיסטער סטעג, האָט זיך ביי איר נישט געבעטן, זי זאָל צוריקפאָרן מיט זיי, האָט זי אים נישט געענטפערט. דעם גאַנצן וועג פאָרנ־דיק, האָט זי געוויינט. איר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז זי האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אַ גרויסן אומגליק, אַז זי טאָר זיך מער מיט די מענטשן נישט באַגעגענען.

— מיסטער סטעג וואָלט מסתם אויך אַזוי געהאַנדלט, — האָט זי, אַ צעוויינטאָגטע, געוואָרפן אַ חשד אויף יעדן איינעם, — אַרטורס פריינט איז אויך אַזוי געווען.

טרערן זענען גערונען פון אירע אויגן. אין שטוב איז זי אַריינגעקומען אַ שטילע, אַ טרויעריקע. איצט האָט שוין די מאַ־מע נישט געקאָנט ביי איר אַרויסקריגן קיין איין פריילעך וואָרט. זי האָט בלויז געשריגן:

— איך פאָר קיין ניו־יאָרק. איך וועל דאָ, אויפן פאַרם, דער־שטיקט ווערן!

---

עס האָבן מער נישט געהאָלפן דעם טאַטנס רייד און דער מאַמעס וויינען. דעם ערשטן מערץ, אין אַ טאָג, ווען עס האָט אָנ־

געהויבן ברעכן דאָס אייז, האָט בערטע באַגלייט די טאָכטער צום וואָקזאַל און ווי איינע, וואָס איז איבערגעקומען אַ שווערע קרענק און וועמען עס איז שוין ווידער ליב דאָס לעבן, האָט זי בלויז שטיל און בלייך־מיד זיך געבעטן, אַז די טאָכטער זאָל אַלע טאָג שרייבן אַ בריוו.

— איך וועל אַלע טאָג שרייבן, מאַמע, — איז סיליעס פּנים בלאַס געוואָרן.

— איך וויל, דו זאָלסט עס נעמען ווי אַ נדר אויף זיך.

— איך שווער, מאַמע.

ביי דער מוטער האָט זיך פּלוצים געביטן דאָס פּנים. איר קול האָט זיך אומגעריכט געהעכערט און זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן שרייען אינמיטן גאַס הויך, וויינענדיק, ווי ביי אַ לוויה, ווען מען נעמט טאַקע אַוועק דעם מת.

— איך לייג אויף דיר אַרויף אַ נדר. אויב וועסט מיר איין טאָג נישט שרייבן, וועט עס מיינען, אַז דו ביסט קראַנק.

ביי סיליען האָבן אָנגעהויבן ציטערן הענט און פיס. דער מוטערס קול איז געווען אַזוי דראָענדיק, אירע ווערטער אַזוי באַפעלעריש, זי האָט אָנגעהויבן וויינען.

ביידע האָבן מער נישט געקאָנט רעדן. איינע איז געלעגן אין דער צווייטערס אָרעמס. שטילע זיפצן, איינגעהאַלטענע שלוכצן, האָבן צעריסן דאָס האַרץ. ווען עס האָט זיך גערירט דער צוג, איז סיליע געשטאַנען הויך אויף דער פּלאַטפאָרמע און געפאָכעט מיט אַ ווייס טיכעלע. די מוטער, נידעריק אויף דער ערד, מיט אַ פּאַר־ריסענעם קאָפּ, מיט אַ פּאָר אויגן, וואָס האָבן זיך געדראַפּעט אַרויף צום פענסטער, צום דאַך, האָט באַגלייט דאָס פאַרשווונדענע פּנים. אונטער איר האָט זיך געבראָכן דער נאָכגעלאָזטער שניי — קרעק, קרעק — ווי אַ ריס אין אַ שטיק זיידנס. מיסעס שמייגבערג האָט קלאָר געהערט דעם ריס. ווען זי האָט זיך אומגעזעצט צום אויטאָמאָביל, האָט זיך דאָס נאָכגעלאָזטע אייז נאָך אַ שטאָרקערן בראָך געטאָן — קרעק, קרעק.

## ק א פּ י ט ל  פ י נ ף

אין ניו־יאָרק האָט זיך סיליע באַזעצט אויף סעקאָנד־עוועניו, ביי בענס מאַמע, וווּ מען האָט פאַר איר אָפּגעטיילט אַ קליין צימערל, מיט איין פענסטער צו דער גאַס צו.

די שטוב איז געווען אַן אָרעמע, דאָס מעבל אַלט, די מענטשן זייער פרומע און פון גאַס האָט טאָג און נאַכט אַהער אַריינגעפּראַלט אַ מוראדיקער טומל. אַ ריי קראָמען — אַן אַפּטייק, אַ רעסטאָראַן, אַ גראָסערי און בוטשער סטאָר האָבן שטענדיק אַרויפגעשיקט דורכן פענסטער אַ געמיש פון אַלערליי ריחות, אַזוי אַז עס איז איר באַלד פאַרלייגט געוואָרן די נאָז און זי האָט די ערשטע צייט אַביסל אונטערגעפּאָנפעט. עס איז נאָך געווען אַ חודש צום פרילינג, כמעט נאָך ווינטער, אָבער דאָ, אויף דער עוועניו, איז שוין אַלץ געווען זומערדיק צעפּאַרעט, מיט שווער־שטאָטישע ריחות און אָן אַ ברעקל סימן, אַז עס בייט זיך איצט די צייט פון יאָר. אויפן ראָג, ביים סאַמע פענסטער, איז געשטאַנען אַ הויכער עלעקטרישער לאָמפּ, אַזוי אַז אין צימער איז געווען אַ גאַנצע נאַכט ליכטיק. סיליע האָט נישט געקאָנט שלאָפן. זי האָט אַלץ געהאַט דאָס געפיל, אַז זי ליגט אינדרויסן, אַז ס'איז גאָר נישטאָ קיין מחיצה צווישן שטוב און גאַס — אַז די גאַס ליגט ביי איר אין צימער, אַז זי ליגט אַ נאַקעטע אינדרויסן. זי האָט פאַרהאַקט דאָס פענסטער, אַראָפּגעצויגן ביז צום ברעג די שטאָרן, אָבער דעמאָלט פלעגט אין צימער ווערן שטיקנדיק־הייס, עס האָט זי אָפּגעגאָסן מיט אַ שווייס, און אינמיטן נאַכט, בשעת דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געשלאָפן, איז זי אַראָפּ פון בעט, צעעפנט דאָס פענסטער און זיך געוווּנדערט, ווי די מענטשן ווערן גאָרנישט מיד אַרומצוגיין, ווי עס נעמט זיך גאָרנישט אויס דער שטראָם אויטאָמאָבילן, וועגענער, טעקסעס, טומל און געשריי און ווי אַזוי די שטוביקע קאָנען דאָס אַלץ אַריבערטראָגן.

נאָך די ערשטע נעכט נישט שלאָפן, איז איר פּנים געוואָרן געל־בלייך. אונטער די אויגן האָבן זיך אויסגעלייגט שוואַרצע רעדער און זי האָט אָנגעוווירן דעם אַפּעטיט צום עסן. פון יעדן גע־

ריכט, וואָס די מחותנתטע האָט איר דערלאַנגט, האָט זיך איר גע־
רוכט, הערט זיך — חלב, שעפּסענע פּעטס, איבערגעשטאַנענע
גרינסן און יאָד.

אין אַ וואָך אַרום, נישט קאָנענדיק שוין מער שטיין אויף
די פֿיס, האָט זי, לייגנדיק זיך, פֿאַרהאַקט דאָס פֿענסטער און אַ מי־
דע, ווי אַ קליין קינד, ווען מען שלעפּערט אײַן אין אַ וויגעלע,
אײַנגעדרימלט מיט אַ ווייגנדיקן דרימל, ווי עמעצער וואָלט זי
אַרײַנגעלייגט אין אַ מולטער און אָפּגעלאָזט איבערן אָפֿענעם ים.
הויכע כוואַליעס האָבן זי געהויבן אין דער לופֿטן און באַלד אַרונ־
טערגעלאָזט אין אָפּגרונטן. איבערן פּנים, אין דער הויך, האָט זיך
געשפּרייט אַ טיפֿער הימל, ווי אַן איבערגעקערטע, בלויע שיסל,
אויסגעמאָלט מיט מיליאָנען בלישטשענדיקע שטערן. זי האָט גע
הערט, ווי נישט ווייט פֿון הויז, אונטער אַ באַרג, קלינגט אַ גלאָק
אויף אַ קוס האַלז. עס זינגען פֿייגל, עס דרייט זיך אַ פֿערד בײַ
אַ פּלויט און קאָן נישט איבערשפּרינגען; די לופֿט איז פֿריש,
שטאַרק און בלאָזט אַרײַן דורך דער נאָז אין מויל, טיף אין די
לונגען אַרײַן. אָבער נאָך איין שעה שלאָף אין זיסע חלומות, האָט
זי געגעבן אַ רײַס אַרויס פֿון בעט אַזאַ מוראַדיקער גרילץ אין די
אויערן, גלײַך עמעצער וואָלט בײַ דער סאַמער נאָז עפּעס זייער
גרויסעס איבערגעבראָכן — אויפֿן סאַמע ראָג, גלײַך בײַ איר
פֿענסטער, האָט אַ גיך־יאָגנדיקער טראַמוויי זיך אָפּגעשטעלט מיט
אַזאַ אימפּעט און מיט אַזאַ גרילץ אײַנגעהאַמעוועט די רעדער, אַז
ס'האָט זיך נאָר געדוכט, אַז די קאַר האָט זיך אַליין צעריסן.

סיליע איז פֿול מיט שרעק אַרויס פֿון בעט און גיך צעעפֿנט
דאָס פֿענסטער. איר נאָס, דורכגעווייקט לײַב איז דורכגענומען גע־
וואָרן מיט בײַנאַכטיקער קעלט. פֿאַר די אויגן האָט געשווינדלט.
דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט, און פֿאַר אַ מינוט האָט זי נישט
געוווּסט, וווּ זי איז אין דער וועלט. אָבער אין דער צווייטער
מינוט איז דער טומל נאָך גרעסער געוואָרן. אויף דער דריטער
עווענוי איז אָנגעלאָפֿן אַן „על" און געמאַכט טרייסלען די שויבן.
אַ מאָן לעבן דער גראָסערי האָט נישט געקאָנט אָנשטעלן דעם מאָ־
טאָר פֿון אויטאָמאָביל און יעדעס מאָל האָט ער מיט דער האַנט

איבערגעדרייט דאָס רעדל, האָט זיך איר נאָך געדוכט, ווי ער וואָלט געריבן שטיינדלעך צווישן צוויי גרויסע, בלעכענע טאַצן; און צווישן דעם אַלעמען האָט זיך אַריינגעריסן פון באַנד־סטריט אַ פייער־אינדזשען מיט אַזאַ פייפן, קלינגען און אויסגעצויגענעם יאָמער, גלייך ווי די גאַנצע שטאָט וואָלט געברענט.

אויף דער צווייטער וואָך האָט זיך סיליע אויסגעלערנט שלאָפן מיט אַ נייעם מין שלאָף: האַלב־וואַך און האַלב־חלומענדיק. דאָס איז געווען אַ שלאָף, וואָס די אויגן זענען טאַקע פאַרמאַכט, די אברים רוען, אָבער זי ווייסט, אַז היינט איז שבת, מאָרגן איז זונטאָג און אַז זונטאָג גרייט די מאַמע צו אַ פרישטיק מיט „ענט דזשאַמיימעס פּענקעיקס" און אַלעקס צופּט אָפּ פון בוים פרישן מייפל סירופּ.

אינצווישן אַזאַ מין שלאָף, פלעגט זי אָפט אַראָפּגיין פון בעט און זיך נעמען שרייבן בריוו. אין שטוב זענען אַלע געשלאָפן. פון אַ צווייטן צימער האָט זיך געהערט אַ פרום־יידישער פייפן מיט אַ נאָז. דורכן שטיקל אָפענעם פענסטער האָט פרישע לופט אָפּ־געפרישט אירע פאַרשלאָפענע האָר. דאָס בייגאַכטיקע בלייכע פּנים האָט זיך אַליין מער צעשטראַלט. די פען האָט זיך אַלעמאָל אונטער־געטונקען אין טינטער, און אין אַ נאַכט־העמד, אַ דינע, אַ צאַפּל־דיקע, פאַרטראָגענע, וואַרפט זי אָן דריבנע, שנעלע ווערטער, וואָס דערציילן אַלעמאָל עפּעס נייעס און וועלכע רירן דעם ברודער, ער גייט אין אַ ווייטער שטאָט, ביז טרערן.

„איך קאָן זיך נישט צוגעוווינען צום לעבן ביי אונזער מחותּנתטע אין הויז. ביי אַ פאַרמאַכטן פענסטער ווער איך דער־שטיקט; מיט אַן אָפענעם פענסטער ווער איך דול. איך רעכן זיך אַריינצוקלייבן צו אַ מיידל, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט. דאָס מיידל הייסט מיימי. זי וווינט אין גריניטש ווילעדזש. עס איז דאָרטן דאָ אַ קליינער פּאַרק און עס איז דאָרטן נישט אַזוי טומלדיק".

מיט דער צייט איז דאָס שרייבן בריוו געוואָרן איר פאַרגע־ניגן. זי האָט זיך אויפגעהערט קאַטשען אַ שלאָפלאָזע אין בעט. זי האָט מער נישט געציילט ביז טויזנט, כּדי עס זאָל זיך איר אָנ־

הויבן דרייען דער קאָפּ און איינשלאָפן. אַ מונטערע, אַ וואַכיקע
מיט אַ קלוגן מוח, פלעגט זי יעדע נאַכט, נאָך די פּאָר שעה דרימ
לען, זיך אַראָפּכאַפּן פון בעט און ווי רעגיסטרירן אויפן פּאַפּיר
יעדעם פּיצעלע, וואָס איז מיט איר פאָרגעקומען.
אָט זענען אַ פּאָר פון די בריוו:
„מעימי האָט מיך היינט פאָרגעשטעלט פאַר אירן אַ פריינט.
ער הייסט בערגער. ער איז נישט קיין שיינער. ער האָט אַ געבויגע
נע נאָז מיט אַ קליין האָרבעלע.ביידע אויגן זענען זייער נאָענט
איינס צום אַנדערן און עס דוכט זיך אויס, אַז איין אויג היט
דאָס צווייטע. ער האָט אויך אַ לאַנגן האַלז מיט זייער אַ גרויס
גאָרגל. ווען ער גיט אַ שלונג, גיט דער גאָרגל אַ שפּרונג, אַז די
ערשטע צייט האָב איך זיך פאַר אים דערשראָקן. אָבער דערפאַר
איז ער זייער אַ געבילדעטער מענטש און זי אַליין איז אויך נישט
קיין איבעריק שיינע.
„ביידע וואָלטן זיי, נאָך מיין מיינונג, געווען אַ זייער גוט
פּאָרל. פּונקט ווי ער איז הויך, אַזוי איז זי קליין. איר פּנים איז
שמאָל און לאַנג און גרין און אין בעט פאַרנעמט זי גאָר קיין
אָרט נישט. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַ מיידל זאָל זיין
אַזוי דאַר. איך וואָלט איר מיט פאַרגעניגן געגעבן מיינס אַ קליידל
שווימט זי אָבער אין דעם אַרום, כאָטש נעם און ניי עס איבער
און וואָלסט באַדאַרפט אַ קוק טאָן אויף אירע האָר. איך האָב נאָך
קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע האָר. זיי קוקן אויס פּונקט ווי איר
פּנים — אַשיק־גרין, שמאָל אַנגעצויגן, מיט אַ ווענעלע אין סאַמע
מיטן, אַז מען מוז זיך אָפּשטעלן קוקן אויף דעם קאָפּ.
„אָבער דערפאַר קענען ביידע וואונדערלעך רעדן. הויבן זיי אָן
רעדן, פאַרגעסט מען אין זייער אויסזען. איר קול קלינגט, ווי
גלעקעלעך, און ער ווייסט אַלץ אין דער וועלט. שטעל דיר פאָר, אַז
ער רעדט פון פאַרמעריי, גלייך ער וואָלט זיך דאָרטן אויסגעהאָדעוועט. ווען מיר האָבן זיך דעם ערשטן מאָל באַגעגנט און ער האָט
אויסגעפונען, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אויף אַ פאַרם, האָט
ער זיך צו מיר צוגעכאַפּט מיט אַזאַ פרייד, אַז מיר איז בלויז גע
ווען נישט אַנגענעם פאַר זיין פריינדין.

„— איר וואָלט עס נישט געווען באַדאַרפט טאָן, — האָט ער זיך גלייך צעשריגן, — די שטאָט פאַרדאַרבט.

„— אָבער אַ יונגער מענטש האָט דאָך אַמביציעס, — האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען מיימי.

„זי איז אַ קלוגע, די מיימי. זי באַנט אַרוים אַלע ווערטער פון מיין מויל. איך מוז זיך מודה זיין, אַז אָן איר וואָלט איך זיך קיינמאָל מיט אים נישט געקאָנט צוזאַמענרעדן. אינמיטן דעריגען הויבט ער אָן דעקלאַמירן גאַנצע שטיקער פון שעקספּירן און פון געטען און פון אַזוינע שרייבער, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געהערט. האָסט אַמאָל געהערט פון אַ פּערסישן שרייבער האַפיז? און פון ליזיסטראַטאַ האָסטו אַמאָל געהערט? ער קען די אַלע זאַכן אויף אויסנווייניק".

---

„מיין טייערער ברודער אַרטור.

„אַט ווערט שוין פינף וואָכן, זינט איך בין אַוועק פון דער היים און מיר דוכט זיך, אַז עס איז שוין אַריבער אַן אייביקייט. פון די אָנגעקליבענע בריוו, וואָס איך האָב, מיין איך, ווער ווייסט, ווי לאַנג איך בין שוין דאָ. אָבער אין דער אמתן האָט זיך גאָרנישט געביטן. איך קאָן נאָך אַלץ נישט שלאָפן ביינאַכט און עס איז מיר נאָך אַלץ שווער זיך צוצוגעוווינען צו דער שטאָט. אַלעמאָל שוועבט אַרוים פאַר מיינע אויגן אַ בילד פון דער היים און עס געדויערט זייער לאַנג, ביז איך קאָן זיך עס אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. אַט שטייט מיר פאַר די אויגן דער טאַטע און עס ווערט מיר צעריסן דאָס האַרץ פון זיין אויסזען. מיר דוכט זיך אויס, אַז ער האָט זיך אַ סך געעלטערט און איך מיין, אַז עס איז מיין שולד. אָבער איז דאָס דען אמת? האָב איך דען געמיינט אים שלעכטס צו טאָן? איז פאַר מיר געווען אַ צוקונפט אין דיקינסוויל? דאָ בין איך שוין געווען פיר מאָל אין טעאַטער. איך האָב געזען „האַמלעט", „די גייסטער", „שיילאָק" און „אָטעללאָ", און נאָך אַלע פאַר־שטעלונגען האָב איך מיט מיימין זייער אַ סך גערעדט און בערגער האָט אונז אַ סך זאַכן דערקלערט.

„װעגן בערגערן קאָן איך נישט אויפהערן טראַכטן. דער מענטש װערט מיר איינגעבאַקן אין האַרצן. אַלע טאָג ברענגט ער אונדז צוויי בלומען. איצט שטייט ביי מיר אויפן טיש אַ רויטע רויז. געדענקסט די רויזן, וואָס מיר פלעגן קליבן ביי דער משוגענער פּיבי? אַזעלכע רויזן ברענגט ער אונדז. ער איז צו מיר גוט, אַזוי ווי אַ ברודער. ער וועט פון מיר מאַכן אַן אַקטריסע, זאָגט ער. ביי אונדז אין צימער שטייען איצט צוויי ווייכע סאָפעס פאַרבעט מיט טערקישע שאַלן און מיט אַ סך קליינע קישעלעך, און דאָס איז אויך געווען בערגערס איינפאַל. צוויי מיידלעך, האָט ער געזאָגט, דאַרפן נישט שלאָפן אין איין בעט. איך האָב מיר אויך געקויפט אַ שראַנק, וווּ איך הויב אָן קלייבן ביכער. בערגער האָט מיך אוועקגעפירט אין אַ סטאָר, וווּ איך קריג די בעסטע ביכער האַלב־אומזיסט. ווען ער האָט מיך דאָרטן פאָרגעשטעלט פאַר מענטשן און זיי געזאָגט, אַז איך קום פון אַ פאַרם, איז עס דאָרטן געווען אַן אמתע סענסאַציע. אַלע האָבן זיך שפּעטער געריסן מיך אַהיימ־צופירן און ער האָט קיינעם צו מיר נישט צוגעלאָזט. מיימי איז אויף אים געווען יענעם אָוונט ברוגז, אָבער איך ווייס, אַז ער מיינט נישט קיין שלעכטס, ווייל מיימי האָט מיר אַליין דערציילט, אַז אין אַ יאָר אַרום גייען זיי חתונה האָבן.

„איך האָב דיר נאָך אַ סך צו שרייבן, מיין טייערער ברו־דער, אָבער איך בין אויף דיר ברוגז, פאַרוואָס דו האָסט מיר נישט געענטפערט אויף מיין פריערדיקן בריוו. האָסטו געשריבן דעם טאַטן, אַז איך וויל שוין מער נישט ביי בענס מאַמע? איך האָב אים מורא דאָס צו שרייבן און איך באַקום נאָך אַלץ מיינע בריוו אויף יענעם אַדרעס. אים קאָן פאַרדריסן, פאַרוואָס איך וויל מיט פרעמדע און צאָל דרייסיק דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט. אויב דו האָסט נאָך נישט געשריבן, טאָ שרייב אים גלייך אָן. שרייב אים, אַז איך וויל מיט פריינט און זיי זענען זייער גוט צו מיר. שרייב אים אויך, אַז איך האָב זיך פאַרשריבן אין ניו־יאָרקער יוניווערסיטי. עס איז נישט ווייט, פונוואַנען איך וויל און אַז איך נעם אַ קורס, וווּ מען לערנט אַ גאַנצן זומער.

„נ. ב. — גייענדיק היינט אַהיים מיט מיימין, האָט זי מיר

אַנגעוויזן אויף אַ דזשענטלמען, וואָס איז אונז אַנגעקומען פּונקט אַנטקעגן. דו וועסט קיינמאָל נישט טרעפן, ווער דאָס איז געווען. ביי מיר אין די אויגן האָט ער אויסגעזען ווי יעדער אַנדערער מענטש, מיט אַ פּשוטן אַנצוג, געוויינלעכן הוט און אַפילו נישט קיין אינטערעסאַנט פּנים. אָבער ווייסטו ווער עס איז געווען? עס איז געווען טעאָדאָר דרייזער.״

## קאַפּיטל זעקס

,,מיין טייערער ברודער.

,,איצט שלאָף איך שוין בעסער. מיין צימער האָט צוויי פענ־סטער צום פּאַרק צו און עס איז דאָ גאַנץ שטיל. ווען איך קוק אַמאָל, אין אַ פּאַרטאָג, אַרויס אינדרויסן, דערמאָנט עס מיך אין דער היים. די ביימער זענען אַלע צעוואַקסן. עס פליען אַרום פייגעלעך. אינמיטן פּאַרק שפּריצט אַ פאָנטאַן און עס וואַקסן דאָרטן בלומען. יעדן פרימאָרגן וואַשט מען דאָ די טראָטואַרן און עס פילט זיך אַזאַ פרישקייט אין דער לופט, גלייך עמע־צער וואָלט אויך אויסגעוואַשן דעם הימל. אַ שיינע פּאַנאָראַמע זע איך פון פענסטער. אין איין זייט שטייען גרויסע מויערן פון דעם אוניווערזיטעט, אין דער צווייטער זייט, הויכע, רייכע אַפּאַרטמענט־הייזער, מיט חופּות צום אַריינגאַנג, מיט לאַקייען אין אַלערליי אוניפאָרמס און אַ מאָדנע גבירישע שטילקייט ליגט דאָרטן אויסגעשפּרייט. עס דוכט זיך אויס, אַז אַלע גייען דאָרטן אויף ווייכע אָפּצאַסן, און אַז אַפילו די אויטאָמאָבילן מאַכן נישט קיין טומל. אויף דער זייט, וווּ איך וווין, שטייען אַ ריי קליינע, ריינע הייזער מיט ווייסע טרעפּ אַרויפצוגיין, די פענסטער פאַר־האַנגען, די טירן פאַרשלאָסענע, און די קעגנאיבערדיקע רייכע פינפטע עוועניו, דוכט מיר אויס, לויפט אַריין, ביז צו מיר אין צימער, מיט איר פעך־גלאַנציקן וועג, מיט אירע הויכע, ווייסע לאַמטערנס און מיט אַלע שוויבלדיקע און גריבלדיקע באָסעס און אויטאָמאָבילן.

„שוין צוויי וואָכן, אַז דאָ שטייט אינמיטן גאַס אַן אויסשטעל־
לונג פון בילדער. איך וואָלט גאָר געוואָלט, אַז דו זאָלסט דאָ זיין
און אַ קוק טאָן אויף דער אויסשטעלונג. אַלע פּאַרקאַנעס, יעדע
וואַנט און שטאַכעטן זענען באַהאַנגען מיט אַלערליי זאַכן, וואָס
אַ סך מאָל פאַרשטיי איך נישט, וואָס דאָס מיינט. בערגער זאָגט,
אַז דאָס איז מאָדערניסטישע קונסט און אַז מען דאַרף זיך דער־
צו צוגעוווינען. ביי דער סאַמער טיר פון דעם הויז, וווּ איך וווין,
זיצט אַ יונגער פראַנצויז, מיט אַ בלויער, מיידלשער בערי־טעם
אויפן קאָפּ און מאָלט גלייך פאַר דיר אין די אויגן. נעכטן האָט
ער אָפּגעמאָלט אַ סצענע, אַז וויפל איך און מיימי האָבן דערויף
נישט געקוקט, האָבן מיר נישט געוווּסט, וואָס דאָס מיינט. אַלץ,
וואָס איך האָב געזען, איז געווען, ווי אַ פּלייצע פון אַ ריזיקן מאַן
אין פראָנט פון אַ ברוינזנדיקן טייך און אַ פּאָר רויטע אויערן. אָבער
בערגער האָט פאַר אונז שפּעטער געהאַלטן אַ רעדע וועגן דער
נייער קונסט, און ער האָט מיר ממש געעפנט די אויגן. שטעל דיר
פאָר, אַז אויפן בילד איז גאָר קיין מענטש נישט געווען. דאָס,
וואָס מיר האָבן אָנגענומען פאַר אַ פּלייצע, איז גאָר אין אמתן
דער סימבאָל פון אַרבעט; דער ברוינזנדיקער שוואַרצער טייך,
דאָס זענען די באַריקאַדן, מיט וועלכע דער קאַפּיטאַליסט האָט
זיך פאַרפּאַנצערט, און די רויטע אויערן זענען צוויי זונען, דאָס
אייביקע ליכט, וואָס מענטשן זעען נאָך נישט, אָבער וועלכע גייט
שוין אויף און וועט באַלד באַשיינען גאָר די וועלט.

„אַזוי רעדט בערגער און יעדע זאַך ווערט אַזוי קלאָר און
פאַרשטענדלעך. איך מוז זיך פאַר דיר מודה זיין, אַז איצט קוקט
ער נישט אויס אַזוי מיאוס, ווי אין דעם ערשטן טאָג, ווען איך
האָב זיך מיט אים באַקענט. מיר דוכט אויס, אַז איך האָב אַ סך
איבערגעטריבן, ווען איך האָב דיר באַשריבן זיין אויסזען. פאַר־
קערט, מיר דוכט, אַז זיין נאָז האָט אַ סך חן און איר געבויגנקייט
גיט צו עפּעס אַ שטאַרקייט צו זיין פּנים. ווען ער רעדט איצט צו
מיר, וואַרפט זיך שוין נישט אַזוי שטאַרק אין די אויגן זיין גאָרגל,
און איך האָב דאָס געפיל, אַז אַ מאַן איז אָפּטמאָל שענער, ווען
ער איז אַ מיאוסער. ווייל, וואָס איז אייגנטלעך שיינקייט אין

א מאַן? וואַנצעלעך און פּראָנצוויזישע פּיאות, ווי מר. סטעג האָט געהאַט? צי אפשר א פּאָר ווייסע הענט און אַ אויסגעצאַצקעטן פּנים, ווי דיין פריינט פון ניו־יאָרק? א מאַן איז דאָך דער עיקר, ווען ער קען רעדן מיט א מענטשן; ווען ער איז געבילדעט און ער קאָן דיך באַצויבערן מיט זיינע רייד.

„איך מוז צוגעבן, אַז בערגער באַצויבערט מיך מיט זיינע רייד. נעכטן זענען מיר אַלע דריי געזעסן ביז פיר אַזייגער אינדערפרי, און עס האָט זיך מיר גאָרנישט געוואָלט גיין שלאָפן. עס איז געווען אַזוי ליב צו ליגן אויף דער סאָפע. מיימי האָט צעלאָזט אירע האָר, איך האָב אָנגעטאָן מיינע זיידענע פּיזשאַמעס און בערגער צווישן אונז ביידע, האָט געהאַלטן אין איין רעדן, אין איין באַווייזן, ווי גליקלעך איך דאַרף זיין, וואָס איך האָב מיין קינדהייט פאַרבראַכט אויף א פאַרם.

„— א פאַרם, — זאָגט ער, — שטעלט צום אַלעם ערשטן אַוועק א מענטשן אויף די פיס, און דערנאָך ערשט דאַרף מען טראַכטן פון גייסט. בערגער דענקט, אַז איצט איז די סאַמע צייט, איך זאָל זיך אָנהויבן צוגרייטן גייסטיק צום לעבן.

„איך זאָג דיר, אַרטור, אַלץ קוקט מיר אויס, ווי נאָר א נס. שטעל דיר פאָר, וואָס פון מיר וואָלט געוואָרן, ווען איך בלייב אין דער היים. א סך וואָלט איך געווען קענען לערנען פון געמיליעל איווענס, אָדער קאַלווין אַרמסטראָנג, צי אפילו פון מיין לערער, מר. סטעג. ערשט איצט זע איך, ווי קינדיש איך בין געווען. איך האָב געמיינט, אַז קיין קליגערער און געבילדעטערער, ווי מר. סטעג, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. ווען איך בין צוזאַמען מיט אים געפאָרן קיין וואַשינגטאָן, האָב איך אַזש געציטערט פון אויפרעגונג, ווען ער פלעגט מיר עפּעס זאָגן. איצט זע איך ערשט, ווי נאַריש איך בין געווען. ווי קומט ער צו בערגערן? בערגער קאָן אים מיט איין אַרגומענט פאַרשטעקן אין אַרבל. ווען בערגער האָט נעכטן גערעדט, האָב איך גאָר געמיינט, אַז דאָס רעדט א רעדנער אויף א פאַרזאַמלונג. זיינע אויגן הויבן אָן גלאַנצן, זיין קול בייט זיך פון הויך אויף נידעריק, פון ני־

דעריק צו הויך. קאָנסט דיר פאָרשטעלן, וויפל דער מענטש קען, אַז דורך די פּאָר חדשים, וואָס איך קען אים, האָב איך מער גע־לערנט, ווי אַלע פיר יאָר אין דיקינסאָוויל־ער האַי־סקול. ער צווינגט מיך פשוט צו לייענען ביכער. אַלע פּאָר טעג מוז איך אי־בערלייענען אַ בוך און אָנשרייבן אַ רעפּאָרט, ווי מען טוט אין קאַלעדזש. איך זאָג דיר, ער איז אַ סך שטרענגער מיט מיר, ווי דער פּראָפעסאָר אין קאַלעדזש".

---

„מיין טייערער ארטור.

„נעכטן איז דאָ בערגער נישט געווען און איך מיט מיימין האָבן געפירט אַ לאַנגן שמועס. מיר האָבן זיך גוט דורכגערעדט און זי איז מיר געוואָרן נאָך מער איינגעבאַקן אין האַרצן. שטעל זיך פאָר אַ מיידל, אַ דאַרס, אַ פּיצעלע, אָן עלטערן, גייט שוין דעם דריטן יאָר אין קאַלעדזש, נעמט אויף זשורנאַליזם, און בער־גער זאָגט, אַז ער וועט פאַר איר קריגן אַ שטעלע אין אַ צייטונג.

„און בערגער איז טאַקע אַ רעדנער. מיימי האָט מיר דער־ציילט, אַז ער איז זייער באַוווּסט צווישן אַלע סטודענטן פון די קאַלעדזשעס און ער איז דאָס דער, וואָס פירט אָן מיט אַלע סטרייקס. איך האָב טאַקע די גאַנצע צייט געזען, אַז ער איז אַנ־דערש ווי אַלע אַנדערע מענטשן. אַ סך מאָל, ווען ער קומט אַריין, זאָגט ער נישט, ווי עס פירט זיך, העלאָ! ער הויבט אָן אַרומ־שפּאַנען איבערן צימער, זעט אונז נישט, בייסט די נעגל, שטופּט אַלעמאָל אַריין די פינגער צווישן די האָר און ענטפערט ערשט דע־מאָלט אַ וואָרט, ווען מיימי פרעגט אים עפּעס. אפילו ווען ער רעדט צו מיר, מאַכט עס אויף מיר שטענדיק דעם איינדרוק, אַז ער האַלט אַ רעדע. איידער איך האָב נאָך צייט אים עפּעס צו ענט־פערן, רעדט ער פון קונסט, פון סאָציאַליזם, פון אַרבעטער אי־בער דער גאַרער וועלט, און ברענגט עס אַרויס אַזוי, אַז עס קומט אויס, אַז אַלע פּראָבלעמען זענען איין פּראָבלעם און אַז אַ מענטש דאַרף אַלצדינג וויסן, כדי ער זאָל איין זאַך וויסן.

„איך מוז דיר זאָגן, אַז די מענטשן האָבן מיר געעפנט די

אויגן. ווייסטו, וואָס זיי דענקען פון ליבע? איך וועל דיר באַ־
שרייבן איין קליינע סצענע, וועסטו שוין פאַרשטיין, ווי אַנדערש
זיי זענען. עס פרעגט מיך מיימי — ווי געפעלט דיר מיין פריינט?
זאָג איך — איך האָב געמיינט, אַז בערגער איז דיין חתן. צעלאַכט
זי זיך הויך אויף אַ קול און פרעגט מיך — וואָס מיינסטו
אַ חתן? וואָס איז אַזוינס אַ חתן? איך האָב זיך זייער פאַרשעמט
און געענטפערט — אַ חתן מיינט דער, צו וועמען מען איז אַ כלה
און מיט וועמען מען האָט שפּעטער חתונה. האָט זי זיך נאָך
העכער צעלאַכט און אָנגעהויבן דערציילן — אַז דאָס זענען אַל־
טע צערעמאָניעס, אַמאָליקע נאַרישקייטן, וואָס שטאַמען אָפּ פון
די ווילדע צייטן. היינט ווייסט מען שוין מער נישט דערפון. אַז
אַ בחור און אַ מיידל באַקומען זיך ליב, דאַרף מען נישט מאַכן
קיין צערעמאָניעס — מען האָט זיך ליב.

„איך ענטפער האָט מיך שטאַרק צעטומלט. דו ווייסט גאַנץ
גוט מיינע מיינונגען. איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין פאַנאַ־
טישע, אָבער האָבן אַזאַ פרייע מיינונג, קאָן איך מיר נישט פאָר־
שטעלן. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז ווען אַזאַ זאַך טרעפט
מיט מיר, וואָלט איך געקאָנט אַזוי האַנדלען. מיר דוכט זיך אויס,
אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס זי האָט נישט קיין עלטערן און
זי דאַרף פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן.

„איך וואָלט זייער געוואָלט, טייערער ברודער, זאָלסט מיר
ענטפערן אויף דעם בריוו. איך וויל זייער וויסן דיין מיינונג וועגן
דער פראַגע. נאָך אַלעמען ביסטו דאָך מיין נאָענטסטער. צו מילד־
רעדן וואָלט איך קיינמאָל נישט געקאָנט שרייבן אַזעלכע בריוו.
ווייסטו, אַז מילדרעד דאַרף באַלד געבוירן אַ קינד?

„וועסטו מיר גלייך ענטפערן אויף דעם בריוו?

„נ. ב. — איך האָב נאָר־וואָס באַקומען אַ בריוו פון בע־
גען. מילדרעד האָט געבוירן אַ מיידעלע. הוראַ! בענען מוז עס
גוט פאַרדריסן. ער וועט בלייבן אָן אַ יורש. לאָמירביידע טעלע־
גראַפירן. איך פון דאַנען און דו פון דאָרטן. יאָ?"

# קאַפּיטל זיבן

איינמאָל אין אַ שבת פאַרנאַכט, זענען אַלע דריי, סיליע, מיימי און בערגער, געגאַנגען אין טעאַטער. אָנשטאָט פאָרן, האָבן זיי שפּאַצירט אַרויף צו טיימס סקווער. עס איז געווען אָנהויב אָקטאָבער. דער אָוונט אַ וואַרעמער, אַ ניו־יאָרק־האַרבסטיקער. די הויכע מויערן אויף פינפטער עוועניו, נישט ווייט פון וואַשינג־טאָן־סקווער, זענען געשטאַנען פאַרנאַכטיק־שטיל און רייך־ריין. די שווייצאַרן אין אוניפאָרמען, זעלנעריש־גלייכע, האָבן געהיט די טירן און מיט אָנגעשפּיצטע אויערן פאַרנומען יעדן שאָרך, וואָס איז געקומען פון אינעווייניק אין די רייכע לאָבים.

סיליע האָט געטראָגן אַ ברוין קלייד, אַ ברוין היטעלע, שיך, הענטשקעס, און עס האָט זיך געדוכט, אַז ברוין איז אויך דאָס פּנים, וואָס איז שוין געווען גאַנץ היפּש שטאָטיש אויסגעבלייכט. אָבער אין איר האַרצן האָט געשפּילט אַ יום־טוב. בערגער איז געגאַנגען צווישןביידן און אַלעמאָל אָנגעכאַפּט איר, סיליעס, האַנט, ווי ער וואָלט דערמיט געמיינט צו דערציילן עפּעס זייער סודותדיקס. סודותדיק האָבן אויך גערעדט די אַלץ העכער קריכנ־דיקע מויערן, און ווען זיי זענען אַרויף ווייטער אויף דער עווע־ניו, האָט דער יום־טוב אָנגעהויבן קריכן טיפער אין די ביינער — די קראָמען זענען געווען פאַרשלאָסן, דער פאַרקער אַן אָפּגע־שטאָרבענער, די טראָטואַרן, צוויי מאָל אַזוי ברייט און פון ווייטן, מיט די אָנגעצונדענע לאָמפּן פון ביידע זייטן, האָט זיך געדוכט, אַז די גאַס איז אומענדלעך, ווי ס'איז אומענדלעך איר יונג־צאַפּלדיק האַרץ, און עס האָט זיך געוואָלט וואַקלאָזן אין אַ טאַנץ, מיטשלעפּן אין אַ פאַרכישופטן ראָד — בערגערן, מר. סטעגן, געמליעלן, אַלע בחורים, וואָס זי האָט געקענט און נישט געקענט.

— די שטאָט האָט איר אייגענע פּאָעזיע, — האָט זי פון אַן איבערפולט מויל אַרויסגעשאָסן.

ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער דריי־און־צוואַנציקסטער גאַס, איז זי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם זעקס מאָל ברייטן וועג,

וואָס האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט. זעקס באַזונדערע וועגן, פון זעקס פאַרשידענע גאַסן, האָבן זיך דאָ צונויפגעגאָסן אין איין אָפענער ברייטקייט. דער אַספאַלט האָט שוואַרץ געגלאַנצט. די לופט האָט געשמעקט מיט בלויען שטאָל און אייביקייט. די פלעט־אייראָן־בילדינג האָט, ווי אַ שוואַרץ מעסער, אַריינגעשניטן אין סאַמע האַרץ פון בראָדוויי און געקרייצט מיט די אויבערשטע גאָרנס די בלויע וואָלקנס. סיליע האָט אָנגעהויבן ציטערן. זייענדיק צוגע־וווינט צו קליינע זאַכן, האָבן אַלע מויערן אויסגעזען נאָך צען מאָל העכער. זי האָט אין רעליגיעזן עקסטאַז אָנגעהויבן מורמלען:

— וואָלקן־קראַצער — איצט פאַרשטיי איך דאָס וואָרט. וואָס פאַר אַ מויער איז רעכטס? וואָס פאַר אַ מויער איז לינקס?

די לאַמטערנעס־שיין פון דער פינפטער עוועניו האָבן פון דאַנען אויסגעזען, ווי אַ פלאַמיקע קייט, וואָס הענגט אין דער לופטן. איבער דער קייט — בלויער שטאָל, בליציקער גרין, איבער־געריסענע עלעקטריע, וואָס בליצט אויף מיט בלויע פלאַמען, מיט אייביקייט, מיט אָן־סופיקער ווייטקייט, און וואָס וועט אַמאָל אויפ־הויבן די ערד און זי איבערטראָגן אויף אַן אַנדער פּלאַנעט.

— וואָס פאַר אַ מויער איז רעכטס? וואָס פאַר אַ מויער איז לינקס? און דאָ אויבן? און דאָרטן אונטן? וואָס רודערט אַזוי אונ־טער די פיס? עס דונערט אונטער די פיס.

בערנער איז געפּלעפט געוואָרן פון אירע פראַגן און אויסזען. איר פּנים איז געוואָרן, ווי דאָס פּנים פון אַ קליין קינד. זי האָט געזען מיט צען פאַר אויגן. זי האָט אויפגעכאַפּט צענדליקער זאַכן מיט איינמאָל. די האַלבע לבנה, הויך אויפן הימל, האָט אין אי־רע אויגן אויסגעזען, ווי אַן איבערגעבראָכענע לבנה.

— פונוואַנען נעמט זיך צו דיר אַזאַ שפּראַך? — האָט ער אַ פאַרציטערטער זי אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט, פאַרגעסן מיימין, און איר אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— מיר גייען דאָך נישט אָנקוקן די שטאָט, — האָט מיימי פּלוצלינג בייז און שטעכיק אַרויסגעשאָסן. — מירן דאָך פאַר־שפּעטיקן די פאַרשטעלונג. אויב דו ווילסט ווייזן די שטאָט, קאָנ־סטו זי דאָך מאָרגן נעמען אויף אַ שפּאַציר.

בײַ אַלעמען האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעהאַקט דאָס לשון. אַלע דרײַ האָבן פֿון זיך אַלײן פֿאַרשנעלערט דעם גאַנג. מײמים שטע־ביקע װערטער האָט זי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט װאַסער.

— איך װאָלט ליבערשט בלײַבן דאָ און גײן שפּאַצירן, — האָט סיליע אין אַ װײַלע אַרום געזאָגט.

— נײן, נײן, — האָט זי בערגער אָנגעכאַפּט פֿאַר אַ האַנט,— דו גײסט מיט אונז.

— איך װעל אײך שטערן, — האָט זי שטילער געענטפֿערט.

— נײן, נײן און נאָכאַמאָל נײן, — האָט ער כּמעט אָנגע־הויבן שרײַען, — װעסט קײנעם נישט שטערן. מיר האָבן נישט קײן סודות. איך זאָג, װאָס איך דאַרף, פֿאַר אַלעמען אין די אויגן.

זײַן גאָרגל האָט איצט שטאַרק געאַרבעט. פּונקט, װי די נאָז, אַזױ איז געװאָרן זײַן גאַנצער אויסזען — דער הױכער גוף, אַביסעלע האָרבאַטע, די ברוסט געבױגן. גאַנץ ײדישלעך האָט ער אונטער־געבאָמקעט אַ פֿרומען ניגון און בײַ זיך אין האַרצן געטראַכט — אַז ער מעג פֿאַרכאַפּט װערן פֿון אַ צװײט מײדל. ער איז מײמין גאָרנישט שולדיק.

מײמי האָט מער נישט גערעדט. זי איז בלויז געװאָרן קלע־נער, דאַרער, דאָס פּנים גרינער און לענגער, און זי האָט אָנגעהויבן שפּאַנען שנעלער, פֿריער פֿאַר זײ.

— איך װאָלט ליבערשט געגאַנגען שפּאַצירן, — האָט סיליע װידעראַמאָל געזאָגט.

— מירן שפּאַצירן נאָכן טעאַטער, — האָט זיך בערגערס קול געביטן.

אָבער אין טעאַטער האָבן אַלע דרײַ אַלץ פֿאַרגעסן. סיליע האָט אויסגענומען צו זיצן לעבן בערגערן. די בינע איז געװען אַ פֿינסטערער קעלער, מיט געדרײטע, פֿאַרפּלאָנטערטע קאָרידאָרן. קײנער האָט נישט געװוּסט, װי אַזױ אַהין אַרײַנצוגײן. אַלעמאָל זע־נען דורך פֿאַרהוילענע טירן אָנגעקומען בעטלער, שנאָרער, קרומע, לאָמע, מענטשן אויף װעגעלעך, רעדלעך, קוליעס, אין אַלערלײ בערד, פּאַרוקן, מאַסקעס און אין פֿאַרשידענע אויסגעבעטע קלײ־דער, אין װעלכע עס זענען געװען קונציק אײַנגענײט צעפּוילטע

פּיס און הענט. דער קעלער איז פול געוואָרן מיט טוכלע ריחות, מיט קרעכצן און זיפצן. אַ געשטאַנק פון שמאַטעס, פאַרקאַלטנטע בערד, צעפוילטע גלידער, האָבן אין זייער רעאַליזם זיך אַריבער־געטראָגן צום פּובליקום. נאָר מיטאַמאָל איז דער קעלער געוואָרן אַלץ ליכטיקער. פאַרהוילענער ווייסער שיין האָט אָנגעהויבן פאַלן אויף די געדרייטע טרעפּ, ווענט און קאָרידאָרן. דורך אַ באַ־האַלטן פענסטער האָט אָנגעהויבן אַריינשיינען אַ ליכט, ווי פון אַ זון, און מיטאַמאָל איז פון דעם איבלדיקן קנויל אָפּפאַל גע־וואָרן אַ כאָפּטע יונגע, לוסטיקע מענטשן. יעדער איינער איז גע־ווען אפשר זעקס פוס הויך. אַלע האָבן געהאַט יונגע, שטאַרקע האָר. ביי אַלעמען האָבן געברענט די אויגן מיט זשעדנע, גלוסטנ־דיקע פייערלעך. צווישן וואַשן זיך, איבערטאָן זיך און פאַרקעמען זיך האָט זיך צווישן דער חברה צעוויקלט אַ לוסטיקער, לעבעדי־קער שמועס, וואָס איז געווען פול מיט שטעכווערטלעך און חוזק אויף דער דרויסנדיקער וועלט. אַלע האָבן צוזאַמען לוסטיק גע־לאַכט. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער קעלער האָט זיך פון זייער געלעכטער אויפגעהויבן העכער, ברייטער און ליכטיקער. פול מיט שפּאָט, ביטול, גיפטיקער איראָניע, האָט די חברה פון דאַנען אַרויס, באַשפּיגן גאָר די וועלט און מיט חכמה, שפּאָרעוודיקע ווערטער, געשאָסן פיילן אינדרויסן אַרויס, גלייך ווי זיי וואָלטן עס זיין די חכמים און פילאָזאָפן פון לאַנד.

— איך האָב ביי אַ זקנה אַרויסגעריסן אַ גאַנצן דאַים, — האָט איינער אַרויסגעשאָסן אַ געלעכטער, — ווען די אַלטע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין צעפוילטן פוס, האָט זי זיך אָנגעהויבן צלמען.

— מיין האַנט האָט צוגעצויגן אַ גאַנץ רעדל, — האָט אַ צווייטער געפּוצט מיט אַ קליין בערשטעלע די נעגל פון זיינע פינגער.

אין קעלער איז געוואָרן אַלץ ליכטיקער. עס האָט אָנגעהויבן שפּילן מוזיק. פון מיילער זענען געפאַלן בליציקע, גיפטיקע, צו־להכעיס־ווערטער.

— אַ פּראָסטיטוטקע האָט מיר צוגעוואָרפן אַ גאָלדן רינ־געלע.

— אַ גענגסטער — אַ זילבערנע טאַבאַטשניצע.

— אַ דאַמע — אַ סענט.

— אַן אָרעמע פרוי — אַ קוואָדער.

— אַ סענאַטאָר — אַ קאַרטל, ווו צו קומען אים זען.

— אַ ראַדיקאַל האָט אויף מיר אַ שפּיי געטאָן.

— אַ רעדנער האָט אויפן ווינקל גאַס געפּרעדיקט אַ בעסע־רע געזעלשאַפט. ער האָט גערופן צו רעוואָלט.

— אידיאָט! — האָט איינער אויסגעשריגן. — פאַרוואָס האָסטו אים נישט געוואָרפן דאָס וועגעלע אין קאָפּ?

— אונזער קעלער וועט קיינער נישט וואַגן צו אַטאַקירן, — האָט אַ צווייטער געענטפערט, — אונזער מלוכה איז שטאַרק.

סיליע איז געזעסן ווי אין אַ היגערפלעט. די רייד אויף דער בינע האָבן אונטערגעמינעוועט דאָס גאַנצע לעבן. יעדער דרויסנ־דיקער מענטש איז אין מויל פון די אַקטיאָרן צעריבן געוואָרן. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי מאַכן חוזק אפילו פון פּובליקום, וואָס איז געווען אין טעאַטער. עס האָט זיך געדוכט, אַז די מלוכה, וואָס די כאָפּטע יונגען האָבן אויפגעשטעלט פון ברעטער, ווענטלעך, טירן, טרעפּ, חושך און גרויל, איז די אמתע וועלט און אַז פון דאַ־נען, פון קעלער, וועלן די דאָזיקע מענטשן באַהערשן די וועלט.

— לאָמיר גיין אַהיים, — האָט סיליע געזאָגט, אַרויסקומענ־דיק אין גאַס, — איך בין אַזוי מיד.

זיי האָבן זיך געשעמט צו קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. זייערע קעפּ זענען געווען געגנידערטע.

— איך בין אַזוי מיד, — האָט ווייטער געזאָגט סיליע.

— איך וואָלט געוואָלט גיין אין אַ שענק, — האָט געזאָגט מיימי.

— עס איז מיר אַזוי שווער דאָס האַרץ, — האָט ווידעראַמאָל געזאָגט סיליע.

— מיר, שווער, — איז בערגער דער ערשטער געקומען צו זיך און זיי ביידע אָנגעכאַפּט פאַר די הענט, — דאָס איז בלויז

אַ קראַנקע פֿאַנטאַזיע פֿון אַן עובר־בטל. מיר גייען אין דער „בלעק־קעט״.

— וואָס איז „בלעק־קעט״? — האָט סיליע געפֿרעגט.

— אַ קאַפֿע.

— איך בין מיד.

— מיד מאַי אַי, — האָט ער געכאַפּט סיליען אונטערן אָרעם און גערעדט אין אַן ענגלישן סלענג, ווי שטענדיק, ווען ער פֿאַלט אַריין אין אַ געהויבענער שטימונג. — איצט גייען מיר אין „בלעק־קעט״. וועסט באַלד זען אַ צווייטן סאָרט קעלער. דער מין קעלער וועט זיכער אַרויסקומען דער זיגער.

זיי זענען ווידעראַמאָל אַראָפּ אין אַ קעלער. אינעווייניק אין קאַפֿע איז געווען פֿינסטער. פֿון רויך, טומל און אָריענטאַלישער קאַצנמוזיק האָט זיך ביסלעכווייז אַרויסגעשיילט אַ גרויס, טונקל צימער, מיט שוואַרצע ווענט, שוואַרצע קעץ איבער דער סטעליע און מיט שוואַרצע ליכט אויף קליינע טישלעך. דער געלער פּלאַם פֿון די שוואַרצע ליכט האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד. די מענטשן אַרום די ווענט, היים־פֿאַרשמאַכטע, האָבן האַלב־שיכּורלעך צוגעבאַמקעט צו דער מוזיק, ווי קעסל־פּויקן. בערגער איז צו צו אַ טישל, גלייך ווי ער זאָל האָבן דעם פּלאַץ פֿריער באַשטעלט, און מען האָט געקאָנט זען, אַז ער איז דאָ נישט קיין פֿרעמדער.

— דאָ וועסטו באַלד אין אַלץ פֿאַרגעסן, — האָט ער אין דעם האַלבן חושך געדריקט סיליעס האַנט — קעלנער, אַ פֿלאַש ווײַן.

איידער סיליע האָט זיך אַרומגעקוקט, זענען שוין בײַם טישל געזעסן נאָך מענטשן. מען האָט געשלעפּט שטולן און זיך געררוקט איינער אויפֿן אַנדערן. בערגער האָט זיך צוגערוקט גאָר נאָענט צו סיליען. אַ קני האָט געבריט אַ קני און ער האָט זי אָנגעהויבן פֿאַרשטעלן מיט אַ באַרימערײַ, ווי ער וואָלט אַנטדעקט אַ גרויסן טאַלאַנט:

— דאָ האָבן מיר אַ פֿאַרמערקע, וואָס וועט אונדז מיט דער צייט אַלעמען אויסבײַטלען.

סיליע איז רויט געוואָרן און נישט געוווּסט וואָס צו ענט־

פערן. אין איין מינוט און צווישן עולם האָט זיך צעוויקלט א הויי־סער ויכוח. א מיטל־יאָריקער מאַן האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעי־שענע א דיקן זשורנאַל און אויפגעמישט א בלעטל.

— נאַ, — האָט ער אין לצנות געזאָגט, — אָט האָסטו דיר דיין אויפגייענדיקן טאַלאַנט. לייען איבער.

— איך האָב איצט נישט קיין צייט צו לייענען, — האָט בער־גער אָפּגעשאַרט דעם זשורנאַל.

— עס איז דאָך דיין האָדעוואַניע.

בערגער האָט אָנגעגאָסן גלעזלעך ווייַן, צוגערוקט א גלעזל צו סיליען.

— זענען נישט דיינע פּאָעטן פּאַרטאָן מער אין שיינקייט פון ליד, ווי אין דעם זין דערפון? — האָט ווייטער געשריגן דער מיטל־יאָריקער מאַן.

— גייט מיר גישט אָן מער דאָס שיינע מיידל, ווי אַלע רייד דיינע? — האָט בערגער געפרעגט.

מיטאַמאָל איז צום טיש צוגעקומען א בחור מיט א שוואַר־צער באָרד, ליכטיק פנים, בלויע אויגן און געגעבן א נעם אָן סי־ליען ביי א האַנט, מיט אַזא גבורה, גאָר צום חלשן:

— סעי, דו, מיידעלע, פונוואַנען קומסטו?

— לאָז זי אָפּ, — האָט בערגער אָנגעהויבן שרייען.

דער בחור האָט א כאַפּ געטאָן פון טיש א גלעזל ווייַן, א שטיק טאָרט.

— אָבער איך וויל דאָך וויסן, פונוואַנען זי קומט, וויל איך דאָך.

— פון א שטעטל, וואָס איז נישטאָ אויף דער לאַנד־קאַר־טע, — איז סיליע רויט געוואָרן, — פון דיקינסוויל.

— ווו — הע — דיקינס—וויל? וואָס וויל דער גאַי דיקענס? אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— ווו ליגט ער, דער גאַי? — האָט דער בחור מיט דער באָרד אַליין אָנגעהויבן לאַכן. — איך מיין דיקינסוויל.

ער האָט זיך אומגעקערט צו מיימין, וואָס איז שוין, ווי אויף צו להכעיס, געלעגן אין א בחורס אָרעמס.

— סעי, דו, קליינינקע, אטענד בעסער צו דיינע ביזנעס. וועסט באלד קיין חתן נישט האבן.

— מיין חתן איז שמעון, — האט מיימי האלב־שיכורלעך ארומגעכאפט דעם בחור און גענומען אים קושן, — בערגער מעג זיך האלטן מיט זיין פארמערקע.

— אזוי, דו מיינסט עס טאקע? סעי, יו, בערגער, דו הערסט עפעס א לשון. דו מעגסט זיך שוין האלטן מיט דיין פארמערקע. דו ביסט טאקע, מיידעלע, א פארמערקע?

— איך קום פון די קעטסקיל־בערג — האט סיליע געלאכט.

— טאקע, פון די סאמע בערג?

ער האט א קלאפ געטאן שמעונען איבער דער פּלייצע, אים א ריס געטאן פון מיימין.

— סעי, יו, באי! אט האסטו דאך א טעמע, — דאס בארג־מיידל, — אנו, גיב נאר א ביט אויס וויסענבערגן.

מיטאמאל האט זיך דער בחור אינגאנצן געביטן. אויף זיין פנים האט א שלאג געטאן א שטראליקע ליכטיקייט. זיינע אויגן זענען געווארן גרעסער. די בארד, א וויכער שווארץ, האט אנגע־הויבן גלאנצן. ער האט זיך ארייגעקוועטשט צווישן בערגערן און סיליען, ארויסגענומען פון קעשענע טשאקאלאד און פאר איר אפ־געבראכן א קליין פּיצעלע.

— נעם א שטיקל, שיין מיידל. דו קומסט טאקע פון די בערג? דארט א געבוירענע?

— דארט א געבוירענע, — האט סיליע געענטפערט.

— האסט טאטע־מאמע? און וואס טוסטו אין שטאט? גייסט אין קאלעדזש? וווּ וווינסטו?

— מיט מיימין.

— מיט מיימין? מיט דער אנארכיסטקע? זי וועט דיך אומ־גליקלעך מאכן. גיב א קוק, ווי זי וואלגערט זיך מיט א בחור פאר מענטשן אין די אויגן.

ער האט אפגעבראכן א צווייט שטיקעלע טשאקאלאד.

— סעי, עס נישט אזוי שנעל. דו ווייזט אויס צו זיין א נאַ־שערין. עס איז נישט יידיש. א יידיש מיידל דארף נישט אנשמירן

צופיל פוטער אויפן ברויט. גיב נאָר אַ קוק אויף דער אַנאַרכיסטקע. זי וועט אים באַלד אויפעסן. העי, דאָרטן! אַנאַרכיסטקע! מאַכסט מיך דזשעלעס!

מיימי האָט פּלוצים אָנגעהויבן שרייען. איר פּנים איז געוואָרן גרין און געל. מיט אַ היסטעריש, שיכּור קול האָט זי איבערגעלאָזט שמעונען און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף בערגערן:

— דו ביסט אַ מערדער. דו קאָנסט מיט גוטן אַרויסנעמען די נשמה. ווען איך זאָל האָבן גאָט אין האַרצן, דערשיס איך דיך.

שמעון האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו סיליען און זי אָנגעהויבן קושן.

— דו זאָג מיר נאָר, ווען ער טשעפּעט דיך, — האָט ער שיכּור געשריגן, — וועל איך אים פּלעטן דעם קאָפּ. איך וועל אַרויסרייסן זיין פּאַרקאַלטנטע באָרד.

— איך זאָג דיר, פּאַרמערקע, היט זיך פאַר זיי, — האָט דער בחור מיט דער באָרד זיך אָפּגערוקט. — דאָס איז אַ באַנדע גענגסטער. אָט, ווי קליין זי איז נישט, האָט זי שוין אָרגאַניזירט אַ פּאָלק סאָלדאַטן. זי וויל אַרונטערוואַרפן דעם קיסר. זי וועט זיך נאָך אַמאָל שמדן.

— אויב דו גייסט מיט מיר נישט גלייך אַהיים, — האָט מיימי אָנגעהויבן וויינען הויך אויפן קול.

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס טשעפּעסטו זיך? — האָט זי בערגער אָנגעהויבן גלעטן איבערן קאָפּ. — איך בין נישט אַ קאָפּ שיכּור. איך האָב איר בלויז דערציילט מעשיות פון די איסט־סיידער גענגס.

— טאָ קום גלייך אַהיים, — האָט זיך מיימי אוועקגעזעצט אויף זיין שויס און זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, — איך קאָן דאָ מער נישט איינזיצן. איך וויל זיך איבערקלייבן אין אַ צווייטער דירה.

מיטאַמאָל האָט מען אינגאַנצן אויסגעלאָשן די ליכט. אין צימער איז געוואָרן שטאָק־פינסטער. עמעצער האָט פון ערגעץ אַ ווינקל אָנגעהויבן זינגען אַ נעגערשן ספּיריטואַל. זיין פּנים איז געווען באַלויכטן פון אַ בליץ־לעמפּל און דערפאַר ווייס, ווי ביי

א מת. עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס קול קומט פון יענער וועלט. נאָר פּלוצים האָט דער גאַנצער עולם אָנגעהויבן מיטזינגען. טע־נאָרן, סאָפּראַנען, באַסן זענען אַלעמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ כאָר; פריער שטיל, לאַנגזאַם, אָן כּוחות, ווי שלאָפנדיקע; נאָר באַלד איז דאָס געזאַנג געוואָרן העכער, שאַלנדיק, וואָרנענדיק, נאָך העכער, ביז עס האָבן זיך פון אַלע ווינקלען, סטעליעס, אַ גאַנס געטאָן פּרו־מע געוואַלטן, הייליקע געוויינען, ווי אַ מחנה פּילגרימען וואָלטן געגאַנגען עולה־רגל זיין ערגעץ אין אַ וואַלד, אין אַ פאַרלאָזענער ווילדערניש, ווו עס ברענען פון וויטן שטורקאַצן און פונוואַנען עס ציט זיך, אַרויף צום הימל, אַ העליש פייער.

דער עולם איז ווילד געוואָרן. מען האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איינער אויפן אַנדערן מיט ווילדע קושן, מיט היים־אָפּגעהאַקטע אָטעמס. מיימי האָט הויך געוויינט און איר קול, צווישן געזאַנג, איז געווען, ווי דאָס וואָיען פון אַ הונט. שמעון האָט אַרויפגע־שלעפּט סיליען אויף זיין שויס. זיין יונג, בלייך פּנים האָט גע־ברענט, ווי אַ שטיק פייער. אין דער פינסטער האָבן זיינע אויגן געלויכטן, ווי אויגן פון אַ קאַץ. ער האָט געשעפּטשעט אין סיליעס אויערן ווערטער. ער האָט דעם אויער געביסן. סיליען האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ. הענט און פיס האָבן איר געציטערט. זי האָט געפילט, ווי עס גייען איר אויס די כּוחות, אַ מינוט צום חלשן.

— פיר—מיך—צוריק—אַהיים, — האָט מיימים שיכּור, הי־סטעריש קול דורכגעריסן די פינסטערניש.

עס איז שוין געווען גרויער טאָג, ווען די חברה איז אַרויס פון דער קאַפע. אַלץ אַרום איז געשלאָפן — דער פּאַרק, ביימער, גאַסן און מויערן. שמעון האָט אויף איין מינוט נישט אָפּגעלאָזט סיליען. זיין פּנים איז געווען בלייך אין שיין פון מאָרגנליכט. זיי־נע לאַנגע פינגער האָבן זיך געפלאָכטן אין אירע.

— נעם מיך אַרויף צו דיר איבערנעכטיקן, — האָט ער שיכּורלעך געהאַלטן אין איין בעטן זיך, — וועסט זען, איך וועל אַמאָל זיין דער גרעסטער יידישער שרייבער. מיין וואָרט וועט זיין נאָך קלאָרער, ווי דיינע קלאָרע אויגן.

בערגער האָט אים קוים פאַרטריבן.

— אָבער מאָרגן קום איך זיכער אַרויף, — האָט ער גע־שריגן.

— מאָרגן וועל איך אייך פאָרן בעסטן גאַסט צונעמען, — האָט סיליע געענטפערט.

— טאָ גיב מיר אַ קוש, — האָט ער אויסגעשטרעקט דאָס פּנים.

זיי האָבן זיך ביידע צעקושט.

## קאַפּיטל אַכט

ווען שמעון איז אויף מאָרגן אַרויפגעקומען צו סיליען, האָט זי אים כּמעט נישט דערקענט. ער איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדע־רער. אַ שעמעוודיקער, יונגער בחור, האָט ער זיך כּסדר געשאַרט אַרום די ווענט. ער איז געזעסן אויף אַ בּרעג סאָפע. זיין קול איז געווען צעשראָקן, דאָס פּנים איידל־רבּניש, און די הענט, ווי ביי אַ מיידל. ער האָט אַלץ איבערגעקוקט די ביכער, וואָס זענען גע־שטאַנען אין אַ שאַפע און באַטראַכט די פּאָר בילדער, וואָס זענען געהאַנגען אויף דער וואַנט.

— אויב איר זענט פאַראינטערעסירט אין דייטשער ליריק, האָב איך אַ פּאָר זעלטענע אויסגאַבן, — האָט ער אַרויסגענומען אַ דייטש בוך פון שאַפע און אים אָנגעהויבן בלעטערן. — איר לייענט דייטש?

סיליע איז רויט געוואָרן.

— דאָס איז מיימים ביכער־שראַנק, — האָט זי געזאָגט, — איך קען קיין דייטש נישט לייענען. איר זענט אינגאַנצן אַן אַנדע־רער, ווי נעכטן אין קאַפע.

— וואָס מיינט איר? — איז אויך ער רויט געוואָרן און אָנ־געהויבן שמייכלען. — בּערגער האָט צונויפגעמישט ווייַן מיט בראָנפן, און איך האָב נישט געוווסט, אויף וואָסער וועלט איך בין. איך בין טאַקע געווען גוט שיכּור?

זי האָט אים אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי ער האָט אויס־געזען אין קאַפע.

שמעון איז געוואָרן רויט איבער די אויערן.

— ער האָט שטענדיק אַ טבע מיך אָנצושיכּורן, — איז ער פאַרשעמט געוואָרן, — ווען מיר קומען זיך צונויף, פראַוועט ער אַזוינע שטיק. איך בין טאַקע געווען אַזוי שיכּור? איך בין עפּעס באַגאַנגען אַ נאַרישקייט?

דער בחור האָט זי אינגאַנצן צענומען. זי האָט געקוקט אויף זיין פּנים, אויף זיינע שיינע האָר, מיידלש־איידעלע הענט, אויף זיין רויטלען זיך און נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַ מענטש קאָן זיך אַזוי איבערבייטן.

— ווי אַנדערש איר זענט איצט! — איז זי געשטאַנען מיט אַן אָנגעגרייט מויל, צעפּלאַמט פּנים און לעכצנדיקע הענט.

ער האָט בלויז געקוקט אויף איר.

— איר זענט געווען אַזוי פריילעך. איך שעם זיך איבער־צודערציילן, וואָס איר האָט געטאָן מיט מיימין.

— איך מיט מיימין? עס איז נישט מעגלעך.

— איך שעם זיך איבערצודערציילן, וואָס איר האָט גע־רעדט, — איז זי אַלץ צעפּלאַמטער געוואָרן.

— טאַקע? איך האָב איך באַליידיקט?

— נישט באַליידיקט. אפשר האָב איך אייך באַליידיקט.

זי האָט געוואָלט אַ סך רעדן, אים אַ סך זאַכן דערציילן. עס קאָן דאָך זיין, אַז מען פאַרליבט זיך אין אַ מענטשן אויפן ערשטן בליק, איז איר געלעגן אויף דער צונג אַן אָנגעגרייטע רעדע. אָבער זי האָט די אַלע ווערטער נישט געקאָנט אַרויסרעדן. שמעון האָט בסדר גערעדט פון ליטעראַטור, פון קונסט, פון שיינע זאַכן, וואָס זענען פאַר איר געווען פרעמד און ווייט און שרעקעוודיק.

פונדעסטוועגן איז ער צו איר געקומען אַלע טאָג און זי גע־לערנט דייטש. אין אַ באַשטימטער שעה האָט ער געקלונגען ביים גלעקל און מיימי איז מער נישט געווען אייפערזיכטיק אויף בער־גערן. אַלע פיר זענען צוזאַמען געזעסן אויף דער סאָפע. שמעון האָט פאָרגעלייענט זיינע דערציילונגען און אַלע האָבן אַרויסגעזאָגט

מיינונגען. איינמאָל האָט שמעון געלייענט אַ מעשה פֿון אַ בחור מיט אַ מיידל, ווי ער האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז אונטער פֿאַרשידענע אומשטענדן זענען מענטשן פֿאַרשידן, אָבער אַזוי שנעל, ווי די אומשטענדן בייטן זיך, בייטן זיך אויך די מענטשן. סיליע האָט געוווּסט, אַז דאָס מיינט ער זיך און זי, אָבער זי האָט מורא געהאַט דאָס אַרויסצורעדן.

— דאָס איז מיין איבערצייגטע מיינונג, — איז מיט איר קלינגענדיק קול אַרויסגעשפּרונגען מיימי, — איר זענט, שמעון, אין דער דערציילונג דערגאַנגען צו אַ מדרגה. אומשטענדן מאַכן דעם מענטשן.

סיליע האָט געמיינט פּונקט פֿאַרקערט. זי האָט געמיינט, אַז אַ מענטש דאַרף האָבן כּוח צו באַצווינגען אומשטענדן. האָט זי דען דאָס נישט איבערגעלעבט? האָט זי זיך נישט אַרויסגעריסן פֿון אַ סביבה און אומשטענדן קעגן דעם טאַטנס ווילן? שמעון האָט נישט קיין כּוח. ער האָט נישט קיין מוט. דערפֿאַר שרייבט ער אַזוי.

אָבער זי האָט מורא געהאַט אין קעגנוואַרט פֿון בערגערן און שמעונען אַרויסצורעדן די ווערטער. זי איז בלויז געזעסן אומעטיק־שטיל. געווען אין בעם אויף זיך. אפשר פּאַסט זי זיך נישט אַריין צווישן די מענטשן? אפשר טראַכט גאָרנישט פֿון איר שמעון? זי האָט זיך אַ שטילע אויפגעהויבן פֿון סאָפע.

„בערגער איז שוין מער מענטש פֿון אים, — האָבן קליי־נע העמערלעך געזעצט אין איר מוח, — בערגער איז מוטיקער".

— סיליען געפֿעלט נישט מיין דערציילונג, — האָט איר שמעון נאָכגעשריגן.

— ווער זאָגט? — האָט זי אַ טרויעריקע זיך אומגעקערט.

— טאָ פֿאַרוואָס זאָגט איר נישט עפּעס?

— איך קאָן נישט רעדן, — זענען אירע אויגן פֿאַרלאָפֿן געוואָרן און זי איז געבליבן שטיין נאָענט פֿון אים.

---

עס איז גיך אָנגעקומען ווינטער. אַ ניו־יאָרקער ווינטער, אָן שניי און אָן פֿרעסט. סיליען איז געווען שווער זיך צוצוגעוווינען

צו דעם דאָזיקן ווינטער. זי האָט געבענקט נאָך שניי. פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען די היים. די הויכע בערג, פאַרשאָטענע וועגן און די באַזונדערע שיינקייט, וואָס דער ווינטער ברענגט אויף אַ פּאַרם. עס האָט זיך איר דערמאָנט טעג, ווען זי פלעגט אַוועק צום סעקעט לעיק, מיט גליטשערס אין די הענט און ווי זי פלעגט, ווי אַ בליץ, דורכשניידן די ברייט פון טייך. פאַר די אויגן זענען אַרויסגעשוווּמען לבנהדיקע נעכט, ווען זי פלעגט מיט פערד און שליטן זיך אַוועקלאָזן קיין מייפּעלוווּד.

אַלע טאָג איז זי געווען אויפסניי אַנטוישט און אין יעדן בריוו אָנגעפרעגט ביי דער מאַמען, צי דאָרט, אין די בערג, איז שוין אויסגעפאַלן אַ שניי.

„דאָ, אין שטאָט, איז דער וועטער פּונקט ווי די מענטשן", — האָט זי געשריבן דער מאַמען, — „די מענטשן זענען שיכּור אויף איין מינוט, און דערנאָך דערקענסטו זיי נישט. איינמאָל רעדן זיי אַזוי און אַ צווייטן מאָל שוין עפּעס אַנדערש. עס איז זיי שווער צו פאַרשטיין, די שטאָטישע מענטשן".

דערויף האָט איר די מאַמע געענטפערט, — אַז „מילדרעדס בעיבי, טערעזאַ, איז אויך אַזאַ. יעדע מינוט מאַכט זי נייע גע־וואַלטן. דער טאַטע זאָגט, אַז דאָס רייסט זי זיך אַזוי קיין ניו־יאָרק".

סיליען האָבן זיך, לייענענדיק דעם בריוו, געשטעלט טרערן אין די אויגן. זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט זיך קיינמאָל נישט קאָנען איינלעבן מיט די מענטשן אין שטאָט. דער טאַטע איז געווען גע־רעכט. אַ פּאַרם ליגט אַוועק אַ שטעמפּל, וואָס מען קאָן קיינמאָל נישט אָפּמעקן. וויפל זי זאָל זיך נישט לערנען, וועט זי נישט דער־יאָגן מיימין. זי האָט מיט איר גאַנצן לייב און לעבן ליב שמעונען און האָט פאַר אים אין דער זעלבער צייט מורא.

איינמאָל האָט עמעצער אַ פרעמדער אָנגעקלונגען אין טיר. אויפן ערשטן בליק האָט זי נישט געקאָנט כאַפּן, אין וועמען דאָס פּנים דערמאָנט זי.

— איר דערקענט מיך נישט, מיס סטיינבוירג?

— ניין, — איז זי צעטומלט געוואָרן.

— וועל איך אייך נישט זאָגן מיין נאָמען, ביז איר וועט זיך אליין נישט דערמאָנען, — האָט ער איר דערלאַנגט אַ האַנט.

די האַנט איז געווען אַ ווייכע, וואַרעמע, איידעלע.

— אָ, עטקין, — איז זי רויט געוואָרן, דערמאָנענדיק זיך אין ברודערס פריינט.

— איך וואָלט אייך אויך נישט דערקענט, — איז ער אריין אין שטוב, — איר האָט זיך אַזוי געביטן.

— ווי אַזוי? — איז זי פרייליך געוואָרן, שיינענדיק. — צום ערגערן? צום בעסערן?

— איך ווייס נישט. דאָס דאַרף איך ערשט אויסגעפינען.

— שענער געוואָרן?

— דאָס זענט איר שטענדיק געווען. ארטור האָט מיר צוגע־שיקט אייער אַדרעס און איך האָב באַשלאָסן צו גיין אַ קוק טאָן, ווי עס זעט אויס דאָס מיידל, וואָס ער לויבט אַזוי.

— איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז מיין ברודער האַלט פון מיר.

— נאָך ווי. אין יעדן בריוו רעדט ער פון אייך.

עס האָט זיך צעוויקלט אַ פרייער, היימישער שמועס, אָן שווע־רע ווערטער, אָן אָנגעשטרענגטן טראַכטן.

— איז וואָס טוט איר אין שטאָט? — האָט ער לייכט, שפּי־לעווודיק געפרעגט.

— לערן זיך.

— און וואָס איז וועגן ווערן אַן אַקטריסע? — האָט ער גע־שמייכלט.

— דערצו גרייט איך מיך אויך צו.

— כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, ווו אייך צו געפינען. איך בין דאָ קיינמאָל נישט געווען. ווי קומט איר אַהער צווישן די אַלע קרענקס?

— קרענקס? — איז סיליע רויט געוואָרן.

— איר ווייסט עס דען נישט? האָט איר נישט געזען דאָ די חבֿרה מיט די לאַנגע האָר און משוגענע היט?

ער האָט זי ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. זי האָט שטיל

געהערט, ווי ער רעדט און אים געהאַלטן אין איין אָפּמעסטן. פאַר די צוויי יאָר, וואָס זי האָט אים נישט געזען, איז ער געוואָרן מענ־לעך צעוואַקסן, מיט ברייטע פּלייצעס, פולן פּנים, נידעריקער שטי־מע, און דיקע וואָנצן.

— איך האָב אַ טעות, מיסטער עטקין, — האָט זי נערוועז, אויפגערעגט שנעל געענטפערט, — די מענטשן, וואָס איך קען, זע־נען אינטערעסאַנטע מענטשן. איך האָב אַ סך געלערנט פון זיי.

— זיי זענען אפשר אינטערעסאַנט, אָבער זייערע משוגענע אידעען. יעדער ווייסט, ווי אַזוי זיי לעבן.

— וואָס מיינט איר? — איז זי געוואָרן צעשראָקן. — פאַר־וואָס זאָלט איר אַזוי רעדן?

— אַלע רעדן אַזוי. איך בין נישט דער איינציקער.

סיליע איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענע. דאָס, אין וואָס זי האָט ביז איצט מורא געהאַט טיף אַריינצוקוקן, האָט דער בחור גרויזאַם אויפגעריסן. עס איז אַרויסגעשוווּמען פאַר די אויגן מיי־מי און בערגער, דער אָוונט אין דער קאַפע, דאָס פרייע האַלטן זיך פון אַלע די מענטשן. איר פּנים איז בלייך־גרין געוואָרן. אָבער אין דער צווייטער מינוט איז זי געוואָרן אַן אָנגעצונדענע. אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן פינקלען.

— איך ווייס נישט, וועמעס מאָראַל עס שטייט העכער, — האָט זי אָנגעהויבן, — צי דעמס, וואָס לעבט אַזוי צוליב זיין אי־בערצייגונג, צי דעמס, וואָס טוט עס צוליב „פאָן"; צוליב „פאָן", מיסטער עטקין, פאַרשלעפּן מיידלעך אין וואַלד אַריין מענ־מען?

עטקין איז געבליבן זיצן אַ צעטומלטער. זיין פּנים איז בלאַס געוואָרן. פאַר אַ מינוט האָט ער נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן.

— איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז דאָס איז עפּעס אַנדערש.

— וואָס מיינט איר אַנדערש? — האָט זי זיך געבראָכן אין צאָרן.

— ווען אַ בחור קומט אַרויס אין אַ קאַונטרי... — האָט ער אָנגעהויבן שמייכלען.

— איז וואָס? — האָט זי כמעט געשריגן אין ווייטאָג. זי

האָט געצאָרנט אויף איר אייגן לעבן. זי איז אַוועק פון אַ פאַרם און קאָן זיך דאָ נישט איינלעבן. זי האָט ליב אַ בחור און האָט פאַר אים מורא. טיף אין הארצן האָט זי געגלויבט, אַז עטקין איז גערעכט, און וואָס מער זי האָט אַזוי געטראַכט, אַלץ אויפגערעג־טער איז זי געוואָרן. עטקין האָט זיך אַ באַליידיקטער אויפגעהויבן פון שטול און זי האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

אין צימער זענען אָנגעקומען מיימי און בערגער. עטקין האָט זיי אָפּגעמאָסטן מיט ביטול און שפּאָט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט געקוקט אויף בערגערס געבויגענער נאָז, גאָרגל, הילוך און דורכגעשטאָכן דאָס פּיצעלע מיידעלע, וואָס איז געווען הויט און ביינער. סיליע האָט געפילט, ווי זי ברעכט זיך איבער פון שאַנ־דע. אין פאַרגלייך מיט זיי, איז דער בחור געשטאַנען ווי אַ ליכטי־קע זון: הויך, אַטלעטיש, גלאַט ראַזירט און מיט אַ טייערן מאַנטל און הוט.

— דאָס איז מיין ברודערס אַ פריינט, — האָט זי שטיל גע־שלונגען די ווערטער, — זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אין קאָ־לעדזש.

אַלע האָבן זיך נאָכאַמאָל אָנגעקוקט. עס זענען געשטאַנען אַנטקעגן צוויי וועלטן. אַלע האָבן זיך געשטאָכן מיט שנאה, פרעמדקייט, און ווייטער ווייטקייט.

— גוד באַי, — איז עטקין שטאָלץ, זיכער, אַרויס פון צי־מער.

— גוד באַי, — האָט מיימי און בערגער זיך אַריינגעוואָרפן אויף דער סאָפע, שטום, ערנסט, אָנגעבלאָזן.

סיליע איז אַריין אין קליינעם צימערל, וואָס מען האָט גערופן קיך, און אָנגעהויבן וויינען הויך אויפן קול. „מיין טייערער ברו־דער“, — האָט זי אָנגעהויבן שרייבן אַ בריוו צו אַרטורן.

---

„מיין טייערער ברודער“, — האָט זי פאַרענדיקט דעם בריוו שפּעט אין דער נאַכט, ווען מיימי איז שוין געשלאָפן, — „איך האָב באַשלאָסן אויפצוגעבן די סקול. מיר שטייט נישט אָן מער צו בעטן

געלט ביים טאַטן. איך וועל אָנהויבן אַרבעטן און אין אָוונט גיין אין אַ דראַמאַטישער שולע. דאָס איז דער בעסטער פּלאַן פאַר מיר. זיצן אויף אַלעם פּאַרטיקן און וואַרטן אויפן טאַטנס געלט איז גישט אָנשטענדיק. איך בין גרויס און שטאַרק גענוג צו פאַרדי־נען אַליין אויף אַ לעבן. איך גלויב, אַז אַ פרוי דאַרף זיין פּונקט אַזוי ווי אַ מאַן זעלבסטשטענדיק. שוואַכערע פאַר מיר לעבן זיך דורך אַן עמעצנס הילף. ווען דו זאָלסט אַ קוק טאָן אויף דער מיידל, מיט וועלכער איך וויין צוזאַמען. הויט און ביינער איז זי. און אַזוי זענען אַלע מיינע פריינט דאָ. איך מוז זיך מודה זיין, אַז אָפטמאָל פאַלן זיי אויף מיר זייער שווער. אויב מיר פעלט זייער אינטעליגענץ, פעלט זיי, ווי בערגער זאָגט, מיין כּוח, וואָס שטעלט צום אַלעם ערשטן אַוועק אַ מענטשן אויף די פיס. אָ, ברודער מיי־נער, ווען איך זאָל קאָנען אָנטרעפן אַ מענטשן, וואָס זאָל זיין גע־בילדעט, ווי שמעון און שטאַרק, ווי עטקין. איך דערמאָן עטקינען, ווייל ער איז היינט ביי מיר געווען.

„מיך פאַרדריסט, וואָס כ'האָב אים באַליידיקט. אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער מענטש איז מיר איצט ווייט, ווי עס איז ווייט מזרח פון מערב. אָבער מיינע איצטיקע פריינט זענען מיר אויך גישט נאָענט. ווען איך קוק אַריין טיף אין מיין נשמה, ווען איך זאָג זיך דעם אמת, זע איך, אַז אויך זיי זענען נישט מיינע. מיר זענען צוויי באַזונדערע וועלטן. איך בענק נאָך לעבן, נאָך געזונטן, יונגן לעבן און זיי לעבן אין אַ וועלט פון אידעען, פון אויסגעחלומטער שיינקייט, וואָס צעפאַלט פון קלענסטן ווינטל. אָ, גאָט, ווען דו וואָלסט געקאָנט פאַר מיר באַשאַפן עפּעס אַ פּונקט, ווו עס זאָלן זיך צוזאַמענקומעןביידע וועלטן“.

זי האָט אינמיטן שרייבן אָנגעהויבן וויינען. זי האָט אויסגע־מעקט דעם נאָמען שמעון און ווערטער, וועלכע זי האָט נישט גע־וואָלט, אַרטור זאָל לייענען.

„דו האָסט באַדאַרפט זען, סאַראַ דענדי עטקין איז“, — האָט זי פאָרטגעזעצט. — „ער איז אַזאַ שיינער, גייט אַזוי רייך אָנגע־טאָן. ער מוז זיין גוט אַרויסגעאַרבעט. פאַרדינט ער טאַקע אַזוי פיל

געלט אין זיין אָפיס? צום טייוול, פאַרוואָס האָב איך זיך באַדאַרפט אונטערהערן צו זיינע רייד דעמאָלט, אויפן פאַרם, ווען ער איז צו דיר אַרויסגעקומען?"

## קאַפּיטל נײַן

אין אַ באַשטימטן טאָג, אַ פערטל צו ניין אינדערפרי, איז סיליע אַרויפגעקומען אין אָפיס פון דער מוירקענטאַיל אימפּאָר־טינג קאָמפּאַני.

צום ערשטן מאָל אין אַזאַ גרויס צימער, האָט זי זיך אינ־גאַנצן פאַרלוירן. דער אָפיס האָט פאַרנומען דעם גאַנצן אַכצנטן שטאָק פון אַ גרויסער מויער. איבער דער גאַנצער לענג און ברייט זענען געווען צעשטעלט שרייב־טישן, שרייב־מאַשינען, רעכן־מאַ־שינען און אַן אַ שיעור טעלעפאָנען. די פענסטער האָבן שפּיגל־דיק געגלאַנצט. דער דיל, אַ שטיינערדיקער, איז געווען גרין אָפּגע־פאַרבט. צווישן די טישן, אַזוי ווי קאָרידאָרן אָן ווענטלעך, איז גע־ווען אויסגעלייגט גרינער, ווייכער סאַמעט. איבערן גאַנצן גרויסן שטאָק האָט אַרומגעשוועבט אַ שטילער, ערפורכטיקער הויך, און מען האָט געקאָנט פאַרשטיין, אַז דאָ ווערט נישט פאַרלוירן קיין איין מינוט.

פון די זעקס גרויסע עלעוויטאָרס זענען אַלעמאָל אָנגעקו־מען נייע מענטשן. די ליפטס האָבן אַרויסגעוואָרפן מיידלעך — יונגע, עלטערע, גאָר אַלטע, וואָס זענען אַלע ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן, באַלד זיך אומגעקערט אין כאַלאַטן גרינע, בלויע, געלע און צעפאַלן געוואָרן ביי פאַרשידענע טישן. סיליע איז געשטאַ־נען ביי דער טיר אַ צעשראָקענע. לעבן איר זענען געזעסן דריי טע־לעפאָן־מיידלעך. זייערע אויערן זענען געווען פאַרלייגט מיט טרייבלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אויפן קאָפּ מיט אַ געבויגע־נער דראָט. יעדע סעקונדע האָבן די מיידלעך פלינק און רירעוו־דיק געביטן די דראָטלעך. אַלע ווײַלע האָט אַ זשום געטאָן אַ צוויט־ערל, אויפגעבליצט אַ קליין פייערל, ווי אַ פייער־פליג און די

מיידלעך האָבן שטומערהייט געאַרבעט מיט לאַנגע, בלייכע פינ־
גער, ווי זיי וואָלטן געשפּילט אויף סטרונעס.

סיליעס אויגן זענען זשעדנע אַרומגעשפּרונגען איבערן גאַנצן
צימער. יעדע סעקונדע האָט זי דערזען אַ ניי פּנים. אַ מיידל ביים
טעלעפאָן האָט בסדר איבערגעחזרט — איר וועט נאָך דאַרפן
אַביסל צוּוואַרטן, מיס; מיסטער סטרעטאָן איז פאַרנומען.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז צוגעקומען מיסטער סטרע־
טאָן, אַ הויכער, מיטל־יאָריקער, שיין־געקליידטער מאַן און מיט
איר אַפילו קיין וואָרט נישט גערעדט. ער האָט בלויז שנעל אָנגע־
הויבן שפּאַנען איבערן לאַנגן קאָרידאָר צווישן טישן און סיליע
איז אים מיט דריבנע, גיכע טריט נאָכגעלאָפן.

אַלע האָבן איר שטום נאָכגעקוקט. סיליע האָט אויף זיך גע־
פילט צענדליקער אויגן. מיסטער סטרעטאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט
ביים סאַמע עק אָפיס, ווו פון אַ קעגנאיבערדיקער וואַנט האָט אַהער
אַריינגעשלאָגן אַ מאַשין־שאַפּ און ער האָט זי איבערגעגעבן צו
אַן עלטער מיידל.

— יו וויל טעיק קעיר אָוו די יאָנג לעידי, מיס טשאַרלס, —
האָט ער געזאָגט.

אָן שום סיבה זענען סיליעס אויגן געוואָרן פול אָנגעגאָסענע.
אַ מוראַדיקער עלנט האָט אַרומגענומען איר האַרץ. דאָס צימער,
וואָס האָט זי נאָר־וואָס געשראָקן מיט דער איבערנאַטירלעכער
שטילקייט, האָט איצט געזשומעט, ווי אַ קליינער וואַסערפאַל. עס
האָבן געקלאַפּט שרייב־מאַשינען. יעדע מינוט האָט ערגעץ געקלונ־
גען אַ טעלעפאָן. יעדע סעקונדע האָט עמעצער שטיל גערעדט. סי־
ליע האָט נישט געוווּסט, אויף וואָסער וועלט זי איז, נישט גע־
הערט, וואָס מען רעדט צו איר און גאָר פּלוצים, צום ערשטן מאָל
אין אַ קאַרגן יאָר, איז זייער שאַרף אַרויסגעשווומען פאַר די אויגן
דער פאַרם, טאַטע־מאַמע, מילדרעד מיט די קינדער, און גאַנץ דיי־
קינסוויל.

ווען זי איז פאַרנאַכט אַרויס פון דער געבײַדע מיט אַ קאָפּ פול
ווי אַ מילגרוים און מיד פּנים, איז זי אַריינגעפאַלן אין בערגערס

אָרעמס אַ דאַנקבאַרע, אַ גערירטע, ביז זי האָט זיך ערשט אין אַ ווײַלע אַרום געכאַפּט און זיך געוווּנדערט, ווי ער קומט אַהין.

— צוליב וואָס זענט איר געקומען אַהער?

— מײַמי איז הײַנט אַפּטאָון, — האָט ער געענטפערט.

— איר האָט עס נישט באַדאַרפט טאָן.

הערנערס גאַנג איז בלויז געוואָרן דערשלאָגענער, דער קאָפּ געבויגן און ער האָט זי, אַ שטומע, אַוועקגעפירט אין אַ רעסטאָראַן.

אויף מאָרגן האָט שוין סיליע אין אָפּיס אויפגעכאַפּט נײַע ווערטער. מיט בײדע אויערן אָנגעשפּיצט, האָט זי גיריק פאַרנומען אַ שפּאָגל־נײַע שפּראַך — דעביט, קרעדיט, עסעטס, פרעמדע שטעט און פרעמדע סחורות, נעמען פון זײַד, טישטוכער, שטיקערײַען און אַלערלײ וואָלן און באַוול.

זי איז שוין אַלײן געזעסן מיט אַ פּאַק אַדרעסן, וואָס זי האָט באַדאַרפט איבערשרײַבן אין אַ בוך און פון בוך צוריק אויף קאָנווערטן. אַלעמאָל האָט זי געפונען נײַע, אויסטערלישע נעמען, וואָס זי האָט פריער קײנמאָל נישט געהערט. נעמען פון ענגלענדער, פראַנצויזן, יידן, טערקן, איטאַליענער, און נעמען, וואָס זי האָט נישט געקאָנט באַשטימען, צו וואָס פאַר אַ פאָלק זײ געהערן. פּונקט אַזוי איז זי פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נעמען פון שטעט. זי האָט קײנמאָל נישט געוווּסט, אַז אין אַמעריקע געפינען זיך שטעט, ווי מאָסקווע, פּעטערסבורג, וואַרשע, בערלין און זשענעווע.

— דו דאַרפסט בלויז זײַן פּאָרזיכטיק און נישט פאַרבײַטן די סטעיטס, — האָט איר אײדל דערקלערט מיס טשאַרלס, — אין אַמעריקע געפינען זיך אַ צענדליק וואַרשעס.

שבת האָט איר מיסטער סטרעטאָן צוגעבראַכט אַ קאָנווערט מיט צוועלף דאָלאַר. סיליע איז געוואָרן רויט און זיך געשעמט צו נעמען דאָס געלט, און אין אָוונט האָבן חברה פאַרטרונקען די גאַנצע צוועלף דאָלאַר אין דער „בלעק קעט".

דערנאָך זענען שנעל געפלויגן שבתים. סיליע האָט אָנגעהויבן קויפן פאַרן אײגענעם געלט קלײדער, שיך, ביכער און אײַנגעצאָלט אין אַ דראַמאַטישער שולע פאַר אַ חודש לערן־געלט.

איינמאָל איז מיס טשאַרלס נישט אַריינגעקומען אין אָפיס אַ גאַנ־צע וואָך און סיליע איז געזעסן בײַ איר טיש. זי האָט שטאַרק פאַרנומען געקלאַפּט אויף דער שרייב־מאַשין. דער בלויער כאַלאַט און די פּאַפּירענע מאַנזשעטן ביז די עלנבויגנס האָבן איר צוגעגעבן אַ סך חן; זי האָט זיך געבראַכן דעם קאָפּ אויסצושטעלן גאָר אַ שיינעם בריוו, ווען עס האָט זיך פּלוצים צעקלונגען דער טע־לעפאָן.

— העלאָו! ווער איז עס? ווער, זאָגט איר? איך פאַרשטיי נישט.

זי האָט אויפגעהאַנגען דאָס רערל.

אין אַ מינוט אַרום האָט ווידער געקלונגען. בײַ אַ צווייטן טיש. אַ יונגערמאַן האָט זי צוגערופן — דאָס מוז זיין פאַר אײַך, מיס, — האָט ער געזאָגט.

סיליע איז געוואָרן רויט איבער די אויערן.

— העלאָו! ווער, זאָגט איר? בערגער? וואָס פּלוצים?

ער וויל וויסן, צי זי וויל גיין אין טעאַטער. ער האָט אויף היינט בײַנאַכט צוויי בילעטן. מיימי איז אין דער היים נישטאָ.

לעבן איר איז זייער איידל געשטאַנען דער יונגערמאַן און פון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן. אין רעכטן אויער האָט אַריינגערעדט אַ קול, וואָס האָט זיך אינגאַנצן נישט אַריינגעפּאַסט אין דעם אָפיס. בערגערס אַקצענט איז געווען אַ יידישער און אַביסל שרייענדיק־הייזעריק און זי האָט אַן אומגעדולדיקע אויפ־געהאַנגען דאָס רערל.

— אַ שיינעם דאַנק אײַך, — האָט זי אַ צעפּלאַמטע זיך אומגעקערט צום יונגנמאַן.

— מיין נאָמען איז קאַרל, — האָט ער זיך איידל פאַרנייגט,

— קאַרל רעפּ. ווי רופט מען אײַך? טאָמער רופט מען אַ צווייטן מאָל.

סיליע האָט אים געזאָגט איר נאָמען און אים נאָכאַמאָל גע־דאַנקט.

— איך אַרבעט היינט זייער פלייסיק, — האָט ער ווייטער־אַמאָל געזאָגט.

— אַ דאַנק, — האָט זי זיך געאײַלט אָוועקצוגיין.

— איך זע, איר זיצט שוין אויף מײַן טשאַרלס טיש.

— אויף אַ ווײַלע, — האָט זי קוים אַ שמייכל געטאָן.

דער יונגערמאַן האָט שוין אויף איר בסדר געקוקט. יעדעס מאָל, וואָס זי האָט אויפגעהויבן די אויגן פון טיש, האָט זי זיך באַגעגנט מיט זײַנע אויגן. זײַנע אויגן זענען געווען גרין־גרויע, אַביסל אומהיימלעכע, און סיליע האָט אַלעמאָל שנעל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אויב עס וועט אײַך עפּעס זײַן שווער, וועל איך מיט פאַרגעניגן אײַך אַרויסהעלפן, — איז ער, ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט, ווען סיליע איז געשטאַנען לעבן עלעוויִיטאָר.

— אַ דאַנק אײַך, — איז זי צעטומלט געוואָרן פון זײַן פּלוצימדיקן אונטערקומען.

ער האָט געטראָגן אַ טײַערן מאַנטל און הוט. אונטערן קאָלנער איז קאָרעקט געלעגן אַ ווײַס־זײַדענער שאַרף, אין דער אויבערשטער קעשענע אַ ווײַס טיכעלע, אויף ד'ער לינקער האַנט אַ זאַמשענע הענטשקע און מיט ד'ער רעכטער איז ער געווען גרייט צו רופן דעם עלעוויִיטאָר, איר העלפן אַרײַנגיין, ציען דעם הוט, אַפילו זי אַרויסטראָגן.

— אין אַזאַ אָפּיס זענען דאָ אַלערליי מעגלעכקייטן, — האָט ער גערעדט איידל, מיט געקליבענע ענגלישע ווערטער און זייער שטיל.

— איר אַרבעט שוין לאַנג דאָ?

— שוין זעקס יאָר. גלײַך פון קאָלעדזש בין איך אַהער אָנגעקומען. מיסטער סטרעטאַן איז זייער אַ פײַנער מאַן.

ער האָט זיך בסדר געגריסט מיט די אַלע מער צוגעקומענע מענטשן און זיך איידל אָפּגערוקט, ווען אַ קאָפּטע יונגע מיידלעך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויפגעקומענעם ליפט.

— מירן געמען אַ צווייטן, — האָט ער זיך געשטעלט נאָענט לעבן סיליען, — די חברה ווערט ווילד, ווען עס קומט צום אַהיימגיין.

ער האָט זיך שוין געגרייט מיט איר צו פֿאַרפֿירן אַ לאַנגן שמועס און אפשר זי אונטערפֿירן צו אַ סאַבוויי, ווען, אַרויסקו־מענדיק אינדרויסן, איז אונטערגעלאָפֿן בערגער און זי כּמעט אַרויסגעכאַפּט פֿון זיינע הענט. סיליע האָט אפילו נישט געהאַט די געלעגנהייט זיי ביידן צו באַקענען. בערגער איז געווען מער ווי שטענדיק צעטראָגן. דער מאַנטל, אַ צעשפּיליעטער, האָט מיט בייַ־דע פּאָלעס זיך געריסן אין גאַנג. דער הוט איז אים געלעגן אויף דער פּאַטילניצע, דער גאָרגל האָט זייער שנעל געאַרבעט בשעתן רעדן און ער האָט געשלונגען די ווערטער.

— דאָס איז דער רוסישער קונסט־טעאַטער, — האָט ער כּמעט געשריגן, — מען שפּילט טשעכאָוון. איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען.

סיליע האָט געווינקט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט אַ גוד־באַי צום אָפּגייענדיקן יונגנמאַן און זיך געררויטלט אין פֿאַרלוירנ־קייט.

— פֿאַרוואָס האָט איר מיך אַזוי אומהעפֿלעך אָפּגעריסן פֿון אים? — האָט זי צעטראָגן געזאָגט. — ער האָט זיך געמוזט באַ־לײדיקן.

— מען שפּילט „די דריי שוועסטער", — האָט בערגער נישט געהערט, וואָס זי רעדט, — איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. דאָ קאָנט איר עפּעס לערנען.

ער האָט זי געטראָגן אין דער לופֿטן. מיט דער האַנט אונ־טער איר אָרעם, מיט צעטראָגענע, ברייטע טריט, האָט זי אים כּמעט נישט געקאָנט נאָכיאָגן.

— לאָז מיך אָפּכאַפּן דעם אָטעם. וווּהין לויפֿט איר אַזוי?

ער איז געקומען צו זיך. זיך אָפּגעשטעלט און זיך צעלאַכט פֿון זיין אייגענער צעטומלטקייט.

— איר האָט מיך נישט באַדאַרפֿט אַזוי שנעל אָפּרייסן פֿון אים, — האָט זי מיט פֿאַרדרוס אין קול געזאָגט, — דאָס איז אַ מענטש, וואָס אַרבעט שוין זעקס יאָר אין אָפּיס. ביי אים איז אַלץ צירלעך־מאַנירלעך.

— אָ, איך זע שוין. אַ נייע ליבע. שוין אויס, חייסט עס, מיט שמעונען?

סיליע האָט אָנגעהויבן שמייכלען.

— ווּ איז מיימי?

— אין פלעטבוש. זי קומט היינט שפּעט אהיים.

— מיר וואָלטן נישט באַדאַרפט גיין אָן איר.

— זי וועט פון גאָרנישט ווּסן.

סיליע האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַנג. זי האָט גאָרנישט געענטפערט, אָבער פוןביידן האָט אַ שפּאַר געטאָן אַ מיאוס וואָרט. פון איר שטומערהייט — אָפּנאַרן? פון אים אַ דערשלאָגן פּנים — אָפּנאַרן.

— אָבער איר ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ פאָרשטעלונג דאָס איז, — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום אָנגעהויבן, ווי ער וואָלט זיך געפּרוּווט פון עפּעס אַרויסראַטעווען, — „די דריי שוועסטער" זע־נען אפשר די דינסטע זאַך, וואָס עמעצער האָט אַמאָל אָנגעשריבן. פאַר אייך וועט עס ממש זיין אַ לעקציע. ווער עס וויל גיין אויף דער בינע, מוז קענען אויף אויסנווייניק טשעכאָוון.

— אַ סך מאָל פאַרשטיי איך אייך נישט, — האָט זי כמעט געמורמלט, — איר זענט פאַר מיר פשוט אַ רעטעניש.

קאַפּיטל צען

מיט יעדער וואָך, חודש, איז סיליע אַלץ מער אַריין אין דער אַרבעט. דעם צווייטן ווינטער האָט זי שוין פאַרדינט פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. צו ניי־יאָר האָט זי צוזאַמען מיט די אי־בעריקע אַרבעטער געקריגן אַ באָנוס פון פופציק דאָלאַר און אויפן דריטן יאָר איז זי געוואָרן מיסטער סטרעטאָנס אַסיסטענט־סעקרע־טאַר מיט אַ געהאַלט פון פערציק דאָלאַר אַ וואָך.

זי איז געוואָרן הויך־מיידליש צעוואַקסן. דאָס פּנים גרויס־שטאָטיש אויסגעאיידלט, מיט שפּורן פון געזונטער פאַרמערישקייט

און אין סטודיאָ האָט מען איר שוין געגעבן קליינע ראָלן צו שפּילן.

קאַרל האָט פֿון איר נישט אַראָפּגענומען די אויגן. ער האָט קיין סך נישט געקענט רעדן, אָבער יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זיך מיט עפּעס אויסגעפּלייסט ביי דער אַרבעט, האָט עס געהייסן, אַז דאָס פּלייסט ער זיך אַזוי צוליב איר. ווען זי האָט אים איינמאָל דערציילט, אַז זי האָט אַ שווערע ראָלע איינצוחזרן און אַז זי אַר־בעט זייער שווער אין די אָוונטן, האָט ער אויף איר רחמנות געהאַט. ביי אים איז אויסגעקומען, אַז מיט די זעכציק דאָלאַר אַ וואָך, וואָס ער פֿאַרדינט, וואָלט ער זי געקאָנט אויסהאַלטן מיט אַלעם גוטן און זי וואָלט נישט באַדאַרפט אַרבעטן.

,,אָבער זיין ווייב וואָלט געדאַרפט זיין אַ באַלעבאָסטע, נישט קיין אַקטריסע'', פֿלעגט ער אָפט בלייבן זיצן אַ פֿאַרטראַכטער ביי דער אַרבעט.

פֿאַרטראַכט פֿלעגט שוין גאָר אָפט דער בחור בלייבן זיצן ביי דער אַרבעט. ער פֿלעגט אונטערשפּאַרן מיט צעשפּרייטע פֿינף פֿינ־גער פֿון דער לינקער האַנט דעם שטערן, אין דער רעכטער האַנט די פּען און רעכענען, רעכענען — דעם באַלעבאָס עשירות, זיינע זעכציק דאָלאַר אַ וואָך און צי וואָלט ער געקאָנט לעבן מיט זעכ־ציק דאָלאַר אַ וואָך אַזוי באַלעבאַטיש־אָנשטענדיק, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מאַן, וואָס האָט גראַדואירט פֿון קאָלאָמביאַ און וואָס פֿאַר־נעמט אַן אָנגעזעענע שטעלע ביי אַ גרויסער פֿירמע.

קאַרל רעפּ האָט שוין אַפּילו איינמאָל באַשלאָסן צו רעדן וועגן דעם מיט סיליען; אָבער רעדן פֿלעגט אים אָנקומען שווער. ער איז געווען געראָטן פּונקט אין זיין טאַטן, דעם שווערן דייטש, וואָס פֿלעגט אָפּזיצן שעהן־לאַנג אין אַ ביר־האַלע, ערגעץ אין יאָרק־וויל, זופּן ביר און שווייגן. ווען מ'וואָלט אים פֿאַרטשעפּעט, וואָלט ער געקאָנט אַ סך רעדן. קאַרל וואָלט איר געקאָנט דערציילן, אַז ביי זיי אין הויז שטייען אין אַ שאַפֿע שיינע בענדער פֿון שילער און געטע און אַז ער האָט זיך כמעט דערצויגן אויף שילערן. אָבער ווייטער, ווי צו דער סאָבוועי, האָט ער זי קיינמאָל נישט באַ־גלייט. און וויפֿל קאָן מען רעדן דורך אַ פּאָר בלאָק?

בלויז איינמאָל איז ער צוגעקומען צו איר מיט מיש מיט צוויי בי־לעטן און אַביסל פאַרלוירן אַרויסגעשטאַמלט, אַז ס'איז דאָ אין ניו־יאָרק אַ דייטשע טרופּע, וואָס האָט געשפּילט אין קייזערלעכן טעאַטער. ער וועט איר איבערזעצן אַלץ אין ענגליש, אויב זי פאַר־שטייט נישט קיין דייטש.

יענעם אָוונט האָט סיליע געזען אַ נײַ ווינקל פון ניו־יאָרק. ערגעץ אין די זיבעציקער גאַסן, אַרום לעקסינגטאָן־עוועניו, האָט זי קאַרל רעפּ אַרײַנגעפירט אין אַ רײַכן רעסטאָראַן. בײַ דער טיר איז געשטאַנען אַ גוט־מושטירטער דייטש. די קעלנער, ווי סאָל־דאַטן, זענען אונטערגעקומען אויף ווייכע אָפּצאַסן. די טישלעך זע־נען געווען אָפּגעטיילט מיט האַלבע ווענטלעך און די סערוועטלעך און טישטוכער ווי נאָר־וואָס געפּאַלענער שניי.

קאַרל אַליין איז געזעסן ווי אַ מושטירטער. יעדע באַוועגונג, יעדער מאַך מיט דער האַנט, פּיס, שלונג, וואָרט, איז געווען שטיל, איידל: ביטע שיין!

— איך האָף, אַז אייך וועלן געפעלן די געריכטן, — האָט ער אַלעמאָל געזאָגט.

אַזוי איז אויך געווען די פאָרשטעלונג. שטיל, קאָרעקט, קלאַ־סיש און ווונדערלעך. די מענטשלעכע טראַגעדיע, וואָס מען האָט אַוועקגעלייגט אויף דער בינע, איבער ברעטער, אָפּגעמאָלטע ווענטלעך, איז געווען ווירדיק־שטיל אַוועקגעלייגט; אין צילינדערס, אין פראַקן, דעקאָלטעס און מיט איידל־מאַנירלעכע רייד.

— איך האָף, אַז אייך האָט אַמוזירט דאָס שטיק, — האָט ער בלויז געזאָגט, צופירנדיק זי צום הויז.

עס איז געווען אין גרויסן קאָנטראַסט דאָס צימער, ווען זי איז דערנאָך אַרויפגעקומען צו זיך. בערגער און מיימי האָבן זיך וועגן עפּעס זייער שאַרף איבערגערעדט. שמעון האָט זיך באַזונ־דער פאַר זיך געלייענט אַ בוך. אומעטום האָט געברענט ליכט, ווי עס וואָלט נאָר־וואָס נאַכט געוואָרן. איבערן פייער, אויפן אויוון, אין דער קליינער קיך, איז איבערגעלאָפן אַ טעפּל מילך. פון קראַן איז הויך געלאָפן דאָס וואַסער.

— יעדער אינדיווידואום דאַרף האָבן זיין רעכט, — האָט איבער דעם אַלעמען זיך געטראָגן בערגערס קול.

סיליע איז געווען מיד. די שווערע דייטשע געריכטן, די שווערע פראַזע אין דעם טעאַטער־שטיק האָט זי געשלעפערט און זי האָט געזוכט אַ ווינקל, ווו זיך צוצושפּאַרן.

— יעדער איינציקער דאַרף זיך אָבער אויך רעכענען מיטן צווייטנס רעכט, — האָבן, ווי גלעקלעך, צוריק געקלונגען מיימיס ווערטער.

— איך האָב אויף אייך געוואַרט אַ גאַנצן אָוונט, — האָט זיך, ווי אַ פאַרשלאָפענער, אויפגעהויבן פון סאָפע שמעון, און אוועקגעלייגט דאָס בוך. — איך בין שיער נישט איינגעשלאָפן דאָ.

די מידקייט האָט זיך געשפּרייט איבער סיליעס אברים. אין קאָפּ האָבן זיך געפּלאָנטערט שווערע געדאַנקען. אין דער נאָז איז איר נאָך פאַרבליבן אַ ריח פון ריינקייט, פון זויבערקייט, פון אַ גוט־געגאָלטן פּנים און זייער פּאָרזיכטיק פאַרקעמטע האָר. — זי וואָלט היינט זיך געוואָלט נעמען אַ וואַנע, — האָט זי געקוקט אויף שמעונען און קוים געהערט, וואָס ער רעדט, — זי איז אַזוי אָפּגעלאָזן לעצטנס.

אויף מאָרגן איז קאַרל געווען פּונקט אַזוי שטום און איידל, ווי ער איז אַלע טאָג געווען. ער האָט בלויז אָפּטער אונטערגעשפּאַרט די אויסגעשפּרייטע פינגער אונטערן שטערן און גערעכנט. סיליע איז געזעסן אַן אָנגעגאָסענע מיט פרייד ביי איר טיש, געקלאַפּט פרייליך איבער דער שרייב־מאַשין אויסטערלישע נעמען, פּרעמד־לאָקנדיקע שטעט און עפּעס איז איר געווען אַזוי גרינג אויפן האַרצן — „אַזוי שפּילן טעאַטער, ווי עס האָבן געשפּילט די דייטשן, איז נישט שווער". „מ'דאַרף זיך בלויז גוט אַריינטראַכטן אין קלייניקייטן". „טאַקע בלויז אַזוי פּשוט און אמתדיק".

אין יענעם טאָג זענען ביידע שנעל צוריקגעקומען פון דעם לייכטן, מיטנטאָגעדיקן צוביסן. עפּעס איז עס אויסגעקומען, ווי ביידע וואָלטן זיך אָפּגערעדט פריער צוריקצוקומען. אין גרויסן אָפּיס איז קיינער נישט געווען. קאַרל איז געזעסן ביי זיין טיש און

מיט הנאה געפּיפּקעט אַ ליולקע. סיליע איז אים פֿלינק דורכגעלאָפֿן, אַז עס האָט זיך גערדוכט, אַ ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן.

— פֿאַרוואָס עפּעס אַזוי שנעל צוריק? — האָט זי יונג, ווינטיק געפֿרעגט. — איך האָב זיך געפֿוילט ארומצושפּאַנען.

— איר אויכעט?

— איר אויכעט?

דערנאָך האָבן זיך ביידע געעצהט וועגן עפּעס אַ חשבון. דערנאָך האָט מען גערעדט, ווי די פֿירמע צעשפּרייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט. די פֿירמע שפּאַרט שוין אָן אין דער בריטישער קאָנגאָ און אויף די האַוואַיער אינזלען — מירן באַלד אָנשפּאַרן אין דיקינסוויל — האָט זי געשמייכלט.

דערנאָך האָט מען לאַנג געשמועסט שוין צוזאַמען מיט מיס טשאַרלס, און מיס סטיווענס, און מיסטער בודווייזער, און מיט דעם עלטערן מיסטער אָפּענהיימער. אַלע האָבן מיט גרויס דרך־ארץ אַרויסגעקוקט צו קאַרלען און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. קאַרל האָט אויף אויסנווייניק געדענקט יעדן גרויסן באַשטעל און אַלע אויסלענדישע קונדן.

— און דו אַרבעטסט דאָ ערשט אַכט יאָר, — האָט זיך כּסדר געוווּנדערט מיסטער אָפּענהיימער.

סיליעס האַרץ האָט געטאַנצט פֿון פֿרייד. זי האָט דערנאָך געקלאַפּט אויף דער מאַשין. — „שפּילן טעאַטער, ווי עס שפּילן דייטשן, איז נישט שווער". „בערגערס רייד, אַז אַלץ אין לעבן איז אַ סימבאָל פֿון עפּעס אַנדערש, איז נישט אמת". קלאַפּ־קלאַפּ, אויף דער שרייב־מאַשין. — „די צען באַלן וואָל, וואָס מיר שיקן אייך אַרויס, איז פּרימע". „די פֿירמע האָט באַשלאָסן, אַז מער, ווי צען טעג קרעדיט קאָן זי נישט געבן". קלאַפּ־קלאַפּ. — „שמעון מיינט, אַז איר אויסטייטשונג איז אַ פֿאַלשע". „יענע חברה האָבן צופֿיל פּרעטענזיעס".

יענעם אָוונט האָט זי זיך לאַנג געהאַמפּערט מיט שמעונען.

— איך מיין, אַז ריינער רעאַליזם איז די צוגעפּאַסטע פֿאָרם פֿאַרן טעאַטער, — האָט זי געזאָגט.

— אָבער אַן אַקטיאָר דאַרף קענען אויסטייטשן אַ ראָלע, — האָט ער געענטפערט.

פּיליע האָט זיך אָנגעצונדן:

— איר מיינט, אַז איך פאַרשטיי נישט מיין ראָלע?

— אַ דאָרפס־מיידל, ווען זי ליבט, — האָט ער אָנגעהויבן אויסטייטשן די ראָלע, וואָס מען האָט איר געגעבן אין סטודיאָ איינצוהזרן, — דאַרף זיין נאַאיוו, גלויבן דעם געליבטן. איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך הילפלאָז לאָזן באַהערשן פון דעם געליבטן. אָבער אייער העלדין איז אַן אינטעליגענטקע, דער־פאַר אַ פאַלשע.

זי האָט אים אויפן מאָמענט פיינט באַקומען. זי האָט גע־וואָלט, ער זאָל שוין אַרויס פון צימער.

— איר האָט צופיל פּרעטענזיעס, — האָט זי אויסגעשריגן,— איר קאָנט אַ מענטשן משוגע מאַכן.

— אַ מיידל, וואָס איז געבוירן געוואָרן און זיך אויסגעהאָ־דעוועט אין אַ ווילדערניש, קאָן נישט, אָפּלעבנדיק אין שטאָט אַ פּאָר יאָר, זיך באַפרייען פון אַלע איינגעוואָרצלטע אינסטינקטן.

— איך האָף, אַז איר מיינט נישט מיך, — האָט זי זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט.

— איך מיין נישט אייך, — האָט ער געביטן דעם טאָן, — איר ווייסט מיין מיינונג וועגן אייך.

— אייער מיינונג גייט מיך נישט אָן, — איז זי צום ערשטן מאָל נישט איידל אַרויסגעטראָטן קעגן אים, — איך זע סיי־ווי, אַז מיר זענען צוויי באַזונדערע מענטשן. מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט צוזאַמענרעדן.

די בייטאָגיקע פרייד איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. איר האַרץ איז שווער געוואָרן. די אויגן אָנגעגאָסענע. שמעון האָט זי אָנגע־נומען פאַר אַ האַנט:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב אייך ליב. איך וויל, איר זאָלט זען זאַכן, ווי איך זע זיי.

— און איך האָב אייך נישט ליב, — האָט זי אַרויסגע־

פלאַצט, — איר מוטשעט מיך בלויז. מיט אייערע אויגן קאָן איך נישט קוקן. איך וויל נישט זיין אַזוי ווי איר.

זי האָט אָנגעהויבן וויינען. שמעון האָט זי באַרואיקט, גע־גלעט, געשמייכלט, ווי ער וואָלט געשטאַנען לעבן אַ קליין, צע־לאָזן מיידל, וועלכע לאָזט זיך נישט לערנען.

— איך זע איצט גאַנץ קלאָר, אַז דאָס איז נישט מיין וועג,— האָט זי, אונטער זיינע אומאַרמונגען, אָנגעהויבן. — איך וועל קיינמאָל נישט זיין קיין אַקטריסע. מיין פּלאַץ איז אין אָפיס. דאָרטן שעצט מען אָפּ מיין אַרבעט.

ווען זי איז אויף מאָרגן אַריינגעקומען אין אָפיס, איז זי געווען זייער בלייך. איר פּנים, נישט אויסגעשלאָפן, איז געווען געל און אונטער די אויגן קוים באַמערקטע קליינע רעדער. זי האָט נישט געקאָנט, ווי עס באַדאַרף צו זיין, טאָן איר אַרבעט און קאַרל האָט איר געפּרוּווט אַרויסהעלפן.

— אויב איר פילט נישט גוט, קאָנט איר אַהיימגיין.

זי האָט זיך שיער נישט צעוויינט.

— רוט זיך אָפּ אַ פּאָר טעג, — האָט ער ווייטער געזאָגט.

זיינע רייד האָבן זי פּלוצים אויפגערעגט. מיטאַמאָל, אָן שום סיבה, האָט זי נישט געקאָנט פאַרטראָגן זיין קול, זיין אויסזען און יעדע באַוועגונג זיינע.

— איך קאָן אייך רעקאָמענדירן אַ פיינעם פּלאַץ, — איז ער צום ערשטן מאָל, זינט זי קען אים, רעדעוודיק געוואָרן, — מיינס אַ באַקאַנטע האָט זייער אַ שיין באָרדינג־הויז.

איר איז פּלוצלינג דורך אַ גרויל דורכן לייב.

— איך וואָלט אייך פאָרגעלייגט אַרויספאָרן, — איז קאַרל אַלץ מער צוגעשטאַנען און גערעדט צעשראָקענע, אָפּגעהאַקטע ווערטער. — עס קאָסט נישט טייער.

עס האָט זי אָפּגעגאָסן אַ קאַלטער שווייס. זי האָט זיך אַזש איינגעדרייט.

— איך האָב שוין לאַנג געמיינט אייך פאַרשלאָגן מיט מיר אַרויספאָרן, — האָט ער ווייטער גערעדט.

זי האָט מיטאמאָל אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, אַז ס'איז אים אַזש קאַלט געוואָרן.

— מיט אייך אַרויספּאָרן? וואָס מיינט איר?

— איך מיין... איך האָב... — האָט ער אָנגעהויבן פּלאַפּלען.

— מאַכט זיך נישט נאַריש, מיסטער רעפּ, — האָט זי פּלוצלינג אָפּגעהאַקט דעם שמועס, — מיר זענען צוויי באַזונדערע וועלטן.

זי האָט מער נישט געקאָנט איינהאַלטן די טרערן, איז אַריין אין צימער, ווו זי פּלעגט זיך איבערטאָן און אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין, — „דאָס איז נישט מיין וועג. איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען בלייבן אַן אָפּיס־אַרבעטער. מיין פּלאַץ איז" —

זי אַליין האָט נישט געוווּסט, ווו איר פּלאַץ איז.

## קאַפּיטל עלף

ווען סיליע איז אין מיטן ווינטער אויפגעטראָטן אין דער קליינער סטודיאָ, אין אַ פּיעסע, צו וועלכער זי האָט זיך לאַנג געגרייט, האָט זי זייער שטאַרק אויסגענומען. דאָס קליינע טעאַטערל, מיט פּלאַץ פּאַר אַ דרייסיק־פערציק מענטשן, איז געווען איבערגעפּאַקט. זי האָט פאָרגעשטעלט אַ דאָרפיש מיידל, אַ צעשראָקענע, אַ נאַאיווע, ווי זי קומט צום ערשטן מאָל אָן אין אַ גרויסער שטאָט און האָט מורא צו מאַכן אַ טראָט. יעדער נייער באַקאַנטער צעטומלט זי. יעדע גאַס איז פאַר איר נייער ווונדער. זי וווּנדערט זיך אויף די שטאָטישע גרויסע מויערן, אויפן טומל, טייד, קאָן נישט שלאָפן קיין נעכט און וויל צוריק אַהיימלויפן. אָבער מיט יעדער נייער סצענע ווערט זי אַלץ רואיקער, זעלבסטשטענדיקער, שענער, גרעסער, ביז זי דערגייט, צום סוף פון דער פּיעסע, צו אַ דראַמאַטישן פּונקט, אַז ווען זי ליגט אַ פאַרלוירענע אין געליבטנס אָרעמס, גיט זי זיך מיטאַמאָל אַ ריס אַרויס פון זיינע הענט, טרייבט אים אַרויס פון שטוב און פון שאַנדע אין איינפערזוכט ברעכט זי צוזאַמען.

דער קליינער עולם האָט זי הילכיק אַפּלאָדירט. בערגער איז אַרויף אויף דער בינע און געהאַלטן אַ באַגייסטערטע רעדע. שמעון האָט זי געכאַפּט קושן פאַר אַלעמען אין די אויגן.

— אָט פּונקט אַזוי האָב איך געוואָלט, זאָלט איר אויסטייטשן אייער ראָלע, — האָט ער געשריגן.

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט דער עולם דערנאָך געטרונקען. די קאַפּע „בלעק קעט" איז אינמיטן דער וואָך פול געווען, ווי אין אַ שבתדיקן אָוונט. עס זענען דאָרטן נישט געווען די פינף יידישע בחורים, וואָס פלעגן זיין גרימירט, ווי אוקראַינער שקצים און שפּילן רוסישע קאַזאַצקעס, אָבער דער עולם האָט פון זיך אַליין אויסגעטיילט פּייקלער, זינגער, טענצער און דער טומל האָט זיך געהויבן ביז דער סטעליע. בערגער האָט נאָכגעקרימט אַ פּויער און געוואָרפן פיס, ווי אַ קאָזאַק. שמעון האָט שיכּורהייט דעקלאַמירט לידער און מיימי האָט געזונגען.

סיליע האָט דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. פון גרויס פרייד זענען אירע אויגן אַלץ געבליבן וואַסערדיקוואַכע, פול אָנגעגאָסענע און זי האָט זיי נישט געקאָנט צומאַכן. זי האָט זיך אין בלויען פּאַרטאָג געבאָדן אין קאַלטן וואַסער, געריבן דאָס לייב מיט טערקישע האַנטוכער, אָבער דאָס האָט זי נאָך וואַכיקער געמאַכט, און כּדי אויסצוגיסן איר פרייד, האָט זי געכאַפּט טינט און פעדער און אָנגעהויבן שרייבן אַ בריוו צו אַרטורן.

אָבער דאָס שרייבן האָט זי אויך נישט באַרואיקט. אירע געדאַנקען זענען אַזוי שנעל געפלויגן, אַז זי האָט זיי נישט געקאָנט נאָכיאָגן. עס האָט פון איר געשפּרודלט מיט אַזוי פיל גליק, אַז זי האָט פאַר דעם קיין ווערטער נישט געפונען. זי איז בלויז געבליבן זיצן אין דער פאַרטאָגיקער שטילקייט אַ צענומענע, באַרוישטע און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

„צו דער צווייטער פאָרשטעלונג וועל איך אַריבערברענגען ז'ן מאַמע", — האָט די פרייד אָנגעהויבן קלאַפּן אין מוח, — „איך וועל אַרויסרופן מילדרעדן. מיין צווייטע פאָרשטעלונג וועט

זיין גאָר אַן אַנדערע. זאָל טאַקע דער טאַטע וויסן, אַז איך האָב נישט געפּטרט אומזיסטע צייט".

עס האָט מיטאַמאָל אַרויסגעשוועבט פֿאַר די אויגן די היים, די פֿאַרם, די גאַנצע משפּחה. געמישט מיט פֿרייד זענען געשטאַנען פֿאַר אירע אויגן די מאַמע, טאַטע, בען און מילדרעד.

„איצט מעג איך שוין צופֿאָרן אַ קוק טאָן אויף דער היים. איך דאַרף זיך אַביסל אָפּרוען".

מיט גרויס פֿאַרגעניגן האָט זי איצט אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן בריוו פֿון טיש-קעסטל, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פֿאַר די לעצטע פֿאָר טעג, און אויף וועלכע זי האָט זיך כּמעט נישט אומגעקוקט. איינס נאָכן צווייטן האָט זי אָנגעהויבן שלינגען ווערטער, זאַצן פֿון דער מאַמען, אַרטורן, מילדרעדן און זיך גאָרנישט געקאָנט מיט זיי אָנזעטיקן. עס איז אויסגעקומען, אַז אויב זי קאָן איצט צו זיי נישט שרייבן, וועט זי כאָטש אַריינגעמען די פֿרייד פֿון זייערע רייד. עס האָט זיך איר טאַקע געדוכט, אַז זי רעדט מיט זיי. זי האָט געהערט שטימען, פֿאַרנומען ריחות, געזען פּנימער. — „איצט דאַרף מען צופֿאָרן אַהיים. מען דאַרף אַ קוק טאָן, וואָס זיי טוען דאָרטן".

נאָר מיטאַמאָל איז איר געוואָרן פֿינסטער פֿאַר די אויגן. אין אַ בריוו, וואָס עס איז אָנגעקומען צוריק מיט דריי טעג, און וועלכן זי האָט ביז איצט נישט געלייענט, האָט מען איר געלאָזט וויסן, אַז דער טאַטע איז מסוכּן קראַנק און זי זאָל גלייך אַהיימקומען. אַ שווערער האַמער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער איר קאָפּ. איר פּנים האָט זיך אין איין אויגנבליק פֿאַרענדערט. דאָס האַרץ האָט אין איר אָנגעהויבן פֿלאַטערן.

— טאַטע! — האָט זי נישט מיט איר קול אויסגעשריגן.

ווי נישט גלייבנדיק אירע אייגענע אויגן, האָט זי נאָכאַמאָל אָנגעהויבן לייענען די שורות. יעדעס וואָרט איז משונהדיק אַרומגעשפּרונגען און אַרויסגעטאַנצט פֿון פּאַפּיר — „דער טאַטע איז מסוכּן קראַנק".

— מיימי! — איז זי אַ ווילדע אַריין אין שלאָף-צימער. — מיימי! מיין טאַטע איז געפֿערלעך קראַנק!

מיימי האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרשלאָפענע, צעשראָקענע אויגן.

— מיטן טאַטן האָט געטראָפן אַ גרויס אומגליק, — האָט זי אָנגעהויבן וויינען הויך אויפן קול.

— זײַ נישט משוגע, — האָט מיימי נאָך אַלץ נישט געוווּסט, וואָס זי רעדט, — וואָס איז דיר פּלוצים איינגעפאַלן?!

— נאַ, זע, — האָט זי איר געשטופּט דעם בריוו אין פּנים אַריין.

— מאַלע, וואָס מען שרייבט. און אַז אַ מענטש איז קראַנק,— האָט די חברטע אַלץ געביטלט חלומות.

— איך בין זיכער, אַז ס'האָט געטראָפן אַן אומגליק, — האָט סיליע אַלץ העכער געיאָמערט.

— וואָס דו קאָנסט אויסטראַכטן, — האָט מיימי געלייענט דעם בריוו און זי אַלץ געפּרוּווט באַרואיקן, — גיי לייג זיך שלאָפן.

סיליע האָט אָנגעהויבן ברעכן די הענט, יאָמערן, שלעפּן אַ מאַנטל און זיך רייסן אין גאַס.

— ביסט משוגע געוואָרן! — איז מיימי אַרויס פון בעט.— דײַן דערפאַלג וועט דיך פון זינען ריירן.

— איך וויל טעלעגראַפירן. איך בין זיכער, אין דער היים האָט געטראָפן אַן אומגליק.

— דו הויבסט שוין באַצייטנס אָן מיט אַקטיאָרישע שטיק,— האָט מיימי פון איר אָנגעהויבן חוזק מאַכן.

— עס איז נישט קיין שטיק. עס זאָגט מיר דאָס האַרץ.

ווען סיליע איז אויף מאָרגן, אינמיטן טאָג, צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, האָט זי געטראָפן אַן ענטפער פון מילדרעדן. די טעלעגראַמע איז געווען זייער אַ קורצע:

„קום גלייך אַהיים. אַרטור איז אויך דאָ".

---

ווען סיליע איז צוזאַמען מיט שמעונען אַריבערגעפאָרן דעם האַדסאָן, איז זי אויפן קליינעם שיפל נאָכאַמאָל געוואָרן היסטע־

ריש. דערזעענדיק פון ווייטן די דזשוירזי־וועלדער, די הויכע סקאַ־לעס, האָט זיך פאַר איר מיטאַמאָל אַנטפּלעקט דאָס גאַנצע היימי־שע לעבן, פון וועלכן זי האָט זיך פאַר די לעצטע פיר יאָר אָפּגע־ריסן. עס איז געווען, פונקט ווי אַן אומזעבאַרע האַנט וואָלט מיט־אַמאָל אָפּגעדעקט אַ שווערן שלייער, אונטער וועלכן עס איז גע־לעגן פאַרשטעלט דיקינסוויל, דער פאַרם, לאַנגע, געדרייטע וועגן, הייזער, שטאַלן, שייערן, און יעדעס פּיצעלע, וואָס איז געווען טיף איינגעוואָרצלט אין אירע ביינער און בלוט — ווי אַזוי וועט זי דאָס אַלץ איצט באַגעגענען? וואָס וועט זי זאָגן דער מאַמען? ווי אַזוי וועט זי מיט איר אָנהויבן רעדן?

טרערן זענען גערונען פון די אויגן. מיט אַלע כּוחות האָט זי זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצופּלאַצן אין אַ הויכן יאָמער און נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס זי איז די גאַנצע צייט, אפילו קיין איין מאָל נישט, צוגעפאָרן אַהיים.

„עס איז דאָך אַזוי נאָענט! ווי דערווייטערט זיך אַזוי אַ מענטש?"

איר מוח האָט זיך ממש געשפּאָלטן. דער פאָטער איז אַ לע־בעדיקער געשטאַנען פאַר די אויגן. זי האָט געזען זיין ליכטיק, שיין פּנים, די בלויע אויגן, די ליבע גוטסקייט, מיט וועלכער ער האָט געוואָרעמט דאָס גאַנצע הויז־געזינד.

„עס קאָן נישט זיין! עס קאָן נישט זיין! — האָט זי זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן פון אָרט. — עס איז אַ ליגן, אַ בייזער חלום, עס איז איר אַריין אַ משוגעת אין קאָפּ".

ווען זי איז געבליבן זיצן ביי אַ פענסטער אין וואַגאָן, האָט זי זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז שמעון זיצט לעבן איר. זי האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי ער קומט אַהין, און אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרווייניטע אויגן.

— איך וועל אייך צופירן ביז מידלטאַון, — האָט ער זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט.

זיין האַנט אויף אירער האָט זי אַ ברי געטאָן.

— איר קאָנט נישט פאָרן מיט מיר.

— איך וועל אייך בלויז אַ שטיקל וועג באַגלייטן, — האָט

ער זי געפּרוּווט טרייסטן, — פון מידלטאָון קער איך זיך אום צוריק.

דערנאָך איז זי געבליבן זיצן אַ פאַרשטיינערטע. דער צוג האָט הויך געקלאַפּט, די שויבן געציטערט און זי איז געזעסן ווי אין אַ הינערפּלעט. שמעון האָט אויך נישט גערעדט און מען האָט געקאָנט זען, ווי פון איינצעם צום צווייטן ציען זיך שנירלעך געדאַנקען, אָפּגעהאַקטע ווערטער פון אים צו איר. — באַרואיק דיך, מעגלעך, אַז עס איז גאָר עפּעס אַנדערש. און פון איר צו אים, רייד פול מיט געוויסנסביסן, מיט אַ זידלען זיך אַליין, ווי אַ טאָכטער ווערט אַזוי אָפּגעריסן פון אייגענע, דערוויטערט זיך פון טאַטע־מאַמע, און ווי אַזוי וועט זי איצט קוקן דער מאַמען אין די אויגן.

— עס קומט מיר, עס קומט מיר אַלץ, — האָט זי שטיל געזאָגט.

— מיר זענען אַלע אַזוי, — האָט ער זי געטרייסט, — קיינער פון אונז איז נישט בעסער.

— קאַרל איז נישט אַזאַ, — האָט זי, ווי זיך אַליין וויי צו טאָן, גיפטיק אַרויסגערעדט, —צענגדליקער, הונדערטער זענען נישט אַזוי. דאָס זענען מיר בלויז אַזוינע פאַרשאָלטענע. פון קליינערהייט אָן האָב איך דעם טאַטן ווײ געטאָן, זיך געריסן אין דער וועלט אַריין. אַ קינד טאָר זיך נישט אָפּרייסן פון אַ היים.

## קאַפּיטל צוועלף

אין אַ וואָך אַרום האָבן סיליע און אַרטור שפּאַצירט איבערן פאַרפרוירענעם וועג אין פראָנט פון דעם גרויסן הויז. דער טאָג איז געווען אַ ווינטערדיק־מילדער. די זון איז געשטאַנען נידעריק אויפן הימל און געוואַרעמט, ווי דורך אַ גלאָז. דער פאַרם האָט זיך דורך די פיר יאָר אײַנגאַנצן געביטן. אַ חוץ דעם גרויסן הויז זענען איצט געשטאַנען צעוואָרפן איבערן באַרג אַ צאָל קליינע שטיבער מיט פלאַטשיקע דעכער און ווייער אַ סך פענסטער. ני־

דעריקער, צום טייך צו, זענען געלעגן אויפגעבויטע פּלאַטפאָרמעס, מיט טרעפּ אַרויפצוגיין, איבער וועלכע מען ציט אום זומער אַרויף טענטס און איצט האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ פאַרלאָזטער זעלנער־רישער קאַמפּ. אונטערן באַרג, לעבן שטאַל, זענען צוגעקומען אַ סך נייע הינער־הייזער, קליינע שטיבלעך, אַ רויטע סאַילאָ און פון ווייטן, אויפן לאַנד, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו מיסטער פעלטען, האָט מען געקאָנט זען אונטערן פאַרדעקטן שניי, גוט אויסגעווירעט לאַנד, ווו עס געפינען זיך פיר טענים־קאָורטס און אַ צעמענטענע וואַנט, ווו מען שפּילט האַנט־באָל.

אין דער ווינטערדיקער נאַקעטקייט, ווו דאָס אויג קאָן אַרומ־נעמען ווייטע שטרעקעס, האָט זיך בולט אַנטפּלעקט דער גרויסער מאַיאָנטעק, וואָס ציט זיך איצט פון סאַמע וועג, ביז אַרונטער צום טייך און איבער אַלע פעלדער. אומעטום איז געווען עפּעס אַ באַ־לעבאַטישקייט. ביים סאַמע טייך אַ קאַסינאָ, אין סאַד — קאָרטן־טישלעך; אויף בערגלעך, שטיבלעך — בעסעדקעס, מיט רונדע שפּיציקע דעכער, געפלאָכטן אין טויטן וויינריב און מיט צוגע־פעסטיקטע טישן און בענק.

— דער שוואָגער אונזערער האָט זיך עס אַזוי גוט איינגע־פונדעוועט דאָ, — האָט אַרטור, איצט שוין אַ מאַן פון אַכט און צוואַנציק, אַ ברייטער, שטאַרקער, מיט דיקע וואָנצן און גרויסע הענט באַטראַכט די רייכע באַלעבאַטישקייט, — אַ גאַנצן מאַיאָנ־טעק האָט ער דאָ אויפגעבויט.

— וואָס מיינסטו, ער האָט אויפגעבויט? — האָט סיליע אַ שטילע, שוין באַרואיקטע, מיט אַ בלאַס אויסגעוויינט פּנים גע־פרעגט. — דער טאַטע האָט דאָך מן הסתּם אַלץ געטאָן.

— דער טאַטע האָט זיך די לעצטע יאָרן אין גאָרנישט גע־מישט. דאָס האָט אים אפשר פון דער וועלט געטריבן.

אַרטור איז געווען אפשר מער ווי זעקס פוס הויך. ער האָט אַלין געמוזט, רעדנדיק, אָנבויגן דעם קאָפּ, און סיליע האָט צו אים בסדר אַרויפגעקוקט.

— דער טאַטע האָט זיך די לעצטע יאָרן קיין אָרט נישט גע־פונען. ביי זיך אין הויז איז ער אַ פרעמדער געוועזן. דערפאַר האָט

ער זיך שטענדיק אַרומגעשלעפּט אין די וועלדער. קאָנסט דיר פֿאַרשטעלן אַ מענטש אין זיינע יאָרן זאָל גיין האַקן האָלץ?

— דערפֿון איז ער געשטאָרבן? — איז זי ווידעראַמאָל בלייך געוואָרן און עס האָט אָנגעהויבן צוקן די הויט איבער איר פּנים.

— איך בין זיכער אין דעם. עס איז דעמאָלט געווען אַ מוראַדיקער פֿראָסט. ער האָט זיך צעשוויצט און געקריגן אַ לונגען־אַנטצינדונג.

סיליע האָט אָנגעהויבן שטיל וויינען, אין זיך, אָן ווערטער, אָן טרערן, געפּייניקט, ווי עס וואָלט אין איר געוויינט דאָס בלוט.

— ער איז ערשט געוואָרן אַלט פֿופֿציק יאָר. דער מענטש וואָלט נאָך געקאָנט לעבן און לעבן.

אין אַרטורס יעדן וואָרט איז געלעגן אָן אַ שיעור פּיין; פֿאַרלאַטעטער צער, וואָס דוכט זיך אויס, מען איז אים שוין אי־בערגעקומען, אָבער וואָס רייסט אַלע מאָל אויף מיט נייעם ווייטאָג.

— איך וויים גאָרנישט, וואָס מען טוט איצט מיט דער מאַמען.

— וואָס קאָן מען טאָן? — האָט סיליע אַרויסגעקוקט צום ברודער, די אויגן אַרום און אַרום מיט רעדער, אַ פֿאַרשטאַרצטע, ווי זי וואָלט אַליין געווען אַ שטיק פֿון דער אַרומיקער פֿאַרגלי־ווערטקייט. — די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען זי בלייבט, ווו זי איז.

— געוויים אַזוי,—האָט ער געהעכערט דאָס קול, — אַוודאי. עס איז דאָך נאָך אַלעמען אַלץ אירס. דערפֿון איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן.

— טאָ וואָס דען?

— איך מיין, אפֿשר זאָלסטו דאָ בלייבן. איך מוז דאָך צו־ריק אַהיימפֿאָרן.

זיי זענען איצט ווידעראַמאָל געשטאַנען אין פֿראָנט פֿון הויז. פֿון ווייטן האָט מען געזען, ווי אַלעקס פּאָרעט זיך אַרום שטאָל.

דער פּאַליאַק איז געווען אַן איינגעבויגענער אַלטינקער. אויף דער ווערענדע האָט זיך באַוויזן די מוטער.

— קינדער, — האָט זי הייזעריקלעך אַרונטערגעשריגן, — מיר וואַרטן דאָך אויף אייך מיטן עסן.

— יעס, מאַמע, — האָט סיליע געביטן דאָס קול, — מיר קומען שוין.

אין עס־צימער איז געווען געגרייט דער גרויסער טיש. דער זעלבער אַמאָליקער געשמאַקער ריח פון געבראָטן פליישׁ האָט געגעבן אַ זעץ אין נאָז אַריין. בען איז געזעסן אויף שטיינבערגס אָרט. לעבן אים די קליינע הילדאַ. לעבן הילדאַן, אויף אַ הויכן שטול, איינגעבונדן מיט אַ פּאַסעק די דריי־יאָריקע טערעזאַ, און אין אַ ווינגעלע ביים טיש דאָס פּיצל קינד, אַ דריי־חדשימדיק יינגעלע, וואָס איז געווען געראָטן פּונקט אין זיידן.

— זעצט זיך אַוועק ביים טיש, שוויגער, — האָט בען באַ־לעבאַטיש־איידל קאָמאַנדעוועט, — מילדרעד וועט אַליין אויס־טיילן דאָס עסן.

— מיינע געסט וויל איך אַליין באַדינען, — האָט בערטאַ מיט אָנגעשטרענגטער פרייל עכקייט געזאָגט, — עסט, עסט, קינ־דער. וואַרט נישט פאַר מיר.

— מירן אָן דיר זיך נישט זעצן עסן, — האָט סיליע זיך געלאָזט אין קיך אַריין.

— זע, סאַראַ טומל האָסט אָנגעמאַכט, מאַמע, — האָט זיך מילדרעד אַריינגעמישט. — מוזט מיר העלפן דערלאַנגען דאָס עסן.

— און אַז עס איז מיין פאַרגעניגן, ווילסטו עס צונעמען?

מען האָט נישט געקאָנט פועלן ביי דער מוטער, זי זאָל זיצן ביים טיש. זי האָט אַליין געמוזט אויסטיילן פּונקט דאָס שטיקל פלייש פאַר אַרטורן און דאָס פאַר סיליען.

— קיין אונטערשט שטיקל הון האָט ער קיינמאָל נישט גע־גליכן, — האָט זי געהאַלטן אין איין איבערלייגן די חלקים, צו־געלייגט נאָך אַ קאַרטאָפל און נאָך אַ לעפל מייערעלעך.

ווען מען האָט זיך צום סוף אויסגעזעצט בײַם טיש, האָט די קליינע טערעזאַ נישט געוואָלט עסן פון מילדרעדס האַנט.

— אַזוי איז זי שוין די גאַנצע צייט, — האָט בערטע גענומען דאָס קינד אויף די הענט, — אויב איך וועל זי נישט האָדעווען, וועט זי נישט עסן.

האָדעווענדיק דאָס קינד, האָט זי אין דער זעלבער צייט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון סיליען און אַרטורן. איר פּנים איז געווען טרויעריק צעשטראָלט, מיד אויפגעלויכטן. זי האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן.

— איר האָט זיך שוין, קינדער, אַוודאי אָפּגעוווינט פון דער מאַמעס מאכלים. אין שטאָט קריגט מען מן־הסתם בעסערע עסנס.

— שטאָטישע מאכלים האָבן קיין טעם נישט, מאַמע, — האָט סיליע געענטפערט, — כ'האָב שטענדיק גערעדט פון דיינע געריכטן. מיינע באַקאַנטע פלעגן לאַכן פון מיר. איינער אַ מיסטער בערגער פלעגט שטענדיק באַשטעלן — „מיסעס שטיינבערגס פּענקעיקס".

— ס'האָט מיר אָבער שטענדיק געקיצלט אין די הענט דיר אַריינצושיקן אַ פּעקעלע לאַטקעס, — האָט בערטע טרויעריק געשמייכלט.

דאָס קינד האָט פּלוצים אַ ריס געטאָן פון דער האַנט דאָס גלאָז מילך, עס פאַרגאָסן איבער בערטעס פאַדאָלעק און בײַם טיש איז געוואָרן אַ טומל.

— כ'בעט דיך שטענדיק, זאָלסט אַליין האָדעווען דאָס קינד, — האָט בען אָנגעהויבן שרייען אויף מילדרעדן. — נעם זי צו.

— שאַ, שאַ, מאַך נישט קיין געוואַלטן, — האָט אים בערטע באַרואיקט, — זי וועט מיך נאָך נישט איינמאָל אָפּגיסן.

נאָכמיטאָג איז סיליע אַריין אין שטאַל. פון דאָרטן צווישן די הינער־הייזער.

— דער זעלבער בען, — האָט זי געטראָפן בענען אַן איינגעשמירטן, אַ פאַרהאָרעוועטן, — פּונקט ווי צוריק מיט פיר יאָר. וויפל הינער האָסטו שוין?

— עטלעכע טויזנט, — האָט ער געענטפערט.
— וואָס טוסטו מיט די אייער?
— כ'שיק זיי אין שטאָט אַריין.
— און ווי פירט זיך דאָס גרויסע הויז?
— ווי זאָל זיך פירן? מיר שטעלן זיך איינגיכן בויען.
— בויען? — האָט זי אויף אים אַרויסגעשפּאַרט אַ פּאָר גרויסע, פרייִלעכע אויגן. — ווייטער בויען! דו האָסט דאָך שוין דאָ אַ גאַנצן מאַיאָנטעק!
— מיר ווילן אויסבויען אַ קעמפּ פאַר קינדער.
— אַ קעמפּ? — זענען אירע אויגן אַלץ שטראַליקער געוואָרן. — איז די מאַמע איינשטימיק?
— מיר האָבן אויסגעאַרבעט די פּלענער, ווען ד'ער טאַטע האָט געלעבט.
— האָסטו אַזוי פיל געלט?
— מיר האָבן גענוג געלט. אָבער איך מיין, אַז דו און אַרטור זאָלן צוערשט צושטימען.
— איך, פון מיין זייט, גיב דיר גלייך מיין צושטימונג. אַלץ, וואָס מיר גייט אָן, איז די מאַמע. איך וויל, זי זאָל זיין באַוואָרנט.
— איך מיין, אַז דו זאָלסט איצט דאָ בלייבן. מילדרעד דענקט אויך אַזוי.
— איך? וואָס קאָן איך דאָ טאָן? די מאַמע איז דאָך שוין פון מיר אָפּגעוויינט!
— האָסט אַ טעות. זי דערמאָנט דיך יעדן טאָג.
סיליע איז געוואָרן טרויעריק.
— זי ווייסט דען נישט, אַז איך מוז איצט זיין אין שטאָט?
— זי ווייסט אַלץ. אָבער פאַרשטייסט דאָך. איצט.
— זי האָט זיך אַזוי געעלטערט, — האָט סיליע נאָך טרויעריקער אָנגעהויבן, — איך קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי זי האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט. ווי אַזוי איז אַלץ אַזוי שנעל געשען?
— איך ווייס אַליין נישט. אַלץ איז געווען אַזוי פּלוצים, אַזוי אומדערוואַרטעט.
סיליע האָט אָנגעהויבן שטיל וויינען.

— איז ער פריער קראַנק געווען?

— ניין, — האָט בען געענטפערט, — ער איז געווען אַ גע־זונטער מענטש. אפשר טאַקע דערפאר, וואָס ער איז געווען אַזוי געזונט, איז ער אַזוי שנעל פאַרברענט געוואָרן. אין דריי טעג.

טרערן זענען גערונען פון סיליעס אויגן. איר פנים איז פאַר־ענדערט געוואָרן. אירע אַקסלען האָבן געצוקט.

— מעגלעך, ווען מען וווינט אין אַ שטאָט, — האָט זי שטיל געכליפעט, — ווען מען ברענגט גרויסע דאָקטוירים...

מיטאַמאָל האָט זיך פון ווייטן באַוויזן בערטע. ביידע, בען און סיליע, האָבן גלייך געביטן דעם שמועס, די מינעס אויף די פנימער, און סיליע האָט זיך מיט אַ פריילעכקייט אין קול איר אַנטקעגנגעלאָזט.

— בען האָט מיר נאָר־וואָס דערציילט פון דעם נייעם פלאַן, — האָט זי געשריגן. — איר גייט בויען אַ קעמפ!

— אַזוי וויל ער, מיין בוימייסטער, — האָט די מוטער גע־שמייכלט און איר פנים אין ווייסן הרויסן איז געווען דורכזיכטיק־איידל, — געפעלט דיר אַ קעמפ?

— קעמפס זענען איצט זייער פאָפולער, — האָט זי סיליע געכאַפּט אונטערן אָרעם און געהאָלפן אַרונטערגיין צום באַרג, — די יוגנט וויל מער נישט פאָרן אין קיין באָרדינג־הויז.

— צו דער זעלבער צייט האָבן מיר דעם האָטעל פאַר פאַ־מיליעס און קינדער, — האָט בערטע געענטפערט.

— וווּנדערלעך, וווּנדערלעך, — האָט זי סיליע געכאַפּט קושן.

— און דו וועסט מענעדזשען דעם קעמפ, — האָט זי די מו־טער צוריקגעקושט.

סיליע האָט זיך איידל אָרויסגעדרייט פון אַן ענטפער. ביידע האָבן אָנגעהויבן שפּאַנען איבערן שייער, שטאַל און שטיבלעך. אין שטאַל זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע רייען געזונטע קי. אין אָפּ־געצוימטע קעמערלעך זענען לויז אַרומגעשפּרונגען קעלבער. דער ־ייל איז געווען אַ צעמענטענער, די ווענט ווייס געקאַלעכט, די סטע־ליע אַ הויכע.

— מיר דערוואַרטן היינטיקן פרילינג אַ האַלבן טויט קעלב־לעך, — האָט בערטע היימיש אַרומגעשפּאַנט איבערן שטאַל, — אַ צענדליק קי דאַרפן אַריינקומען.

זיי זענען געבליבן שטיין ביי דער טיר. פונדאַנען האָט מען געקאָנט זען דעם גאַנצן אויסגעלייגטן פאַרם.

— דאָרטן־אָ זענען די טעניס־קאָרטס, — האָט בערטע אויס־געשטרעקט אַ האַנט, — דאָרטן דער האַנט־באַל־קאָורט. מער ווי צען טויזנט דאָלאַר האָבן זיי אָפּגעקאָסט.

— דו מוזט זיין גאַנץ רייך, — האָט זי סיליע ווידער גע־כאַפּט קושן.

— וואָס שייך רייך, — האָט די מוטער געענטפערט, — קיין מזומן געלט האָט מען נישט. וואָס מען שפּאָרט אָפּ, לייגט מען צוריק אַריין.

— אָבער אַזאַ רחבות, מאַמע.

— יאָ, נישטאָ וואָס צו זינדיקן.

## קאַפּיטל דרייצן

ווען אַרטור איז אַוועקגעפאָרן, איז אין הויז געוואָרן זייער שטיל. אומעטיקע, קורצע טעג; גרויע, נידעריקע הימלען זענען גע־ווען צעשפּרייט אויפן גאַנצן ווייסן לאַנד. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין ווידעראַמאָל געווען נאַכט; אַזאַ פינסטערע, פולע נאַכט, ווו פון יעדן ווינקל קריכט אַרויס געדיכטער שלאָף, געשמאַקער כראָפּען און ווייט־פאַרטראָגנדיקע חלומות.

סיליע איז געזונט געשלאָפן ביזן ווייסן טאָג אַריין. אַלע טאָג האָט זי אויפגעוועקט דער גרויסער גאַלאַנטסקער האָן, אויף וועמענס שטאַרק קרייען עס האָבן געענטפערט אַ סך אַנדערע הע־נער. די זון האָט דורכן פענסטער אַריינגעלויכטן — אַ „גוט מאָרגן" און איר אָנגעזאָגט, אַז דער פעטער שנייער האָט איבער נאַכט אויסגעבעט סעקעט וועלי מיט נייעם שניי. זי האָט זיך גע־שפּילט מיט די קינדער, זיי געשלעפּט נאַקעטע צו זיך אין בעט

אַריין, געוואָרעמט איר ליַיב מיט פּוכקע, הייסע פּיסלעך און הענט־לעך און פון זיך צוריק אַרויסגעצויגן די נשמה.

— ווי גוט עס איז צוריקצוקומען, — האָט זי געשטופּט אין דעם פּיצל קינדס בייכל איר היים מויל.

דאָס צווייטע קינד, טערעזאַ, האָט געוואָלט פּאָרן רייטנדיק אויף דער טאַנטע. זי האָט זיך געהאָצקעט איבער סיליעס בויך און אַלע מאָל אַרויסגעפאַלן מיט ביידע הענטלעך אויף אירע ברוסטן. סיליע האָט זיך אינגאַנצן אויפגעדעקט. אַ גרייטע האָט זי זיך נאָכ־געגעבן — נאַ, פרעס, עס מיך אויף.

— איך האָב ליב מיט דיר צו שלאָפן, — האָט דאָס קינד געשריגן.

די זון האָט זיך געשפּילט מיט די פאַלדן פון דער קאָלדרע איבער אירע פּיס. פון אונטן איז אויפגעגאַנגען אַ ריח פון שמעקעוו־דיקער קאַווע. עס האָט זיך געהערט מילדרעדס קול, רופנדיק די קינדער.

— מירן נישט אַרויסגיין פון בעט, — האָט דאָס קינד געזשו־מעט אין סיליעס אויערן, — לאָמיר זיך מאַכן, אַז מיר שלאָפן.

— מיר שלאָפן, מיר שלאָפן, — האָט סיליע פאַרמאַכט די אויגן.

יעדן טאָג האָט איר די מאַמע געבראַכט אין בעט אַריין גע־בריטע מילך. מילדרעד איז געקומען אין אַ לויזן העמד, און ביי־דע שוועסטער האָבן גאָרנישט אויפגעהערט רעדן.

— ווי שנעל עס פליִען פאַרביי די יאָרן, — האָט סיליע גע־קוקט אויף דער שוועסטער און זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי אַ מענטש בייט זיך אַזוי, — דו האָסט אַזוינע ווונדערלעכע קינדער.

— איך בין אַזוי צופרידן, וואָס דו ביסט צוריקגעקומען, — האָט מילדרעד געענטפערט. — פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי אָפּ־געריסן פון דער היים?

— זיך נישט אָפּגעריסן, טייערע. די שטאָט פאַרטומלט אַזוי, אַז מען ווייסט נישט, ווו די טעג קומען אַהין.

— אַזוי פיל אַרבעט האָסטו?

— איך ווייס נישט, וואָס דאָס איז. מען ווערט פאַרשלונגען און מען קאָן זיך נישט באַפרייען.

— און פאַרוואָס האָסטו נישט חתונה?

סיליע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נישטאָ קיין צייט.

זי האָט אַרומגענומען די שוועסטער, געפּילט אין אירע הענט אַ צעגאָסענע פרוי.

— נאָך וואָס דאַרף מען חתונה האָבן? ווו נעמט מען דעם ריכטיקן בחור?

— האָסט דען נישט קיין באַקאַנטע?

— איך האָב שוין צופיל באַקאַנטע. דערפאַר איז טאַקע שווער. דו ביסט געווען אַ מזלדיקע. באַגעגנט איין בחור און פאַרטיק.

— וואָלסט פונדעסטוועגן באַדאַרפט זען קומען צו אַ תּכלית.

— וואָס איז תּכלית? — האָט סיליע אַרומגענומען די שוועסטער, זי געקושט, געגלעט אירע האָר. — צו וואָס פאַר אַ תּכלית קאָן איך קומען? נעמען אַ בחור אויף מיין קאָפּ? די מענטשן, וואָס איך קען, זענען אַנדערע. קבצנים.

— קאָנסט זיך באַזעצן דאָ, — האָט מילדרעד, ווי אַן עלטע־רע, אַ בעל־תּכליתניצע, אָנגעהויבן אויסלייגן פּלענער, — מיר קאָ־נען דאָ אַלע לעבן ווי פּריצים. קאָנסט חתונה האָבן און דאָ וווינען. עס איז דאָך נאָך אַלעמען דיינס, פּונקט ווי מיינס. בען איז אַזאַ גוטער מענטש. ער האָט אַ נאָמען, ווי דער אָנגעזעעןסטער באַלע־באָס דאָ. זיין וואָרט איז מיט גאָלד גלייך.

— יאָ, איך זע.

— ער איז אַזאַ געטרייער פאָטער. פאַר די קינדער וואָלט ער דאָס לעבן אָפּגעגעבן.

— און ער וועט מן־הסתּם באַלד בויען דעם קעמפּ?

— יאָ. אַזוי שנעל, ווי עס לאָזן נאָך די פראָסטן. בען זאָגט, אַז אום ווינטער קאָסט ביליקער אַרבעט.

— און ווו נעמט איר אַזוי פיל געלט?

— געלט האָבן מיר. בען האָט אַ מויער אין דיקינסוויל. דו

געדענקסט דאָס הויז אויף אָרטשאַרד לעין און מעין סטריט, דאָרט, וווּ די אַפּטייק שטייט? דאָס איז אונזער הויז. בעז קאָן קריגן אין באַנק, וויפל געלט ער וויל.

זיי האָבן זיך ווידער געכאַפּט קושן. די קינדער זענען ווילדע אַרומגעשפּרונגען איבערן בעט אין קורצע סטאָנדלעך, מיט די פּור־פּיקעס אינדרויסן.

— פאַרוואָס טוסטו זיי נישט אָן? — איז אַריינגעקומען די מאַמע.

מילדרעד האָט צעעפנט דאָס לויזע העמד, און שטייענדיק געגומען זויגן דאָס קינד. בערטע האָט אָנגעהויבן אָנטאָן די אַנדערע קינדער. סיליע האָט געפילט, ווי עס שפּרינגט אין איר אַרויס דאָס האַרץ פון פרייד. עפּעס משפּחהדיקס, לאַנג איינגעשלאָפנס, האָט נאָכאַמאָל אַ שפּאַר געטאָן אונטערן האַרצן. זי האָט געוואָלט אַלעמען מיטאַמאָל אַרומנעמען און זיך אַזוי אײַביק מיט זיי פאַרקניפּן.

— מאַמע, טייערע, עס איז מיר אַזוי גוט איצט.

נאָכמיטאָג זענען סיליע און מילדרעד אַרונטערגעפאָרן קיין דיקינסוויל. דאָס שטעטל איז געווען נישט צו דערקענען. פון סאָלאָמאָנס גראָסערי איז געוואָרן אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר. קוריצקיס ביידע זין האָבן פון דער אַמאָליקער קליינער קראָם געמאַכט אַ מאַרקעט און דורך אַ וואַנט־פענסטער האָט מען געקאָנט זען, ווי די זין פאַרמעסטן זיך מיט דער „עי. און פּי." גרויסע קראָמען, אויפן שניט פון אַ גרויסער שטאָט, מיט שויפענסטער, זענען געשטאַנען אויף ביידע זייטן גאַס. עלעקטרישע שילדן האָבן זיך פאַרמאָסטן אין זייער ליכט מיטן טריבן ווינטער־טאָג. אַ סך האָטעל־לייט האָבן איצט, פּונקט ווי אינמיטן זומער, געשמאַיעט צווישן קראָמען, געלאָפן מיט אויטאָמאָבילן און אָפּגעטרייסלט שניי פון די וואָנצן. איבער דער לענג מעין סטריט האָט מען געזען באַקאַנטע ניו־יאָרקער פירמעס: בעקס שוך־סטאָר, קראָפּאָרדס קליידער, ליגעטס אַפּטייק און לאָאיס מווי־הויז. אויף יעדן טראָט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אין רייך־אויסגעפּוצטע סוווּעניר־סטאָרס — דיקינסוויל נאָוועלטי, דיקינסוויל פּעראַדאַיז, דיקינסוויל גריל — דיקינסוויל,

דיקינסוויל, — סיליע איז אַרומגעגאַנגען, ווי אויף ספּרוזשינעס. איר האַרץ האָט געפּלאַטערט. זי האָט געטראָגן אַ גרויס־שטאָטיש מאַנטל, אַ געשיקט היטעלע; דער קינבאַקן האָט זיך שטאַרק גע־שפּאַרט אַרויס פאָרויס, די אויגן האָבן געבליצט און זי האָט כּסדר געשמעקט, געגוכעט, ווי אַ הונט, וואָס קומט צוריק אין זיין נאָרע נאָך וואָכן נע־ונד זיין.

— ווי אַלץ דאָ האָט זיך געביטן, — האָט זי אַלע מאָל אַרויסגעשאָסן וווּנדער.

מען האָט זיי נאָכגעקוקט פון טירן, מען האָט זיי באַגעגנט מיט אָפענע מיילער. ,,דוכט זיך, שטיינבערגס יינגסטע טאָכטער'', — האָט עמעצער אַלעמאָל געזאָגט.

— איך וואָלט אַפילו אין חלום זיך נישט געקאָנט אַזוינס פאָרשטעלן, — האָט סיליע געדריקט מילדרעדס אָרעם.

— איך מוז דיך נאָך אַריינפירן אין טשינקס, — האָט זיך מילדרעד געגרויסט.

אין כינעזישן רעסטאָראַן האָט זיך מילדרעד זייער געגווידערט. זי האָט זיך איידל רייך געלאָזט באַדינען און באַפוילן אָנשטעלן אינמיטן טאָג די שפּיל־מאַשין.

— איך און בען קומען גאַנץ אָפט אַהער אַריין, — האָט זי צוגעפירט סיליען אין ווייטסטן ווינקל און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַן אָפּגעצאַמטן טישל.

איבער זייערע קעפּ האָט געברענט אַ פאַרשלייערט כינעזיש לעמפּל. די שטילקייט האָט געקלאַפּט אין די אויערן. ביידע שוועס־טער האָבן שטיל גערעדט.

— מען דאַרף זיך מער נישט שעמען מיט דיקינסוויל, — האָט מילדרעד געזאָגט.

— איך בין דיך אַזוי מקנא, — האָט סיליע געענטפערט.

— מיט וואָס?

— מיט אַלץ. מיט דיין לעבן, דיין גאַנצקייט.

— ווער לאָזט דיך נישט זיין אַזאַ?

— מיין לעבן איז אַ צעריסנס.

— עס איז דיין אייגענע שולד.

— איך וויים, שוועסטער.

— ווען דו פאָלגסט מיך, האָסטו חתונה. באַזעץ זיך דאָ. סיליע האָט שטיל אַ שמייכל געטאָן.

— וואָס פאַראַ גליקן קאָנסטו דערוואַרטן אין שטאָט? — האָט מילדרעד ווייטער געזאָגט. — אָט זענען אַוועק פיר יאָר.

— איך האָב געשפּילט טעאַטער, — האָט סיליע זייער שטיל געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך שעמען אַרויסרעדן די ווערטער.

— אַ סך ווערסטו האָבן דערפון, — האָט מילדרעד, נישט נתפעל ווערנדיק, גיך אָפּגעענטפערט, — היינטיקע ציימן, אַז מען איז נישט פון די גאָר גרויסע. זע אין די צייטונגען, פון גאַנצן לאַנד ציען זיך מיידלעך קיין האָליוווּד. וואָס ווערט פון זיי?

סיליעס פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן. ווי צו פאַרשרייען זיך, האָט זי גיך אָנגעהויבן רעדן פון די קינדער.

— טערעזאַ וואַקסט אַ ברען. איך וואָלט זי אויפגעגעסן.

— די מאַמע האַלט אין איין זאָגן, אַז זי איז געראָטן אין דיר, — האָט מילדרעד מיט מאַמעשער פרייד אין די אויגן אָנגעהויבן רעדן פון קינדער, — דו ווייסט גאַרנישט, ווי קלוג זי איז. צייטנווייז פרעגט זי מיך אַזוינע פראַגן, וואָס איך וויים איך נישט וואָס צו ענטפערן.

אַרויסקומענדיק אינדרויסן, האָט פאַר דער סאַמער טיר פאַר זיי געוואַרט דער אויטאָמאָביל. אַלעקס איז זיך פריציש-פיין געזעסן ביים דריי-ראָד, און ווי אַן אמתער שאָופער זיך געכאַפּט פאַר זיי עפענען דאָס טירל. מילדרעד האָט זיך געגזעגנט און רייך-באַלעבאַטיש אַריין אינעווייניק. זי האָט געזען, ווי מען קוקט זיי נאָך און אַז מען באַטראַכט גאָר שטאַרק סיליען; האָט זי בלויז אַ פאַרבאַהאַלטענעם קרים זיך געטאָן, און יחוסדיק-וואַזשנע געזאָגט:

— קאָנסט שוין פאָרן, אַלעקס.

## קאַפּיטל פּערצן

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט סיליע אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער פון איר צימער און געזען, ווי פון ווייטן דערנענטערן זיך צוויי געשטאַלטן. ביידע האָבן שווער געטראָגן איבערן געפרוירע־נעם וועג. יעדער האָט געטראָגן אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם און ווען זיי זענען צוגעקומען נאָענט צום הויז, איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן בען

— גוט מאָרגן, אַלעקס, — האָט ער אויסגעשריגן, — גוט מאָרגן, טאָני!

באַלד זענען אָנגעקומען מיט זייערע שליטנס און פערד נאָך צוויי מענער. בען האָט ווידער געשריגן:

— גוט מאָרגן, ווילי! גוט מאָרגן, דזשאָרדזש!

סיליע האָט זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן. דאָס זענען געווען בחורים, מיט וועמען זי איז צוזאַמען געגאַנגען אין שול, מיט וועמען ארטור פּלעגט זיך חברן. אַלע זענען געווען הויכע, מיט שאַ־פּענע פּעלצלעך, מיט הויך געשנורעוועטע שיך, באַוואַקסענע און מיט קולות, ווי וואַלד־העקער.

„איז דאָס דער קליינער טאָני?״ — האָט זי צו זיך אַליין גע־רעדט, — און דאָס איז דזשאָרדזש פעלטען?״

זי איז שנעל אָפּגעטראָטן פון פענסטער. אויף גיך זיך גע־נומען אָנטאָן און איז אַרויס אויפן הויף.

— גוט מאָרגן אייך, באָיס, — איז זי אַריינגעשפּרונגען אין רעדל. דאָס פּנים צעשטראַלט, די אויגן גלאַנציקע און מיט אַ פולן מויל רייד, — איר דערקענט מיך?

אַלע האָבן אַראָפּגעשלעפּט די היטלען און זענען געבליבן שטיין אַ סך יינגער ווי אין די היטלען.

— עס איז גוט זיך צו באַגעגענען מיט אַלטע פריינט, — האָט זי ווייטער געזאָגט.

חברה איז אַזוי געשטאַנען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, מיט פאַר־וואַקסענע מאָרדעס, פאַרהאַרטעוועטע הענט און נישט אַראָפּגענו־מען די אויגן פון דער גרויס־שטאָטישער מיידל.

— טאַני, — האָט זי אַליין געשריגן, — אַלעקס, גרויסע מיע־נער, ווי צעוואַקסן איר זענט אַלע.

— דאַ ווערט מען גיך צעוואַקסן, — האָט דער יונגער פעל־טען געענטפערט.

— אַמאָל האָט מיר על נאָרים דערציילט, אַז איר זענט זיך אַלע צעלאָפּן, — האָט זי געזאָגט.

— איצט זענען מיר זיך אַלע צוריק צונויפגעקומען, — האָט געלאַכט טאַני.

— פאַרוואָס?

— אויפן פאַרם איז בעסער ווי אין שטאָט, — האָט געענט־פערט אַלעקסאַנדער נאָרים דזשוניאָר.

בען האָט איבערגעריסן דעם שמועס. ער האָט אָנגעהויבן יאָגן די אַרבעט. אַלע זענען צוזאַמען אַרונטער צו דעם שטאַל און באַלד האָט מען אַרויסגעקירעוועט מיט שליטנס אין וואַלד אַריין.

— שפּרינג אַריין אין שליטן, — האָט דזשאָרדזש פעלטען, שטייענדיקערהייט איבער אַ פלאַכן אָפענעם שליטן, געקירעוועט די פערד און איז געשטאַנען מיט צוויי צעשפּרייטע פיס גלייך ווי אַ סטרונע.

— פאָר, פאָר, — האָט בען געשריגן, — טשעפּע זיך נישט מיט מיידלעך. איך וועל דערציילן דיין ווייב.

סיליע און בען זענען נאָכגעגאַנגען פון הינטן. בען האָט פאַר איר אויסגעלייגט די פּלענער, וואָס ער וויל טאָן. ער האָט געהאַלטן אין איין ווייזן מיט דער האַנט, רעכטס און לינקס, אַרויף און אַראָפּ באַרג, ביז דאָס אויג האָט געקאָנט כאַפּן.

— איך וויל, אַז דער קעמפּ זאָל זיך גאָרנישט אָנקערן מיט דעם הויז. צוויי באַזונדערע פּלעצער זאָלן עס זיין. מיט באַזונדערע שפּיל־פּלעצער. איך וואָלט אַפילו געוואָלט מיט אַ צוים זיי אָפּצאַמען.

ער האָט גערעדט און גערעדט. זיין פּנים איז אַליין צעפלאַמטער געוואָרן.

— די מיידלשע באַנגאַלאָוס וועלן שטיין העכער אויפן באַרג, די בחורשע לעבן וואַלד. דערווייל דענק איך, וועלן צוויי טענים־קאָורטס זיין גענוג.

— און אַ סאָשעל האָל דאַרפסטו דאָך, — איז סיליע געוואָרן אָנגעשטעקט מיט זיין באַגייסטערונג.

— דעם סאָשעל האָל וועל איך אינגאַנצן אָפּטיילן. איך מיין אים אַוועקצושטעלן ביים סאַמע ברעג טייך. איך וויל אים בויען מיט בלויז דריי ווענט. די פֿערטע וואַנט, צום טייך צו, זאָל זיין אינ־גאַנצן אָן אָפֿענע, מיט אַ וועראַנדע, טאַקע אויפֿן סאַמע טייך, אַזוי, אַז מענטשן זאָלן קאָנען זיצן אויף וויג־שטולן אַרומגערינגלט מיט וואַסער.

ער האָט פֿאַר איר אָפּגעמאָלן אַ בילד, ווי אַרויסגענומען פֿון אַ מעשה־ביכל. מיט אַלערליי איינצלהייטן, האָט ער אויסגעלייגט פֿאַרשידענע קלייניקייטן. סיליע האָט אין איר פֿאַנטאַזיע שוין איצט געקאָנט זען צוויי הונדערט קינדער, אַלע אין איין אוניפֿאָרם, גיבן זיך אַ לאָז צום שפּיל־פּלאַץ און פֿאַרהילכן די לופֿט.

— און אַ נאָמען? — האָט זיך איר פֿאַנטאַזיע אַלץ מער צע־שפּילט. — מ׳דאַרף אויסטראַכטן אַ שיינעם נאָמען.

— דערפֿון האָב איך נאָך נישט געטראַכט, — האָט ער זיך פֿאַרטראַכט.

— מען וואָלט באַדאַרפֿט אויסגעפֿינען אַן אינדיאַנער נאָ־מען, — האָט זי אויך אָנגעהויבן טראַכטן.

— אפשר זיך אומקערן צום ערשטן נאָמען. וואָס די פֿאַרם האָט אַמאָל געטראָגן? — איז ער פּלוצים באַלויכטן געוואָרן פֿון אַ נייעם איינפֿאַל. — דו ווייסט די מעשה מיטן נאָמען?

— ניין.

בעת האָט איר איבערדערציילט די געשיכטע, וואָס שטיינבערג האָט אים אַמאָל דערציילט, ווי אַזוי דער פֿאַרם איז איבערגעגאַנ־גען פֿון אינדיאַנער צו פֿראַנצויזן, צו סקאָטלענדער, צו די ערשטע דוליטעלס, ביז צום היינטיקן טאָג און ווי אַזוי דער נאָמען האָט זיך אַלץ געביטן.

סיליע איז געשטאַנען מיט אַן אָפֿן מויל, צעשטראַלטע אויגן און זיך נישט געקאָנט גענוג אָנהערן מיט די אויסטערלישע מעשיות.

— מערקווירדיק, — האָט זי אין באַגייסטערונג אָנגעהויבן, — ווי יעדע זאַך אין לעבן האָט זיך אירע איבערגאַנגען, אַנטוויקלונג

און גלגולים. עס איז במעט סימבאָליש. איצט באַלאַנגט דאָס אַלץ צו אַ משפחה שטיינבערג, וואָס איז אַרונטערגעקומען פון ערגעץ אין רוסלאַנד.

— אַזוי גייט עס, — האָט ער זיך פּלוצלינג געכאַפּט, אַז דער שמועס נעמט ביי אים צו אומזיסטע צייט, און ער האָט מיט־אַמאָל איבערגעהאַקט.

— עס איז נישטאָ פון וואָס נתפּעל צו ווערן. ווען מען קוקט מן־הסתּם אַריין אין די פּאַפּירן פון אַלע פאַרמס, וועט מען געפינען די זעלבע מעשה.

— ס'איז דאָך אָבער אַ מערקווירדיקע מעשה, — האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

— אָבער שטעל דיר פאָר רופן אַ קעמפּ „לאַנד פון גאָט, פון דיר געבענטשט, זיי געלויבט'', — האָט ער אָנגעהויבן לאַכן, — קאָנסטו דיר פאָרשטעלן, אַ לעבעדיקער מענטש זאָל עס קאָנען נאָכזאָגן?

— ס'איז אָבער אַזוי סימבאָליש, אַזוי פּאָעטיש. וויפל פּאָעזיע!

— נו, פאַל נאָר נישט אַריין אין קיין פּאָעזיע, — האָט ער זי ווידער אויפגעוועקט. — אַ נאָמען דאַרף זיין אַ קורצער, אַ שלאָגנדיקער.

סיליע האָט זיך אומגעקערט אין הויז אַריין. פון וויטן האָט זי געזען ווי טאָני, דזשאָרדזש, אַלעקסאַנדער און ווילי האָבן זיך געשמאַק גענומען צו דער אַרבעט. אונטער אייזערנע הענט זענען געפאַלן ביימער. האַק־האַק, מיט בלוי־שטאָלענעם שאַרף אין סאַמער זאַפטיקייט פון בוים, און ער ליגט שוין אַ טויטער איבערן ווייסן שניי, מיט די צווייגן צעשפּרייט איבער אַ גרויסן שטח. עס האָט איר פאַרקלעמט אונטערן האַרצן. אין מוח זענען אויפגעגאַנגען אַלט־פאַרגאַנגענע טעג, פאַרשוווּנדענע יאָרן; דער טאַטע, איר קינדהייט, דיקינסוויל — אַלץ האָט, ווי אַ באַוועגלעך בילד פאַרביי־געשוועבט, אויפגעבליצט.

„און זי איז אַזוי ווייט פון דעם אַלעמען. ווי פרעמד, אָפּגעריסן אַלץ איז געוואָרן. פאַרוואָס פאַרשטייט נישט שמעון, אַז פיר

יאָר לעבן אין אַ גרויסער שטאָט איז געגוג אויסצוריידן מיט די וואָרצלען אַכצן יאָר דאָרפס־לעבן?״

עס האָט איר ווי געטאָן דאָס האַרץ. עס האָט איר אַ פאַר־דראָסן, וואָס זי האָט זיך אָפּגעריסן פון דער היים, אַ פון דעם, וואָס זי איז נישט איינגעלעבט אין שטאָט. צום ערשטן מאָל, זינט זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי אָנגעהויבן צוריק בענקען אין שטאָט אַריין.

— ווען שמעון איז איצט דאָ לעבן איר. ווען ער קאָן זען דעם אַרומיקן רחבות. אפשר איז מילדערד גערעכט. פאַרוואָס קאָן זי זיך נישט דאָ באַזעצן מיט אים?

„זי מוז אים שרייבן אַ בריוו, — איז זי פּלוצלינג פאַרכאַפּט געוואָרן אין באַגייסטערונג. — זי מוז אים אַרויסנעמען אַהער. כאָטש אויף אַ פּאָר טעג״.

מיטאַמאָל איז איר אַנטקעגנגעקומען די מאַמע. סיליע האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן.

— איך האָב דיך אַרומגעזוכט, טאָכטער, ווו ביסטו פאַר־שוווּנדן?

— כ׳בין געווען מיט בענען אין פעלד.

— ווי געפעלט דיר דער פּלאַץ, וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן פאַרן קעמפּ?

— וווּנדערלעך, וווּנדערלעך, — האָט זי אַרומגעכאַפּט דער מוטער, — איך בין זיכער, מאַמע, אַז מירן האָבן דעם שענסטן קעמפּ.

— און לעבן אַזאַ גרויסן טייך.

— און מיר האָבן זיך דערטראַכט צו אַ וווּנדערלעכן נאָמען, מאַמע.

אָבער זי האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט. איבערדערציילן דער מאַמען די מעשה מיטן נאָמען, וועט זי דאַרפן דערמאָנען דעם טאַטן.

— גיי אַריין אין הויז, מאַמע, — האָט זי איבערגעריסן דעם שמועס, — דו קאָנסט זיך נאָך פאַרקילן.

דאָס וואָרט „פּאַרקילן" האָט פּלוצלינג אַ קלונג געטאָן אין בערטעס אויערן. איר פּנים האָט זיך אין איין אויגנבליק פאַרענ־דערט. אַ טויט־שרעק האָט אַ וויי געטאָן איבער דער הויט און די אויגן און זי האָט זיך שיער נישט צעוויינט. אָבער פּונקט ווי די טאָכטער, אַזוי האָט זי בלויז פאַרביסן די ליפּן, — „מען טאָר נישט שטערן דעם קינדס יום־טוב", — האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין, — „אויב וויינען, קאָן זי וויינען ביינאַכט, אין פינסטערן צימער, וווּ עס ווײנט מיט איר מיט דאָס בעט, אויף וועלכן איר מאַן איז געשטאָרבן, דער שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן. סיליע טאָר זי נישט זען וויינען".

— מען דאַרף טאַקע אַריינגיין, — האָט זי שטיל, טרויעריק געענטפערט, — און דו קום אויך אַריין. האָסט דאָך נאָך גאָרנישט געגעסן.

מיט אַן אַ שיעור ליבע האָט בערטע זיך אַרומגעדרייט אַרום דער טאָכטער. זי האָט איר דערלאַנגט אַלערליי פּאַטראַוועס. אויס־געמישט אַזאַ געשמאַקן טשאָקאָלאַד, וואָס איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע אבֿרים. וועלנדיק פאַרדעקן איינע פאַר דער אַנדערער דעם גרויסן צער, האָבן זיי ביידע איבערטריבן זייער רואיקייט. סיליע האָט געהאַלטן אין איין דערציילן שטאָטישע פריילעכע מעשׂיות און די מוטער האָט אָנגעקוואָלן.

— דו וואָלסט באַדאַרפט זיך באַקענען מיט דער חבֿרה, מיט וועלכער איך לעב, — האָט זי דערציילט, — מיין פריינדינע ווערט זעקס־און־נײַנציק פונט.

— מען זאָגט דאָך, אַז דאָס איז איצט אין דער מאָדע, — האָט בערטע געלאַכט.

— און איך האָב דיר שיער נישט געבראַכט אַ דייטש פאַר אַן איידעם.

— וואָס עפּעס אַ דייטש?

— ס'האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט אַ דייטש אין אָפּיס. נאָר איך זאָל מיט אים חתונה האָבן.

— מער וואָלט מיר נישט געפעלט, — האָט בערטע זיך

נאָך מער צעלאַכט, — האַלטן אַ דייטש אויף קעסט. אָבער פאַר־וואָס ברענגסטו טאַקע נישט עמעצן אויף קעסט?

— אָ, מאַמע, דאָס גליק, וואָס שטייט פאַר פון חתונה האָבן. וואָס פעלט מיר דען אַזוי?

— מיט דער צייט הויבט אָן פעלן, טאָכטער, — האָט די מוטער פילאָזאָפיש אַ טרויעריקן שמייכל געטאָן, — מען ווערט עלטער.

— דערווייל ווייס איך נאָך נישט דערפון, — האָט פון סי־ליען אַרויסגעשפּאַרט יונגער גלויבן, — דערווייל בין איך איבערן קאָפּ פאַרנומען.

— וועט כאָטש עפּעס אַרויסקומען דערפון?

— איך ווייס נישט. מענטשן זאָגן, אַז איך האָב טאַלאַנט.

— און דענקסטו טאַקע, אַז ס'איז אַ תכלית?

בערטע האָט די רייד אַרויסגערעדט זייער איידל, ווי נישט וועלן ווײ־טאָן דער טאָכטער.

— איך מיין, טאָכטער מיינע, — האָט זי געזאָגט, — צי איז עפּעס אַ פּלאַן פאַר אַ מיידל אַזאַ בלייבן זיצן?

— מאַמע, מאַמעלע, — איז סיליע צעפּלאַמט געוואָרן, — איך קאָן מאָרגן חתונה האָבן. איך קאָן דיר היינט אַרויסברענ־גען אַ בחור, וואָס הייסט שמעון, אַ בחור, וואָס הייסט קאַרל רעפּ. אָבער צו וואָס? איינעם וועל איך דאַרפן דעם גאַנצן לעבן אויסהאַלטן; ער שרייבט יידישע מעשיות. לעבן צווייטן וועל איך משוגע ווערן פון לאַנגווייליקייט.

פאַר דער מוטער איז איצט געשטאַנען אַ טאָכטער, וואָס זי האָט לחלוטין נישט געקענט. אַ קינד, וואָס זעט נישט אויס, נישט ווי דער טאַטע, נישט ווי די מאַמע און רעדט רייד, וואָס זענען אי פרעמד, אי לאָקנדיק.

— מיר ליגט אַפילו נישט אין זינען דאָס געלט, וואָס איך קאָן פאַרדינען אַלס אַקטריסע, — האָט זי זיך אַלץ צעפּלאַמט. — ביי מיר איז עס עפּעס אַ חלום, אַ נישט־רעאַלער ווילן פון באַ־שאַפן דורך מיר אַליין אַ צווייטן מענטשן, פון אויסלעבן זיך אַליין

דורך אַן אַנדערן. איך קאָן דיר אַפילו נישט דערקלערן, וואָס איך מיין.

— אין דעם שטים איך מיט דיר איין, — האָט בערטע קלוג געשמייכלט. — דו קאָנסט מיר נישט דערקלערן, וואָס דו ווילסט.

— לאַך נישט פון מיר, מאַמע, — האָט זי סיליע אַרומגע־כאַפּט קושן, — נעם עס נישט אָן פאַר שלעכט. פירן אַ לעבן, ווי מילדרעד, קאָן איך נישט. איך בין אַן אַנדערע. איך וועל זיך פון איצט אָן נישט אָפּרייסן מער פון דיר. איך נעם אויף זיך אַ נדר אַהיימצוקומען אַלע חודש. אפשר וועל איך זיך קאָנען אַזוי איינשטעלן, אַז איך זאָל מיט דיר פאַרברענגען דעם גאַנצן זומער.

— הייסט עס, אַז דו פאָרסט צוריק? — האָט בערטע פאַר־באַהאַלטן דעם טרויער.

— איך מוז, מאַמע, — איז זי צו איר צוגעפאַלן, — איך וועל אַלע חודש אַהיימקומען. דו וועסט קומען צו מיר אין שטאָט אַריין.

מען האָט מער נישט גערעדט. ביידע האָבן זיך געכאַפּט קושן, און סיליע איז שוין דעם גאַנצן טאָג נישט אָפּגעטראָטן פון דער מאַמען.

### קאַפּיטל פופצן

ווען סיליע איז צום סוף חודש צוריקגעפאָרן אין שטאָט אַריין, איז זי געווען אינגאַנצן אַ באַרואיקטע. די פיר וואָכן אין די בערג, די פרישע לופט, שטילע נעכט, דער מאַמעס געשמאַקע מאכלים, האָבן אויסגעגלעט די הויט איבערן פנים, אָפּגעמעקט די רעדער אַרום די אויגן און זי האָט צוגענומען אַ פּאָר פונט אין וואָג. איר פנים איז געוואָרן צוגעברענט פון פראָסט און ווינט. דער שטאַרקער קינבאַקן האָט זיך מיט יונגן כוח געשפּאַרט פאָרויס. זי איז פריציש דורכגעפאָרן דאָס שטעטל, געזען קרעמער

שטיין אויף די שוועלן, יונגע מיידלעך אַרומשפּאַצירן און איר האָט זיך מיטאָמאָל געדוכט, אַז דאָ איז זי בלויז אַ דורכפֿאָרערין, אַ זייטיקע, פֿונוואַנען זי דאַרף זייער שנעל אַוועקאײַלן.

אַוועקגעאײַלט האָט זי איצט פֿון אַלץ, וואָס זי האָט ביז איצט איבערגעלעבט. דאָס בלוט האָט זי ערגעץ אימפּעדיק געיאָגט. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי דאַרף זייער שנעל לויפֿן, אַז עפּעס פֿאַרשפּעטיקט זי ערגעץ. דעם גאַנצן וועג פֿון דיקינסוויל ביז אַרונטער מידעלטאַון איז זי געזעסן ווי אין אַ הינערפּלעט. אַ צוגעשמידטע צום פֿענסטער האָט זי נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן פֿון די מיט שניי פֿאַרדעקטע פֿעלדער, וועלדער און בערג. עס האָט גיך געשווינדלט פֿאַר די אויגן אַ ווײַסע וועלט, אַ הויכער, טיפֿער, בלויער הימל, אַן אייביקייט, וואָס וועט אויף שטענדיק אַזוי בלײַבן שטיין. די הויכע, בייזע, אָנגעכמורעטע בערג האָבן אין אירע אויגן איצט אויסגעזען ווי אייביקע שומרים, ווי געטרייע היטער פֿון עפּעס, וואָס מען האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט, פֿאַרבאַהאַלטן און אַז זיי, די בערג, וועלן עס אָפּהיטן פֿאַר יאָרן און יאָרן און דערנאָך עס צוריק אָפּגעבן, איר, סיליען.

אין דעם איז זי געווען זיכער. סיליע האָט מיט אַלע חושים פֿאַרנומען, אַז דעם טייערן אוצר, וואָס מען האָט אין די בערג באַגראָבן, פֿאַרבאַהאַלטן, וועט מען איר אַמאָל צוריק אומקערן. אין הונדערט יאָר אַרום, אין טויזנט יאָר, אין מיליאָנען יאָרן אַרום, אָבער מען וועט עס צו איר צוריק אומקערן. זי האָט זיך מיט קיינעם נישט געשיידט אויף אייביק. לעבעדיקע און געשטאָרבענע — אַלע וועלן זיך אויפֿסניי טרעפֿן. שטענדיק וועט עס זײַן נאָכאַמאָל. ניי לעבן. די הויכע בערג וועלן אַלץ אויפֿהיטן. דער טאַטע וועט זיך אויפֿלעזן אין ערד און נאָכאַמאָל אויפֿגיין.

ביז אַרונטער קיין מידעלטאַון האָט זי זיך געהאַלטן אין איין געזעגענען מיט די בערג, וועלדער, ווי מיט אייגן־ליבע. אירע ליפּן האָבן זיך רעליגיעז שטיל באַוועגט. זי האָט געמורמלט אָן־ווערטערדיקע שפּרוכן. אירע אויגן זענען געווען פֿול אָנגעגאָסן, ווי אַ נאַכט איז פֿול מיט חושך. אַלעמאָל איז אַ באַרג געבליבן הינטן.

אַלע ווײַלע איז אַ שטיק לאַנד געוואָרן פֿלאַך. אַ בלאַסע ווינטער־זון האָט זיך געשפּילט מיט איר פּנים. עס איז געוואָרן פֿרײַער פֿאַר די אויגן. די לאַנדשאַפֿט האָט פֿון זיך אָפּגעטרייסלט די בייזע אָנגעכמורעטקייט.

„אַלץ וועט זײַן ווי ס'באַדאַרף צו זײַן", — האָט טרייסט אָנגעהויבן קלאַפּן אין אירע אויערן, — בעת וועט ערשט איצט ווערן אַן עושר. די מאַמע וועט האָבן אַ רײַכע היים".

וואָס פֿלאַכער די לאַנדשאַפֿט, אַלץ לײַכטער איז געוואָרן איר געמיט. צוזאַמען מיטן פֿאַרשווינדן פֿון די הויכע בערג, האָבן שווערע שטיינער זיך אַראָפּגעקײַקלט פֿון איר האַרצן.

„אַלץ וועט זײַן, ווי עס באַדאַרף צו זײַן".

מיטאַמאָל האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר די אויגן דער האָדסאָן. לעבן קאַרנוואַל איז דער טײַך צוגעקומען אַזוי נאָענט צו די שויבן, אַז סיליע האָט זיך נישט געקאָנט מער באַהערשן און אַן עפֿן געטאָן דאָס פֿענסטער. אַ שטאַרקער ווינט האָט אַ ריס געטאָן אירע האָר. סיליע האָט זיך אַרויסגעבויגן דורכן פֿענסטער, געוואָלט אָנכאַפּן אַ שטיק טײַך; אָבער גלײַך ווי דער טײַך וואָלט זיך דערשראָקן פֿאַרן שטאָל און אײַזן, איז ער צוריק אַנטלאָפֿן. זי האָט צוריק פֿאַרמאַכט דאָס פֿענסטער און איז געבליבן זיצן מיט צעפּאַטלטע האָר.

„באַלד איז ניו־יאָרק". — האָט זי צו זיך אַליין הויך אַרויסגערעדט.

איצט איז אַלץ שנעל געפֿלויגן. איבערן פֿלאַך־לאַנד האָט זיך דער צוג געיאָגט, ווי טויזנטער טײַוואָלים וואָלטן אים געטריבן. עס האָט געשווינדלט פֿאַר די אויגן — אַ בוים, אַ טעלעגראַף־סלופּ, אַן אַנטקעגנקומענדיקער צוג, אַ וועכטער בײַ אַ שיידוועג— טראַך, טראַך, איבער אַ קרייצוועג, איבער געקירעוועטע רעלסן, אַ בריק, ווי עמעצער וואָלט געשאָסן מיט אַ מאַשין־ביקס — טאַ־טאַ־טאַ. — טאַ־טאַ־טאַ.

עס האָט זיך שנעל געזעגנט די זון. גיך איז פֿאַרשוווּנדן דער קורצער, ווינטערדיקער טאָג. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט און

ס'איז געוואָרן פינסטער. דער וועג איז געוואָרן אַלץ ברייטער. אַ נעץ פון רעגן האָט זיך צעשפּרייט איבער אַ צען־מאָל בריי־טערן וועג. טאַ־טאַ־טאַ — טאַ־טאַ טאַ. מיטאַמאָל איז אין צוג גע־וואָרן אַן אומרואיקע באַוועגונג. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן אָנטאָן, שלעפּן פון די פּאָליצעס מאַנטלען, וואַליזעס, פּעק, און עס האָט זיך דערהערט אַ שאַרף פּייפן פון דעם לאָקאָמאָטיוו.

— לעסט סטאָפּ! — האָט דורכגעריסן דעם וואַגאָן אַ וואָ־רענענדיק קול.

---

עס איז שוין געווען אָוונט, ווען סיליע איז אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל. טומל, געקלינגעריי, אייזערנע גבורה, האָט זי אַריינגע־כאַפּט אין שטאָלענע לאַפּעס און זי האָט אינסטינקטיוו פאַרשנע־לערט דעם גאַנג. זי איז מיט גיכע טריט אַרויף אויפן שיפל, מיט וועלכן זי איז מיט אַ חודש צוריק געפאָרן אַרויף, צו די בערג. אָבער איצט איז דאָס שיפל געפאָרן מיט דעם פּנים צו ניו־יאָרק. פאַר די אויגן האָט אַ שלאָג געטאָן אַ מאָנסטער, געוויקלט אין אָוונטיקע שאָטנס. די וואָלקנקראַצער זענען געווען אָנגעזעצט מיט מיליאָנען ליכטער־אוצרות. אויפן סאַמע הימל האָבן געהאַנגען עלעקטרישע שילדן. די ריזיקע מויערן, שווערע, שטומע, פאַר־שפּיצטע, האָבן זיך געריסן צום הימל, ווי אין זיי וואָלט געלעבט אַ נשמה.

עס האָט איר אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. זי האָט נישט געקאָנט איינשטיין. פּונקט ווי דער טאַטע אַמאָל, פאַרנדיק אַרויף אין די בערג, איז זי געבליבן שטיין ביי דער פאָדערשטער פאַ־רענטשע. דער ווינט האָט געריסן די פּאָלעס פון מאַנטל. איר פּנים איז געווען מיד־בלייך און אין מוח זענען אויפגעגאַנגען אַלערליי צווייפלען — געדאַנקען.

אַ שטאַרקער טרייסל פון איינהאַמעווען דאָס שיפל, האָט זי אויפגעוועקט. זי איז אַרויס אין גאַס און שנעל געהאָפּקעט מיט די הויכע אָפּצאַסן.

— איך האָב נאָך געגוג צייט, — האָט זי געזאָגט, דער־זעענדיק אַ שטאָט־זייגער, וועלכער האָט געוויזן האַלב נאָך זעקס.— טעקסי!

— יעס, מעם.

— מעקדוגעל סטריט.

— יעס, מעם!

— מאַך עס שנעל!

— יעס, מעם.

און אַ יונגע, גרינגע, מיט שטאַרקע פיס, פלינק ווי אַ הירשין, איז זי אַרויף די טרעפּ פון דעם אַלטן מויער, וואָס האָט געפירט צו דער סטודיאָ.

— סוף —

ניו יאָרק, 36 — 1930.